# אינקורצן וועגן דעם אינהאלט פונעם קומענדיקן נומער

אייַך וועט געוויס זייַן אינטערעסאַנט צו דערוויסן זיך, אַז אין דעם נומער 9 „סאָוועטיש היימלאַנד“ וועט זייַן אַ גאַנצער אָפּטייל „ווערק פון אונדזערע פרייַנט“. אין דעם אָפּטייל גייען אַרייַן: די דראַמע „באָרוך פון אַמסטערדאַם“ — אַ נייַער וואַריאַנט פון דער פּיעסע וועגן באָרוך שפּינאָזען, וועלכן דער באַוווּסטער ייִדישער שרייַבער כאַיִם סלאַוועס (פראַנקרייַך) האָט צוגעשיקט ספּעציעל פאַר אונדזער זשורנאַל; לידער פון די פּאָעטן דאַרע טייטלבוים (פראַנקרייַך), ייִצכאָק עלכאַנאַן ראַנטש (אַמעריקע), ל. מילער (פראַנקרייַך).

■

עס ווערט געדרוקט נאַטאַן זאַבאַרעס גרעסערע הייַנטצייַטיקע דערציילונג „אַ סעזאָן אויף דאַטשע“.

■

אין דעם דאָזיקן נומער הייבן מיר אָן צו פּובליקירן אַווראָם קאַהאַנס היסטאָרישן ראָמאַן „פאַרברעכן און געוויסן“ — וועגן דעם בייליס־פּראָצעס.

■

אין „טריבונע פון לעבן“ וועט איר געפינען וו. טאַמינס רעפּאָרטאַזש וועגן דעם פּראָצעס פון די זעקס עסעסאָווצעס אין קראַסנאָדאַר.

■

מיר פאַרעפנטלעכן אַ פּעקל בריוו פון אַ ריי ייִדישע סאָוועטישע שרייַבער פון דער ערשטער נאָכאָקטיאַבערישער פּאַלאַנגע — לייב קוויטקאָ, אַרן קושניראָוו, יעכעזקל דאָברושין, עזראַ פינינבערג — צום דיכטער מוישע כאַשטשעוואַצקי, וואָס איז העלדיש אומגעקומען בייס דער מילכאָמע, און אייניקע זייַנע ענטפער־בריוו.

■

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כודעש-זשורנאַל

אַרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר

פינפטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״

מאָסקווע

8

אויגוסט

1965

# אינהאַלט



## טריבונע פון לעבן



## ליטעראַטור און קונסט

# אף די וועגן פון
# היינטצייטיקייט

פיר טעג האָט געדויערט דער שמועס וועגן דעם צושטאַנד פון דער סאָוועטישער ייִדישער פּראָזע און אירע אופגאַבן אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאַרשטייענדיקן 50־טן יאָרטאָג פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. אף דער פאַרברייטערטער פלענאַרער זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד״, וואָס האָט באַהאַנדלט די דאָזיקע פראַגע, זיינען בייגעווען פּראָזע־שרייבער פון מאָסקווע, קיִעוו, אָדעס, טשערנאָוויץ, ווילניוס און קעשענעוו, אַזוי אַז די פלענאַרע זיצונג איז פאַקטיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַלפאַרבאַנדישער באַראַטונג פון די ייִדישע סאָוועטישע פּראָזאיִקער.

דער פּראָפעסיאָנאַלער ניוואָ פון דער דאָזיקער באַראַטונג, דער פאַכמענישער מיינונגס־אויסטויש וועגן די פּראָבלעמען, וואָס שטייען פאַר דער ליטעראַטור, האָבן צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט ניט נאָר פון די שרייבער, נאָר אויך פון די לייענער. דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן פאַרעפנטלעכן אַ געפּרעסטן באַריכט פון דער באַראַטונג.

די דיסקוסיע אַרום די פּראָבלעמען פון דער היינטצייטיקער פּראָזע האָט אָנגעהויבן דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד״ אַרן ווערגעליס. אין זיין אַריינפיר־וואָרט זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אַ ריי וויכטיקע פּראָבלעמען, וואָס שטייען פאַר די שעפער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

אַרן ווערגעליס האָט אָפּגעמערקט, אַז איינע פון די וויכטיקסטע דערגרייכונגען פון אונדזער פּראָזע פאַר די פיר יאָר, זינט עס האָט אָנגעהויבן דערשיינען „סאָוועטיש היימלאַנד״, איז איר גיין פוס אין פוס מיט דעם דערציילערישן זשאַנער אין אַלע אַנדערע סאָוועטישע ליטעראַטורן. דאָס, וואָס באַזונדערס מערקבאַר אַנטוויקלען זיך איצט בא אונדז דער ראָמאַן און דער דאָקומענטאַלער זשאַנער (קינסטלערישע פאַרצייכענונג, רעפּאָרטאַזש), זאָגט אײדעס וועגן דעם, אַז דער ייִדישער סאָוועטישער שרייבער האָט וואָס צו זאָגן דעם לייענער און אַז ער קוקט זיך אויפמערקזאַם צו צום אַרומיקן לעבן, קעדיי דאָס, וואָס ער וועט דעם לייענער זאָגן, זאָל זיין וואָגיק און עמעסדיק.

די פּראָבלעם פון אַלע פּראָבלעמען פאַר אַ ליטעראַטור, — האָט געזאָגט אַרן ווערגעליס, — דאָס איז די מאָס און דער אופן פון אָפּשפּיגלען די היינטצייטיקייט. מיר, די איצטיקע שרייבער, וועלן בלויז דאַן באַרעכטיקן אונדזער פליכט פאַרצוזעצן די טראַדיציעס פון די פאָרגענגער, ווען מיר וועלן אין אונדזערע ווערק דערציילן וועגן דער צייט, אין וועלכער מיר לעבן און וועגן וועלכער די פאָרגייער האָבן, נאַטירלעך, דערציילן ניט געקאָנט.

פאַראַן אַ ריי פראַגן, וואָס קיינער וועט פאַר אונדז ניט לייזן. בלויז מיר אַליין — מיט אונדזערע ווערק און מיט פּאַרטיפּערטע פאָרשעריש־טעאָרעטישע אַרבעטן — דאַרפן אף זיי ענטפערן. יעדער עטאַפּ אין דער ליטעראַטור האָט זיין קריַיז טעמעס און אינטערעסן. די ייִדישע קלאַסיק האָט זיך פאַרנומען הויפּטזאַכלעך מיט זוכן אַן אויסוועג פון דער טכום־דערשטיקעניש. דאָס איז געוואָרן אויס אָנגעוויטעקטע פּראָבלעם בא דער וויַיטערדיקער פלעיאַדע ייִדישע שריפטשטעלער, וועלכע מיר רופן אָן סאָוועטישע ייִדישע קלאַסיקער. דער אויסוועג איז געוואָרן קלאָר: אף אים האָט אָנגעוויזן די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. דאָס ייִדישע פאָלק האָט גערדאַרפט אוועק פון די ענגע דאַלעדאַמעס פון טכום, קעדיי אָנשליסן זיך אין ברייטן פּראָדוקטיוון סאָוועטישן לעבן. פּראָדוקטיוויזאַציע פון די ייִדישע מאַסן — אַזאַ איז דער קרייַז באַציִאָנאַלע טעמעס און אינטערעסן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור אין די 20־ער און 30־ער יאָרן. נו, און איצט? צי איז איצט פּראָדוקטיוויזאַציע אַ פּראָבלעם פאַר די סאָוועטישע ייִדן? פאַרשטייט זיך, אַז ניין. אויב אַזוי, איז דאָך קלאָר, אַז דער נייַער עטאַפּ אין אונדזער ליטעראַטור דאַרף באַקומען נייַעם

---

אף דער באַראַטונג פון די סאָוועטישע ייִדישע פּראָזאיִקער.

אינהאלט, א נײַעם טעמאטישן קאָמפּלעקס, נײַע געשטאלטן, נײַעם נאציאָנאלן קאָלאָריט, נײַע פאָרשטעלונגען און נײַע מאסשטאבן.

דאָס אלץ וועט קומען, אויב מיר וועלן נעמען אונדזער העלד פון דעם רעאלן לעבן, ניט צוטראכטן פאר אים, צוליב „קאָלאָריט", קיין קאָנסערווירטע אמאָליקע אויסקומעניש און אויך ניט מאכן פון אים קיין באשעפעניש, וואָס האָט קיין קאָלאָריט ניט, קיין נאציאָנאליטעט ניט, קיין קאָנקרעטן גורל ניט.

דער סאָוועטישער ייִד פון די 60־ער יאָרן איז פאר דער ליטעראטור אויסערגעוויינלעך אינטערעסאנט. מיר דארפן אים דרייסט און מיט קלוגשאפט ארײַנפירן אין אונדזערע ווערק, געדענקענדיק, אז ער איז אָרגאנישער, איידער אלעמאָל ביז איצט, געקניפּט און געבונדן מיט דעם גרויסן אלגעמיינעם קאָנטעקסט פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט.

ארן ווערגעליס האָט גערופן די אָנטיילנעמער פון דער בעראטונג פאנאנדערוויקלען א פּרינציפּיעלע דיסקוסיע וועגן דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע.

אין זײַן פאָרטראָג האָט דער פארוואלטער פון דעם פּראָזע־אָפּטייל פון „סאָוועטיש היימלאנד" אוראָם גאָנטאר געזאָגט:

איך בין זיכער, אז בא קיינעם וועט ניט ארויסרופן קיין סאָפק דער פאקט, אז „סאָוועטיש היימלאנד" שפּיגלט געטרײַ אָפּ דעם צושטאנד פון דער הײַנטצײַטיקער ליטעראטור אין אלגעמיין גענומען און בעסוכעם אויך פון דער פּראָזע, אזוי אז ריידנדיק וועגן זשורנאל, ריידן מיר גלײַכצײַטיק וועגן דעם אידייִש־קינסטלערישן ניוואָ פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

מיר קאָנען שוין אָנרופן א היפּשע צאָל פּראָזע־ווערק, וואָס וועלן ארײַן אינעם גרונט־פאָנד פון אונדזער ליטעראטור. איך האָב אין זינען דעם ראָמאן פון עליע שעכטמאן „ערעוו", נאָטע לוריעס „הימל און ערד", יוסף ראבינס „באם נעמאן" און „כאוועלע געפען", שמואל גאָרדאָנס „פּרילינג", אייניקע דערציילונגען פון שירע גאָרשמאן, יעכיִעל שרײַבמאן, טעוויע גען, מייער יעלין, יעכיִעל פאליקמאן און אנדערע. די לייענער און די קריטיק האָבן הויך אָפּגעשאצט די דאָזיקע ווערק אין פּילצאָליקע ארטיקלען און באגײַסטערטע בריוו אין רעדאקציע.

פאר די לעצטע יאָרן האָבן די ייִדישע שרײַבער אויך פיל אופגעטאָן אפן געביט פון דער קינסטלערישער פארצייכענונג. די דאָקומענטאלע פּראָזע, וואָס הייבט זיך אָן פון דער אומיטלבארער באאָבאכטונג פונעם אוטאָר, איז דער סאמע אָפּעראטיווער זשאנער. זי שפּיגלט אָפּ דעם ווירקלעכן פאקט, די ווירקלעכע געשעעניש. די ייִדישע פארצייכענונג איז גענייגט צו רעטראָספּעקציע, און דאָס פארוואנדלט זי אָפט אין פארצייכענונג — דערציילונג. אין די דאָזיקע פארצייכענונגען פארנעמט א גרויס אָרט די קינסטלערישע אויסדיכטונג; די געשטאלטן, די געשעענישן און אפילע דאָס אָרט פון דער האנדלונג איז א רעזולטאט פון דעם אוטאָרס פאראלגעמיינערונגען פון פאקטן און געשעענישן. די רעפּאָרטאזשן און וועג־נאָטיצן פון מישע לעוו, טעוויע גען, אלעקסאנדער גוביניצקי זײַנען אָן סאָפעק וויכטיקע קינסטלערישע ווערק.

דער פאָרטרעגער שטעלט זיך אָפּ אף דעם בוך „אזוי לעבן מיר", אין וועלכן עס איז אײַנגעשלאָסן א גרויסע צאָל קינסטלערישע פארצייכענונגען.

ווען מיר באטראכטן אונדזער הײַנטצײַטיקע פּראָזע ווי איין קאָמפּלעקס, — זאָגט ווײַטער אוראָם גאָנטאר, — מוזן מיר קומען צום אויספיר, אז אין דער קייט פון די פּראָבלעמען, וואָס די פּראָזע האָט געשילדערט, פעלט די רינג, וועלכע מיר קאָנען באדינגלעך אָנרופן „די לעצטע צוויי צענדליק יאָר". אין אונדזער ליטעראטור פעלן די הײַנטצײַטיקע קינסטלערישע געשטאלטן.

אָפט קומט אויס צו הערן פון שרײַבער, אז די טעמע וועגן דער הײַנטיקער ווירקלעכקײַט איז באזונדערס קאָמפּליצירט צוליב דער ספּעציפיק פון דעם ייִדישן לעבן. וועגן דעם איז קעדײַ א שמועס צו טאָן.

ס'איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז אָן נאציאָנאלער ספּעציפיק עקזיסטירט ניט קיין שום ליטעראטור. יעדע ליטעראטור פארמאָגט אירע טראדיציעס, וואָס קומען צום אויסדרוק סײַ אין דער פאָרם, סײַ אין דער אינערלעכער לאָגיק, וואָס באזירט זיך אף היסטאָרישע אסאָציאציעס, אף דעם בארג־ארוף און בארג־אראָפּ פון דער געשיכטע פון פאָלק.

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור איז אויסגעוואקסן אפן באָדן פון דער קלאסישער ליטעראטור. מענדעלע, פּערעץ, שאָלעם־אליכעם האָבן אײַנגעזאפּט אין זיך דאָס סאמע שענסטע, וואָס דאָס פאָלק האָט פארמאָגט; אנדערש וואָלט ניט מעגלעך געווען, זיי זאָלן ווערן דאָס, וואָס זיי זײַנען געוואָרן. די גרויסע שרײַבער האָבן שטענדיק באהאנדלט די פּראָבלעמען, וואָס זײַנען פאר זייער צײַט געווען די סאמע ברענענדיקסטע אינעם לעבן פון פאָלק, זייערע ווערק זײַנען שטענדיק געווען הײַנטצײַטיק, אקטועל. דאָוויד בערגעלסאָן, דער ניסטער זײַנען אין זייער שאפן געגאנגען מיטן מאגיסטראל־וועג פון דער ליטעראטור. בערגעלסאָן איז פון „נאָך אלעמען", פון „ארום וואָקזאל" געקומען צו „מידאס־האדין" און „באם דניעפּער". ער איז געקומען צו זײַנע

דערציילונגען און פאַרצייכענונגען וועגן ביראָבידזשאַן. דער ניסטער איז פון די מיסטישע ווערק געקומען צו „מישפּאָכע מאַשבער" און צום ראָמאַן „פון פינפטן יאָר".

דער אומפאַרמײַדלעכער וועג פון אַ גרויסן שרײַבער, — מאַכט אַן אויספיר דער פאַרטרעטער, — איז דער וועג פון היַינטצײַטיקײַט, אַקטועלקײַט. דאָס איז ניט קיין לײַכטער וועג, דערפאַר אָבער אַ בעקאָוועדיקער.

א. גאָנטאַר שטעלט זיך אָפּ אויף די מעגלעכקײַטן, וועלכע זײַנען געשאַפן געוואָרן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור נאָך דעם XX און XXII פּאַרטייצוזאַמענפאָרן.

ס'איז שווער איבערצושאַצן די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע באַדײַטונג, די מאָראַליש־דערציִערישע ראָל פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. דערפאַר איז אַזוי גרויס די אויפגאַבע פון די שרײַבער, דערפאַר וואַרטן מיר מיט אומגעדולד אויף ווערק, וואָס זאָלן שילדערן די הײַנטצײַטיקײַט.

הירש אָשעראָוויטש (ווילניוס). די הײַנטיקע זיצונג פון אונדזער רעדקאָלעגיע איז עפּשער די וויכטיקסטע פון אַלע ביז איצט געװעזענע רעדקאָלעגיע־זיצונגען, וואָרעם זי איז גלײַכצײַטיק אויך אַ באַראַטונג פון די פּראָזאַיִקער, און דאָס איז אַן איניען פון גרויסער כשיוועס און אַכרײַעס.

מיר פאַרמאָגן אַ גרויסע קאָהאָרטע קערנדיקע טאַלענטירטע פּראָזע־שרײַבער. אין דעם קלאַל גייען אַרײַן סײַ שעפער פון גרויס־לײַוונטיקע ווערק, סײַ מעכאַבערים פון דער דערציילונג, סײַ אַזעלכע, וואָס אַרבעטן דערהויפּט איבער דער קורצער נאָוועלע אָדער וואָס האַלטן שטאַרק פונעם „סאָד־האַצימצעם" אין דער שאַפונג און זיי שרײַבן מיניאַטורן — פּראָזאַישע ווערק די גרייס פון עטלעכע שורעס. די דאָזיקע צאָלרײַכע מישפּאָכע פּראָזאַיִקער איז אַ פּילפאַרביקע, רײַפע, פּרודוקטיווע, און אירע שאַפונגען זײַנען דער מאַמאָשעסדיקער טייל פון אונדזער שעפערישן האָב־און־גוטס.

מיר האָבן דאָ הײַנט פאַר זיך, אויסער די מאָסקווער בעלעטריסטן, אויך פּראָזע־מײַסטערס פון קיִעוו, אָדעס, קעשענעוו, טשערנאָוויץ און אַנדערע שטעט. די איצטיקע באַראַטונג איז בעכיין אַן אויטאָריטעטער פאָרום, אויף וועלכן עס קאָן געזאָגט ווערן אַ וואָגיק וואָרט וועגן די פראַגן, וואָס שטייען הײַנט־צו־טאָג פאַר דער סאָוועטישער ייִדישער פּראָזע. איך מיין דעריבער, אַז אין געגעבענעם פאַל וואָלט ניט לוינען אָפּצושטעלן זיך מיט ברייטערע אָפּהאַנדלונגען און אָפּשאַצונגען וועגן די פאַרעפנטלעכטע פּראָזע־שאַפונגען; וויכטיקער איז איצט זיך דורכשמועסן וועגן אונדזערע קומענדיקע ווערק.

איך מיין, אַז גלײַך באַם אָנהייב פון אונדזער אַרבעט דאַרפן מיר קומען צו אַן אייניקײַטלעכן העסקעם, אַז אויף דער באַראַטונג זאָל דער טראָפּ געשטעלט ווערן אויף אַקטיוויזירן דעם קאָנטאַקט פון די ייִדישע סאָוועטישע בעלעטריסטן מיט דעם רעאַלן לעבן פון זייערע העלדן, קעדיי צוגעבן קויכעס דער רײַכער פּראָזע אונדזערער און אירע פּרוּוון צו שאַפן אַ בילד פון דער הײַנטיקער ווירקלעכקײַט.

אַלזאָ, איך דריק אויס דעם ווילן, אַז די באַראַטונג זאָל האָבן אַ דורכויס פּראָפעסיאָנעלן כאַראַקטער. דאָ דאַרף פאָרקומען אַ פאַכמענישער מיינונגס־אויסטויש וועגן די פּראָבלעמען, וואָס זײַנען אויפגעקומען פאַר אונדזערע פּראָזאַיִקער אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער טאָגטעגלעכער אַרבעט. איך האָף צו בײַזײַן הײַנט אויף אַ פּראָדוקטיר־באַראַטונג פונעם פּראָזע־צעך.

כאַיִם מעלאַמוד (טשערנאָוויץ). כ. מעלאַמוד האָט אין זײַן רעדע זיך געטיילט מיט די אײַנדרוקן וועגן אַ נעסיִע, וועלכע ער האָט ניט לאַנג צוריק געמאַכט אין זײַן געבורטס־שטעטל כאַשטשעוואַטע.

...איך האָב געשפּאַנט איבער די גאַסן און געסלעך, און מיר איז שווער געווען געפינען עפּעס פון מײַן קינדהײַט. נאָר אָט האָב איך אויף אַ גאַנעק געטראָפן די אַלטע כאַנע־ראָכל, אַן אַמאָליקע שכיינע.

— איר זײַט געקומען מיך באַשרײַבן? — האָט זי גענומען שפּאַסן. — איר וואָלט בעסער געפאָרן קיין סווערדלאָווסק, דאָרטן איז מײַן זון אַ גלאַוונער אינזשעניער.

— פאַרוואָס זשע זײַט איר ניט באַם זון?

האָט זי מיר דערציילט אַ געשיכטע.

— איך בין געפאָרן צו די קינדער, — האָט זי זיך דערמאָנט, — ווען גאַגאַרין איז געפלויגן. מײַנע קינדער האָבן מיך זייער שיין אופגענומען; די שנור איז אויסגעפאָרן די גאַנצע שטאָט, ביז זי האָט געפאַקט אַ שויכעט און מיר אָפּגעקאַכט אַ קאָשערע יויך. איז צוגעקומען דאָס אייניקל און אַרײַנגעפאָרן אין שיסל מיט אַ טרייפן לעפל...

נאָר ניט צוליב דעם איז כאַנע־ראָכל געקומען צוריק פון סווערדלאָווסק.

— קיין פרומע בין איך קיינמאָל ניט געווען, נאָך אפילע פאר דער רעוואָליוציע, ווען ס'איז נאָך געווען א גאָט אף דער וועלט.

זי איז געקומען אהער, לאָזט זיך אויס, אף א כאסענע.

מעלאמוד מאכט דעם אויספיר, אז אונדזערע מאמעס, וואָס האָבן פארדינט צו פארנעמען אן אָרט אין דער ליטעראטור צוזאמען מיט זייערע זין און טעכטער, זײַנען שוין אויך ניט די, וואָס געווען.

איך האָב געהאט עמעסן פארגעניגן פון שרײַבמאנס דערציילונג „מײַן מאמעס פאָרטרעט", וואָס פארמאָגט אזויפיל כיין און מענטשלעכע גוטסקײַט.

די פּראָזע, וואָס איז געווען געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאנד", זאָגט ווײַטער מעלאמוד, איז אין איר איבערוועגנדיקער מערהײַט א קרעפטיקע אידייִש און קינסטלעריש. ס'איז מאמעש צו באוואונדערן די ביז גאָר פארשיידענע מאנירן, די רײַכקײַט פון טיפּאזש, פון טעמאטיק. דערבײַ איז אונדזער פּראָזע אין בעסטן זין פון וואָרט פאָלקסטימלעך־כיינעוודיק, טיף אײַנגעוואָרצלט אין פאָלקס־באָדן.

עס ווילט זיך אונטערשטרײַכן, אז די ראָמאנען, וואָס זײַנען געדרוקט אין „סאָוועטיש היימ־לאנד", באווײַזן אמבוילעטסטן די לעבנספייִקײַט פונעם ראָמאן אלס זשאנער, וואָס וועט נאָך פיל דוירעס האָבן וואָס צו זאָגן. דאָס איז זייער א וויכטיקער צושטײַער אין דער דיסקוסיע מיט די „טעאָרעטיקער" פונעם אנטיראָמאן. מיר מוזן אָבער אנערקענען, אז די פּראָזע איז א גרויסער באלכויוו דער הײַנטצײַטיקער טעמע.

ס'איז גאנץ געזעצמעסיק, וואָס עס האָבן זיך באוויזן איינער נאָכן אנדערן ראָמאנען וועגן ווידערשטאנד, ווי אויך ראָמאנען וועגן רעוואָליוציאָנערן אונטערערד אין די צײַטן פון דער דײַטשישער אָקופּאציע, אין די יאָרן פון בירגערקריג. פאליקמאנס אריע גיטעלעס האָט צו טאָן ניט נאָר מיטן נעכטן, נאָר אויך מיטן הײַנט. איך מיין אָבער, אז די פּראָבלעמען, וואָס דאָס לעבן האָט געשטעלט אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר, און באזונדערס נאָך דעם XX און נאָך דעם XXII צוזאמענפאָר פון דער פּארטיי מוזן קריגן א געניוע אָפּשפּיגלונג אין דער קינסטלע־רישער ליטעראטור.

אויב מיר זאָגן, אז די ליטעראטור איז די קינסטלערישע געשיכטע פונעם פאָלק, זײַנען מיר א גרויסער באלכויוו פארן פאָלק און מיר מוזן וואָס גיכער פארפילן א סאך ליידיקע זײַטלעך אין דעם בוך וועגן נאָכמילכאָמעדיקן פּעריאָד.

מע דארף זאָגן, אז אויך די טעמע מילכאָמע, די העלדנטאטן פון אונדזערע שלאכטלײַט זײַנען זייער שוואך באלויכטן אין דער יידישער פּראָזע. אין דעם פּראט איז די פּאָעזיע אוועק א סאך ווײַטער. עס וואָלט קעדײַ געווען ארויסגעבן א ספּעציעלן זאמלבוך פון דערציילונגען און פארצייכענונגען, געווידמעט דער דאָזיקער טעמע. עס וואָלט זיך אויך באקומען א ביז גאָר אינ־טערעסאנטער זאמלבוך וועגן אונדזערע געלערנטע — פיזיקער און מאטעמאטיקער, אסטראָנאָמען און ביאָלאָגן, וועגן די, וואָס עפענען פאר אונדז נײַע מאקראָ־ און מיקראָ־וועלטן.

יעכיעל שרײַבמאן (קעשענעוו). כ'בין זיך מוידע: כ'לייען אָפּטמאָל די זשורנאל־נומערן מיט א געפיל פון קינע. קינע איז, ווי באוווסט, ניט טאָמיד קיין שלעכטער געפיל. גוטע קינע בייזערט דיך אָן אף זיך אליין, זעצט דיך אוועק צום שרײַבטיש, וועקט אין דיר אקשאָנעס.

און מעקאנע זײַן איז, דאכט זיך, דאָ אף וואָס. קוידעמקאָל, געפעלט מיר בא מײַנע קאָלעגן יידישע סאָוועטישע שרײַבער דאָס ציִען זיך צו ברייטע עפּישע לײַוונטן. איך רעד דאָ ניט, נאטירלעך, וועגן דעם, וויאזוי די דאָזיקע לײַוונטן זײַנען קוואליטאטיוו רעאליזירט.

כ'זיץ און טראכט וועגן זיך: אני האקאָטן. אָן ספּייקעס, אָן רײַסן שטיקער פון זיך אליין קאָן, פארשטייט זיך, קיין קינסטלער ניט וואקסן. פון איין זײַט, טראכט איך וועגן אויבנאָן, וואָס דארף פארנעמען אין דער פּראָזע די ברייטע לײַוונט — דער ראָמאן און די גרויסע דערציילונג. איך כאָלעם וועגן אזא ווערק, ראנגל זיך, זוך. איך וואָלט גערן אָנגעשריבן א גרעסערע זאך וועגן אונדזער הײַנטצײַטיקײַט. מיט דעם פארשטיי איך דעריקער הײַנטצײַטיק לעבן, שטייגער, אפילע פּייזאזש, סטיל, דעם איצט מיט זײַן גאנצער פּראָבלעמאטיק — מיט איין וואָרט, דעם מענטשן פון הײַנט, אין אונדזער פאל דעם יידישן סאָוועטישן מענטשן.

פון דער צווייטער זײַט, האָט אין מײַנע אויגן אף קיין האָר ניט פארלוירן איר כיין, איר כשיוועס און איר צוציִענדיקײַט די קליינע נאָוועלע. כ'בין אין איר פארליבט, ווי טאָמיד. איך גלייב אין איר גרויסער ווערט, אין איר שטארקער ווירקונג.

ווײַטער פּאָלעמיזירט דער כאווער שרײַבמאן מיט ה. רעמעניקס „נאָטיצן וועגן אונדזער פּראָזע" („סאָוועטיש היימלאנד" נום. 1, 1965). ער איז ניט מאסקים מיט רעמעניקס באהויפּטונג, אז די קורצע נאָוועלע איז הינטערשטעליק אין פארגלײַך מיט אנדערע פּראָזע־זשאנרען.

נאָך עפּעס טראַכט איך וועגן רעמעניקס „נאָטיצן“. זאָגן, אַז אידיליע טויג היינט מער ניט, איז שוין איצט ניט קיין קונץ. און אינעם איז אויפצוקלערן, וואָס מיט „אידיליע“ מיינט מען. ליטעראַטור ליידט ניט קיין פֿאַלשקייטן, קיין מאַכן פֿון שוואַרץ ווײַס. דאָס האָט, אייגנטלעך, קיינמאָל ניט געטויגט אין עכטער ליטעראַטור. אָבער גלאַט קעמפֿן קעגן „אידיליע“, ניט אָנ־רופֿנדיק דאָס פֿאַלשע באַם נאָמען, קאָן אַמאָל ברענגען דערצו, אַז מיר זאָלן אינגאַנצן מיט די אַלע זיבן זאַכן, וואָס טויגן ניט, אַרויספֿלעסקען דערהויבנקייט, פֿאַרליבטקייט אין לעבן, שיינ־קייט, ראָמאַנטיק, ניגון.

איך ווייס ניט, צי אַ פֿרײלעכער סאַך פֿון אַ ווערק, אַ כאַסענע, לאָמיר זאָגן, צי אַ ליבע, ווי מיר זעען עס אין טעוויע גאַנס דערציילונגען, איז פֿאַלש, און צי איז אַ שלעכטער סאַך ניט פֿאַלש. ניט אין דעם גייט עס. עס גייט אין מײַסטערשאַפֿט, און מײַסטערשאַפֿט איז קוידעמקאָל עמעסדיקייט. די קריטיק דאַרף וועגן אָט די אַלע זאַכן ריידן מיטן לייענער, עס זאָל זיך ניט באַקומען קיין אײַנדרוק, אַז העלע פֿאַרב, פֿרייד און האָפֿערדיקייט איז ניט אייגנטימלעך פֿאַר אונדזער סאָוועטישער קונסט.

איך רעד אַ סאַך מאָל מיט מענטשן, וואָס לייענען אונדזער זשורנאַל. עס זײַנען פֿאַראַן קאַפּריזנע לייענער, אָבער מערער אין דער צאָל זײַנען אַזעלכע, וואָס קוקן אַרויס אויף יעדן נומער, ווי אויף אַ בריוו. זיי פֿרייען זיך מיט „סאָוועטיש היימלאַנד“, ער געפֿעלט זיי און פֿעלט זיי. דאָס הייסט ניט, אַז זיי שעמען זיך אַ זאָג טאָן אַ שאַרף קריטיש וואָרט, נאָר איך פֿיל דערבײַ אַ סאַך ליבשאַפֿט און געטרײַשאַפֿט. צו דעם סאָרט לייענער, טראַכט איך, דאַרף מען זיך שטאַרק צוהערן.

וועגן נאַציאָנאַלער פֿאָרם. נאַציאָנאַלע פֿאָרם איז אין דער ערשטער ריי שפּראַך, לשון. אָבער לשון איז ניט נאָר דאָס לשון, מיט וועלכן דו, דער שרײַבער, שרײַבסט. לשון איז אויך דאָס לשון, מיט וועלכן עס רעדט דער העלד דײַנער.

וויאַזוי זאָלן מיר זיך נויהעג זײַן מיט אַ העלד, אַ יונגן מאַטעמאַטיקער, לעמאָשל, וואָס רעדט שוין ניט קיין יידיש? וויאַזוי זאָלן מיר אים צייכענען אין דיאַלאָג? זאָל ער ריידן אויף אַ פֿאַרביקן נאַטירלעכן פֿאָלקס־לשון? וועט עס ניט אויסזען פֿאַלש? צי זאָלן מיר די זאַפֿטיק־נאַטירלעכע שפּראַך, די ניט־יידישע, אויף וועלכער ער רעדט, געבן אין אַ פֿאַשעטער איבערזעצונג? דאָס וואָלט געוויס געווען צו פֿאַראַרעמט. נאַציאָנאַלע פֿאָרם הייסט אויך נאַציאָנאַלער כאַראַקטער, נוסעך, אויפֿן פֿון טראַכטן, אַפֿילע טנועס. אין דעם געביט זע איך נאָך אַלץ די שוועריקייטן מײַנע, און אויך, מיין איך, אײַערע. „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָט אין דעם פּראַט אַרײַנגעבראַכט ניט ווייניק ליכט. די שפּראַך פֿון אונדזערע פּראָזאַיקער איז געוואָרן לעבעדיקער, פֿאָלקסטימלעכער, נאָר די פּראָבלעם איז נאָך ניט אינגאַנצן פֿאַרענטפֿערט.

עס וואָלט זיך געוואָלט, אַז דאָס וואָרט אין אונדזער פּראָזע זאָל זײַן פֿאַשעטער און פּינקט־לעכער, די פּראָזע — געטאַקטער, דאָס בילד — רעליעפֿער, דער דיאַלאָג — נאַטירלעכער, דעם שרײַבערס אַרײַנמישן זיך — פֿאָעטישער, לירישער.

עס וואָלט זיך געוואָלט אָפֿטער באַגעגענען אין אַ גוט בלעטל פּראָזע עכטן, אידעלן הומאָר, ניט גלאַט לאַך־הומאָר, נאָר פֿרייד־הומאָר, כאָכמע־הומאָר, פֿילאָסאָפֿיע־הומאָר.

עס ווילט זיך, אַז צו אונדזער גרויסן היסטאָרישן יאָמטעוו — 50 יאָר אָקטיאַבער־רעוואָ־ליוציע און 100 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן לענין, — זאָל די סאָוועטישע יידישע פּראָזע קומען מיט נאָך טיפֿערע און נאָך שליימעסדיקערע ווערק. איך אַליין טראַכט אַרויסענדיקן די גרעסערע זאַך, וועגן וועלכער איך האָב דערמאָנט אויבן, און אָנשרײַבן אַ ריי נאָוועלן וועגן דער אונטערערדישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין בעסאַראַביע.

נ אָ ט ע ל ו ר י ע (אָדעס). די היינטיקע פֿלענאַרע זיצונג פֿון דער רעדקאָלעגיע, אויף וועל־כער עס ווערן באַהאַנדלט פֿראַגן פֿון דער יידישער סאָוועטישער פּראָזע, האָט אַ באַזונדער אינ־טערעס און באַדײַטונג פֿאַר אונדז אַלעמען. עס פֿרייען די דערגרייכונגען פֿון דער יידישער סאָוועטישער פּראָזע פֿאַר דער לעצטער צײַט. פֿיל ווערק, וועלכע זײַנען אָפּגעדרוקט אין אונדזער זשורנאַל, האָבן אַרויסגערופֿן אַ טיפֿן אינטערעס באַ די לייענער. די פּראָזע אונדזערע, וועלכע איז פֿריער אָפּגעשטאַנען פֿון דער פּאָעזיע, האָט די לעצטע צײַט, דאַרף מען זאָגן, געמאַכט אַ גרויסן שריט פֿאָרויס סײַ מיט דער ברייטקייט פֿון איר טעמאַטיק, סײַ מיט דער פּראָבלעמאַטיק און אין אַ געוויסער מאָס אויך מיט די מאָטיוון, וועלכע רופֿן זיך איבער מיט אונדזער היינט־צײַטיקייט.

איך מיין, אַז איך וועל ניט איבערטרײַבן, ווען איך וועל זאָגן, אַז אַ היפּשע צאָל ווערק, וועלכע האָבן לעצטנס באַרײַכערט אונדזער ליטעראַטור, זײַנען אַרויסגערופֿן געוואָרן אדאַנק דעם דערשײַנען פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“. צום בײַשפּיל, מײַן ראָמאַן „הימל און ערד“ האָב איך אָנגעהויבן שרײַבן דעמלט, ווען עס איז אין אַ מאָזלדיקער שאָ געבוירן געוואָרן אונדזער זשורנאַל. און ניט נאָר איך. דאָס האָט אַ שײַכעס קימאַט צו אַלע אונדזערע פּראָזאַיקער, וואָס

האָבן מיט זייער שאַפן דערוויזן, אַז זיי האָבן וואָס צו זאָגן. אין דעם גרעסטן טייל זײַנען עס מענטשן מיט אַ גרויסער לעבנס־דערפאַרונג, אַנטיילנעמער פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. זיי זײַנען ענג פאַרבונדן מיט די קאָלווירטן, מיט די זאַוואָדן, מיט אונדזער אינטעליגענץ, זיי ווײַזן אַרויס גרויסן אינטערעס צו אונדזער אַלזײַטיק און פילפאַרביק לעבן. דאָס גיט אונדז אַ גרונט צו דערוואַרטן אין דער נאָענטסטער צײַט נײַע אינטערעסאַנטע ווערק, און דערהויפּט טאַקע אַקטועלע.

דאָ זײַנען באַרירט געוואָרן פראַגן וועגן נאַציאָנאַלער פאָרם. איך מיין, אַז ניט ריכטיק וואָלט געווען צו מיינען, אַז קעדיי עס זאָל, אַזוי צו זאָגן, זיך פילן נאַציאָנאַלער קאָלאָריט, דאַרף דער שרײַבער אַרומרינגלען זײַנע העלדן מיט ספּעציפישע „יידישלעכע אַטריבוטן“, ווי, לאָמיר זאָגן, אַנטאָן זיי אין קאַפּאָטעס צי פאַרלאָזן זיי פּייעס. וויכטיק איז שילדערן פולבלוטיקע געשטאַלטן, אָפּהיטנדיק דעם קאָלאָריט און די אייגנאַרטיקײַט פון דער צײַט. אויב דער העלד וועט געשילדערט ווערן טיף פּסיכאָלאָגיש, עמעסדיק, מיט כאַראַקטעריסטישע פאַר אים שטריכן, וועט ער בעמיילע האָבן זײַן נאַציאָנאַל פּאָנעם. אָט האָט דאָך אונדזער גרויסער פאָלקס־שרײַבער שאָלעם־אַלייכעם געשילדערט זײַן טעוויען אָן אויסערלעכע „יידישלעכע אַטריבוטן“, און סאַראַ פּרעכטיק נאַציאָנאַל געשטאַלט האָט ער געשאַפן! פאַרוואָס קאָן מען ניט שילדערן איין יידישן קאָלווירטניק אָדער עטלעכע אין אַן אַלגעמיינעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָלווירט, וואָס איז אויפגעקומען נאָך דעם, ווי היטלער האָט אומגעבראַכט די יידישע דערפער, און דורך דעם, בלײַבנדיק געטרײַ דעם עמעס פון דער צײַט, ווײַזן אַ פולבלוטיק און אינטערעסאַנט געשטאַלט פון אונדזערן אַ הײַנטצײַטיקן העלד, וועלכער לעבט מיט די וויכטיקסטע אינטערעסן פונעם לאַנד און וועלכער קאָן דינען אַלס בײַשפּיל פון אַ נײַעם טיפּ סאָוועטישן יידן?

איך האָף, אַז אַזעלכע נײַע געשטאַלטן פון דאָרפס־מענטשן, פון אַרבעטער, אינטעליגענטן וועלן זיך גאָר אײַנגיכן באַווײַזן אין אונדזער יידישער ליטעראַטור און באַשײַנען זי.

נ א ט א ן ז א ב א ר ע (קיִעוו). מע האָט אַ סאַך געזאָגט ריכטיקע און ניט ריכטיקע זאַכן וועגן אונדזער פּראָזע. אין אייניקע פאַלן האָט מען אַפילע איבערגעבוימלט. ווען מע האָט שוין גע־זאַלבט פאַר אַ קלאַסיקער און ווען מע האַלט נאָך דערווײַל באַם צופוסנס פון אונדזער קלײַ־נינקן אָלימפּ־בערגל. נאָר ניט אין דעם גייט עס. דער ריכטיקער קריטערי, דער עמעסער פּרוּוו־שטיין פאַר אונדזערע ווערק איז דער ביבליאָטעק־פאָרמוליאַר און די פּאָליצע אין דער בי־כער־קראָם.

די יידישע סאָוועטישע פּראָזאַיקער האָבן זייער פיל געשריבן וועגן בירגערקריג, ווייניקער דירעקט וועגן דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און נאָך ווייניקער וועגן די אַנטיילנעמער פונעם אָקטיאַבער־אויפשטאַנד. דאָס איז, לויט מײַן מיינונג, אַ גרויסער בלויז אין אונדזער ליטעראַטור. אין דער אוקראַיִנישער ליטעראַטור איז נאָר וועגן שטשאָרסן, לעמאָשל, אָנגעשריבן באַ אַ צענד־ליק ווערק. אַזעלכע העלדן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, ווי סווערדלאָוו און אוריצקי, יאַקיר און גאַמאַרניק, פעלדמאַן און האַראָוויץ און נאָך און נאָך היסטאָרישע פיגורן, דאַרפן ווערן העלדן פון אונדזערע ווערק. מע טאָר ניט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט די שענסטע און דערהויבנסטע זין פון אונדזער פאָלק. באַ די דאָזיקע העלדן קאָן מען שעפּן שטאָף פאַר העראָיִק און ראָמאַנטיק, פאַר גרויסער עפּיק און פאַר דינעם פּסיכאָלאָגיזם.

איך וויל אײַך עטוואָס דערציילן וועגן איינעם אַ העלד, וואָס האָט מיך שוין לאַנג פאַראינטע־רעסירט. איך האָב פאַר דער מילכאָמע געוווינט אין קיִעוו אויף דער טשודנאָווסקי־גאַס, געוועזענע טערעשטשענקאָווסקע. איך בין נײַגעריק געווען צו וויסן, ווער איז אָט דער טשודנאָווסקי. איך האָב גענומען זוכן, פאָרשן.

אין 1917 קומט טשודנאָווסקי פון עמיגראַציע קיין רוסלאַנד; זיבן און צוואַנציק יאָר איז ער דעמאָלט אַלט געווען. דעם 25 יון 1917 דרוקט די „פּראַוודאַ“ טשודנאָווסקיס „אַ בריוו פון אַ מענטשן, וואָס גייט אויפן פראָנט“. אָט דעם היסטאָרישן לויט זײַן קראַפט און אויפריכטיקײַט בריוו, ווי מאַנויִלסקי האָט אים אָנגערופן, באַגלייט די „פּראַוודאַ“ מיט אַ באַמערקונג, אַז אָנגע־שריבן האָט אים אונדזערער אַ כאַווער, וועלכן מיר האָבן אויסגעוויילט אין דער שטאָט־דומע און ניט געקוקט דערויף, וואָס אַלס אַזעלכער איז ער פרײַ פון מיליטער־דינסט, גייט ער הײַנט אוועק אויפן פראָנט מיט דער מאַרשעווער ראָטע פונעם פּרעאָבראַזשענסקער פּאָלק. דאָס איז דער פּאָלק, וועלכער דער סאָלדאַט גריגאָרי איסאַקאָוויטש טשודנאָווסקי האָט שפּעטער אויפגעהויבן קעגן צאַריזם און געשטעלט צו דינסט דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. באַם שטורעמען דעם ווינטער־פּאַלאַץ רײַסט זיך טשודנאָווסקי אַרײַן צוזאַמען מיט אַנטאָנאָוו־אָווסייענקאָ אינעם צימער, וווּ ס'געפינען זיך די מיניסטאָרן פון דער צײַטווײַליקער רעגירונג.

טשודנאָווסקי איז געווען דער ערשטער קאָמענדאַנט פונעם ווינטער־פּאַלאַץ.

טשודנאָווסקי האָט געקענט עטלעכע אויסלענדישע שפּראַכן. אין דער עמיגראַציע איז ער געווען אַ זשורנאַליסט פון דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, אַ פריינט פון דזשאָן רידן. מעגלעך, אַז אונטער טשודנאָווסקיס ווירקונג איז דזשאָן ריד געקומען צו פאָרן אינעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד. טשודנאָווסקי זאָגט זיך אָפּ צו פאָרן קיין סטאָקהאָלם מיט אַ דיפּלאָמאַטישער מיסיע, ווען סווערדלאָוו לייגט עס אים פאָר, און ער בעט זיך באַ לענינען, מע זאָל אים שיקן אָף דער אוקראַינע, קעדיי קעמפן מיט די פּעטליוריש־העטמאַנישע באַנדעס. אַ סוואָרע, אַז דאָס האָט ער באַווירקט די פּאָדאָלער יִדישע יוגנט גיין קיין טריפּאָליע קעגן אַטאַמאַן זעלעני.[1]

איז דען טשודנאָווסקי איינער אַזאַ אין אונדזער רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט? עס זייַנען פאַראַן נאָך צענדליקער און הונדערטער העלדן, וואָס האָבן פאַרדינט צו ווערן די העלדן פון קינסטלערישע ווערק, ווייַל זייער לעבן און זייערע אופטוען זייַנען אין אונדזער הייַנטצייטיקייט אַקטועל און באַלערעוודיק.

נאַטאַן זאַבאַרע ענדיקט זייַן אַרויסטרעטונג מיט די ווערטער: „סאָוועטיש היימלאַנד" דאַרף אין משך פון די צוויי יאָר, וואָס זייַנען פאַרבליבן ביז דעם פופציקיאָריקן יובליי פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, דרוקן וואָס מער מאַטעריאַלן וועגן דער איבערגעשטאַלטונג פון אונדזער לאַנד, וועגן די העלדן פון דער רעוואָלוציאָנערער צייַט.

מ ו י ש ע א ל ט מ א ן (טשערנאָוויץ). אין די פינף און צוואַנציק נומערן „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכע זייַנען ביז איצט דערשינען, האָב איך דערפילט דעם שלאַל פון שעפערישער ענערגיע, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור. עס איז פאַרשטענדלעך און אויך נאַטירלעך, אַז ניט אַלע פאַרעפנטלעכטע ווערק זייַנען אָף איין ליטעראַריש־קינסטלערישער הייך, אָבער איך בין זיכער, אַז יעדערער פון אונדז האָט געהאַט די גוטע קאַוואָנע צו געבן דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געקאָנט געבן.

אַ קינסטלעריש ווערק דאַרף ברענגען דעם לייענער עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אויסברייטערן זייַן האָריזאָנט, פאַראינטערעסירן אים און אַרויסרופן צום דענקען און פילן. דאָס זייַנען אַבסאָליוט נייטיקע אַטריבוטן פון עכטער ליטעראַטור. אַרויסגייענדיק פון אָט דער האַנאָכע, מוז איך באַזונדערס אָפּמערקן דרייַ ווערק פונעם „סאָוועטיש היימלאַנד"־פּעריאָד: עליע שעכטמאַנס „ערעוו", נאָטע לוריעס „הימל און ערד" און ראַבינס „כאַוועלע געפען".

אייניקע האָבן טייַנעס, אַז אין שעכטמאַנס ראָמאַן איז ניט אָפּגעשפּיגלט דער רעוואָלוציאָנערער ערעוו, עס איז נאָר אַן אָנדייַט. איך וועל זיך דערלויבן דערויף צו ענטפערן: דער גרויסער ערעוו אין זייַן פולן קאָמפּלעקס איז ביז הייַנט ניט געגעבן ניט נאָר אין דער יִדישער ליטעראַטור, נאָר אַפילע אין דער רוסישער ליטעראַטור. סיבעס דערצו זייַנען זיכער פאַראַן. עליע שעכטמאַן האָט זיך, אַזוי צו זאָגן, צוגערירט צו איין ווינקעלע, און דאָס ווינקעלע איז גוט אַרויסגעבראַכט סייַ קאָמפּאָזיציאָנעל אַלס גאַנצעס, סייַ אין די געשטאַלטן, אין זייערע שייַכעסן אין דער געגעבענער סאָציאַלער מיליע. אַ סאַך האָרעוואַניע איז אין דעם ווערק אַרייַנגעלייגט, ס'איז אָנגעשריבן מיט גרויס אַכרייַעס און — לאָמיר עס אונטערשטרייַכן — מיט טאַלאַנט. „ערעוו" באַרייַכערט די יִדישע ליטעראַטור, דאָס איז אַ ווערק, וואָס וועט האָבן דויערהאַפטיקייַט.

דאָך אַ פּאָר באַמערקונגען. ערשטנס, מיר איז ניט קלאָר, וווּ די האַנדלונג קומט פאָר: אין אוקראַינע צי אין ווייַסרוסלאַנד. עפּשער באַם צווייטן לייענען וועט עס מיר קלאָר ווערן. און אַ צווייטע באַמערקונג — דאָס געשטאַלט פון נאָסן לאַנדע פאַלט מיר אַרייַן ניט אין זייַן עפּאָכע. דאָס געשטאַלט אַן און פאַר זיך איז זייער אינטערעסאַנט, אָבער נאָסן לאַנדע פּאָרט זיך ניט איינגאַנצן מיט דער צייַט און סוויווע פונעם ראָמאַן. נאָסן לאַנדע, לויט מייַן קוק, איז אַ טעמע פאַר זיך. דאָ, אין „ערעוו", זעט ער אויס, ווי אַן אַרייַנגעשטעלטע נאָוועלע.

מיט נאָטע לוריעס „הימל און ערד" טראָגן מיר זיך איבער אין אַ גאַנץ אַנדער צייַט און סוויווע. מיר זייַנען דאָ אין דער פולער סאָוועטישער ווירקלעכקייַט, אין וועלכער דאָס יִדישע לעבן איז אָרגאַניש אייַנגעגלידערט.

עס קאָן זיך טרעפן, אַז אייניקע זאָלן טייַנען: צו וואָס דערציילן וועגן יִדישע קאָלווירטן, זיי זייַנען שוין ניטאָ... זאָג איך צום אַווטאָר: הערט זיך ניט צו. דער סאָוועטישער יִדישער קינסטלער דאַרף אין זייַנע ווערק מיטברענגען אַלע ערדן, וואָס יִדישע מאַסן האָבן באַטראָטן, ווייַל אומעטום איז אָפּגעגעבן מי, שווייס און בלוט. דאָס טאָר ניט פאַרלוירן גיין. ווער שמועסט אַזאַ וויכטיקער היסטאָרישער מאָמענט, ווי דאָס באַהעפטן זיך פון יִדן צו דער ערד, און דאָס איז ניט סטאַם ערד, נאָר סאָציאַליסטישע בויונג אָף באַנייַטער ערד.

---

[1] דאָ גייט אַ רייד וועגן דער „טריפּאָליער טראַגעדיע" — וועגן דעם העלדישן אומקום פון אַן אָטריאַד קאָמיוגיסטן אין דאָרף טריפּאָליע לעבן קיִעוו.

לוריע טוט אַט די וויכטיקע ארבעט מיט אכרײַעס־געפיל, מיט דעם ערנסט, וואָס איז אַבלי־גאַטאָריש פאר יעדן עכטן שרײַבער. איך וויל זיך דערלויבן אפן סמאך פון מײַן עלטער עפּעס צו ראטן דעם כאוועך לוריע, און דהײַנו: אויסמײַדן דעטאַלן, וועלכע זײַנען געווען גוט אין מער „לאַנגזאַמע" צײַטן; אַט, לעמאַשל, די ראָמאַנטישע פּראָטים פון די באַציִונגען צווישן שעפּטלען מיט עלקען, זיי זײַנען הײַנט מער ניט וויכטיק. דער קינסטלער מוז זיך הײַנט באַנוגענען מיטן סאַמע איקערדיקן. מיט נאָטע לוריעס ראָמאַן, ווי מיט שעכטמאַנס „ערעוו", איז דער יידישער ליטעראַטור צוגעקומען א ווערטפולע ווערק.

יוסף ראַבין באַנוצט ניט קיין געדיכטע פארבן. זײַנע דערציילונגען פאַרמאָגן לופט. דאָס, וואָס ער דערציילט, האָט א דערקענטעניש־ווערט, עס איז הומאַניסטיש אָן סענטימענטאַליטעט. די דערציילונג „כאוועלע געפען" איז דער בעסטער באַווײַז דערפון. ראַבין איז אן ערלעכער שרײַבער. אין זײַנע ווערק פיל איך פײַנע באַשיידנקייט, ער קומט ניט געבן קיין „טווירעס", ער דערציילט דאָס, וואָס ער ווייסט, ער ווייסט אויסצוקלײַבן פון זײַן דערפאַרונג דאָס, וואָס איז ווערט דערציילט צו ווערן.

איך וויל נאָך דערמאָנען אייניקע שרײַבער. טעוויע גען איז פאר מיר א נײַער נאָמען. זײַן דערציילונג „אין דער היימשטאָט" איז א ווערק, וואָס שפּיגלט אָפּ די צײַט און די סוויווע.

מיך פרייט אויך דער וווקס פון גובניצקין. דערקענט האָב איך דעם שרײַבער פון דעם, וואָס ער האָט פּובליקירט אין „סאָוועטיש היימלאַנד". גובניצקי איז דינאַמיש, עקספּרעסיוו, שיר ניט אן עקספּרעסיאָניסט. איך מיין, ער איז אונטערן אײַנפלוס פון באַבעלן. א גוטער אײַנפלוס, אָבער באַבעל איז א גרויסער קינסטלער, א פּאָעט. ער ווייסט דעם סאָד פון מאָס. גובניצקי כאַפּט אמאָל איבער די מאָס. דערפאַר האָב איך אָבער גרויס האַנאָע פון זײַן שפּראַך. אָבער... יאָ, אָבער אז גובניצקי נעמט זיך אונטער צו מאכן פילאָסאָפיע פון ליטעראַטור, מוז איך בא מײַן גאַנצער גוטווילקײַט זאָגן: דאָס איז ניט אײַער באַרוף...

איך קום צום סאַמע איקער. מיר שטייען פאר היסטאָריש־וויכטיקע דאַטעס. פופציק יאָר אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. הונדערט יאָר לענין. ס'איז קלאָר, אז דער כויוו פון אַלע אונדז, סאָוועטישע שרײַבער, איז מאכן אן אָנשטרענגונג צו קומען צו אַט די דאַטעס מיט ווערטפולע ווערק. איך האָף, אז דאָס וועט געשען.

ט ע וו י ע ג ע ן (מאָסקווע). ווען מע גיט א בלעטער די 25 בענדער „סאָוועטיש היימלאַנד", ווערט פריילעך אפן האַרצן. אונדזער יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור לעבט און שטײַגט. פון נומער צו נומער איז צו זען, ווי זי באַקומט מער זאַפטן, מער פאַרשיידנאַרטיקײַט, מער קאָלאָריט. די סאָוועטישע יידישע ליטעראַטור האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אזא אינהאַלטסרײַכן זשורנאַל.

פאר אונדז, שרײַבער, שטייען א ריי שעפערישע פּראָבלעמען; א סאַך פון זיי זײַנען אַלגע־מיינע פאר דער גאַנצער סאָוועטישער ליטעראַטור; אייניקע פּראָבלעמען און פראַגן זײַנען ספּע־ציפישע: נאַציאָנאַלע אייגנאַרט, שפּראַך אאַ. דאָס וויכטיקסטע איז אָבער, אז מיר זאָלן אויספילן אַלע צוזאַמען און יעדערער באַזונדער איין טנאַי: שרײַבן דעם עמעס, שילדערן טרײַ די רעאַלע ווירקלעכקײַט. מיר קענען שרײַבן וועגן אַלץ און וועגן אַלעמען. די נעגאַטיווע טיפּן דאַרפן, פאַר־שטייט זיך, אויך זײַן בוילעטע און פולבלוטיקע; זיי טאָרן אָבער ניט פאַרשטעלן דעם פּאָזיטיוון העלד; פאַרקערט, אין זייער שאָטן דאַרף ער ווערן נאָך ליכטיקער.

די גרונט־אויפגאַבע פון אונדזער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור איז — שאַפן דעם פּאָזיטיוון העלד פון אונדזער צײַט; דאָס איז נאָך אַלץ א ניט־גענוגנדיק [illegible] כויוו.

וויאַזוי שטעל איך זיך פאַר דעם פּאָזיטיוון העלד? פריער פון אַלץ איז ער א מענטש פון בלוט און פלייש, אַלדאָס מענטשלעכע איז אים אייגנטימלעך, דערצו אָבער האָט ער נאָך א שטאַרקן כאַראַקטער, ער איז א מונטערער און טעטיקער. מיט טיפע וואָרצלען איז ער אַרײַנגע־וואַקסן אין אונדזער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט. ער דאַרף מיט זיך פאַרשטעלן א דערהויבן און פאַראַלגעמיינערט געשטאַלט פון דעם איצטיקן סאָוועטישן יידן. און ס'איז קלאָר, אז זײַן נאַציאָנאַלע אייגנאַרט טאָר זיך ניט פאַרענדיקן בלויז אף דעם, וואָס ער טראָגט א יידישע פאַמיליע.

אין א ריי דערציילונגען, וועלכע שפּיגלען אָפּ די געטאָ און די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, זײַנען געמאַכט געוואָרן זייער גוטע פּרוּוון צו שילדערן אַזעלכע מענטשן. מיר זעען זיי אין מ. לעווס פּרעכטיקער דאָקומענטאַלער דערציילונג „ווען ניט די פרײַנט מײַנע", אין י. פאַליקמאַנס, מ. יע־לינס, ה. דאָבינס ווערק, וואָס האָבן זיך גוט אײַנגעקריצט אין אונדזער זיקאָרן. עמעסע פּאָזיטיווע כאַראַקטערן פּירט אַרויס ב. מילער אין זײַנע בירעבידזשאַנער דערציילונגען. עס ווילט זיך אָבער זען דאָס מאָנומענטאַלע געשטאַלט, וואָס זאָל זײַן דער צושטײַער פון די יידישע שרײַבער אינעם גאָלדענעם פאָנד פון דער אַלגעמיינער סאָוועטישער ליטעראַטור.

א פּאָר ווערטער וועגן דער היַינטציַיטיקײַט. א גוטער שרײַבער איז שטענדיק הײַנטציַיטיק, ווײַל אַף אַלץ קוקט ער מיט די אויגן פון זײַן צײַט. עס זײַנען אָבער פאַראַן שרײַבער, וועלכע האָבן זיך אינגאַנצן פאַרטיפט אין דער געשיכטע. זיי לאָזן דורך און פאַרלירן די אומיטלבאַרע שטריכן פון דער צײַט, אין וועלכער זיי לעבן און וועלכע קיינער וועט דערנאָך שוין אַזוי ניט קאָנען שילדערן, ווי זיי, די לעבעדיקע איידעס.

טעוויע גען האָט ווײַטער זיך אָפּגעשטעלט אַף דער נייטיקײַט אָפּצוהיטן די ריינקײַט פון דער ייִדישער ליטעראַרישער שפּראַך.

מ ו י ש ע   א ל ט ש ו ל ע ר   (מאָסקווע). אין „סאָוועטיש היימלאַנד" זײַנען געדרוקט צוויי היסטאָרישע ראָמאַנען וועגן די געשעענישן ערעוו 1905 יאָר: דעם ניסטערס ראָמאַן „פון פינפטן יאָר" און עליע שעכטמאַנס „ערעוו". דער ניסטער — א מיטצײַטלער פון דער ערשטער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד — שפּיגלט קינסטלעריש אָפּ אין זײַן ראָמאַן די אומשטענדן און די געשעענישן אין לאַנד. מיר זעען בוילעט דעם אָנוווקס פון דער רעוואָליוציע.

עליע שעכטמאַן איז א באַגאַבטער שרײַבער. אָבער קעדיי שרײַבן א היסטאָרישן ראָמאַן, דאַרף מען וויסן געשיכטע. אין ראָמאַן מערקט זיך דאָס ניט.

די איינציקע רעוואָליוציאָנערקע כיירוס זיצט אין טפּיסע, מיר זעען זי ניט און הערן זי ניט.

דער כאַווער אַלטשולער האַלט אויך, אַז דאָס געשטאַלט פון נאָסן לאַנדע איז אידעאַליזירט, אַז דער אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז צו יענער צײַט שוין געווען א קויעך, איז ניט באַוויזן געוואָרן. ניט ריכטיק זײַנען געשילדערט די פּאָגראָמען — ניט מיט קיין כאַבאַר האָבן די מאַסן געקעמפט קעגן דעם ווילקיר פון דער זשאַנדאַרמעריע, נאָר דורך א גרויסער נעץ פון זעלבשוץ, אין וועלכער עס האָבן אָנטיילגענומען ניט נאָר קיין ייִדן.

דער כאַווער אַלטשולער שטעלט זיך אויך אָפּ אַף אָרן וואָרגעליסעס אַרטיקל „די גאָלדענע קייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור" און זאָגט אַרויס זײַן מיינונג, אַז מע טאָר ניט אײַנשליסן אין דער דאָזיקער „קייט" די צענע־אורענע, די מײַסעס פונעם באַלשעמטאָוו אאַוו.

ה ע ר ש   ר ע מ ע נ י ק   (מאָסקווע). ניט לאַנג צוריק איז מיר אויסגעקומען אַרויסטרעטן אין „סאָוועטיש היימלאַנד" מיט אַן אַרטיקל וועגן אונדזער פּראָזע. איך האָב געמאַכט אופמערקזאַם אַף א באַשטימטער אופלעבונג פון דער פּראָזע. באַזונדערס האָט עס א שײַכעס צום ראָמאַן. דאָס באַטײַט אָבער ניט, אַז בא אונדז איז אַלץ אין אָרדענונג. איצט, ווען עס זײַנען זיך צונויפגעקומען קימאַט אַלע ייִדישע סאָוועטישע פּראָזאַיִקער, דאַרפן מיר מער ריידן וועגן דעם, וואָס עס פעלט אונדז, איידער וועגן דעם, וואָס מיר האָבן שוין דערגרייכט. און ס'איז גוט, וואָס די איצטיקע פאַרברייטערטע זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע האָט ווידער געשטעלט אין צענטער פון איר אַרבעט דעם דיאַלאָג וועגן פּראָזע.

אין פאַרלויף פון די ערשטע צוויי צענדליק יאָר פון אונדזער רעוואָליוציע האָבן מיר באַקומען קלאַסישע ווערק פון גאָרקין, שאָלאָכאָוו, פאַדייעוון, לעאָנאָוון, פעדינען; אין דער ייִדישער ליטעראַטור — די ווערק פון בערגעלסאָנען, ניסטערן און אַנדערע. די לעצטע אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר האָבן זיך אויך באַוויזן ניט ווייניק אינטערעסאַנטע פּראָזע־ווערק, אָבער זיי דערהייבן זיך ניט צו דעם ניווא פון די פריִערדיקע מוסטערן. דאָס איז א סימען ניט פון קיין קריזיס, נאָר פון נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון א ליטעראַטור. די איצטיקע פּראָזע זאַמלט קויכעס פאַר א נײַעם אופשטײַג. קלאַסישע ווערק קומען אוף ניט פּלוצעם. די געשיכטע לערנט אונדז, אַז דער קלאַסיקער באַווײַזט זיך דאַן, ווען עס איז צוגעגרייט פאַר אים א באָדן פון פריִער.

ה. רעמעניק ברענגט בײַשפּילן וועגן דער שאַפונג פון גאָגאָלן און דאָסטאָיעווסקין, וועמעס פאָרגייער עס זײַנען געווען נאַרעזשני און וועלטמאַן. ער ווײַזט אויך אָן, אַז די שאַפונג פון פערעצן און שאָלעם־אַליי־כעמען איז אויסגעוואַקסן אַפּן באָדן, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן ניט נאָר דורך מענדעלען, נאָר אויך דורך עטינגערן, אַקסענפעלדן, לינעצקין.

ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור קומט ניט פּאָר אַזוי, אַז אין איין פּעריאָד ווערן געשאַפן געניאַלע ווערק און אין א צווייטן — בלויז מיטלמעסיקע, וואָס דינען אַלס צוגרייטונגס־מאַטעריאַל.

אין איצטיקן פּעריאָד פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור זײַנען שוין געשאַפן געוואָרן גאַנץ באַדײַטנדיקע פּראָזע־ווערק, באַזונדערס ראָמאַנען, מיט וועלכע מיר פרייען זיך. עס זײַנען אָבער אויך פאַראַן מיטלמעסיקע און שוואַכע ווערק. אין זיי באַקומען מיר אַנשטאָט מענטשן בלויז שאָטנס, די קאָמפּאָזיציע לײַדט פון כאַאָטישקײַט, די דעטאַל, דער עפּיזאָד, די געשעעניש זײַנען אָן א פונקציע, קינסטלעריש ניט מאָטיווירט, די פאַרשוינען האַנדלען ניט לויט דער אינערלעכער לאָגיק, — און אין רעזולטאַט באַקומען מיר אַנשטאָט א געבײַ א הויפן אָנגעוואָלגערטן בוי־מאַטעריאַל. נאָך איין מאַנגל איז צו זען: אין א ריי ווערק פעלט דראַמאַטיזם און

דראמאטישער קאָנפליקט, ניט געקוקט דערויף, וואָס דאָס סאָוועטישע פאָלק האָט איבערגעלעבט טראַגישע געשעענישן, וועלכע גיבן געגוג שטאָף פאַר אַנגעשטרענגטע דראַמאַטישע סיטואַציעס.

ה. רעמעניק רעדט אויך וועגן שפּראַך־פּרימיטיוויזם פון אייניקע פּראָזאַישע ווערק.

ה. רעמעניק פּאָלעמיזירט מיט כאַווער אַלטשולערס אַרויסטרעטונג וועגן שעכטמאַנס ראָמאַן „ערעוו". דער רעדנער ווײַזט אָן, אַז אַלטשולערס קריטיק איז אָן אַנטפּלעקונג פון דאָגמאַטישן צוגאַנג צו אַ קינסטלערישן ווערק. מ. אַלטשולער פאַרשטייט ניט דעם אינערלעכן טאָך פון שעכטמאַנס ראָמאַן. דער אַנאַליז פונעם ווערק איז געווענדעט ניט אויף די קינסטלערישע בילדער און געשטאַלטן, וואָס זײַנען פאַראַן אינעם ווערק; ער רעדט דעריקער וועגן דעם, וואָס וואָלט לויט זײַן מיינונג געדאַרפט זײַן. אַזאַ צוגאַנג איז, פאַרשטייט זיך, ניט אָנעמבאַר און קאָן ניט געבן קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן.

שמואל גאָרדאָן (מאָסקווע). ס'איז פאַר קיינעם ניט קיין סוד, אַז די הײַנטצײַטיקייט איז נאָך ניט געוואָרן די הויפּט־טעמע אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן אין דעם פאַרטראַג, דאַרף אויף אונדזער באַראַטונג די דאָזיקע פראַגע באַהאַנדלט ווערן.

נאָר פריער פון אַלץ לאָמיר אויסקלאָרן, וואָס אַזוינס איז הײַנטצײַטיקייט און וואָס — אַקטועלקייט. צי איז עס איין און דער זעלבער באַגריף? ווײַל אָפטמאָל קומט אויס הערן: ס'איז ניט וויכטיק, אין וועלכן יאָרהונדערט עס קומען פאָר די געשעענישן, וויכטיק איז, פון וואָס פאַרא פּאָזיציעס דער שרײַבער מאָלט די געשעענישן.

מיר ווייסן אָבער, אַז שאָלעם־אַליכעם, פּערעץ, בערגעלסאָן, מאַרקיש, פעפער און אַנדערע האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם צאַפּלדיקן הײַנט און ניט דעם היסטאָרישן נעכטן, כאָטש זיי האָבן זיך, נאַטירלעך, אויך ניט אויסגעקערעוועט מיט דער פליייצע צו דער פאַרגאַנגענהײַט. אָבער דער אָוועך איז ניט געוואָרן די הויפּט־טעמע פון זייערע ווערק, ווי מיר באַמערקן עס אין דער שאַפונג פון פיל הײַנטצײַטיקע יידישע שרײַבער.

הײַנטצײַטיקייט איז אַ קאָנקרעטער באַגריף. עס גייט וועגן אָפּשפּיגלען די געשעענישן פונעם הײַנטיקן טאָג. און דער הײַנטיקער טאָג אין ליטעראַטור מעסט זיך ניט אויס מיט 24 שאָ.

מע טאָר, פאַרשטייט זיך, ניט צוגיין מעכאַניש צו אָט דער פראַגע. די נאָענטע פאַרגאַנגענהײַט איז רײַך מיט אַזעלכע געשעענישן, ווי, לעמאָשל, די גרויסע פּאַטעריאָטישע מילכאָמע. ס'איז צווישן אונדז ניטאָ קיין איין שרײַבער, וועלכער זאָל אַזוי אָדער אַנדערש ניט אָפּשפּיגלען אין זײַנע ווערק די דאָזיקע טעמע.

די מילכאָמע האָט אַרײַנגעטראָגן גרויסע ענדערונגען אין דער געאָגראַפיע פון אונדזער פאָלק. עס איז פאַרשוווּנדן דאָס יידישע דאָרף, ס'איז אָבער ניט פאַרשוווּנדן דער יידישער פויער. דער פויער פונעם הײַנטצײַטיקן קאָלווירט איז אַ טראַקטאָריסט, אַ קאָמבײַנער; אַזעלכע יידישע פּראָפעסיעס האָב איך געזען אויף די פעלדער פון קרים, אוקראַינע, אויף דער צעלינאַ.

מיר איז לעצטנס אויסגעקומען, לויטן אויפטראָג פון „סאָוועטיש היימלאַנד", באַזוכן אַ ריי שטעט און ייִשוווים אויפן עקסטן צאָפן, און ס'איז ניט געווען די שטאָט און דער ייִשוו, וווּ איך זאָל ניט באַגעגענען צענדליקער פאַרפונדעוועטע יידישע מישפּאָכעס.

איך האָב זיי באַגעגנט אין די שאַכטעס פון די שטעט וואָרקוטאַ און אינטאַ, אין די וואַלד־ווירטשאַפטן פון פעטשאָרע, אויף דער אײַזנבאַן, אויף די נאַפט־טורעמס פון אוכטאַ און אין די דאָרטיקע שנײַדער־ און שוסטער־אונטערנעמונגען. באַזונדערס איז וויכטיק אָפּצומערקן די אַריפמעטיק: די צאָל יידישע אײַנוווינער אין די אינדוסטריעלע שטעט און ייִשוווים האַלט אין איין וואַקסן. עס קומט פאַר אַ צופלוס און ניט קיין אָפּפלוס.

אונדזערע סאָנים אַפילע אָנערקענען, אַז די שפּראַך פון „סאָוועטיש היימלאַנד" איז אַ מוסטער פאַר אַלע יידישע שרײַבער פון דער וועלט. באַם לייענען אייניקע ווערק פון אונדזערע פּראָזאַיקער שווימט אָבער אויף אַ פראַגע, צי פאַרליטעראַרישן מיר ניט טיילמאָל אונדזער שפּראַך. די שפּראַך, ווי מיר ווייסן, שטייט ניט אויף איין אָרט. עס קומען צו נײַע ווערטער, עס שטאַרבן אָפּ אַלטע ווערטער, און ניט שטענדיק קאָן דער ווערטערבוך זײַן דער אַרביטער. די העלדן פון אונדזערע ווערק שיידן זיך אונטער פון שאָלעם־אַליכעמס העלדן, און דאָס דאַרף אין אַ געוויסער מאָס זיך פילן אויך אין דער שפּראַך. מיר דאַרפן אָפּהיטן אונדזער גרויסן אוצער, די רײַנקייט פון דער ליטעראַרישער שפּראַך, און אין דער זעלבער צײַט דאַרפן מיר זי אַנטוויקלען ווײַטער, ניט מוירע האָבן אַרײַנטראָגן אין איר נײַע ווערטער.

איינע פון די וויכטיקסטע אופגאַבן, וועלכע שטייען פאַר אונדז אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דערנעענטערונג פון דער היסטאָרישער דאַטע — 50 יאָר סאָוועטנמאַכט, — איז קינסטלעריש באַווײַזן די העלדישקײַט און גווורע פון אונדזער סאָוועטישן פאָלק אין אָקטיאַבער 1917, אין די

יאָרן פון בירגערקריג, אין דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע און אף די פראָנטן פון דער פרידלעכער בויונג.

אונדזער היַינטציַיטיקע ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור איז גענוג ריַיך מיט קרעפטיקע טאַלאַנטפולע שריַיבער, וואָס זיַינען בעקויעך אויספילן די דאָזיקע בעקאָוועדיקע מיסיע.

א ו ו ר אָ ם ק אַ ה אַ ן (קיִעוו). צוויי מעכטיקע קינסטלער האָבן באַווירקט די ייִדישע סאָוועטישע שריַיבער: שאָלעם־אַלייכעם און דאָוויד בערגעלסאָן. צו דער ערשטער גרופּע, וואָס האָט געשעפּט פון דעם שאָלעם־אַלייכעם־קוואַל, געהערן אַלבערטאָן, אבטשוק, קיפּניס, אָלעווסקי, פּאָליאַנקער, סיטאָ. איטלעכער פון זיי האָט אף פאַרשיידענע אויפאַנים געשעפּט זיַין מאַטעריאַל פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקיַיט און אים געפורעמט לויטן נוסעך פון אונדזער גרעסטן נאַציאָנאַלן פּראָזע־מיַיסטער. אַלבערטאָן, אשטייגער, האָט פון דעם קאַסרילעווקער געמויזעכץ געפירט זיַינע העלדן קיין בירָאָבידזשאַן; אבטשוק האָט זיַין הערשל שאַמיַי איַינגעפונדעוועט אף א פאַבריק; פּאָליאַנקער האָט זיַין שאָלעם־אַלייכעמדיקן פּאָלקס־פּאַרשוין שמיַיע גאָזלען געבראַכט אף די פראָנטן פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע.

צו דער גרופּע ייִדישע סאָוועטישע פּראָזע־מיַיסטערס, וועלכע ס׳האָט באַאיַינפלוסט בערגעלסאָנס שריַיב־מאַניר, געהערן אָרלאַנד, דאַניִעל, פּערסאָוו, שקאַראָווסקי און אין א געוויסער מאָס עליע שעכטמאַן. דערמאָנט זיך אָרלאַנדס „הרעבליעס" און „אַגלאָמעראַט" — דער פאַמעלעכדיק איַינדרעמלענדיקער ריטם פון דער האַנדלונג, די געמעלן פון דער נאַטור און די אויסערלעכע כאַראַקטעריסטיק פון די העלדן. דאַניִעלס דערציילונגען, מיט זייער ראָמאַנטיש־דערהויבענעם טאָן זיַינען אויך באַווירקט פון דעם בערגעלסאָן־נוסעך.

די ייִדישע סאָוועטישע שריַיבער האָבן פאַרברייטערט דעם דיִאַפּאַזאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור. אַלע עטאַפּן פון אונדזער סאָוועטישן לעבן האָבן באַקומען א ברייטע אָפּשפּיגלונג אין דער קינסטלערישער פּראָזע. באַזונדערס דאַרף ווערן אונטערגעשטראָכן די ראָל פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור בייס דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. פיל שריַיבער האָבן געשאַפן דערציילונגען, ראָמאַנען, רעפּאָרטאַזשן וועגן יענעם שווערן פּעריִאָד. באַזונדערס האָט זיך מיר פאַרגעדענקט י. פאַליקמאַנס ראָמאַן „די שיַין קומט פון מיזרעך" — א וויכטיקער קינסטלערישער דאָקומענט פון יענער ציַיט.

א ציקאַווע ניַיס פון דער לעצטער ציַיט איז בעפּיירעש מעלאַמודס דערציילונג „שוועסטער". דאָ איז זייער שאַרף אוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן קאַמף קעגן באַלעבעסלדיקיַיט, קעגן אַזעלכע טיפּן, ווי באַסיע, איר מאַן און זייער אַרומרינגלונג.

נאַטאַן זאַבאַרעס ראָמאַן „היַינט ווערט געבוירן א וועלט" טראָגט אונדז אריבער אין דעם נאָכמילכאָמעדיקן דיַיטשלאַנד. דאָס ווערק פאַרברייטערט דעם פּלאַצדאַרם פון אונדזער פּראָזע און איז א פּאָזיטיווע דערשיַינונג אין דער היַינטציַיטיקער ייִדישער ליטעראַטור.

דעם קינסטלער איז געוויס שווערער און קאָמפּליצירטער צו שריַיבן וועגן א ניַיעם טיפּ מענטשן אין דער ייִדישער סוויווע — וועגן אן איַיזנבאַנער, פּליִער, קאָמביַינער, — איידער גיין מיט דער שוין אויסגעטראָטענער סטעזשקע. פאַליקמאַנס געראָטענע דערציילונג „לייב כאַדאָש" איז מיר מערער צום האַרצן, איידער זיַין דערציילונג „געלע מילן", וואָס שילדערט די ציַיט פון בירגערקריג, א טעמע, וואָס איז אין די 20—30־ער יאָרן שוין באַאַרבעט געוואָרן. פון דעם שטאַנדפּונקט איז אויך מער ווירקעוודיק א. גובניצקיס „בראַטסק" און אַנדערע זיַינע רעפּאָרטאַזשן וועגן ניַיע מענטשן, איידער „מיַין ייִכעס", וואָס איז מער ריַיך מיט פּאָלקלאָרישע כיין־פּינטעלעך, איידער מיט קינסטלערישן איַינפאַל. גובניצקין גיבן זיך מער איַין געשטאַלטן פון דער היַינטציַיטיקיַיט. שוואַכער זיַינען די פּערסאָנאַזשן פון דער פאַרגאַנגענהיַיט.

בעפּיירעש אָן אופטו זיַינען ט. גענס און ש. גאָרדאָנס פאַרצייכענונגען. אינטריגירנדיק און פריש זיַינען מ. לעווס און ה. דאָבינס פּאַרטיזאַנער־געשיכטעס.

א באַזונדער אָרט פאַרנעמט נאָטע לוריעס ראָמאַן „הימל און ערד" און עליע שעכטמאַנס „ערעוו". די דאָזיקע ווערק זיַינען בא היַינטיקן טאָג דאָס גרעסטע געווינס פון „סאָוועטיש היימלאַנד".

עטלעכע ווערטער ווילט זיך זאָגן וועגן „ערעוו". מיר דאַכט, אז אייניקע פּאַרשוינען פונעם ראָמאַן זיַינען אין א געוויסער מאָס א וויַיטערדיקע פאָרזעצונג און א פאַרטיפערטע אַנטוויקלונג פון בערגעלסאָנס געשטאַלטן. איך האָב אין זיי באַזונדערס איווען. זי איז ליַידנשאַפטלעכער פון מירעלען, גרויסשטאָטישער, ענערגישער פון איר פאָרגייערן. דאָס צווייטע געשטאַלט — כּירוס דאַרף זיך ערשט אַנטוויקלען אין די וויַיטערדיקע טיילן פון ראָמאַן, און זי אינטריגירט זייער דעם לייענער. אויב דער אווטאָר וועט אויספורעמען דאָס דאָזיקע געשטאַלט מיט אַזא אַרטיסטיזם, ווי אייניקע אַנדערע געשטאַלטן, וועט די ליטעראַטור א סאַך געווינען דערפון.

ע. שעכטמאַן איז אַן אויסגעצייכנטער קאָלאָריסט אין אונדזער נײַער ליטעראַטור, אַ שרײַבער מיט אַ זעלטן־פֿײַנקטלעכער קינסטלערישער ריִע.

איך וויל אויך באַצייכענען די געדרוקטע אין זשורנאַל יעכיעל שרײַבמאַנס קורצע סקיצן און נאָוועלן, וואָס נעמען אויס בײַ אונדזער שטרענגן לייענער.

צום סאָף, — זאָגט א. קאַהאַן, — וויל איך אויסדריקן די זיכערקײַט, אַז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור וועט אַלץ מער און מער אָנזאַמלען קויכעס, קעדיי דערגרייכן נײַע קינסטלערישע און אידייִישע הייכן.

שירע גאָרשמאַן (מאָסקווע). אין איר אַרויסטרעטונג האָט ש. גאָרשמאַן געזאָגט: אווראָם קאַהאַן איז אַרויסגעטראָטן קעגן באַלעבעסלדיקײַט. ער האָט אויך געמאַכט אַ טיפֿן עקסקורס אין דער געשיכטע פֿון דער ליטעראַטור און באַוויזן, פֿונוואַנען יעדער שרײַבער גייט. ענדלעך ווייסן מיר שוין, אַז שעכטמאַן גייט פֿון בערגעלסאָנען! נאָר פֿאַר מיר איז דאָס אַ פֿראַגע אַ ריין אַקאַדעמישע. שעכטמאַן איז אַ גרויסער שרײַבער. ווען ער וואָלט מיר נאָר אָנגעמאָלט די מומע ליבע, וואָלט ער שוין דערמיט אַליין אַרײַן אין מײַן נעשאָמע.

אָבער אופֿגערעגט האָט מיך קאַהאַנס זאָג צו גובניצקין: „וועגן שאַפֿערן שרײַבט!“ יעדער שרײַבער קאָן שרײַבן וועגן וואָס ער וויל. קיינער וואָלט ניט אָנגעוויזן לייב קוויטקאָן, וועגן וואָס ער זאָל שרײַבן: איך זאָג דאָס דערפֿאַר, ווײַל קוויטקאָס „ליאַם און פּעטריק“ איז, אייגנטלעך, לויט דער טעמע נאָענט צו גובניצקיס „ייִכעס“. גובניצקיס דערציילונג איז זאַפּטיק, אייגנאַרטיק. ס׳איז ווידעראַמאָל געשילדערט, וויאַזוי קינדער האָבן קיין קינדהײַט ניט געהאַט, און נאָכאַמאָל דערציילט וועגן דעם, אַז אין די שטיבלעך מיט די ליים־אַרומגעקלעפּטע פֿענצטערלעך האָבן געלעבט מענטשן מיט אַ קלאָגעדיקן גוירל. אָבער גובניצקי באַשרײַבט דאָס אויף זײַן אייגענעם אופֿן.

בײַ פֿיל פֿעלקער זײַנען געווען „סקאַזיטעלעס“ — פֿאָלקס־דערציילער. שרײַבער מיט גרויסן ווויסן זײַנען געפֿאָרן צו די „סקאַזיטעלעס“ און סקרופּולאָיאָז פֿאַרשריבן, וואָס יענע האָבן געזאָגט. מיר דאַרפֿן אַזעלכע אויך בײַ זיך זוכן און זייער אָפּהיטן, מיר דאַרפֿן שאַנעווען אונדזערע באַגאַבטע מענטשן.

אווראָם קאַהאַן האָט אויך געזאָגט, אַז פֿאַליקמאַנס אײַזנבאַנער האָבן אים דערפֿרייט, און מיך, פֿאַרקערט, האָט דערפֿרייט פֿאַליקמאַנס דערציילונג „געלע מילן“. דאָס איז אַ סימבאָלישע דערציילונג. וואָס האָבן דען קינדער פֿון טכום געהאַט, אַכוץ אָנגעמאָלטע פּאַפּירלעך, וואָס דער ווינט האָט אַרויסגעריסן פֿון גווירישע הענט?

וואָס איז שייַעך ווער פֿונוואַנען עס גייט, האָט געטע ערגעץ געזאָגט: ווער עס האָט בײַ קיינעם גאָרנישט גענומען, דער וועט קיינעם גאָרנישט געבן. מיר זײַנען אַלע ניט קיין קלאַסיקער, אָבער זאָל אונדז דערלויבט זײַן האָבן שטאָלץ און ווירדע אַף ניט צו פֿאַרמינערן די ווערט פֿון אונדזערע אייגענע ווערק.

שירע גאָרשמאַן האָט, פֿאַרופֿנדיק זיך אַף אירע שעפֿערישע אַרויספֿאָרן אין פֿאַרשיידענע קאַנטן פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, גערופֿן די שרײַבער זיך ענגער פֿאַרבינדן מיטן טאָגטעגלעכן לעבן.

ייִסראָעל סערעבריאַני (מאָסקווע). פֿאַר די פֿיר יאָר, וואָס „סאָוועטיש היימלאַנד“ עקזיסטירט, איז דערוויזן געוואָרן, אַז בײַ אונדז זײַנען דאָ באַדײַטנדיקע רעזערוון אַפֿן געביט פֿון פּראָזע. פֿאַראַן אין דער ייִדישער ליטעראַטור שרײַבער מיט פֿאַרשיידענע סטילן און מאַנירן, מיט פֿאַרשיידענע אינטערעסן און עמאָציעס, שרײַבער, וואָס פֿאַרמעסטן זיך אַף די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פֿון אונדזער צײַט.

דאָך זײַנען דאָ בלויז אין אונדזער פּראָזע. איינער פֿון זיי, דאַכט מיר, באַשטייט אין דעם, וואָס די שרײַבער אָריענטירן זיך צופֿיל אַף טראַדיציעס און לעבן נאָך ניט מיט זייער אייגענער לעבנס־דערפֿאַרונג. דאָ דאַרף אונדז דינען אַלס בײַשפּיל דער עלטערער דאָר שרײַבער. פֿאַרשטייט זיך, אַז אויך אונדזערע פֿאָרגייער האָבן געהאַט כעסרוינעס; זייער טעמע איז אָבער שטענדיק דורכגעגאַנגען דורך זייער אָנגעזאַמלטער קולטור, דורך זייער לעבנס־דערפֿאַרונג. יעדע נײַע דערשײַנונג אין לעבן האָבן זיי אָפּגעטונקען אין זייערע אייגענע קוואַלן, דורכגעלײַטערט דורכן אייגענעם האַרץ.

י. סערעבריאַני ווײַזט אָן, אַז ביז איצט האָבן פֿיל פּראָזע־שרײַבער נאָך ניט געפֿונען די גרונט־ריכטונג פֿון אונדזער לעבן, דעם העלד פֿון אונדזער צײַט, ניט געקוקט דערויף, וואָס די מערהײַט פֿון אונדזערע שרײַבער זײַנען אויסגעוואַקסן צוזאַמען מיט דער סאָוועטנמאַכט און זײַנען אין איין עלטער מיט איר. דעם „זיידנס מיטוואָך“ דויערט נאָך און דויערט. אַפֿילע אַזאַ שרײַבער, ווי גובניצקי, וועלכער איז געקומען מיט אַ שפּאָגל־נײַער טעמע, סטאַרעט זיך אָפּט צו אָפּערירן מיט אַלטע אַסאָציאַציעס.

יִיסראָעל סערעבריאַני רופּט די שרײַבער פּארפּעסטיקן די דעראָבערטע פּאָזיציעס און זיך גרייטן צו נײַע שעפערישע אויפגאבן.

אַ ל ע ק ס א נ ד ע ר ג ו ב נ י צ ק י (מאָסקווע). ניט געקוקט אַף אונדזערע גרויסע פאַרלוסטן, האָבן מיר, קיין אײַנהאָרע, מיט וועמען צו גיין צום טיש.

שעכטמאַנס „ערעוו" האָט געפונען א שטארקן אָפּקלאַנג בא די ברייטע לייענער־מאַסן. נאָטע לוריע האָט מיט זײַן מערקווירדיק ווערק, ווי א סנײַפּער, געטראָפן אין סאַמע פינטל. „הימל און ערד" איז אין פולן זין פון וואָרט א הײַנטצײַטיקער ראָמאַן.

מיט אונדז איז ווידער דער ניסטער. זײַן ראָמאַן „פון פינפטן יאָר", וועלכן דער זשורנאַל האָט פארעפנטלעכט, איז א גרויס געווינס פאר אונדזער הײַנטצײַטיקער ליטעראטור.

טעוויע גען, יעכיעל פאַליקמאַן, שירע גאָרשמאַן, נאטאן זאבארע, שמועל גאָרדאָן, יעכיעל שרײַבמאַן, יויסעף ראבין און פיל אנדערע פּראָזאיקער האָבן איבערגענומען די פאָן פון אונדזערע פאָרגייער און טראָגן זי מיט ווירדע. יעדערער פון די דאָזיקע שרײַבער האָט זײַן כּיון, זײַן גאנג אין דער ליטעראטור.

יעכיעל שרײַבמאַנס דערציילונגען זײַנען קלוג און דערפינדעריש. שרײַבמאַן איז דורכויס הײַנטצײַטיק. שירע גאָרשמאַנס נאָוועלן זײַנען אַף דורך און דורך פאָלקסטימלעך און רירן דאָס הארץ פון דעם לייענער. טעוויע גענס „אין דער היימשטאָט" איז ליריש און ביז גאָר נאַציאָנאַל. דאָס דאָזיקע ווערק איז אַן אַדערוף אַף נאָך וויכטיקע הײַנטצײַטיקע ווערק, וואָס דער דאָזיקער שרײַבער וועט ברענגען אין אונדזער ליטעראטור. פון גאָר א גרויסן באַדײַט איז נאטאן זאבארעס טאַלאַנטפולער ראָמאַן „הײַנט ווערט געבוירן א וועלט". אַף זאבארען לייגט דער לייענער גרויס האָפענונג.

וועגן זיך. מײַן כיילעק צום גרויסן יאָמטעוו פון אָקטיאַבער איז דערווײַל די דערציילונג „דער כּוטאָר ברענט", וואָס ליגט שוין אַפן וואַרשטאַט, ווי דער טאַטע מײַנער פלעגט זאָגן...

י ע ש ו ע  ל י ו ב א מ י ר ס ק י (מאָסקווע). אַף דער באַראַטונג איז אויסגעקומען צו הערן פאַרשיידענע מיינונגען וועגן אונדזער פּראָזע. דער פּאַרטרעגער האָט געשטעלט דעם טראָפּ אַף דעם, וואָס די שרײַבער האָבן נאָך ניט דערטאָן. ער האָט מער גערעדט וועגן דעם נאָך ניט גדעקטן כּוווּ פאר דער הײַנטצײַטיקער טעמאַטיק. א גרויסע צאָל רעדנער האָבן דאַפּקע באַטאָנט די דערפאָלגן פון די פּראָזע־שרײַבער.

מיר דאַכט, אז ניט ווייניק שרײַבער זײַנען נאָך מיט צופיל פעדעם צוגעבונדן צו דעם אָווער, און דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין דער פאַרגאַנגענהײַט איז גרינגער צו געפינען דעם פאַרכאַפּנדיקן סוזשעט; דער שרײַבער פילט זיך דאָרט, ווי א פיש אין וואַסער.

מיר דאַרפן אָבער קוקן פאָרויס, זיך אינטערעסירן מיט די פּראָבלעמען, מיט וועלכע עס לעבט הײַנט דאָס פאָלק. אונדז פעלן ווערק וועגן דער הײַנטצײַטיקער יוגנט. אין ב. מילערס טאַלאַנטפולער דערציילונג „פּערל נויעכס", וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין איינעם פון די לעצטע נומערן „סאָוועטיש היימלאַנד", זײַנען די געשטאַלטן פון דעם עלטערן דאָר מאַמעש סקולפּטוריש אויסגעפורעמט; דערפאַר אָבער איז פערלס טאָכטער געצייכנט פאַרבלאָזן, און דאָס איז סימפּטאָמאַטיש. ס'איז קלאָר, אז דעם שרײַבער איז ניט גרינג זיך צו אייסעקן מיט דער יוגנט. ריישיס־כאָכמע, איז שווער צוטרעפן מיט דער שפּראַך. וואָס פאר א לאָשן לייגט מען אַרײַן אין מויל פונעם יונגן יידישן באָכער אָדער מיידל? ניט גרינג איז לייזן אזא פּאָשעטע פאר אַן אנדער ליטעראטור פראַגע. אָבער אָפּטרעטן פאר שוועריקײַטן איז ניט דער גלײַכער וועג פון א קינסטלער.

זייער ריכטיק האָט געהאַנדלט „סאָוועטיש היימלאַנד", וואָס האָט פאַרעפנטלעכט נאטאן זאבארעס אַנטיפאַשיסטישן ראָמאַן „הײַנט ווערט געבוירן א וועלט". דאָס ווערק פאַרברייטערט דעם טעמאַטישן קרײַז, די האָריזאָנטן פון אונדזער הײַנטצײַטיקער פּראָזע.

אויב מיר ווילט זיך זען וואָס מער הײַנטצײַטיקע ווערק, הייסט עס ניט, אז מיך באַפרידיקן ניט א גאַנצע ריי דערציילונגען און ראָמאַנען פון דער ווײַטער און נאָענטער פאַרגאַנגענהײַט. איך רעד שוין ניט פון שעכטמאַנס „ערעוו" און לוריעס „הימל און ערד". איך וויל באַטאָנען, אז איך האָב געהאַט גרויס נאַכעס פון גובניצקיס „יִכעס". פאַרשטייט זיך, אז אַווראָם קאַהאַן איז ניט גערעכט, ווען ער האָט טײַנעס צום שרײַבער פאר דעם, וואָס ער האָט זיך גענומען צום פּאַטריאַרכאַלן שטעטל.

י ע כ י ע ל  פ א ל י ק מ א ן (קיִעוו). אונדזער באַגעגעניש איז א סימען ניט נאָר, אז מיר לעבן און שרײַבן, נאָר אז מיר זײַנען אין וועג. בלויז אין וועג, בלויז אין מאַרש שטעלט מען זיך אָפּ, געוויינלעך ניט אַף לאַנג, קעדיי באַטראַכטן, וויאַזוי גיין ווײַטער.

אנומלטן האָט קיִעוו באַזוכט דער אויסטראַלישער שרײַבער דזשודאַ וואַטען. ער שרײַבט אַף ענגליש, אַליין שטאַמט ער פון אָדעס. דאָס איז א פּראָגרעסיווער מענטש און א גוטער שרײַ־

בער. אַף אַ באַגעגעניש מיט די אוקראַיִנישע, רוסישע און ייִדישע שרײַבער פון קיִעוו האָט ער דערציילט, אַז אַוסטראַליע, אַ לאַנד אַ קאָנטינענט, וואָס ציילט אָן איבער עלף מיליאָן אײַנוווינער, האָט אַרום צען פּראָזאַיִקער און אַן ערך אַזויפיל דיכטער. און מיר האָבן דאָ, אין סאָוועטנפאַר־באַנד, העכער הונדערט ייִדישע שרײַבער — אפילו איצט, נאָך דעם, ווי אַזויפיל ייִדישע שרײַבער זײַנען באַנאַנד מיט אונדזערע ברידער פון אַנדערע פעלקער העלדיש געפאַלן אַף די שלאַכט־פעלדער פון דער פאַטערלענדישער מילכאָמע און נאָך דעם בעריאַ־קורבן. יאָ, מיר זײַנען אַ ליטעראַטור פון אַ פאָלק, וואָס לעבט, וואָס שאַפט, וואָס דענקט, אַ ליטעראַטור, וואָס גייט אַקסל־באַ־אַקסל מיטן לאַנד, מיט דער צײַט, מיט אונדזער גרויסער צײַט.

דאָס באַוווסטזײַן, אַז מיר שאַפן אין אַזאַ צײַט, אין אַ לאַנד, וועמעס אופטוען עס באַוווּנדערט די וועלט, — אָט דאָס באַוווסטזײַן גיט אונדז קויעך און לייגט אַף אונדז אַרויף אַ גרויסע אַכרײַעס.

איך טראַכט אָפט וועגן דעם פּאָזיציאָן העלד, וועלכן מיר שילדערן און דאַרפן שילדערן. ווו איז ער, ווו איז זוכן? איך זוך דעם העלד אין דער סאַמע געדיכטעניש פונעם לעבן. געוויינלעך איז עס ניט איינער, נאָר עטלעכע מענטשן, וועלכע ווערן איבערגעשטאַלטעט אין איינעם.

אין דעם העלד וויל איך אומבאַדינגט געפינען און אונטערשטרײַכן דאָס, וואָס טיילט אים אויס, דערהייבט אים. ליטעראַטור הייסט דאָך דערציילן וועגן דעם, וואָס האָט דיך אַליין פאַרוווּנ־דערט, איבעראַשט, דערפרייט, אויפגערודערט.

ווו זשע זוכן אים, דעם העלד, דעם, וועמען מיר, ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, ווילן און דאַרפן באַשרײַבן? אומעטום, אין גאַנצן לאַנד. שטענדיק זוכן און אומעטום זוכן. דער ייִד, דער העלד פון אונדזערע ווערק, האָט פרײַנט, און דאָס זײַנען מענטשן פון פאַרשיידענע פעלקער.

איך וויל זיך אָפּשטעלן אַף נאָך איין וויכטיקער פראַגע — אַף דער פראַגע וועגן דער שפּראַך פון די פערסאָנאַזשן. אין אַ ייִדיש ליטעראַריש ווערק טרעפט מען אַמאָל אָן, לאָמיר זאָגן, אַף אַ דײַטש, וואָס באַנוצט אַזעלכע ווערטער, ווי „מאַנעפּשעך", „לוי־יוצלעך". אַזעלכע ווערטער, וועלכע קומען פונעם העברעיִשן קוואַל, זײַנען אָבער לאַכלוטן ניט אייגנטימלעך אָט דעם פערסאָ־נאַזש. ס'איז אויך ניט נאַטירלעך, ווען מיט אַזעלכע ווערטער באַנוצט זיך אַ רוסישער מענטש צי אפילו אַ ייִד, אין וועמעס לעקסיקאָן די דאָזיקע און ענלעכע ווערטער זײַנען שוין ניטאָ. מיר דאַרפן ניט אָנטאָן אונדזערע פערסאָנאַזשן די קאַפּאָטע, וואָס מע פלעגט טראָגן אין שטעטל. אין דער שפּראַך דאַרפן מיר ניט איבערלאָזן דאָס, וואָס איז שוין אָפּגעלעבט. איך הער אָפט, ווי לייענער זאָגן: פיל ווערטער פאַרשטייען מיר ניט. און דאָס זאָגן אינזשעניערן, דאָקטוירים, קאָלווירטניקעס, אַרבעטער. אויב ווייניק באַקאַנטע ווערטער ווערן באַנוצט צוליב קאָלאָריט, מוז מען זייער באַטײַט ספּעציעל אויסטײַטשן.

מיר דאַרפן ווי ווײַט מעגלעך אויסמײַדן דאָס אַרכאַיִשע, דאָס, וואָס פאַרטונקלט דעם טעקסט.

אונדזער זשורנאַל ווערט פון נומער צו נומער אינטערעסאַנטער, און דער לייענער שעצט אים אַלץ מער און מער. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון שעפערישער רײַפקײַט פון די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער.

די פּלענאַרע זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע האָט באַשטעטיקט דעם אַרבעטס־פּלאַן פונעם פּראָזע־אָפּטייל אַף דער צווייטער העלפט 1965 און אויך אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון אַרויסלאָזן ביכער אין 1966. מיט אַ שלוס־וואָרט וועגן דער פּראָבלעמאַטיק אַרבעט פון דער באַראַטונג איז אַרויסגעטראָטן דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אַרן ווערגעליס.

---



הירש אָשעראָוויטש

# זײַ פֿאַרשאָלטן, מענגעלע...

דער בונקער בײַנערנער,
אין וועלכן עס באַהאַלט זיך אויס
דײַן בײַזגיריקער מאַרך,
באַצויגן איז מיט פֿלייש און הויט
און מיט אַן אומשולדיקער מינע.
דו שלעפּסט זיך אום איבער דער וועלט
און ווענדסט די אויגן אַפּ אַלץ אַן אַ זײַט,
עס זאָל אַ זוכנדיקער בליק
דורך זיי אין מאַרך צו דיר אַרײַנדרינגען ניט קענען...
וואָס טוסטו דאָ אין הינטערהויף? באַהאַלטסט זיך?
האָסט אָנגעטראָפֿן עמעצן אָן ענלעכן צו די,
וואָס האָבן צוגעזען דײַן „אַרבעט"?
אומזיסט דײַן שרעק — ער האָט דיך ניט דערקענט.
ער איז גאָר ד אָ ר ט ן ניט געווען.
אַזעלכע ענלעכקײַטן טרעפֿן אָפֿט.
דאָס איז די ענלעכקײַט פֿון לײַטישקײַט אָף מענטשלעכע געזיכטער.

●

כאַפּ אויף זיך, מענגעלע, —
שוין צײַט, עס זאָל דיך נעמען פּײַניקן די שרעק.
מיינסט זיך באַגיין אָן שלאָפֿלאָזיקײַט הײַנט?
עס איז די נאַכט נאָך גרויס,
דו וועסט ניט קענען זײַן מיט מאַטערן זיך נאָר אין כאַלעם...

יאָ, מענגעלע, א וויסטן כאַלעם האָסט געזען:
דײַן סקאַלפּל האָט געטאַנצט אין פּאַנעם דיר —
פּאַרמאָסטן זיך דיר דורכשנײַדן אַן אויג.
און דו האָסט זיך געוואָרפן, זיך געווערט,
געיאָמערט און געבעטן זיך: „כאַטש איין אויג לאָזט! —
כאַטש איין אויג בלײַבן זאָל ניט אויסגערונען!"
דו האָסט געשריִען, האָסט געריטשעט, האָסט געקלאָגט,
און עמעצער האָט אַזוי אומהיימלעך געלאַכט...
געווען עס איז א כאַלעם נאָר,
עס האָט די אויגן דײַנע ניט געשאַט —
פֿאַרשוווּנדן איז דער מערדערישער סקאַלפּל...
וואָלט, מענגעלע, געקאָנט דאָך זײַן שוין גוט,
א ווײַלע נאָך — און ס'וואָלט גענומען צערטלען דיך די רו,
דערהערט זיך אָבער אַף דער גאַס א טראָט,
און ס'שפּרינגט די שרעק ארוף צו דיר אַפן געלעגער...
די שרעק. וואָס ציטערסטו אַזוי? דאָס טוליע איך זיך דאָך צו דיר!
דערקענסט מיך ניט? איך בין מיט דיר דאָך שוין אַזויפיל צײַט.
זינט זיי האָבן גענומען זוכן דיך, איך טרעט פון דיר ניט אָפּ...
די פארכאלעשטע טרייסט. די נאכט באוואכט, דער כוישעך שיצט.
דערשטיק דעם צודרינגלעכן כשאד, דײַן גאנצע אופמערקזאמקײַט שענק
דעם גאַנג געמאָסטענעם פון זייגער, וועסטו געבענטשט ווערן מיט שלאָף.
מענגעלע. ביסט פאַלש! ס'איז ניט דער זייגער גאָר.
דאָס פּויקן טריט — מע גייט אַהער!
איך ווייס, ס'איז שוין די לעצטע רעגע צו אנטלויפן,
נאָר כ'קאָן ניט רירן זיך פון אָרט;
געליימט זײַנען מײַן לײַב און מוט, און ס'איז ניטאָ, ווער עס זאָל העלפן...
די שרעק. אזוי איז גוט! פון יעדער אויסדוכטונג צערינען מוז דײַן רו,
אין יעדן שאָרך מוזט הערן א געפאר, אניט ביסטו פארפאלן...
אויב דו געדענקען קאָנסט עס אויך אין שלאָף, מעגסטו אנדרימלט ווערן.
האָסט פארגעדענקט — דו דרימלסט אײַן —
און איך, ווי שטענדיק, דרינג ארײַן אין דיר, באזעץ אין דיר זיך.
דער קלאָרער זין. ווו ס'קומט די שרעק, די גאנצקײַט פלאצט —
דער איך צעפאַלט אַף זײַנע טיילן.
געמיינהײַט, כוצפּע, רישעס. אָט זײַנען מיר!
דער קלאָרער זין. אָט איז ער נאָך, דער איך, פאַראַן
און אָט — צעשאָטן שוין, און זײַנע טיילן אים פאַרטרעטן.
מענגעלע. איך...
געמיינהײַט, כוצפּע, רישעס. מיר...
מענגעלע. אַזאַ פאַרשאָלטענע, אַזאַ־אָ הייסע, שטיקנדיקע נאַכט,
און אַלץ איז דאָ ביז ווייטעק פרעמד.
אין פענצטער גליט דער דאָרעם־קרייץ, און ס'בענקט זיך נאָכן גרויסן בער[1],
וואָס איך אין דײַטשלאַנד און אין פּוילן ניט געוווּסט האָב ווי צו שעצן...
די שרעק. ניטאָ קיין דײַטשלאַנד מער פאַר דיר!
קיין פּוילן איז גאָר קיינמאָל ניט געווען!
די גרויסע פינצטערניש. שטיל אײַן דײַן האַרץ!
איך דעק דיך אײַן, וועט קיינער ניט געפינען דיך.
ניט נאָר באַנאַכט, באַטאָג איך דיך באַגלייט...
און מאַכט פאַרמאָג איך מער, ווי אַלע מיינען...
כוצפּע. געבענטשט זײַ, גרויסע פינצטערניש!
די גרויסע פינצטערניש. א האַלבע וועלט אָפּט איך פאַרדעק.
די גאַנצע וועלט פאַרדעקן איז מײַן גלוסטונג.
איך דאַרף א מענטש, פון וועלכן אָנהייבן איך זאָל מײַן גאַנג.

[1] דער דאָרעם־קרייץ, דער גרויסער בער — שטערן־גרופּעס.

נאָר זעלטן־ווען כ׳געפֿין אזא, וואָס זאָל פֿארמאָגן אלץ,
וואָס נייטיק איז, געדייַען זאָל מייַן הערשאפט.
געמיינהייַט, כוצפע, רישעס. ע ר איז א ז א. שוין יאָרן מיר זייַנען מיט אים.
נאָך מער: מיר זייַנען ע ר, און ער איז מ י ר.
ער איז פונקט ד ע ר, וואָס דיר איז נייטיק!
די גרויסע פינצטערניש. איך דעק אים אייַן —
כ׳באהאלט אים אויס פון א פרעמד אויג. ער איז מיר ליב.
עס טרעפט: יאָרטויזנטער איך זוך אזא און קאָן אים ניט געפֿינען...
רישעס. א דאנק דיר, גרויסע פינצטערניש, פאר דייַן גענאָד!
געמיינהייַט. אויב גינציקייַט, — נאָר בא דער פינצטערניש זי זוך.
כוצפע. די גרויסע פינצטערניש ניט צייַטווייַליק איז, ווי די העלקייַט.
זי איז געבאָרן פריִער פון דער שייַן
און אויך איר יוירעשטע וועט זי פארבלייַבן.
מענגעלע. פארוואָס זשע לאָזט זי אזוי אָפט
דער בייזער ליכטיקייַט פארפאָלגן מיך?
פארוואָס דערלאָזט זי, איך זאָל אומלויפן,
ווי איינער, וואָס אריַינגעפאלן איז
אין שטראָלן־סנאָפּ פון פייַנטס פּראָזשעקטאָר?
די שרעק. ניט פרעג! פארליר ניט צייַט אףווארטן אף אן ענטפער.
ניט פרעגן דארפסטו. היטן זיך דו דארפסט!
פארטייַען זיך, ווי ס׳טוט א זשוקל אינעם פעלד. ששש!.. ששש!..
שטילקייַט. — — — — — — — — — — — — — —
רישעס. אייַנגעשלאָפן, זאָל ער שלאָפן.
איך פארבלייַב בא זייַן צוקאָפּנס.
כוצפע. איז ער וואך, צי איז ער ניט וואך,
דאָרט, וווּ ער איז, בין איך אויך.
געמיינהייַט. כ׳טרעט ניט אָפּ פון אים קיין רעגע.
איך פארבייַט אים דעם געוויסן.
אזוי גוט איז אים מיט מיר...
געמיינהייַט, כוצפע, רישעס. שלאָפט ער ווו אונטער א דאך,
צי באהאלט זיך אונטער סכאך, טאָמיד מיר — זייַן ערנוואך.
מיר באטאָג זייַנען מיט אים, מיר באנאכט זייַנען בא אים.
פיר פארמאָגט ער, פיר מיר זייַנען. מיר — ארום, די שרעק — אין אים.
מענגעלע. צעביילט, צעקאטעוועט — מייַן לעבן, מייַן קראנקער זינען בלוטיקט
פון אלצדינג, וואָס איך האָב פארלוירן, דער גרעסטער אָנווער
איז מייַן רו.
כוצפע. ריכטיק לעבן לערנט מען זיך אויס נאָר בא די כייַעס!
רישעס. בלוט אין גוף צי גוף אין בלוט —
איז דער אונטערשייד נאָר אין די ערטער...
געמיינהייַט. אין נאָמען פון דייַן פאָלק מעג ווילדעווען דייַן בלוט.
אין נאָמען פון דייַן בלוט איז יענעמס בלוט רויט וואסער.
די פארכאלעשטע טרייסט. ווי גוט איז דיר, וואָס דו באשטייסט
פון דרייַ אזעלכע שטארקווייליקע טיילן!
די שרעק. פאראן איז אָבער אזא צייַט, ווען ס׳העלפן ניט
אפילע אויך געמיינהייַט, כוצפע, רישעס!
פאראן איז אזא אומזיניקע צייַט...
דער קלאָרער זין. שפּאָטסט, געמיינער גוירל! ס׳כויזעקט אזא צופאל!
שטעט, וואָס זייַנען שכיינעס (גינצבורג ליגט בא אולם),
האָבן זין געגעבן — שוידערלעכסטע סטירע:
איינשטיין קומט פון אולם, מענגעלע — פון גינצבורג.
איינער — שפּיץ פון טקופע, צווייטער — טקופעס אָפּגרונט...
די שרעק. מענגעלע, דערמאָנסט זיך גינצבורג?
מענגעלע. יאָ, ס׳איז מייַן געבוירנשטאָט.
די שרעק. ניין, ניט זי. אן אנדער גינצבורג.

מענגעלע. כ׳וויס קיין אנדער גינצבורג ניט!
די טייַנענדיקע שטים. מענגעלע, מענגעלע, ווו איז מייַן ייִנגעלע?!..
מענגעלע. ווידער שוין? וואָס זאָל איך טאָן?
וווהין זאָל איך אהינטאָן זיך?
די שרעק. ניט פרעג! א פראגע איז פארלווירנקייַט,
און דער, וואָס ווערט פארפאָלגט, באזיצן שטענדיק מוז נאָר ענטפערס.
דער וועלטס זיקאָרן. גינצבורג איז א שטעטל. דו ביסט דאָרט געבאָרן.
וויפל, וויפל גינצבורגס האָסטו אומגעבראכט?..
די טייַנענדיקע שטים. מענגעלע, מענגעלע, ווו איז מייַן ייִנגעלע?
מענגעלע. צו וואָס האָב איך עס גאָר געדאַרפט?
כאראַטע. אָט בין איך דאָ!
געמיינהייַט. רין אויס! ווי קומט מען עס אף צופעליקע ווערטער?
דו ווייסט דאָך גוט, אז דו צו שוואַכלינגען געהערסט
און ניט צו די, וואָס קומען איבערקנעטן וועלטן.
זאָלסט שוין אוועק! ניטאָ איז לעבן מיר פאר דיר קיין אָרט!
ביסט דאָך די זעלביקע, וואָס איך.
כאראַטע איז דאָך אָפּט נאָר א פארכליפעטע געמיינהייַט...
כאראַטע. וואָס טרייַבט איר מיך?
איר ווייסט דאָך, אז כ׳בין ניט אף לאַנג. א רעגע נאָך — און
איך פארשווינד.
מענגעלע. ווו טוט מען זיך אהין?
פארוואָס זייַנען אזוי נעקאָמעגיריק די קאַרבאַנעס?..
די גרויסע פינצטערניש. ניט זוך זיך צאַר! פארביי איז די געפאַר.
כ׳האָב דיך פארשטעלט און אויסגעהיט. איצט איז דאָ ווידער רו.
די שרעק. ניט טרוי דער רו!
ניטאָ איז אף דער וועלט ב א ך אזא זאַך, וואָס, ווי די רו, זאָל פאַלש זייַן...
מענגעלע. איך טרוי איר ניט. כ׳טרוי ק יי נ ע ם נ י ט —
כ׳טרוי קיינעם ניט און גאָרנישט!
דערפאר דאָך שלאָף איך ווידער הייַנט אין שייַער.
איך — שטאָט־מענטש, איך — אינטעליגענט,
איך — מעדיקער, איך — פילאָזאָף,
איך — דייַטש און צוויי מאָל דאָקטאָר,
מוז וואַלגערן זיך אייַנזאַם אין א שטאַל,
פונקט ווי דער לעצטער פאראַגווייַער פאַסטעך...
די שרעק. זייַ שטיל! עס גייט עמעץ אהער...
מענגעלע. עמעץ? וואָס איז דאָס פאר אַן אומגליק אָט דער „עמעץ״?
מיליאָנענפענעמדיק ער שלעפט זיך אום איבער דער וועלט.
כ׳וויל שרעקן זיך פאר א פ א ר ש ו י ן —
פאר ד ע ם, פאר י ע נ ע ם, פאר א דריטן, צענטן...
פאר ע מ ע צ ן זיך שרעקן קאָן ניט קלעקן מוט!
אזויפיל יאָרן שוין כ׳אַנטלויף פון א פארפאָלגער אָן א פּאָנעם.
ציניזם. לויף ניט, מענגעלע! ניט לויף!
פאראַגווייַער שווארץ־ביר זויף!
יוישער יאָגט זיך נאָך דיר?
האָב ניט מוירע, זויף דייַן ביר...
ווער ט׳דיך כאַפּן? ווער ק ע ן כאַפּן!
ס׳לעבן שיראַך, שאכט, פאָן פאפען.
עס אַנטהילן זייער פּאָנעם
ראַצכים, קוילער און טאַליאָנים.
לויף ניט, מענגעלע! ניט לויף!
מענטשהייַט צאָלט נאָך ניט איר כויוו...
געמיינהייַט. ווער ס׳האָט בלוט אמאָל געצאָלט, איז ניט פייַיק שטראָף צו צאָלן...
דער טייַוול. מע רופט דיך „אַשוועּנטשימער טייַוול״; דייַנע מייַסים פאלן אף מייַן קאָפּ.
צוגעגאַנגוועט האָסט מייַן נאָמען, גיב אים אָפּ!

ס'פירט דער טיַיוול אין געהענעם, פירט ער דאָך דורך זיסע זינד.
וועלכער שעד אָבער וואָלט קענען פּיַיניקן א פּיצל קינד?
גוואַלד, מע רופט דיך מיט מיַין נאָמען — מע פארשווערט מיך! לייקן אָפּ —
שריַי, אז דו ביסט ניט קיין טיַיוול, נעם פון מיר דעם פּלעק אראָפּ!
דאָס, וואָס איך ניט וואָג צו טרוימען, איז בא דיר געווען שוין וואָר...
שריַי, אז דו ביסט ניט קיין טיַיוול. שריַי, צו אַלדי העלע יאָר!
מענגעלע. אָ, ווען איך זאָל קאָנען שריַיען, ווען איך זאָל מעגן שריַיען!..
דער קלאָרער זין. אָ, גלידער מענטשלעכע — אין פאָרמאַלין געבאָדענע געוועבן, —
פאר ווּעמען האָט איר סוידעס איַיערע אנטפּלעקט?
ניטאָ קיין מער פארדאָרבענער און נידעריקער אינסטרומענט,
ווי א צום בייז געווענדעטער לאַנצעט!
געשענדעטע ליגן ערליך, קאָך און פּאווּלאָוו,
געקומען מענגעלע איז היפּאָקראַטעסן פארביַיטן...
צווייַ דיפּלאָמען און א פינצטערע קלאַאָקישע נעשאָמע!
דער ווינט. שפּעט... שפּעט... שפּעט...
די לעוואָנע — א לאַנצעט —
ס'לעצטע שטיקל שלאָף צעשניַידט.
רו איז פרעמד... היים איז וויַיט...
מעדיקער און פילאָזאָף,
ווי א הונט גייט נאָך די שטראָף.
דער ווינט און מענגעלע. אין א פרעמדן וויַיטן לאַנד —
אָן א נאָמען, היים און שטאַנד,
אָט — אין פּאַלאַץ, אָט — אין שטאַל.
הורן־וועלט!.. קאַפּאַקאַל!..
דער ווינט און דער טיַיוול. האַלט זיך, מענגעלע! ניט קלאָג!
רויִק מאַטערניש פארטראָג.
נעם ניט פּיַין פאר אומגוט אָן,
האַר פון סקאַלפּל און ציקלאָן!..
דער קלאָרער זין. ליג, מענגעלע! ליג שטיל, האַלט איַין דיַין אָטעם,
וועסטו דערזען זיך אין כאַלאַט איבער א קינד אראָפּגעבויגן.
ס'וויסט יעדערער: א מענטש איבער א קינד
איז מוטערלעכע אָדער פאָטערלעכע ליבע.
און מענגעלע איבער א קינד — איז וואָס?
אוועק! אוועק, פארשאָלטענער אכזאָריעסדיקער ענטפער!
געמיינהײַט. ניט טריַיב דעם ענטפער, טריַיב די פראַגע!
דער וועלטס זיקאָרן. דערמאָנסט זיך, מענגעלע, אזא־אָ טאָג אין אוישוויץ?
געפאַלן איז א קלעפּיקער געדיכטער שניי.
געאַרבעט האָסטו, ווי געוויינלעך: געשפּריצט פענאָל, געריסן מיטן סקאַלפּל —
געזוכט אין קליינע גופעלעך א גרויסע צוקונפט פאר דיַין פאָלק...
און פּלוצעם צווישן אַלע קינדער
(דו האָסט פארענדיקט שוין דעם צווייטן צענדליק.
עס האָט אין יענעם טאָג אזוי געשמאַק זיך דיר „געאַרבעט"...)
א מיידעלע א בלאָנדס, א ליבס — פּונקט ווי דיַין טעכטערל ברונהילדע...
פארקלעמט געוואָרן איז דער שפּריץ בא דיר אין האַנט,
אראָפּגעלאָזט האָט זיך דיַין אָרעם;
א ביסל נאָך — און ס'וואָלט געקאָנט געשען,
זאָלסט עס א כאַפּ טאָן, צוציִען צו זיך און נעמען צערטלען...
דו האָסט אָבער זיך באַלד באַצוווּנגען —
א פלינקן שפּרונג געטאָן, ווי וואָלסט ארויסגעריסן זיך פון זיך אַליין,
און מיט א שטיינערנער אכזאָריעסדיקער האַנט אראָפּגעלאָזט דריַי קלעפּ,
אז בלוט אראָפּגעוואַשן האָט די ענלעכקיַיט פון פּאָנעם...
„פירט עס ארויס!.. נעמט עס אוועק פון מיר!" — געריטשעט האָט דיַין צאָרן...
מענגעלע. כ'דערמאָן זיך. יאָ, כ'געדענק. געהאַט איַינגאַנצן שוין פארגעסן...
די שרעק. געדענקען איז אָבער נאָך קנאַפּ. באַהאַלטן זיך מע דאַרף!

— ז י דו הערסט די טריט? דאָס גייט אהער איצט
די פרעכע פעלשונג פון ברונהילדען.
זי זוכט דיך דאָך שוין צוואנציק יאָר.
מענגעלע. איז וואָס דערפון, וואָס זי מיך זוכט?
זי קאָן געפינען מיך, צי קאָן זי אָבער מיך דערקענען,
אז ס'האָט א מעסער אומגעשטאַלטיקט מײַן געזיכט?
דערצו נאָך בין איך אַלט און אָנגעוואָרן כ'האָב די מונטערקײַט,
ווייט וועלכער אַלע פלעגן מיך דערקענען.
די שרעק. דו הערסט די טריט? זיי זײַנען א י ר ע.
אַנטלויף! זי וועט דערקענען דיך. נעקאַמע האָט א שאַרפע ריח!
דער קלאָרער זין. עס קרעכצעט די אַקס פון דער ערד, ס'כאַלעשן פלויענדיק פייגל —
עמעץ דײַן נאָמען דערמאָנט.
א צווייטער האָט ערגעץ דערזען הענגען דײַן ווײַסן כאַלאַט,
האָט ער זיך צעשמעטערט דעם קאָפּ, ער זאָל ניט אַראָפּ פונעם זינען...
די טײַנענדיקע שטים. מענגעלע, מענגעלע, ווו איז מײַן מענדעלע?..
דער קלאָרער זין. דראַפּעסט זיך, מענגעלע, איבער אַמעריקעס מערידיאַנען —
בלוטיקער קאָטער לויפט איבער שטאַכעטן פון צוים.
דײַן גוף אַף דער פרײַ נאָך, דײַן נאָמען שוין אָבער געפאַנגען...
אויב ס'איז נאָך פאַראַן ווו אַן אויסוואורף, וואָס וויל דיר פאַרגעבן,
שרײַט אויסשווייצער אַש מיט דער וווּנדיקער שטים פון דער מאַמען:
„מענגעלע, מענגעלע, ווו איז מײַן מענדעלע?!..“
דער ווינט. גיי, מענגעלע, גיי! גיי אַרויס אַפן פלייץ,
ווו עס ליגן געשענדט אי דאָס לײַב, אי דער גײַסט,
שעפּ אַרוף אַף דײַן האַנט א קליין הײַפעלע אַש —
דאָס איז ער, דאָס איז ער, דאָס איז מענדעלע גינצבורג...
ער געוועזן איז דאַן אַלט נאָך ניט פולע פיר יאָר,
און געקוקט ט'ער אַף דיר מיט א רויקן כשאַד.
ער באַטאַפּט האָט דײַן רינג און געגלעט דײַן כאַלאַט,
און ניט מוירע געהאַט, ווי א קינד פאַר א דאָקטער...
אין דער וועלט, ווו אַלץ וואַקסט, אַף דער ערד, ווו אַלץ בליט
און ווו יעטווידער מענטש גאַרט א שעפער צו זײַן,
שטיי, ניט ריר זיך פון אָרט, האַלט דאָס הײַפעלע אַש —
דאָס איז ער, דאָס איז ער, דאָס איז מענדעלע גינצבורג...
דער קלאָרער זין. לויפן, לויפן אַפן ערדקײַלעך די טעג.
הינטער יעדערן גייט נאָך א נאַכט,
און א וועלט, וואָס איז געווייקט אין שרעק,
האָט זיך וועגן זיך פאַרטראַכט:
ווו איז מענגעלע? פאַרוואָס
נעכטיקט ער נאָך אין א הויז,
טרינקט פרישע וואַסער, טרעט אַף גראָז
און די זון באַהאַלט אים אויס?
ווער האָט רעכט אים נ י ט געפינען,
שולדיק בלײַבן אים די שטראָף?
ווער גייט ניט אַראָפּ פון זינען,
ווען ער הערט באַנאַכט אין שלאָף:
„מענגעלע, מענגעלע, ווו איז מײַן יינגעלע?!..“
גערעכטיקײַט. עס פרעסט דיך, מענגעלע, די שרעק.
זי האָט געפּאַקט דיך אין דײַן בעט
און מיט א בייזער גיריקײַט
אין דיר די ציין אַרײַנגעשניטן.
עס פרעסט דיך, מענגעלע, עס פרעסט,
און ראַטעווען זיך — איז ניט שײַך,
די שווערסטע שרעק האָט גרינגע פיס.
ווי זאָלסט ניט לויפן, זי פאַרויס לויפט...

נעקאָמע. אַציגנד דו ווייסט, וואָס הייסט: פאַרבאַטן ס'איז די טרייסט —
דו האָסט קיין רעכט ניט און קיין ווערט,
און ביסט אַ ש ט י פ מ ע נ ט ש אויף דער ערד...
אָ, גיפטיקסטער פון אַלע סאַמענדיקע שוואָמען,
וואָס בלייבט דען איבער פונעם מענטש, אויב ניט זיין נאָמען?
האָבן גערעכטיקייט און מענטשלעכקייט באַפוילן:
דיין נאָמען א ײ ב י ק זײַן זאָל, — א ײ ב י ק פ ו י ל ן...
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער קלאָרער זין. אין אוישוויץ איז נאַכט, און מענגעלעס שאָטן
זיך שפּרייט אַפן אָרט, וווּ ס'ליגט מענדעלעס אַש.
ער שוואַרץ איז און שווער איז. ווי שינדט מען אַראָפּ אים?
דער שאָטן, ער לעבט דאָך, ווי לאַנג ס'לעבט דער מענטש...
מענגעלע — קאַין, מענגעלע — פּאַרע,
מענגעלע — האַמאַן, מענגעלע — מ ע נ ג ע ל ע!
נעקאָמע. יאָרן, מענגעלע, באַהאַלטסט זיך,
ניט דו לעבסט, נאָר היטסט דיין לעבן.
קניפּסט צונויף געפּלאַצטן אָטעם,
און די שרעק אים ווידער רייסט.
שלעפּסט דעם ברודיקסטן געוויסן,
און דעם שווידערלעכסטן נאָמען
איבער שטעט און איבער סטעפּעס —
ווי אַ טאָג און ווי אַ נאַכט.
איימע שפּאַרט פון דיינע אויגן —
ווילסט אַנטלויפן. היטסט דיין לעבן.
ווען ס'איז דיינס, איז דיר עס טייער...
לעבן האָט אָבער איין פּרייז.
צאָלן מוזטו! אייביק צאָלן
און ניט אויסקויפן זיך קיינמאָל.
וויפל שטראָף זאָלסט ניט באַקומען,
וועט דיר אַלץ נאָך קומען שטראָף.
דער וועלטס זיקאָרן. וואָלקנס, וואָלקנס פון די יאָמען,
זעט, איר זאָלט נאָר ניט פאַרזאַמען קומען אָפּנעצן דאָס אַש,
ס'זאָל דער ווינט עס ניט צעבלאָזן, פון בזשעזשינקע ניט פאַרטראָגן!
כמאַרע, כמאַרע, קום באַווײַן גרויען שווידער: אַש־געביין...
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

רויך, רויך, רויך...
רויך — דער קיווער פון אַ דאָר!
רויך און אַש, און בלוט אַ פלאַש,
וואָס אויסגעצאַפּט האָט מענגעלע...
גאַזלען — דאָקטער, כייע — פילאָזאָף...
מענטשלעכקייט. קיינמאָל האָב איך ניט געטראַכט,
אַז דאָס שילטן קאָן זיין הייליק.
קיינמאָל האָב איך ניט געוווּסט,
אַז פאַרשילטן איז אַ היילונג.
זיי פאַרשאָלטן, זיי פאַרשאָלטן
זומער, ווינטער, טאָג און נאַכט!
זאָלן קומענדיקע דורעס
ביזן סאָף פון אַלע צייטן
האַלטן פעסט דיין וויסטן נאָמען
אין געדעכעניש בא זיך,
און דורך אַלע שענסטע טרוימען,
צווישן אַלע העלסטע בראָכעס
זאָל זיך קוילערן די קלאָלע:

„זײַ פֿאַרשאָלטן, זײַ פֿאַרשאָלטן
זומער, ווינטער, טאָג און נאַכט!"
זאָלן אַלע שוואַרצע וואָלקנס,
אַלע ווײַסע זאַווערוכעס,
אַלע בלוטנדיקע שקיעס
צוטראַכטן פֿאַר דיר אַ פּסק.
ווען מיר אים ס'גאַנצע לעבן
קײַפּלען, קײַפּלען, איבערקײַפּלען
און נאָך אָנזאָגן די קינדער:
„קײַפּלט ווײַטער, ס'איז צו קנאַפּ!"
זײַ פֿאַרשאָלטן, זײַ פֿאַרשאָלטן
זומער, ווינטער, טאָג און נאַכט!
וויקל אײַן זיך אין אַ כמאַרע,
זאָל צעשטויסן דיך אַ דונער,
לאָז אין אַ ווולקאַן אַראָפּ זיך,
אין דער לאַווע ווער פֿאַרברענט,
קום צוריק אַרויס פֿון קראַטער,
עס זאָל דיך אַ בליץ פֿאַרקוילן.
קאָלזמאַן לעבן עס וועט פֿײַער,
ברענען זאָל רעציכעס אַש!
זײַ פֿאַרשאָלטן, זײַ פֿאַרשאָלטן
זומער, ווינטער, טאָג און נאַכט!
זאָל אַזאַ, ווי דו, ניט זײַן מער!
זאָל דאָס בייז ניט זען די שײַן מער!
איידער נאָך עס ווערט געבאָרן,
זאָל עס לעבן שוין ניט טאָרן,
זײַן זאָלן פֿאַר דער נעוואָלע
אַלע טויערן צו שמאָלע!
זײַ פֿאַרשאָלטן, זײַ פֿאַרשאָלטן
זומער, ווינטער, טאָג און נאַכט!
— — — — — — — — — — —
„מענגעלע, מענגעלע, וווּ איז מײַן ייִנגעלע?!.."



## כאַים מעלאמוד




### ערשטער טייל

**1** שוין צײַט געווען, ס׳זאָל קומען דער זומער. נאָר דער פרילינג האָט זיך דאָס מאָל פארהאלטן. אלץ ארום האָט זיך פארכלינעט פון פרייד, און קיינעם האָט זיך ניט געוואָלט אויסטאָן די יאָמטעוודיקע קליידער, כאָטש בא פיל מענטשן זײַנען די הערצער פארפרעסט געווען פון ווייטעק און די אויגן זײַנען פול געווען מיט טרערן.

שאָלעם, שאָלעם, שאָלעם!

ס׳איז געווען פרילינג אף דער וועלט, ס׳איז געווען יאָמטעוו.

געזונגען האָט דער אָנגעפאקטער צוג מיט דעמאָביליזירטע סאָלדאטן און אָפיצערן, געזונגען האָבן די רעלסן, וואָס האָבן געגלאנצט אנטקעגן דער זון, געזונגען האָבן די פעראָנען, אף וועלכע מוטערס, קינדער, שוועסטער האָבן באגעגנט זייערע אייגענע.

אין דעם מיליטערישן וואגאָן זײַנען געפאָרן דעמאָביליזירטע פון פארשיידענע פראָנטן, פון פארשיידענע טיילן און שפיטאָלן. נאָר גאָר אינגיכן זײַנען שוין אלע געווען באקענט. איז פאר־וואָס טאקע ניט אויסטרינקען א „לעכאַים״ לעקאָוועד דעם זיג, לעקאָוועד דעם שאָלעם...

זאלמען ליפשיץ איז געזעסן א שווײַגנדיקער. אָן איבעריקן כיישעק האָט ער אויסגעטרונקען בלויז איין גלעזל. מע האָט זיך אָנגעשטויסן, אז דער מענטש איז שטארק באצאָרנט, און אים געלאָזט צורו.

און אָט איז זײַן סטאנציע. זאלמען איז אפגיך אראָפגעשפרונגען פון די וואגאָן־טרעפלעך און געבליבן שטיין, אָנגעהויבן ארומקוקן זיך אין אלע זײַטן. קיינער איז אים ניט געקומען באַגעגענען. אלץ איז דאָ געווען אזוי פרעמד, אז אים האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, אז ער איז אראָפּ ניט דאָרט, ווו מע דארף. ערשט אין א מינוט ארום, ווען דער צוג איז אוועק, האָט ער ניט ווײַט פון זיך באמערקט א האלב־אײַנגעוואלגערטע וואנט. דער נאָמען פון דער סטאנציע איז מיט א שווארצער קויל געווען אָנגעשריבן אף דער וואנט. ער האָט א ציטער געטאָן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז די קופע ציגל, דעם הויפן מיסט האָט ער געזען ערגעץ אין א ווײַטער שטאָט, אז דאָס איז איינע פון די פילצאָליקע כורוועס, וועלכע ער איז פארבײַגעגאנגען אין זײַן לאנגן וועג. די צוויי גרויסע פענצטער פונעם וואָקזאל, וואָס פלעגן ארויסשײַנען ווײַט אין סטעפּ — באטאָג מיט געדיכטע סנאָפּעס זונען־שטראלן און באנאכט מיט אזא ליב און אייגן פײַערל, — האָבן איצט געקוקט אף אים מיט צוויי גרויסע אויסגעשטשערבעטע לעכער, געקוקט פארטרויערט און אָנגעכמורעט, גלײַך זיי אליין איז געווען ביז גאָר ווייטעקלעך באווײַזן זיך אזוי צעקאליע־טשעט פאר אן אלטן באקאנטן.

„יאָ, וואָס פון אונדז איז געוואָרן...״ — האָט ער א טראכט געטאָן. געמיינט דערמיט סײַ די סטאנציע, סײַ זיך אליין.

דעם וועג איז אויך געווען ניט צו דערקענען. ער האָט איבערגעלאָזט א וועג, וואָס האָט טאָג און נאכט געטראָגן אף זיך דעם אימפעט, דעם טומל און ראש פון צענדליקער דערפער און כוטאָרס. איצט איז דער ברייטער סטעפּישער שליאך געלעגן א טויטער, א צעפּאסוועטער, מיט אָן א שיר טיפע קאַרבן, א פארוואלגערטער מיט גרויסע פארשטיינערטע הרודעס. א זעלטן פורל האָט פאמעלעך אונטערגעטאנצט איבער דעם צעקארדאשעטן וועג. לאַנג ניט געשמירטע רעדער האָבן אונטערגעכריפּעט, ווי זיי וואָלטן פארקילט זיך אפן סטעפּישן ווינט. זאלמענען האָט געשניטן דעם אויער דער פארזשאווערטער סקריפּ פון די ניט געשמירטע וועגענער און דאָס הילכיקע אונטערסאָפּען פון די אויסגעמאָגערטע, פארמאטערטע פערדלעך. די ביימער פון ביידע זײַטן וועג זײַנען געוואָרן שיטער. האלב פון זיי האָט מען אויסגעהאקט. דערפאר איז ארום יעדער בוים פרײַ געוואקסן הויכער אָסאָט, כוצפּעדיק צעבליט זיך מיט זײַנע ליכטיק־גרויע שטעכלקעס.

אייגנטלעך, איז דאָס פאר אים געווען ניט קיין נײַס. ער האָט פריִער זיך פאָרגעשטעלט אלץ, וואָס ער וועט דאָ טרעפן. נאָר איצט, גייענדיק איבער דער אייגענער ערד, האָט ער אפּסנײַ ווייטעקלעך איבערגעלעבט דעם גרויסן כורבן, וואָס האָט ארויסגעקלאָגט פון יעדן ווינקעלע.

ער איז אזוי געווען פארטראכט און פארטרויערט, אז ער האָט אפילו ניט באמערקט, ווי די זון איז פארגאנגען און לאַנגע טונקעלע שאָטנס האָבן זיך אויסגעצויגן איבערן סטעפּ. ער האָט זיך ערשט ארומגעקוקט, ווען ער איז צוגעקומען צו דער יאנטשורער באלקע, ווו עס הייבן זיך אָן די ערדן פון זײַן קאָלווירט.

צי דערפאר, וואָס ער איז געווען שטארק מיד און דער ווייטעק אין פוס האָט זיך מוירעדיק צעשפּילט, צי די אופגעשווומענע דערינערונגען האָבן אזוי צערודעוועט אלץ אינווייניק, נאָר דערפילט האָט ער, אז גלײַך אופהייבן זיך פון דער באלקע בארג־ארוף וועט ער ניט קאָנען, עס סטײַעט ניט קיין אָטעם. אראָפּגענומען פון די פּלייצעס דעם רוקזאק, האָט ער זיך צוגעזעצט באם וועג און, טאקע מיט א שטיקעלע פארעניגן, אויסגעצויגן די פיס, ווי אף א פריוואל. דער קאָפּ האָט זיך אליין געבויגן צו דער ערד, צוגעשפּארט זיך צו א בונטן בורקון. דער בוריאן האָט א טרישטשע געגעבן, און פון די איבערגעבראָכענע שטענגלעך האָט א שפּריץ געטאָן מיט גע־דיכטער, ווארעמער מילך. זאלמען האָט גענומען אף די פינגער א פּאָר טראָפּן קלעפּיקן זאפט און דערפילט א טערפּקע ביטערן רייעך. ס'האָט אזש א ווארג געטאָן אין האלדז. און עפּשער ניט אזוי פון דעם ביטערן זאפט, ווי פון א ניט קלאָרן פאָרגעפיל. ער האָט צוגעמאכט די אויגן און ווי ווײַט מעגלעך רויִק געפּרוווט פארשטעלן זיך אלץ, וואָס אים שטייט פאָר.

פאר יעדן איינעם האָט די מילכאָמע צוגעגרייט זײַן באזונדערן גורל. איינער האָט דורכ־געמאכט די מילכאָמע פון אָנהייב ביזן סאָף, געגאנגען פון שלאכט צו שלאכט, און איניינעם מיט זײַנע וווּנדן און סאָלדאטישער דערפארונג, איניינעם מיט דעם, וואָס מע רופט אָן „מיליטעריש גליק", איז געוואקסן זײַן רום, וואָס האָט צום סאָף קריג זיך קוים אײַנגעמאָסטעט אף דער ברוסט אין עטלעכע רייען פלאנקעלעך פון אָרדענס און מעדאלן. אן אנדערער האָט באוויזן בלויז איין מאָל, מעגלעך בלויז אין איין אויגנבליק, ארויסווײַזן זײַן העלדישקײַט און געוואגטקײַט און אף שטענדיק פארשרײַבן זײַן נאָמען אין יזקער־צעטל פון אייביקן רום. און וויפל זײַנען פאראן אזעלכע, וועמעס העלדנטאטן זײַנען געבליבן אומבאוווּסט!.. אויסגעפּילט זייער כויוו, זײַנען זיי פארבליבן אינעם סאמע באשיידענעם צעטל פון מיליאָנען... פאר זאלמענען האָט די מילכאָמע אויסגעטיילט א באזונדערן כיילעק, צוגעטראכט א באזונדערן אויספּרווו; ער וועט ערשט מוזן דערווײַזן, אז ער, זאלמען, איז טאקע ער, און ניט קיין אנדערער, דערווײַזן, אז ער לעבט, און אז אלץ, וואָס מיט אים האָט פּאסירט, וואָס איז אים אויסגעקומען אויסשטיין און וואָס ער האָט אופגעטאָן, איז ניט קיין אויסגעטראכטע מײַסע.

איצט איז ער אפילו צופרידן געווען, וואָס זײַן טעלעגראַמע האָט, אפּאָנעם, זיך פארהאלטן און קיינער איז אים ניט געקומען באגעגענען. און עפּשער האָבן זיי זיך נאָך ניט אומגעקערט פון דער עוואקואציע? און עפּשער... עפּשער האָבן זיי ניט באוויזן עוואקוירן זיך און ס'וועט אים שוין קיינער קיינמאָל ניט באגעגענען? וואָס איז מיט זײַן עסטערקן? זי איז פארבליבן אין זײַן זיקאָרן אזא, ווי ער האָט זי געזען אין די לעצטע מינוטן באם געזעגענען זיך: א דערשלאָגענע, א פארלוירענע און עפּעס א פארויטלטע. א פרוי בלײַבט א פרוי.

— איך האָב דיר ניט געוואָלט זאָגן. כ'האָב געוואָלט צוווארטן א ביסל. נאָר אז דו גייסט אוועק...

זי האָט זיך נאָך מער פארויטלט, צעכליפּעט זיך און צוגעפאלן צו זײַן ברוסט.

— און איך וויס ניט, איך וויס ניט... צי א יינגעלע, צי א מיידעלע...

דאָס איז געווען אזוי אומדערווארט, עס האָט אין דער מינוט אויסגעזעזן אזוי לעפּיש, אז ער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן און וואָס צו טאָן מיט דעם זודיקן געמיש פון געפילן: פרייד.

גאַדלעס און שרעק. אַ שרעק אַף ניט אויסצומעסטן בלויז פון איין געדאַנק: וואָס וועט איצט זײַן מיט זיי — מיט עסטערן, מיטן קינד אין אַזאַ שרעקלעכער צײַט אָן אים?

— און ווי וועלן מיר דעם אַ נאָמען געבן? — האָט ער אַ פרעג געטאָן, אַבי עפּעס זאָגן.

— מירן זען. אויב אַ ייִנגעלע...

— יאָ, יאָ, מירן זען, — האָט ער איבערגעכאַזערט עסטערס ווערטער, — ניט אין דעם גייט עס.

— פאַרשטייט זיך, ניט אין דעם גייט עס...

און ס׳איז ביז הײַנט געבליבן פאַר אים אַ סאָד. אויב... אויב זי לעבט און אויב זי האָט בעשאָלעם געבוירן, איז — אַ זון צי אַ טאָכטער? אַף יעדן פאַל זײַנען באַ אים אין רוקזאַק געלעגן צוויי מינים קליידער פאַר אַ פּיריאָריק קינד: פאַר אַ ייִנגעלע און פאַר אַ מיידעלע. דאָס איז, איינגנטלעך, געוועזן דאָס גאַנצע פאַרמעגן זײַנס. דאָס און אַ פּאָרל וועש.

ער האָט זיך אופגעהויבן און געמאַכט עטלעכע טריט באַרג־אַרוף. באַלד וועט ער דערזען דאָס אייגענע דאָרף, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, דעם קאָלווירט, ווו ער איז פיל יאָרן געוועזן פּאָרזיצער, באַלד וועט ער באַקומען אַן ענטפער אַף אַלע פראַגעס און אַלע ספקות.

צום דאָרף איז געבליבן אינגאַנצן אַ האַלבער קילאָמעטער, און געדוכט האָט זיך אים, אַז ער גייט שוין לאַנג, לאַנג און דאָס דאָרף זעט מען ניט. ער האָט פאַרלאָרן דאָס געפיל פון צײַט און ער האָט שוין געמיינט, אַז ער האָט פאַרבלאָנדזשעט. ער האָט אַף אַ ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט. אָנגעהויבן אַרומקוקן זיך, נאָר פעסטשטעלן גאָרנישט ניט געקאָנט. קוים זיך אַרופגעקליבן אַפן באַרג. שיטערע פײַערלעך האָבן מיטאַמאָל אַ פינקל געטאָן און ווי דערשטויגטע אָנגעהויבן אונטערפינטלען. ער איז געשפרונגען מיט די אויגן פון איין פײַערל צום צווייטן. און מיטאַמאָל... מער דערפילט, ווי דערזען — באַ אים אין שטוב האָט געלויכטן אַ פײַערל.

2

אַ פאַרפלאַמטע לעוואָנע האָט זיך פאַרטשעפּעט פאַרן קוימען פון דער שכיינעסדיקער שטוב, און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז באַלד וועט זי אַראָפּפאַלן און צעמאַזיקן איר קײַלעכיק, רויט פּאָנעם. די שטערן זײַנען געהאַנגען ביז גאָר נאָענט, און זאַלמענען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מע קאָן זיי דערלאַנגען מיט דער האַנט. מיסטאָמע איז עס געוועזן דערפאַר, וואָס ער האָט געקוקט אַפן הימל דורך אַ קליין פענצטערל.

דער געמיש פון זיסלעכן צוויט פון סווירעפּע מיט טערפּקע ביטערן פאָלין, אונטערגעשלאָגן מיט שאַרפע רייכעס פון צו פרי צײַטיק געוואָרענעם פּיריי, האָט געקאָנט אײַנשלעפערן יעדערן. נאָר זאַלמענען האָט דער דאָזיקער שאַרפער געטראַנק ניט גענומען. ער האָט זיך אײַנגעקוקט דורכן אָפענעם פענצטערל אינעם באַקאַנטן הימל, אָן אופהער געזופט דעם שיקערנדיקן געטראַנק און דאָך געבליבן אַ ניכטערער. שולדיק איז געוועזן דער אומופהערלעכער געלויף פון די צעררודערטע געדאַנקען, וואָס האָבן אָנגעיאָגט איינער דעם אַנדערן, פאַרטשעפּעט און מיטגעשלעפּט מיט זיך אַלץ, וואָס מע דאַרף און וואָס מע דאַרף ניט. פון דעם אַלעמען האָט זיך באַקומען אַזאַ פאַרפּלאָנטערטער קנויל, אַז ער האָט שוין ניט געקאָנט דערגיין, ווו איז דער אָנהייב און ווו איז דער סאָף. פון דער מוירעדיקער גיכקײַט האָט זיך געדרייט דער קאָפּ.

אַלץ האָט זיך געפלאָכטן און געפּלאָנטערט אַרום דעם, וואָס מיט אים איז געשען הײַנטיקן אָוונט. צוערשט — די מאָדנע באַגעגעניש מיט עסטערן...

עסטער און בערל! ס׳האָט אים אַזוי געפלעפּט, אַז אים איז נאָך איצט שווער אופשטעלן אין די געדאַנקען דאָס, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען דאָרטן, באַ אים אין שטוב. יאָ, דאָס ערשטע, וואָס ער האָט דערזען, איז געוועזן צוויי פאָר דערשראָקענע אויגן. דערנאָך האָבן בערלס אויגן אָנגעהויבן מעשונעדיק פינטלען, און דאָס האָט אים געמאַכט זייער ענלעך אַף זײַן טאַטן. און עסטער... אויסגעשטרעקט די הענט, ווי אַ בלינדע, האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן צו אים און זיך אויסגעצויגן אַף דער ערד אַ פאַרכאַלעשטע.

פאַרוואָס איז בערל גלײַך ניט געסטײַעט? יאָ, ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט אַ לויף טאָן נאָך דער פעלדשערקע. כאָטש וועד האָט געדאַרפט די פעלדשערקע? זאַלמען האָט אָנגעגאָסן אַ גלאָז וואַסער און אַ שפּריץ געטאָן עסטערן אין פּאָנעם. געעפנט די אויגן און איבערצײַגט זיך, אַז זאַלמען שטייט טאַקע לעבן איר אַ לעבעדיקער, האָט זי אַרומגענומען מיט ביידע הענט זײַן רעכטן פוס, צוגעטוליעט זיך צו אים מיט איר צעשויבערטן קאָפּ און זיך צעיאָמערט.

— וואָס זשע וויינסטו, עסטער?

— דרײַ יאָר נאָכן טויט, ווײ איז מיר.

— דרײַ יאָר? — האָט ער איבערגעפרעגט, גלײַך דאָס איז געוועזן דאָס אייניציקע, וואָס האָט אים געוווּנדערט.

— נו יאָ. דריַי מיט א האַלבן. די יעדיִע איז אָנגעקומען אין יאַנוואַר צוויי און פערציק. באַמערקט זיַין פרעגנדיקן בליק, האָט זי זיך פאַרויטלט.

— א מיידעלע, — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט און פאַמעלעך אופגעהויבן זיך פון דער ערד. — כ'האָב דעם א נאָמען געגעבן זיאַמעלע.

— זיאַמעלע, זיאַמעלע... — האָט זאַלמען איבערגעכאַזערט.

— יאָ, זיאַמעלע. כ'האָב געוואָלט, פאַרשטייסט... כ'רעד אַרויס זיאַמעלע און זע פאַר זיך זאַלמענען.

זי האָט געמאַכט א שפּאַן צום סאָפּקעלע, דערנאָך זיך אויסגעקערעוועט און ווידער אויסגע־שטרעקט די הענט. נאָר זאַלמען האָט ווי ניט פאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט, און אירע הענט האָבן זיך פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט.

— און וואָס טוט דאָ בערל?..

— בערל... אַך, יאָ, בערל, פאַרשטייסט... כ'האָב אים דאָ שוין געטראָפן. טאַקע אין אונד־זער שטוב...

נאָר וועגן דעם האָט זי איצט ניט געוואָלט דערציילן. צוגעזעצט זיך אַפן סאָפּקעלע און גלײַך אופגעהויבן זיך.

— קום בעסער אַרײַן אין אַלקערל. ווילסט גאָרניט א קוק טאָן אַף זיאַמעלען?

צום אַלקערל איז אינגאַנצן פינף שפּאַן. נאָר זאַלמען האָט זיי ניט געקאָנט דורכמאַכן. דעם גאַנצן וועג פון דער סטאַנציע, אַלע דרײַסיק קילאָמעטער, האָט אים אונטערגעהאַלטן, אונטער־געיאָגט און צוגעגעבן קויכעס זײַן פּיליאַריקער טרוים, די האָפענונג. איצט האָט עסטער אים געדאַרפט נעמען פאַר דער האַנט, ער זאָל ניט אומפאַלן.

— זעסט? — האָט זי זיך אָנגערופן, צופירנדיק אים צום בעטל. — אינגאַנצן אין דיר געראָטן. און אָן אַקשנטע, ניט אויסצוהאַלטן.

יאָ. טאַקע אַזאַ האָט זיך עס אים געכאָלעמט, דאָס קינד. מיט א קלײַנדיקן פּענעמל, מיט אויסגעבליאַקעוועטע ברעמען און מיט ווײַסע, ווײַסע הערעלעך, צעשאָטענע איבערן קישן. זאַל־מען האָט זיך אָנגעבויגן און א פיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן שטערנדל, א נעם געטאָן אין דער האַנט א זשמענקעלע זײַדענע הערעלעך. זיי זײַנען געווען וואַרעמע, און אים האָט זיך גע־דוּכט, אַז זיי צאַפּלען, עטעמען, ווי לעבעדיקע.

— אָט וועל איך זי אופהייבן... — עסטער האָט א ציטער געטאָן, איבערכאַפּנדיק זאַל־מענס בליק.

— ששש, — זאַלמען האָט וואָרענענדיק א מאַך געטאָן מיטן פינגער. — וועסט זי אופוועקן.

— נו, איז וואָס?

— מע דאַרף ניט. מע דאַרף ניט וועקן דאָס קינד.

ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין זיאַמעלעס פּענעמל, געפינענדיק אַלע מאָל א נײַעם, אייגענעם שטריך. דערנאָך פאָרזיכטיק צוגעטוליעט די ליפּן צום שטערנדל.

איצט פאַרשטייט ער ניט, פאַרוואָס האָט ער מוירע געהאַט אופוועקן זיאַמעלען? ס'האָט אים גראָד געצויגן צוזעצן זיך אַפן בעטל, און עסטער זאָל זיך אויך צוזעצן, און זיי זאָלן אַזוי אָפּזיצן א גאַנצע נאַכט און אויסדערציילן איינער דעם אַנדערן וועגן אַלץ. און זאָל זיך זיאַמעלע אופ־כאַפּן. ער וועט זי נעמען אַף די הענט און צוטוליען צו זיך. נאָר... באַלד וועט אַרײַנקומען בערל. ער איז דאָך אַוועק נאָך דער פעלדשערקע. וואָס איז ער פּלוצעם אַוועק נאָך דער פעלדשערקע?

זאַלמען האָט דאָס ניט געזאָגט. בלויז פרעגנדיק א קוק געטאָן אַף עסטערן. געוואַרט, זי זאָל עפּעס דערקלערן, פאַרענטפערן זיך, בעטן מעכילע. אָדער גלאַט אַזוי כאָטש אויסרעדן א וואָרט. נאָר עסטער האָט געשוויגן. אײַנייִנעם מיט זאַלמענען געקוקט אַף דעם קינד און אַלעמאָל געוואָרפן א בליק אַף אים, ווי געוואָלט פעסטשטעלן, צי זײַנען זיי טאַקע אַזוי ענלעך. ווײַטער שווײַגן איז פאַשעט קיין קויעך ניט געווען, און וועגן וואָס ריידן האָט ער אויך ניט געוווּסט. ווײַבאַלד עסטער שווײַגט... ער האָט פאַנאַנדערגעבונדן דעם רוקזאַק און אַרויסגענומען פון דאָרט א פּעקעלע.

— דאָס איז פאַר זיאַמעלען. כ'האָב ניט געוווּסט, צי א ייִנגעלע, צי א מיידעלע, האָב איך אַף יעדן פאַל גענומען צוויי פאַרשיידענע. כ'מיין, זיי וועלן ביידע צוניץ קומען.

— אוואַדע, אוואַדע! — עסטערס ציטערנדיקע הענט האָבן ניט געקאָנט צעקניפּן דאָס פּאַ־שעטע קניפּעלע. זי האָט געמוזט עס פאַנאַנדערבײַסן מיט די ציין. — אוי, אוי, סאַראַ פײַנע הייזעלעך! ווי זי וועט עס אויסטאַנצן! דער טאַטע געקומען, מאַטאָנעס געבראַכט. אַך, זאַלמען, וואָס זשע שווײַגסטו? זאָג עפּעס, זאַלמען!

וואָס האָט ער געזאָלט זאָגן? ער האָט אַרופגעוואָרפן אַפן אַקסל דאָס האַלב־פּוסטע רוקזעקל און זיך געלאָזט גיין. עסטער האָט אים א כאַפּ געטאָן פאַר דער האַנט.

— וווּהין, זאַלמען, ווײ איז מיר!



— פונוואַנען זאָל איך וויסן?

— זאַלמען! — האָט זי אַרויסגעהיכצט און פאַרבראָכן די הענט. — זאַלמען, כאַטש אַ גלאָז מילך, פרישע, וואַרעמע מילך!

דאָס האָט אים נאָך מער געפּלעפט. ענד־לעך האָט ער באַקומען אַן ענטפער אַף אַלץ. און אַ גאַנצע נאַכט האָט אים ניט אויפגעהערט קלינגען אין די אויערן: „אַ גלאָז מילך, פרי־שע, וואַרעמע מילך...״

אַך, עסטער, עסטער!..

ווער ווייסט, ווו וואָלט ער איצט שוין אַנגעשפּאַרט, ווען מע זאָל אים ניט געווען פאַרהאַלטן, ווי נאָר ער איז אַרויס פון שטוב. אין דרויסן האָט מען שוין געוואַרט אַף אים. ער האָט דערזען אַ סאַך באַקענטע פּנים־מער: דעם אַלטן פאַנאַס, באַ וועמען דאָס שי־טערע בערדל האָט זיך צעוואַקסן אַפן אײַנ־געשרומפּענעם פּאָנעם, זײַן פרוי אַריסיע, סימע די קאָוועליכע, וואָס האָט, ווי שטענדיק, אונטערגעהאַלטן מיט דער לינקער האַנט דאָס שמאָלע גוידערל, די האַלב־בלינדע טאַדאָ־ריכע, וואָס האָט געווישט מיטן שפּיץ פונעם קאָפּטיכל איר איינציק אויג, און שיינדל די גראָבע, וועלכער דער צונאָמען האָט איצט שוין אינגאַנצן ניט געפּאַסט. אייניקע איז שווער געווען צו דערקענען. אַנדערע זײַנען געווען אינגאַנצן אומבאַקענט.

דער אוילעם האָט גענומען באַקוקן דעם גאַסט, און זאַלמען האָט געפילט זייערע שטו־מע פראַגעס: פאַרוואָס איז ער אַזוי אויסגעצערט, פאַרוואָס איז די גימנאַסטיאָרקע אַזאַ אַלטע און ניט אַף זײַן מאָס און ווו זײַנען זײַנע אָרדענס... נאָר דאָס האָט געדויערט בלויז געציילטע סעקונ־דעס. אַלע האָבן זיך געוואָרפן אים אַרומנעמען, קושן און איבערגעשריִען איינער דעם אַנדערן.

— זאַלמען דאַווידאָוויטש, אונדזער פּאָרזיצער! — האָט זיך געכידעשט דער אַלטער פאַנאַס.

— זאַלמענקע, ווי איז מיר, איך האָב אים אַף די הענט געטראָגן, — האָט געכליפּעט פאַנאַסיכע.

— און מיך געדענקט איר? סימע די קאָוועליכע. און מײַן לייבעש... אומגעקומען מײַן לייבעש.

— כאַווער פּאָרזיצער, כאַווער פּאָרזיצער! — האָט געפּרווווט איבערשרײַען אַלעמען שיינדל די גראָבע.

זאַלמען האָט געזוכט צווישן אוילעם דעם טאַטן, דעם פעטער עליען און מוירע געהאַט וועגן עפּעס פרעגן.

— איך בין איצט ניט קיין פּאָרזיצער, — האָט ער זיך געבעטן.

— וואָס הייסט ניט קיין פּאָרזיצער? וואָדען, איך בין אַ פּאָרזיצער?

דאָס האָט געזאָגט גראָד דער איצטיקער פּאָרזיצער פון קאָלווירט יאַנקל קאַפּעליושניק, וואָס איז צוגעקומען אַ ביסל שפּעטער און באַגריסט זאַלמענען אַף זײַן אויפן.

— שאָלעם אַלייכעם, זאַלמען. באַרעך מעכײַע מייסים. וואָדען, ס׳איז פאַר מײַן קאָפּ? וואָס בין איך? אַ דאַמסקע שנײַדער! נאָר וויבאַלד דו ביסט געקומען אַ לעבעדיקער, איז ניטאָ וואָס צו ריידן, ביסטו ווידער פּאָרזיצער און איך ווידער שנײַדער.

— אָבער איך בין דאָך ניט פּאָרזיצער.

— דאָס קאָנען מיר באַלד מאַכן. אָט האָבן מיר דעם גאַנצן קאָלווירט. אַנו, ווער איז קעגן? איינשטימיק! און דעם פּראָטאָקאָל וועט מײַן פערעלע מאָרגן אָנשרײַבן. וואָס מיינסטו? אַף פּאַ־נאַסן צי אַף מיר איז גלײַך געווען אַ פּראָטאָקאָל? ניט אין דעם גייט עס.

צי איז דאָס געווען אַן אָנשטעל, וואָס האָט געדאַרפט פאַרווײַלן אַ ביסל זאַלמענען, צי איז דאָס טאַקע געווען אַ פּאַשעטער, נאַטירלעכער פאַרלאַנג פונעם אוילעם וואָס גיכער „אײַנשפּאַ־

נען" אין דער ארבעט זייער עמעסן פּאַרזיצער, אזוי אָדער אַנדערש, נאָר די דאָזיקע אומגעווינ־לעכע פאַרזאמלונג האָט אויסגעזען אַלעמען נאַטירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך. זאַלמען, וואָס איז נאָך ביכלאַל ניט געווען אימשטאַנד עפּעס באַטראַכטן און באַשטימען, האָט דאָס אופגענומען, ווי איינע פון די פיל געשעענישן פאַר די לעצטע יאָרן, וואָס האָבן פּאַסירט אויסער זײַן ווילן. און דאָך האָט ער — דאָס ערשטע מאָל פאַר א לאַנגער צײַט — דערפילט עפּעס ענלעכס אף א גרעפּיל פון פרייד.

דער שטראָם פראַגעס, וואָס האָט זיך געהאַט אף א ווײַלע אָפּגעשטעלט, האָט ווידער א פלייץ געטאָן. איצט האָבן שוין אַלע פראַגעס און טײַנעס געהאַט זייער געווינלעכן, זייער גע־זעצלעכן אדרעס:

— כאַווער פּאַרזיצער!

— כאַווער פּאַרזיצער!

— איך האָב א פראַגע, כאַווער פּאַרזיצער!

זאַלמען האָט קוים באַוויזן צו זאָגן:

— איך האָב אויך א פראַגע. ווו קאָן איך הײַנט איבערנעכטיקן?

אַלעמען איז מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן דאָס, וואָס איז נאַרוואָס פּאַרגעקומען אין זאַל־מענס שטוב.

יאַנקל האָט פאַרכאַפּט פאַר אַלעמען:

— לויט אַלע דינים דאַרף זאַלמען זײַן בא מיר. בא מיר איז די קאַנצעליאַריע, און מײַן פּערעלע איז דער כעזשבנפירער און דער קאַמסאָרג. און א באַלעבאָסטע קיין אײַנהאָרע אויך...

ער האָט א נעם געטאָן זאַלמענען אונטערן אָרעם און פאַרנייגט זיך פאַרן אוילעם:

— א גוטע נאַכט. ס'איז שוין שפּעט, און דער גאַסט איז געווויס מיד פון וועג.

ליגט ער בא יאַנקלען אין שטוב אף א שמאָל סאָפעקעלע, קוקט ארויס דורכן קליינעם פענצ־טערל אף דער פאַרפלאָמטער לעוואָנע און סטאַרעט זיך באַנעמען די געשעענישן פון הײַנטיקן אָוונט. און וועגן וואָס ער זאָל ניט טראַכטן, קומט אים אַלע מאָל ארוף אף די געדאַנקען עסטער. אזא, ווי ער האָט זי געזען הײַנטיקן אָוונט, און אזא, ווי זי איז געווען אַמאָל, און ס'איז שוין גאָר ניט קיין דערינערונגען, נאָר עפּעס א כאַלעם, א לאַנגער, פאַרפלאָנטערטער כאַלעם, אין וועלכן ס'האָבן זיך איבערגעפלאָכטן פאַרשיידענע זעונגען.

**3** פון יענעם טאָג, ווען בא שאָלעם קאַמצאַן האָט זיך געיאַוועט זײַנע אָן אָרעמע און ווײַטע קרויווע, האָט מען זיך געקאָנט פאַרשטעלן, אז קיין זיס לעבן וועט דאָס מיידל ניט האָבן, ווײַל וואָס פאַר א נוץ קאָן מען האָבן פון אָט דעם אויסגעדאַרטן נעפּעש מיט די פאַרשלאָפענע און הונגעריקע אויגן? און שאָלעם קאַמצאַן זאָל עפּעס טאָן גלאַט אזוי, לעשעם מענטשלעכקײַט, איז ניט שײַעך.

שאָלעם קאַמצאַן איז א ייִד מיט א שעם. ערשטנס — די באָרד. א שוואַרצע און שאַרפקאַנ־טיקע, ווי פון א שטיין אויסגעהאַקט. געדוכט האָט זיך: ריר זיך צו איר צו, וועסטו זיך צעשנײַדן די האַנט ביז בלוט. געזאָגט האָט מען, אז דאָס האַרץ בא שאָלעמען איז געראָטן אין זײַן באָרד. ווי פון שטיין. בא אים איז ניט מעגלעך אויסבעטן אפילע א ביסל פאַראיאַריקן שניי. זאָל אָט דער שאָלעם אָפּטאָן א נאַרישקײַט? נאָר ס'טוען זיך אַמאָל אָפּ זאַכן, וואָס איז שווער צו פאַרשטיין.

אַלע האָבן זיך געוווּנדערט. דאָס אויסגעדאַרטע נעפּעשל האָט געהאָרעוועט און געוואַקסן, געהאָרעוועט און געוואָרן שענער און שענער. און זאַלמען, וואָס האָט זי געזען צען מאָל א טאָג — זיי האָבן געווינט א שטוב קעגן א שטוב, — איז אין איינעם א גאַנצפרי געבליבן שטיין ווי געפּלעפּט. א מיידעלע זאָל פאַר איין נאַכט זיך אזוי צעבליִען!

שאָלעם אַליין האָט אויך אָנגעהויבן באַמערקן, אז בא אים אין שטוב וואַקסט אונטער א געזונטע און שיינע קאַלע־מויד און ס'איז אָן אוויירע אוועקגעבן זי אין פרעמדע הענט. מע וואָלט זי בעפּייִרעש געדאַרפט פאַרקנאַסן פאַר בערלען. מיטן זון וועט ער דורכקומען, אָבער וואָס וועט זײַן עסטער זאָגן? בא יידן איין נאָמען נאָך עפּעס א באַבען צי אָן עלטערבאָבען עסטער. איז וואָס זשע וועט זי זאָגן? ווײַל, הייסט עס, שאָלעם וואָס גיכער פּאַטער ווערן פון איר? ווו איז דאָס בא יידן געהערט געוואָרן, א שוויגער מיט א שנור זאָלן האָבן איין נאָמען?

ס'האָט נאָך געהאַלטן ווײַט דערפון, נאָר לויט דעם, ווי בערל האָט אַמאָל געוואָרפן א בליק אף דער קרויווע און ווי שאָלעם האָט אונטערגעוווּנקען, האָט עסטער זיך אָנגעשטויסן און גע־מאָלדן איין מאָל פאַר אַלע מאָל:

— סײַדן נאָך מײַן טויט.

איז בײַ שאָלעמען אויסגעקומען, אַז די גאַנצע מעניָע איז אין דעם ווײַב. וועגן דער קאַלע אַליין האָט מען פֿאַרגעסן. און די קאַלע — די אָרעמע קרויווע — האָט גאָר אַרויסגעקוקט דורכן פֿענצטער איבערן וועג. שאָלעמען איז געווען שווער צו פֿאַרשטיין: ווי קאָן מען זיך אָפּזאָגן פֿון אַזאַ באָכערעץ, ווי בערל, פֿון אַזאַ באַלעבאַטישקײַט און פֿאַרליבן זיך אין אַזאַ לאַנגן דראָנג, מיט געלע אָפּגעבליאַקעוועטע ברעמען, ווי זאַלמען? נאָר גיי ווייס, וואָס אַ מיידל קאָן אַמאָל געפֿעלן. זאַלמען האָט געקאָנט שיין ריידן. און עסטער איז גרייט געווען אַרומגיין מיט אים גאַנצע נעכט און הערן. אַפֿילע די פּאָליטגראַמאָטע, אין וועלכער זי האָט ניט אַלץ פֿאַרשטאַנען, האָט אויך געקלונגען אין אירע אויערן ווי אַ ליד. און אַז מע הערט איין מאָל, און צוויי מאָל, און דרײַ מאָל... און אַז מע האָט פֿאַר זיך אַזאַ לעבעדיקן בײַשפּיל, ווי שאָלעם מיט זײַן שטיינערנער באָרד און שטיינערנעם האַרץ...

האָט שוין געמוזט קומען יענער פֿראָסטיקער פֿאַרנאַכט, ווען עסטער איז אַרײַנגעלאָפֿן צו זאַלמענען און אַרויסגערופֿן אים אויף דער גאַס:

— אונטער דער סקירדע... זיי קלײַבן זיך הײַנטיקע נאַכט אַרויספֿירן.

זי האָט געזאָגט און ניט געסטײַעט. פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אינעם געדיכטן נעפּל, וואָס האָט צונויפֿגעגאָסן דעם הימל מיט דער ערד אין איין דורכויסיקן שנייִיקן אויסגוס. זי האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ סקריפּ פֿון איבערגעפֿרוירענע פֿוישטלעך איבערן גרײַפֿלדיקן שניי. האָט זאַלמען געדאַרפֿט שטיין און אַליין אויסטײַטשן פֿאַר זיך דאָס, וואָס עסטער האָט געזאָגט. אונטער דער סקירדע? געוויס בײַ שאָלעמען. וואָס? פֿאַרשטייט זיך, אַז ברויט. זיי קלײַבן זיך אַרויספֿירן דאָס ברויט הײַנט בײַנאַכט, ווען דער נעפּל וועט אַ ביסל זיך פֿאַנאַנדערגיין און אויפֿן הימל וועט זיך באַווײַזן די „זירקע“ — יענער גרויסער שטערן, וואָס ווײַזט דעם צאָפֿן, — וועלן זיי זיך האַלטן בײַ דער זירקע און פֿירן די שליטנס מיט ווייץ איבערן פֿאַרשנייטן סטעפּ, אויסמײַדנדיק דעם אײַנגעפֿאָרענעם שליאַך.

מע האָט געדאַרפֿט עפּעס צוטראַכטן, מע האָט געדאַרפֿט עפּעס טאָן. לויפֿן אין דאָרפֿראַט מעלדן? שוין שפּעט. ביז עפּעס־וואָס, קאָן מען אַלץ דורכלאָזן. און צוליב וואָס לויפֿן זיבן קילאָמעטער אַהין און זיבן צוריק, אַז ער אַליין איז דער באַפֿולמעכטיקטער פֿון דאָרפֿראַט? בעסער צונויפֿרופֿן אַ קאָמיוגישע פֿאַרזאַמלונג. און אַזוי, אַז קיינער זאָל ניט וויסן צוליב וואָס. יאָ, אַן עקסטרע פֿאַרזאַמלונג, געווידמעט...

דערנאָך זײַנען זיי עטלעכע שאָ געפֿרוירן אין דער באַלקע אונטער שאָלעמס גאָרטן און געקוקט אויפֿן הימל. דער נעפּל האָט זיך געריצט מיט זיי, און די שטערן האָבן געשפּילט מיט זיי אין בלאָנדזעניש, באַווײַזן זיך אויף אַ ווײַלע און ווידער באַהאַלטן זיך. ווען ס׳האָבן פּלוצעם זיך צעהירזשעט די איבערגעפֿרוירענע פֿערד, האָט זאַלמען געמיינט, אַז ער האָט שוין פֿאַרשפּעטיקט. אָבער ניין, געטראָפֿן פּינקטלעך צו דער צײַט. אַ האַלבע סקירדע איז געווען פֿאַנאַנדערגעוואָרפֿן, און שאָלעם, היפּש פֿאַרשוויצט, איז געשטאַנען אין דער גרוב אין זײַן פֿוטערנער זשילעטקע און געהאַלטן אין די פֿינגער די אויערלעך פֿון אַ פֿול אָנגעקלאַפּטן זאַק. די גרוב האָט געפּאַרעט, ווי פֿרילינגדיקע ערד, אָנפֿילנדיק דעם אַרום מיט רייכעס פֿון טוכלע קערנער און אונטערגעפֿוילטער שטרוי. די, וואָס זײַנען געווען אויף די שליטנס, האָבן באַצײַטנס באַמערקט די כעוורע, וואָס זײַנען אַרויסגעשוווּמען פֿונעם נעפּל. זיי האָבן אַ שמיץ געטאָן די פֿערד און ניט געסטײַעט. שאָלעם איז געבליבן אײנער אַליין. אַ קליין לאַמטערנדל האָט קוים באַלויכטן זײַן בייזע באָרד און איבערגעשראָקענע אויגן. אַ ביסל אין אַ זײַט, בײַם ראַנד פֿון דער גרוב, איז געשטאַנען בערל אין אַ לאַנגן און שווערן פּעלץ, מיט אַ בײַטש אין דער האַנט — גרייט אין וועג אַרײַן. אַזוי איז ער טאַקע געבליבן שטיין, ווי פֿאַרגליווערט, אײַנגעקלאַמערט די אויגן אינעם טאַטנס באָרד: וואָס וועט זי עפּעס צוטראַכטן.

— עס שמעקט עפּעס טוכלע, רעב שאָלעם, — האָט זאַלמען זיך אָנגערופֿן, אַרײַנקוקנדיק אין דער גרוב.

— ניט דײַן טאַטנס דײַגע, — האָט שאָלעם אַ ברום געטאָן. אויסגעגלײַכט די פּלייצעס און קוים אײַנגעהאַלטן אין זיך דעם טיפֿן קרעכץ. די באָרד האָט אָנגעהויבן אונטערציטערן מיט אַ דריבנע ציטערל און פֿאַרשפּאַרט דעם קרעכץ אינעם פֿאַראַקשנטן מויל.

בערל האָט אַלץ געקוקט דעם טאַטן אין דער באָרד אַרײַן און געוואַרט. אַזויפֿיל פּלענער זײַנען געווען בײַ אים פֿאַרבונדן מיט דער דאָזיקער יאַזדע! אַז אַלץ וועט דורך בעשאָלעם, וועט ער זיך קויפֿן אַ נײַע באָבריקאָווע פּאַלטאָ, אַ פּאָר כראָמעווע שטיוול מיט לאַנגע און שמאָלע כאָליעוועס, און עסטערן — אַ זייגער. איז ער געשטאַנען קעגן זאַלמענען — ער פֿון איין זײַט גרוב, יענער פֿון דער צווייטער — און גרייט געווען אויף אַלץ. אָנגעהויבן האָט שאָלעם. ער האָט אַ בלאָז געטאָן אויפֿן לאַמטערנדל, אַרויסגעשפּרונגען פֿון דער גרוב און אָנגעכאַפּט זאַלמענען

פֿאַרן האַלדז. בערל האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז דער טאַטע האָט געטאָן אַ נאַרישקײַט. נאָר פֿונוואַנען זאָל שאָלעם געוווּסט ווײַסן, אַז אונטער דער סקירדע שטייען אַזויפֿיל אײדעס? זאַלמען, גלײַך ער הייבט ניט אָן פֿאַרשטיין, וואָס שאָלעם מיינט, האָט פּאַמעלעך, מיט אַ גרינגן גלעט, אַראָפּגעווישט פֿונעם האַלדז שאָלעמס האַנט.

— וועמעס דען דײַגע? — האָט ער אָפּגעענטפֿערט, גלײַך ס'איז אָקאָרשט גאָרניט געשען. — עס וועט דען טויגן אױף זריִע? צי עפּשער האָט איר עפּעס בעסערס?

— זוכט, אויב איר האָט רעכט.

אין שטוב זײַנען געשטאַנען בײדע עסטערס, גרינג אָנגעטאָן, ווי זיי וואָלטן נאָרוואָס אַראָפּ פֿונעם געלעגער, און געציטערט פֿאַר קעלט און פֿאַר שרעק. די יונגע עסטער האָט אַ קוק געטאָן אויף זאַלמענען מיט אַזאַ באַדויערנדיקן בליק, גלײַך זי האָט כאַראָטע אויף דער גאַנצער געשיכטע. נאָר וואָס טויגן זיי זיך בײדע אַזוי צום קאַלטן אויוון? צי האָט די אַלטע געוואָלט עפּעס פֿאַרשטעלן און די יונגע — פֿאַרקערט, צי עפּשער האָבן זיי גאָרנישט ניט געמיינט דערמיט, נאָר דער כּשאַד איז דאָך געפֿאַלן אויף דעם קאַלטן, לאַנג ניט געהייצטן אויוון, וואָס איז געווען פֿאַרשמירט, ווי אויף טשאָלנט. אַ גרויסן טשאָלנט אַהין פֿאַרוקט! צוואַנציק זעקלעך ווײַסע מעל! די באַלעבאַטים זײַנען געשטאַנען, גלײַך ס'וואָלט זיי דאָס לאָשן אָפּגענומען, און נאָכגעקוקט, ווי די כעוורע שלעפּן אַרויס פֿונעם אויוון איין זעקל נאָכן אַנדערן. די אַלטע עסטער האָט שטיל אונטערגעכליפּעט און אַלע מאָל געכאַפּט אַ קוק אויפֿן מאַן, צי דאַרף מען ניט אַ ביסל העכער. דאָס ערשטע מאָל האָט מען געזען, ווי שאָלעמס שטײנערנע באָרד טאַנצט אונטער, ווי אַ לעבעדיקע. בערל האָט נאָכגעשפּירט זאַלמענען מיט אַ בליק, וואָס האָט געהאַט אַ סאַך צו זאָגן: „דו האָסט צוגערויבט אַלע מײַנע טרוימען — די באָבריקאָווע פּאַלטאָ, די כראָמעווע שטיוול, דעם זייגער פֿאַר עסטערן, און עפּשער עסטערן אַליין אויך, און איך וועל עס דיר קיינמאָל ניט מויכל זײַן“. און דאָך איז נאָך אַלעמען אים אויפֿגעקומען אַ געדאַנק, פֿון וועלכן ס'איז אים געוואָרן פֿרײלעך אויפֿן האַרצן. נאָך די געשעענישן פֿון הײַנטיקער נאַכט קאָן שוין קיין רייד ניט זײַן וועגן אַ שידעך צווישן עסטערן מיט זאַלמענען. ער האָט עס אים טאַקע געזאָגט:

— ווײסט איצט זען עסטערן, ווי דײַן לינקן אויער.

קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי אינמיטן דער נאַכט האָט דאָס ווינטל זיך אַ קערעווע געטאָן. דער נעפּל איז געוואָרן טונקל־גרוי און פֿײַכט. דאָס ווינטעלע איז געווען אַ וואַרעמס, אַ יונגס און עס האָט זיך אַ נעם געטאָן פֿאַר דער אַרבעט מיט פֿרילינגדיקן פֿלאַם. צו באַגינען האָבן בלעכענע רינוועס זיך צעקלונגען איבערן דאָרף מיט די ערשטע וואַסער־שטראָמען. גראָבע אײַז־ליכטלעך, וואָס זײַנען אַראָפּגעהאַנגען פֿון די דעכער, האָבן געפּלאַצט און געפֿאַלן אויף דער ערד. אַזאַ איז געווען יענער קאַיאָר, ווען אַלע שליטנס פֿונעם יונגן קאָלווירט זײַנען זיך צונויפֿגעפֿאָרן אין שאָלעמס הויף און אָנגעהויבן אָנלאָדן דעם געפֿונענעם אויצער. שאָלעם האָט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם פֿוטערנעם זשילעט, ער איז געשטאַנען אין איין העמד און ניט געוווּסט, וווּהין אַהינטאָן זיך מיט זײַן צעבושעוועטן צאָרן. ער איז געשטאַנען און צוגעקוקט, ווי זײַן הויף איז מיטאַמאָל צעפּאַסעוועט געוואָרן, פֿאַרפּלייצט מיט אָן אַ שיר קויטיקע קאָליוזשעס.

אין אַ פּאָר שאָ אַרום, ווען צוויי מיליציאָנערן האָבן אָוועקגעפֿירט שאָלעמען אין ראַיאָן, האָט מען געמיינט, אַז דאָס איז אויף לאַנגע יאָרן. נאָר אין אַ וואָכן דרײַ אַרום האָט ער זיך אומגעקערט. ער איז אַרײַנגעפֿאָרן אין דאָרף אויף זײַן אייגענעם וואָגן, אַליין געהאַלטן די אָנגעצויגענע ווישקעס, קלוימערשט מיט אַלע קויכעס אײַנגעהאַלטן זײַנע זאַטע, צעהיצטע פֿערד. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם וואָגן און ניט געוואָלט אַרײַן אין שטוב, ביז ער וועט ניט זען זאַלמענען. איצט האָט ער זיך שוין דערלויבט אַרויסברומען אויפֿן פֿולן קאָל:

— נו, ס'וועט איצט אַ רועך אין דײַן טאַטן אַרײַן, דו, קאָפּשווינדל פֿון דערפֿאָלג! אַלע דײַנע יאָרן וועסטו מיר אויסצאָלן, וואָס איר האָט בײַ מיר צוגענומען.

זאַלמען האָט דאָס אויסגעטײַטשט אויף זײַן אויפֿן: „הייסט עס, אַז קיין פּאַפּירל אויף אומקערן דאָס ברויט האָט ער ניט“.

ער האָט געהאַלטן וואָרט, שאָלעם. צוויי כאָדאָשים צײַט האָט זאַלמען יעדע וואָך געמוזט פֿאָרן אין ראַיאָן דערווײַזן, אַז קיין שום אונטערזוכונג האָבן די קאָמיוגיסטן בײַ שאָלעמען אין שטוב ניט געמאַכט, קיין שום בעטן ניט צעוואַלגערט, דאָס ווײַב נאַקעט ניט אויסגעטאָן און אַז קיין שום געווער האָט קיינער פֿון זיי ניט געהאַט. דערנאָך האָט ער געמוזט דערווײַזן, אַז פֿון דעם ברויט האָט ער זיך אַפֿילע קיין זשמענקעלע ניט גענומען און אַז אַרעסטירט האָט שאָלעמען די מיליציע, וואָס דער דאָרפֿראַט האָט אַרויסגערופֿן פֿון ראַיאָן. עס האָט שוין געהאַלטן דערבײַ, מע זאָל איבערגעבן דעם עניַען אין געריכט. זאַלמען האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין: פֿאַרוואָס וועט מען אים מישפּעטן? שאָלעם האָט דאָך אויסבאַהאַלטן צוליב ספּעקוליאַציע דרײַ הונדערט פּוד ברויט? און דאָ קומט אויס, אַז שולדיק איז זאַלמען און שאָלעם איז גערעכט. אין יענע טעג,

נאָכן ארטיקל „קאָפּשווינדל פון דערפּאָלג" האָבן אײניקע טוער, פאַרכטנדיק די פעלערן, אָנגעטאָן נײַע נארישקײַטן. נאָך א גליק, וואָס עס איז געקומען א נײַער סעקרעטאר פון ראיקאָם אלעקסיי ניקאָלײַעוויטש ליאשענקאָ און אָפּגעשטעלט די אויספאַרשונג.

גראָד דאן האָט זאלמען זיך צעקריגט מיט עסטערן. איבער א נארישקײַט. ער געדענקט שוין אפילע ניט פאַרוואָס. מע האָט זי מיסטאמע געהאלטן אין איין אָנדרודלען, אין איין אונטערהעצן קעגן אים, און זי האָט געזוכט צו וואָס צוטשעפּען זיך.

אין א פּאָר טעג ארום האָט מען בא שאָלעמען אָנגעהויבן זיך גרייטן צו א כאסענע. אפילע די אלטע עסטער האָט געגעבן די האסקאָמע. זי זאָל אפילע וויסן, אז זי שטארבט אפן צווייטן טאָג נאָך דער כאסענע, האָט זי געזאָגט, נאָר אָט דעם קוילער, אָט דעם גאזלען, אָט דעם זאלמענען מוז זי אָנלערנען.

א וואָך צײַט האָט מען געקאָכט און געבאקן. אפּצולאָכעס דער וועלט, האָט שאָלעם געוואָלט פראווען א כאסענע, אז אלע זײַנע סאָנים זאָלן פּלאצן פאר קינע.

זאלמען האָט ארויסגעקוקט דורכן פענצטער און געציילט די פורלעך מיט די מעכוטאָנים, וואָס האָבן אָנגעהויבן זיך צונויפפאָרן פון נאָענטע און ווײַטע דערפער און שטעט. ער האָט ניט געקאָנט פארשטיין, וואָס קומט פאָר אף דער וועלט. אלץ קאַפויר. פונעם קאָלווירט איז געבליבן האלב, שאָלעם רופט צונויף אף דער כאסענע רײַכע מעכוטאָנים, און עסטער... עסטער, וואָס האָט אים געשוואָרן אין ליבע און אין טרײַשאפט, האָט אים פאראטן און האָט כאסענע פאר בערלען. די אלע טעג האָט ער אלץ ארויסגעקוקט אף עסטערן, געוואַרט אף איר אין אלע ערטער, ווו זיי פלעגן זיך באגעגענען, נאָר עסטער — ווי אין וואסער ארײַן. זי האָט זיך אויסבאהאלטן פון אים. ער האָט זי דערזען ערשט יענעם טאָג, ווען זי מיט בערלען האָבן דורכגעקנאקט איבערן דאָרף אין אן אויסגעפּוצטער טאטשאנקע און הינטער זיי, מיט אָנגעצויגענע ווישקעס, האָבן געיאָגט עטלעכע פול אָנגעפאקטע פורלעך. באלעבאטישע פערד האָבן גאדלעסדיק פאַריסן די קעפ, געטרייסלט מיט די הריוועס, בארימענדיק זיך מיט די ארײַנגעפלאָכטענע פילפארביקע סטענגעס. מער האָט שוין זאלמען ניט געהאט אף וואָס ארויסצוקוקן. זיי זײַנען דאָך געפאָרן אין זאגס! ער איז אוועק פונעם פענצטער און צוגעלייגט זיך אפן שמאָלן הילצערנעם סאָפּקעלע. דאָס אײנציקע מאָל אין לעבן האָט ער אף אן עמעס געוואָלט שטארבן.

אין א פּאָר שאָ ארום איז עסטער ארײַנגעלאָפן א פארפלאמטע, א פארסאָפּעטע, טראָגנדיק פאר זיך א פולן פאק שלייפן פון עפּעס אן אלטמאָדיש כאסענע־קלייד. דערזען זאלמענען אפן סאָפּקעלע, האָט זי אים א צי געטאָן פארן ארבל:

— זע, ער ליגט און דרימפּלט. און ס'גייט אים גאָר ניט אָן, אז אין א שאָ ארום וועט מען מיך פירן צו דער כופּע.

דער פעטער עליע, צו וועמען זיי זײַנען אוועקגעלאָפן, האָט אָנגעקוועלט, קוקנדיק אפן גליקלעכן פּאָרל:

— א מיצווע אף שאָלעמען! וואָדען? ער האָט געמיינט, אז וויבאלד „קאָפּשווינדל פון דערפאָלג", איז ער שוין פארטיק מיט אלעמען. אָבער וווהין טוט מען אײַך אהין? און וואָס וועט מאָרגן זאָגן דער פרומער ברודער מײַנער? ער וועט אונדז פארשעלטן.

— מיילע, — האָט זאלמען אים בארויִקט, — א קלאָלע מער, א קלאָלע ווינציקער — שוין אלציינס פארשאָלטן.

דאָס איז געווען א ביסל איבערגעטריבן. דער פרומער טאטע זאלמענס האָט אף זײַן לעבן קיינעם ניט געשאָלטן און קיינעם ניט געמישפּעט. דאָס, האָט ער געהאלטן, האָט רעכט נאָר דער אייבערשטער אליין. דערפאר טאקע האָט מען אים גערופן דאָוויד דער באל־כעסעד. אינעם קליינעם שולכל האָט דאָוויד דער באל־כעסעד פארנומען דאָס לעצטע אָרט, אף א לאנגער באנק בא דער סאמע טיר. שאָלעם, וועמען מע האָט גערופן באל־גווורע, איז געזעסן אין סאמע מיזרעך בא א ברייטן סטענדער, נאָר ער האָט ניט איין מאָל געטרוימט, אז מע זאָל אים אמאָל, אזוי ווי דאָווידן, אָנרופן מיטן נאָמען באל־כעסעד. אלע מאָל, ווען דער כעסעד איז אים אליין געקומען אין די הענט ארײַן, האָט ער אים ניט געקאָנט אײַנהאלטן.

דאָוויד האָט אָפּטמאָל שטיל געשפּעט פון שאָלעמען, ווײַל זײַן גווורע האָט ער גראָד געהאלטן פאר א שוואכקײַט. נאָר בייזערן זיך? דאָס איז ניט דאָווידס מידע. ער איז ניט געווען בעקויעך בייזערן זיך אפילע דאן, ווען שאָלעם איז זיך באגאנגען מיט אים זייער ניט לײַטיש. געקומען איז ער צו אים אין זייער אן ענגער מינוט. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. כוץ דאלעס, האָט דאָוויד פארמאָגט א סאך שטאָלץ.

— וואָס טוט מען, רעב שאָלעם, אז מע באקט אויס דאָס לעצטע ביסל מעל?

שאָלעם האָט פון דער זײַט געכאפּט א קוק אף זײַן שטילן שאָכן, דעם שטאָלצן קאפּצן:

— איר, רעב דאָוויד, זאָלט קומען צו מיר נאָך אָן אייצע?

— ניין, רעב שאָלעם, קיין אייצע דאַרף איך ניט. איך דאַרף אַ גמילעס־כעסעד.

שאָלעם האָט לאַנג געשוויגן. בלויז דאָס רעכטע אויג, וואָס האָט זיך פּלוצלינג צעפּינטלט, האָט געגעבן אָנצוהערן וועגן דעם שטאַרקן וויקועך, וואָס שאָלעם פירט אין זיך מיטן שאָכן און מיט זיך אַליין. ס׳איז אים בעפּייִרעש געפעלן געוואָרן, וואָס דאָוויד איז געקומען צו אים, און ס׳וואָלט בעפּייִרעש געווען אַ יוישער אויסדינגען בא דאָווידן אַ ביסל כעסעד. ווען נאָך וועט ער האָבן אַזאַ געלעגנהייט? נאָר — די שטיינערנע בּאָרד! ער האָט שוין אפילע געוואָלט אָפּענטפערן דאָווידן מיט אַ שפּאַס: ווי קומט צו אים כעסעד, אַז ער שטייט איין די גאַנצע צײַט בא דאָווידן. וואָלט אים דאָוויד געענטפערט מיט עפּעס אַ פּאָסעק, וואָלט ער אים אָפּגעענטפערט מיט נאָך אַ פּאָסעק, און דערנאָך וואָלט ער געזאָגט: „מיילע, מע איז דאָך שכיינים“. נאָר די באָרד האָט אים ניט געלאָזט אפילע אַ שפּאַס טאָן. אַ קוק געטאָן אויפן פאַרוואָלקנטן הימל, ווי וועלנדיק פעסט־שטעלן, וואָס וועט ער ברענגען — אַ שניי צי אַ רעגן, — און זיך אָנגערופן, ווי אָפּטמאָל, ווען מע פלעגט אים אײַן אַ וואָכעדיקן טאָג פאַרבעטן צו אַ מיניען:

— האַיוים קאָציר וועהאַמלאָכע מערובאָ[1]... ס׳הייסט, ווער האָט גאָר צײַט צו ריידן וועגן אַזעלכע זאַכן.

וואָס־וואָס, נאָר מיט דעם מין, מיט ווערטלעך פונעם פּיירעק, איז דאָוויד געווען רײַכער פון שאָלעמען. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף שאָלעמס געדיכטער זעקסקאַנטיקער באָרד און אַ גלעט געטאָן דאָס אייגענע בערדל. ס׳איז געווען צו שיטער אויף פאַרדעקן זײַן בלייך פּאָנעם.

— עס שטייט דאָרטן נאָך... אַל טאַאמין בעאַצמעכאָ אַד יוים מויסכאָ[2].

אַ זאָג געטאָן און אָוועקגעגאַנגען אָן אַ זײַ־געזונט. און זאָל שאָלעם אויסטײַטשן פאַר זיך דעם פּאָסעק, ווי ער וויל. עס קאָן דאָך הייסן אַזוי אויך: קיינער קאָן ניט זיכער זײַן אייביק ניט מיט זײַן גוורע, ניט מיט זײַנע רײַכטימער.

דערנאָך, אין אַ כוידעש אַרום, ווען מע האָט פון שאָלעמס הויף אַרויסגעפירט אַ פּאָר צענד־ליק פורלעך מיט ווייץ און מיט מעל, איז דאָוויד געווען מער בייז אויף זאַלמענען, ווי אויף שאָלעמען.

— זאָל אים גאָט מישפּעטן, — האָט דאָוויד געטײַנעט.

— וועלכער גאָט, טאַטע? אָט דער, וואָס איז ניטאָ?

— אַפּיקוירעס! אַרויס פון מײַן שטוב!!

ער איז נאָך מער געווען בייז אויפן זון דערפאַר, וואָס ער האָט אים אַרויסגעבראַכט פון זיך, געצוווּנגען אים אויסזידלען זיך, און דאָס איז דאָך איינע פון די גרעסטע אוויירעס!

זאַלמען איז פון שטוב ניט אַוועק. נאָר זיי האָבן אַ צײַט ניט גערעדט אייגער מיטן אַנדערן. דאָוויד האָט זיך געמאַכט, גלײַך ער זעט אים ניט, באַמערקט ניט, צי איז דאָ אין שטוב אַ זאַלמען, צי ניין.

— עך, דאָוויד, דאָוויד... — דאָס האָט דער פעטער עליע אַרויסגעזיפצט אין דער הייך. — פּרומער קאַפּצן. ער מיינט אויף אָן עמעס, אַז אויף זײַן כעסעד שטייט די וועלט. און שאָלעם שפּײַט אויף דעם. די גוורע איז דערוויילּ בא אים. נאָר דאָס וועלן מיר נאָך זען...

טאַקע יענע נאַכט איז בערל אוועק פון דאָרף. און ערשט אין דרײַ יאָר אַרום זיך אומגעקערט.

אין פּרײַען האַרבסט זײַנען געקומען פון דער אַרמיי צוויי אויסגעדינטע סאָלדאַטן — זאַלמען און בערל. זאַלמען איז געווען פאַרכידעשט און אײַנגעצײַטיק צופרידן. בערל איז געקומען פון דער אַרמיי אַ קאָמיוניסט. הייסט עס, די אַרמיי איז געווען פאַר אים אַ גוטע שול און ס׳איז פאַר קיינעם ניט געווען קיין ווונדער, וואָס זאַלמענען האָט מען אויסגעקליבן פאַר פאַרזיצער פון קאָלווירט און בערלען באַשטימט פאַר בריגאַדיר. די געשעענישן פון יענעם שטורמישן פרילינג האָט מען שוין קימאַט פאַרגעסן, און אין שאָלעמען האָט מען שוין אויך פאַרגעסן, און אויב אים אַמאָל דערמאָנט, איז דאָס געווען בלויז צוליב באַוווּנדערונג: ווי נעמט עס אַזאַ גוואַר און טוט מיטאַמאָל אַ שטאַרב?

די דערינערונגען האָבן ביסלעכווײַז אײַנגעוויגט זאַלמענען. אָפּט האָט זיך אים געדוכט, אַז ער ווערט אַנדרימלט, איז אָבער אַלע מאָל אופגעקומען אויפן זיקאָרן די באַגעגעניש מיט עסטערן, און...

„אַ גלאָז פרישע, וואַרעמע מילך!“

---

[1] היום קצר והמלאכה מרובה.

[2] אַל תאמין בעצמך עד יום מותך.

# 4

נאָך אלעמען איז די נאכט געווען צו קליין, זאלמען האָט ניט באוויזן ווי גע־העריק באטראכטן דאָס, וואָס ס'איז געשען אף דער גאס, וויאזוי מ'האָט אים גלײַך פארקנאסט פאר פּאָרזיצער. א נארישקײַט, פארשטייט זיך. עפּעס אזוי־אָ, אינמיטן דער גאס? און וואָס וועט דער ראיקאָם זאָגן? נאָר סײַווי האָט אין אים שוין געלעבט דער אומרו פון אן עמעסן באלעבאָס, און דאָס האָט אים א ניט אויסגעשלאָפענעם אראָפּגעריסן פונעם געלעגער, ווען אין דרויסן איז נאָך געווען היפּש טונקל.

— וועלן מיר זיך דורכגיין? — האָט ער זיך אָנגערופן צו יאנקלען, וואָס איז גלײַך נאָך אים, מיט א שטילן קרעכץ, אראָפּ פונעם געלעגער.

— וואָס אזוי פרי? מײַן פערל שלאָפט נאָך.

— מירן זיך דערווײַל באגיין אָן פערלען.

ווען זיי זײַנען ארויס אף דער גאס, איז נאָך געווען פריִער באגינען. יענע געציילטע מינוטן, ווען אפן מײַרעוו־ראנד איז דער הימל נאָך באנאכטיק־טונקל. אנטקעגן זיי איז א פארסאָפּעטער געלאָפן דער פעטער עליע. ער איז ארויסגעשוווּמען פונעם שיטערן באגינענדיקן נעפּל פונקט אזא, ווי זאלמען האָט אים פארגעדענקט: מיט זײַן שמײַדיקן שפּאן פון א שטענדיק פארנומענעם מענטשן, דער קאָפּ א ביסל אין א זײַט און די אויגן צוגעזשמורעט, כאָטש די זון האָט זיך ערשט געקליבן אופגיין. אפן קאָפּ — דאָס זעלבע היטל, וואָס מיט יאָרן צוריק, ניט קיין זומערדיקס, ניט קיין ווינטערדיקס, א היטל, וואָס זאלמען געדענקט ניט, עס זאָל געווען אמאָל זײַן נײַ, פונקט ווי ער געדענקט ניט דעם פעטער עליען א יונגן. אָבער עלטער איז דער פעטער אויך ניט געוואָרן.

— נו, זאָל ניט א רועך אין זייער טאטנס טאטן ארײַן?!

און דאָס איז אויך געווען פון יענעם, פונעם אמאָליקן, פארמילכאָמעדיקן פעטער עליע — סײַ זײַן אויפן פון זידלען זיך, סײַ דאָס כיטרע שמייכעלע, וואָס האָט געדארפט דערזאָגן אזוינס, וואָס מע קאָן ניט אויסדריקן מיט קיין ווערטער.

ער האָט ארומגענומען זאלמענען, געדרייט אים אף אלע זײַטן, זיך אײַנגעקוקט, ווי וועלנדיק איבערצײַגן זיך, אז ער זעט אים טאקע פאר זיך א לעבעדיקן. ווידעראמאָל ארומגענומען, און ווידעראמאָל געקושט, און די גאנצע צײַט ניט אופגעהערט צו ריידן:

— זע נאָר, וואָס אף דער וועלט טוט זיך! און גראָד אין דעם אָוונט אין דער היים ניט גענעכ־טיקט. איבער די בינען, א רועך אין זייער טאטן ארײַן. אוי, דו ווייסט דאָך שוין מיסטאמע וועגן אלץ, און שולדיק בין איך, פארשטייט זיך, און ווידער איבער די בינען...

שוין לאנג איז זאלמענען ניט געווען אזוי גוט, אזוי היימלעך, ווי אין די אָרעמס פונעם פעטער. געדוכט האָט זיך אים, אז דאָס נעמט אים אלע מאָל ארום אן אנדערער: דער טאטע, די מאמע, עסטער... א גאנצן אָוונט און א גאנצע נאכט האָט ער געטראכט וועגן טאטן און מוירע געהאט צו פרעגן עמעצן וועגן אים. אייגנטלעך, איז דער ענטפער געווען קלאָר. אנדערש וואָלט עמעצער געווען דערמאָנט וועגן אים. נאָר איצט האָט ער ניט אויסגעהאלטן:

— וואָס איז געשען מיטן טאטן?

— מיטן טאטן? דאָס, וואָס מיט א סאך ייִדן. נו, קיין יונגערמאן איז ער שוין ניט געווען. באָטש — א ייִד א גיבער. נאָר גיי ווייס...

יאנקל האָט אָנגעהויבן אונטערווינקען עליען, ער זאָל עס מאכן בעקיצער, ער וועט נאָך באווײַזן, הייסט עס, דערציילן וועגן דעם. עליע האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס יאנקל מיינט, נאָר פארדרייען אף עפּעס אנדערש ניט געקאָנט. ער האָט אָנגעהויבן דערציילן א געשיכטע פון ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. דערנאָך א קלאפּ געטאָן זיך מיט דער האנט אין שטערן און זיך ווידער אויסגעזידלט:

— א רועך אין זייער טאטן ארײַן! איך בין דאָך געקומען רעדן וועגן זיי, וועגן די בינען! זשאלעוועץ זיך געקומען. געדענקסט אונדזער פּאסיקע. פינף הונדערט בינשטאָקן געווען. און אז איך האָב זיך אומגעקערט, האָב איך געטראָפן אינגאנצן אכט. איך שרײַ גוואלד, מע דארף וואָס גיכער אופשטעלן די בינען־פערמע, דאָס איז דאָך טויזנטער, מיליאָנען, איז גיי רייד מיט א שנײַ־דער. ער טײַנעט — דער ראיאָן. ניטאָ קיין דירעקטיוו וועגן בינען.

— איצט האָב טײַנעס צו זאלמענען, — האָט יאנקל צוגעשמייכלט האלב שולדיק און האלב צופרידן, — פון הײַנט אָן איז ער ווידער פּאָרזיצער.

— איז דאָך אוואדע גוט. ווען זשע קומסטו אף דער פּאסיקע, זאלמען?

— אָט גייען מיר באקוקן די פעלדער, דערנאָך...

— יאָ, יאָ, דערנאָך, דערנאָך, — האָט יאנקל אונטערגעכאפּט. — מיר וועלן אומבאדינגט זײַן. און כ'וועל דיר אײַנוועגס אראָפּנעמען א מאָס אף א נײַעם בעגעד.

— אף א נײַעם בעגעד וועל איך אָפּזוכן א בעסערן שנײַדער, — האָט עליע פריילעך א ווונק

געטאַן צו זאַלמענען, ווי איינער רעדט: „ווי געפעלט דיר דער פעטער עליע? ער קאָן נאָך אָפּענטפערן?"

יאַנקל האָט אַלץ מוירע געהאַט, אַז זאַלמען זאָל ווידער ניט אַ פרעג טאָן וועגן טאַטן. ער האָט אים אַ צי געטאָן באַם אַרבל און זיך אָנגערופן:

— איז גייען מיר? עס ווערט שפּעט...

יאַנקל האָט געפּרוווט פאַרקערעווען גלײַך אין סטעפּ, נאָר זאַלמען האָט אים אָפּגעשטעלט.

— מיר וועלן פריִער אַ קוק טאָן אויפן טאַטנס שטיבל.

אים האָט אַלץ געבוירערט אין קאָפּ אַ געדאַנק — זיך באַזעצן אינעם טאַטנס שטיבל. פאַרט אַן אייגנס, דאָרט איז ער געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן, אים וועט דאָרט זײַן גוט, היימלעכער.

דאָס לעצטע שטיקעלע האָפענונג איז אויך צערונען געוואָרן. פון אָנפאַנג האָט ער ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס איז אַלץ עפּעס אַזוי ניט געוויינלעך פאַרן אויג... דאָס דאַרף זעט אויס ווי אונטערגעקירצט. ערשט דערנאָך האָט ער פאַרשטאַנען: די לעצטע עטלעכע הײַזער פון דער גאַס זײַנען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן, אויסגעגלײַכט מיט דער ערד, וואָס איז איבער־געאַקערט געוואָרן און צונויפגעגאָסן זיך מיטן סטעפּ. און אַ מאָדנע זאַך: אַרום איז דער סטעפּ געשטאַנען אַ פאַרוואָרלאָזטער, אַ פאַרבוריאַנעוועטער און גראָד דער דערבײַיִקער ניט גרויסער מאַסיוו אינײנעם מיט דעם פלאַץ פון די פאַרשוווּנדענע הײַזער זײַנען געווען פאַרזייט מיט ווינ־טער־ווייץ. דער ווייץ איז שיטער אופגעגאַנגען און ניט איבעריק הויך אויסגעוואַקסן און דערי־בער ניט געקאָנט פאַרבאַהאַלטן פונעם מענטשנס אויג די שטיקלעך ציגל, ערטערוויִיז רויטע און ערטערווייז צוגעברענטע, פאַרסאַזשעטע.

— אונדזער שטוב איז געווען די דריטע פון ברעג, — האָט זאַלמען אַרויסגערעדט ווי פאַר זיך אַליין.

— יאָ, יאָ, די דריטע, — האָט יאַנקל אונטערגעכאַפּט אַ צופרידענער דערמיט, וואָס זאַלמען האָט אָנגעהויבן רעדן. — די ערשטע איז געווען אַבע־שמועלס, די צווייטע... איר געדענקט דאָך מיסטאָמע די אַלטע גאָלדע? זי האָט זיך אײַנגעשפּאַרט — זי וויל אין ערגעץ ניט פאָרן, זי וויל שטאַרבן אין איר אייגענער שטוב.

דערפילט, אַז ער האָט אָנגערירט אַן איניען, וואָס ער האָט די גאַנצע צײַט זיך געסטאַרעט אויסמײַדן, איז ער אַנשוויגן געוואָרן און פון דער זײַט אַ קוק געטאָן אויף זאַלמענען.

— און אַט איז אײַערע? דערקענט?

אַ גרינג ווינטעלע, ווי ס׳טרעפט אָפּט באַגינען, האָט אַ גלעט געטאָן דעם יונגן ווייץ, ווי צוגעקעמט אים. דינע זאַנגען, וואָס האָבן ערשט געקליבן זיך צווייטען, האָבן מיט אַ פּאַרכטיקער שטילקײַט זיך פאַרנייגט פאַר זאַלמענען, זיך פאַנאַנדערגערוקט און אָפּגערייניקט פאַר אים אַ שמאָל סטעזשקעלע. אין איין אויגנבליק איז פאַר אים אופגעשווּמען דאָס אַלטע שטיבל זייערס, אָט אַזאַ, ווי עס איז געשטאַנען אָן אַ שיר יאָרן: מיטן אַלטן היפּש־איבערגעפוילטן יערושע־מעבל, מיט אַלע ליימענע שיסלען און קריגעלעך, מיט די מילכיקע הילצערנע לעפל, מיט דער האַלב פאַרזשאַווערטער קופּערנער קוואָרט, וואָס איז געשטאַנען אין קיך אויף אַ נידעריק בענקעלע. ניט ווײַט פון דער שטוב שטייט די מאַמע, אַן אײַנגעבויגענע איבער אַ בייט קאַרטאָפל, און אינעם שמאָלן אַלקערל — דער טאַטע אין טאַלעס־און־טפילין. ער שאָקלט זיך, בייגט דעם קאָפּ צו דער ערד און שעפּטשעט שטיל.

זאַלמען איז לאַנג געשטאַנען אויף דעם אָרט, וווּ עס איז געווען זייער שטיבל. יעדער שטיינ־דעלע, יעדער פאַרייכערט שטיקל ציגל האָט אים געהאַלטן אין איין דערציילן און דערמאָנען אָן אַ שיר שוין לאַנג פאַרגעסענע זאַכן. און יעדער דערמאָנונג האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ וויטעק־לעכן ברי. ער איז דאָ געשטאַנען, ווי לעבן טאַטנס קייווער, און עפּעס גאָר אַ נײַ און אומבאַקאַנט געפיל האָט אָנגעהויבן פּרעסן דאָס האַרץ — אַ געפיל פון שולד פאַרן אַלטן טאַטן, וועמען ער האָט אַזויפיל צאָרעס אָנגעטאָן.

„טאַטע, זײַ מיר מויכל..."

דערפילט, אַז אָט־אָט וועלן טרערן אַ שפּריץ טאָן פון די אויגן, האָט ער מיט אַלע קויכעס אָפּגעריסן די פיס פון דער ערד און אַרויס אויפן וועג. יאַנקל איז אים נאָכגעגאַנגען און ניט געוווּסט, וואָס זאָל ער איצט זאָגן אויף אָפּווענדן זאַלמענען פון די שווערע געדאַנקען. נאָר זאַלמען האָט אָנגעהויבן דער ערשטער:

— פאַרוואָס האָט איר גראָד דאָ פאַרזייט ווינטער־ווייץ? קאַרג ערד פוסטעוועט?

— אַ פּאַשעטער סייכל: ס׳איז נעענטער צום דאָרף. איצט דאַרף מען מעסטן יעדן שפּאַן. עס סטײַעט ניט קיין פּאָדעם!

נאָר זאַלמען האָט שוין געטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש: אָט גייט ער איבער דער אייגענער

ערד, נאָר ער פאַרמאָגט איצט גאָרנישט ניט, וואָס זאָל אים פאַרבינדן מיט זײַן פאַרגאַנגענהייט, כּוץ אָט די פּאַרקוילטע שטיקלעך ציגל... יאָ, און זיאַמעלע, זײַן מיידעלע, זײַן טאָכטער!..

— וואָס האָט איר געזאָגט? — האָט ער קוים אַרויסגעריסן זיך פון זײַנע געדאַנקען. ער האָט אַ נעם געטאָן יאַנקעלען אונטער דער האַנט און אים אַוועקגעפירט מיטן וועג צום סטעפּ. — אַנו, ווײַזט, וואָס טוט זיך דאָ בײַ אײַך?

5

דאָס ביסל קעראָסין, וואָס איז געבליבן אין לעמפל, וואָלט געסטײַעט אױף אַ גוטע פּאָר שאָ. נאָר דאָס קנייטל איז געווען צו קורץ און האָט ניט געקאָנט אַ לעק טאָן דעם נאַפט, האָט זיך עס צעפלאַקערט, צעפלאַמט, געפּרוּווט אַ פּאָר מאָל כאַפּן דעם אָטעם און דערשטיקט געוואָרן פון דעם אייגענעם רויך. עסטער האָט אַפילו ניט באַמערקט, ווי אין שטוב איז געוואָרן פינצטער. זי איז געלעגן אײַנגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און געביסן דאָס פֿײַכט געוואָרענע ציכל. זי האָט געפּרוּווט אײַנרעדן זיך, אַז איר איז גוט. זי איז אױף אַן עמעס גליקלעך: זאַלמען לעבט! און וואָס דאַרף זי נאָך? זאַלמען לעבט, און זיאַמעלע איז ניט קיין יעסוימע. איר איז גוט, טויזנט מאָל גוט! נאָר דאָס האַרץ האָט ניט געוואָלט קיין אײַנריידענישן.

אַוודע וואָלט זי געדאַרפט אַרויס אױף דער גאַס, שרײַען, גוואַלדעווען, רופן אָדער גלאַט אַזוי אויסוויינען פאַר דער וועלט איר ווייטעק. זײַנען איר אָבער אויסגעגאַנגען די קויכעס. איז זי געלעגן און ניט אויפגעהערט מוטערן זיך: אַזאַ נאַרישקייט אָפּטאָן, אַרײַנגעפאַלן אינמיטנדערינען מיט דער גלאָז מילך. וואָס האָט זאַלמען געקאָנט מיינען? טרינק אויס אַ גלאָז מילך און גיי פונדאַנען? זי האָט אים ניט געטאָרט אַרויסלאָזן, זי האָט אים געדאַרפט צווינגען זיך צוזעצן און אויסהערן זי, און זאָל ער וויסן, וואָס מיט איר איז פאָרגעקומען.

„איך וויל ניט, זאַלמען, פאַרענטפערן זיך. איך בין אין גאָרניט ניט שולדיק. איך וויל נאָר, זאָלסט וויסן...“

בערל, וואָס איז אַוועק נאָך דער פעלדשערקע, האָט מער זיך ניט באַוויזן, און עסטער האָט געהאַט אַ לאַנגע, שלאָפלאָזע נאַכט אױף אָנרעדן זיך אין געדאַנק מיט זאַלמענען. זי האָט נאָר ניט געוווּסט, פון וואָס אָנצוהייבן, וויאַזוי געבן אים צו פאַרשטיין, אַז פונעם ערשטן טאָג אָן, נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך געזעגנט, האָט זי געהאַט איין פאַרלוסט נאָכן צווייטן.

צוערשט האָט זי פאַרלאָרן דעם שווער, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט עוואַקוירן. זי האָט זיך געלאָזט אין וועג מיטן פעטער עליע. אױפן דריטן טאָג האָבן די דײַטשישע אַעראָפּלאַנען זיך צוגעטשעפּעט צו זייער אַבאַז, צעשמעטערט, צעטריבן, צעזייט אַלעמען איבערן סטעפּ, און זי האָט אָנגעהויבן אַרומבלאָנדזען איבער דער וועלט איינע אַליין, אָן דעם פעטער עליע, אָן דעם פורל, אָן דעם ביסל גוטס.

דערנאָך איז געקומען איינע פון די שרעקלעכסטע נעכט. זי איז געזעסן באַם ברעג פון דער וואָלגע אײַנגעאַנצן אָן אויסגעשעפּטע. איר האָט זיך געדוכט, אַז קיין שום קויעך אין דער וועלט וועט זי איצט ניט אָפּרײַסן פונעם טײַך. און צוליב וואָס? צוליב וואָס לעבן אױף דער וועלט? און דאָ האָט זי דערפילט אַזאַ שאַרפן, אַזאַ ווייטעקלעכן שניט אונטערן האַרצן. ס'איז איר געוואָרן ניט גוט, ווי צום כאַלעשן. דאָס פּיצל האָט זיך אַ רודער געטאָן אין איר. ס'האָט ניט געוואָלט גיין אין טײַך אַרײַן. ס'האָט געוואָלט לעבן, דאָס פּיצל!

האָט עס זי אַ הייב געטאָן, אַ ריס געטאָן פון דער ערד און געצוווּנגען אַוועק, אַנטלויפן פונעם טײַך. זי האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ גרינגקייט אין די פיס. שוין ניט אַליין. אינצווייען איז פאַרט גרינגער.

און דאָס פּיצל האָט זי שוין קיין מינוט רוען ניט געלאָזט. ס'האָט געמונטערט, אונטערגעיאָגט. און ווען זי האָט זיך פאַרקליבן ווײַט קיין סיביר און ס'האָבן אָנגעהויבן נעמען די עמעסדיקע פרעסט, איז ווידער דאָס פּיצל...

אַ מאַזל פונדעסטוועגן. זי האָט געטראָפן צו גוטע מענטשן. נאָר יענעם פּראַסטיקן פאַרנאַכט, ווען זי האָט קוים אַ לעבעדיקע אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און געבעטן זיך איבערנעכטיקן, האָט זי וועגן דעם נאָך ניט געוווּסט.

דער באַלעבאָס, אַנטאָן גאַווּרילאָוויטש, האָט זי אָנגעשראָקן מיט זײַן הויכן וווּקס און מיט זײַן שווערן, שווײַגנדיקן בליק. יעקאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ האָט איר אויסגעזען מער צוגעלאָזט.

זי איז געבליבן נעכטיקן. די טײַגע האָט דאָ געוועלטיקט איבער אַלעמען, אַרײַנגעקוקט אין יעדער פענצטער און געשראָקן מיט איר אומפאַרשטענדלעך רוישן. דאָס געלעגער האָט זי אויך געשראָקן. נאָך אַזויפיל וואָגלענישן איז פּאַשעט שווער געווען צו גלייבן אין אָט דער זויבערער קישן און וואַרעמער קאָלדרע.

נאָר גאַנצפרי האָט אַלץ אָנגעהויבן אויסזען אַנדערש. אַפילו דער שוואַרצער אָנצוג פון דער

באַלעבאָסטע איז איר אויך געוועז צום האַרצן. יעקאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ האָט אַף אַ היימישן אופן זיך צוגעזוצט לעבן איר אָפּן בעטל:

— מיר האָבן געשמועסט וועגן דיר מיטן אַלטן. פאַרשטייסט, מענטשן קומען אָן פאַרשיידענע, און מיר האָבן זייער מוירע פאַר שלעכטע מענטשן. אַ דירע, זעסטו, איז בא אונדז ניט קיין קליינע. ס׳איז בא אונדז ביז גאָר פריי געוואָרן, ביידע זין זיינען אָפּן פראָנט. איז אויב מיר וועלן געפעלן וועלן איינער דעם אַנדערן...

די צוקער־פאַבריק האָט געפאָדערט מענטשן, און אָפּן דריטן טאָג איז עסטער אַרויס אַף דער אַרבעט. כאָטש אַנטאָן גאַווערילאָוויטש האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז זי דאַרף זיך אָפּרוען. אַ מאָשל, וואָס הייסט אָפּרוען, אַז אַנטאָן גאַווערילאָוויטש שטייט אָפּ בא דער אַרבעט צוויי סמענעס נאָכאַנאַנד. זי האָט אויך געוואָלט זיך אָנהאָרעווען פאַרן טאָג אַזוי, אַז זי זאָל צו פאַרנאַכט־צו פאַרגעסן אין אַלץ. נאָר ס׳האָט זיך ניט פאַרגעסן. און יעדער אָוונט, נאָך דעם, ווי זייער בריגאַדע האָט אויסגעלאָדן אַ צען וואַגאָן בורעקעס, האָט זי זיך געזעצט שרייבן בריוו, געזוכט זאַלמענען, דעם פעטער עליע, בא יעדער געלעגנהייט געגאַנגען צו דער סטאַנציע באַגעגענען די עשעלאָנען מיט פאַרוווּנדעטע, עפּשער... עפּשער כאָטש אַ גרוס.

אין יענעם שווערן סיבירער ווינטער מיט די בראָטנדיקע פרעסט, פון וועלכע ס׳האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם, ווען דער שניי, וואָס סקריפּעט אונטער די פיס, האָט זיך געהערט אַף מיילן, ווען אַרום האָט געשמעקט מיט זיסע בורעקעס, מיט זויערלעכן זשאָם, מיט איבערגעברענטן צוקער, ווען די לופט איז געווען פול מיט נאָגנדיקן וואַרטן, האָט זיך אַ יאַווע געטאָן דער פעטער עליע. אַ פאַרוואַקסענער, אָן אָפּגעריסענער, אַ היפּש אויסגעהונגערטער. אָבער פאָרט דער פעטער עליע! מונטער, פריילעך!

— נו, וויבאַלד עסטער איז בא אייך, קענט איר שוין מיך אויך מיסטאַמע.

זיך באַקענט מיט די באַלעבאַטים, האָט ער גלייך גענומען זידלען עסטערן:

— ווּהין ביסטו עס אַהינגעקומען? פאַר די באָמבעס זיך דערשראָקן?

ער איז שוין, אָפּאַנעם, געוווינט געווען צו פרעמדע הייזער און צו פרעמדע טישן, און לאַנג בעטן האָט מען אים ניט געדאַרפט, ער האָט געגעסן, ווי בא זיך אין דער היים, לויט זיין טעווע. הילכיק צוגעסמאַטשקעט און ניט אופגעהערט דערציילן, וויאַזוי ער האָט אַרומגעבלאָנדזעט איבער די וועגן, אַרומגעשפּאַנט איבער די סטאַנציעס פון איין עשעלאָן צום צווייטן, געזוכט עסטערן. דערנאָך האָט ער זיך דערוווּסט, אַז ס׳איז דאָ אַף דער וועלט אַ שטאָט בוגורוסלאַן, וואָס געפינט און פירט צונויף אַלע פאַרלאָרענע. וואָס זשע וועט ער גיין שרייבן? דאָס איז ניט פאַר אים. דערקליבן זיך קיין בוגורוסלאַן און געשטעלט זיך אַרבעטן פאַר אַ וועכטער אין דער אַדרעס־ביוראָ. ער איז געווען זיכער, אַז אויב עסטער לעבט, וועט זי מיטיילן איר אַדרעס. און ער האָט זיך דערוווּסט.

— אָבער טאַקע געפונען, — האָט ער געשמייכלט אַ צופרידענער, — וואָדען? ווי וואָלט איך געקאָנט קוקן זאַלמענען אין די אויגן אַריין?

דער פעטער עליע איז גלייך געפעלן געוואָרן די באַלעבאַטים. אַפילע אַנטאָן גאַווערילאָוויטש האָט אויך אונטערגעשמייכלט פון עליעס דערציילונגען, באַזונדערס, ווען ער האָט אָנגעהויבן לויבן דעם פלעמעניק.

— ע, ווען איר קענט אונדזער זאַלמענען. דער ערשטער אין ראַיאָן געווען, אין געגנט האָט מען אים געקענט. אָט וועט ער קומען, וועט איר זען.

דער פעטער עליע האָט אַפילע קיין טאָג ניט געקאָנט זיצן ליידיק. גלייך אַוועק אַרבעטן אין די זשאָם־גריבער. ער האָט זיך באַרימט, אַז קיין בעסערע אַרבעט איז אַף דער וועלט ניטאָ, באַזונדערס אין סיביר. פונעם זשאָם גייט אַזאַ ליבע וואַרעמקייט, אַז מע פילט ניט דעם פראָסט. און דער איקער — ס׳איז די בעסטע רעפּוע צו זיין רעוומאַטיזם, בעסער פון אַלע קוראָרטן.

דאָס בריוול אינעם שוואַרצן ראַמל איז אָנגעקומען אַ כוידעש נאָכן קימפּעט. און נאָך אַ כוידעש האָט מען די יעדיע פון איר אויסבאַהאַלטן. עסטער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס איז דער פעטער־עליע אַזוי פאַרטומלט. לויפט אַריין אַף אַ ווײַלע און לויפט גלייך אַוועק. ער האָט געטייַנעט, אַז ער איז שטאַרק פאַרנומען. אינדערעמעסן האָט ער פּאַשעט מוירע געהאַט, זי זאָל עפּעס ניט דערקענען אין זיינע אויגן. האָט יעקאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ געמוזט נעמען אַף זיך אַלץ: וואַשן די ווינדעלעך, באָדן דאָס קינד, פּילנעווען עסטערן און לאָזן אַ טרער, אַז עסטער זאָל ניט זען. זי, יעקאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ, וואָלט אויסגעהאַלטן ווייטער, נאָר עליע האָט געזאָגט, ער קאָן מער ניט. ער איז מער ניט בעקויעך באַהאַלטן פון עסטערן זיינע אויגן. יעקאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ האָט זי געטרייסט און געזידלט.

— דו טאָרסט זיך ניט אָפּלאָזן. דו מוזט זיך פּילנעווען, ווי פריִער. ווילסט, דאָס קינד זאָל בלייבן אַ קיילעכיקע יעסוימע?

און דער פעטער... „אוי, זאַלמען, קענסט ניט דעם פעטער עליען?"

ס'איז געקומען די צײַט, ווען לויט זײַן כעזשבן האָט שוין געדאַרפט זײַן פרילינג, נאָר ס'איז נאָך קיין סימען ניט געווען. דער פעטער עליע האָט פון גאָרנישט ניט געוואָלט וויסן. ער האָט אים געזוכט אין אַלע ווינקעלעך, דעם פרילינג. אין די פרײַע שאָען אַרומגעשפּאַנט איבער דער טײַגע, צעגראָבן מיט די שטיוול דעם שניי, אַרומגעטאַפּט די צווײַגן, געקאָלופּעט די קאָרע, ער האָט געזוכט דעם פרילינג. די בינען האָבן אים רוען ניט געלאָזט. ווי האַלטן זיי עס אויס אַזאַ לאַנגן און קאַלטן ווינטער? און צי זײַנען ביכלאַל ערגעץ פאַראַן בינען? דערוווּסט זיך, אַז אין־גאַנצן אַ קילאָמעטער זיבעציק פונדאַנען איז פאַראַן אַ גרויסע פּאַסיקע, האָט ער אײַנגאַנצן אַנגעווווירן די רו.

— מירן זיך איבערקלײַבן אַף דער פּאַסיקע, — האָט ער געגומען אײַנריידן עסטערן, — צוקער איז טאַקע אַ גוטע זאַך, אָבער האָניק!..

עסטער האָט ניט געוווּסט, אַז די גוטע, די שטילע יעקאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ קאָן אויך זײַן בייז.

— אויב דיר געפעלט ניט בא אונדז, קאָנסטו דיר גיין מיט דײַן פעטער, וווהין דו ווילסט. נאָר דאָס קינד וועל איך אײַך ניט געבן. מע ווייסט נאָך ניט, וואָס פאַר אַ האָניק איר וועט דאָרט לעקן.

מיטן פעטער עליען האָט זי גערעדט נאָך שטרענגער:

— איר מעגט זיך שעמען. אַן עלטערער מענטש זאָל זײַן אַזוי לײַכטזיניק.

דער פעטער עליע האָט זיך פאַרענטפערט, דערוויזן די באַלעבאַטים, אַז זיי פאַרשטייען גאָרנישט ניט אין בינען. און ניט נאָר זיי, די גאַנצע מענטשהײַט. אַזאַ טײַגע! אָט, אַשטייגער, צוקער. מע אַקערט, מע זייט, מע באַאַרבעט טויזנט העקטאַרן, מע בויט זאַוואָדן. און וויפל מענטשן אַרבעטן עס, ביז מע קריגט אַרויס אָט דעם צוקער! און דאָ גייען אַוועק מיטן רויך מיליאָנען פודן האָניק.

אַנטאָן גאַוורילאָוויטש, בא וועמען ס'איז שטענדיק שווער אַרויסקריגן אַ וואָרט, האָט דאָס מאָל געפונען פאַר נייטיק אָפּענטפערן:

— אויב די מענטשהײַט, ווי איר זאָגט, פאַטערט אַזויפל מי אַף אויסאַרבעטן צוקער, איז דאָס מיסטאָמע דערפאַר, וואָס אַף די בינען מיט זייער האָניק קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן.

אַלע האָבן געמיינט, אַז מע האָט אים איבערגערעדט. נאָר אינמיטן אַפּרעל, ווען די טײַגע איז נאָך געווען פול מיט שניי, האָט ער אָפּגעטראָגן אַפן סקלאַד זײַן ספּעצאָוקע און אָנגעהויבן זיך קלײַבן אין וועג אַרײַן.

— עפּעס האָט בא מיר אַ ווערט זיבעציק קילאָמעטער? — האָט ער זיך באַרימט. — פאַר צוויי טעג בין איך דאָרט.

דערצו האָט ער געמוזט געבן צו פאַרשטיין דער באַלעבאָסטע, זי זאָל אים ניט האַלטן פאַר קיין לײַכטזיניקן מענטשן.

— ווי מיינט איר? און טאָמער איז זייער בינענציכטלער אַוועק אַפן פראָנט? און פרילינג איז זייער אַ וויכטיקע צײַט פאַר די בינען. מע דאַרף וויסן, ווי באַגיין זיך מיט זיי.

אָפּגעזעגנט האָט ער זיך בעכיפאָזנדיק, ווי מוירע געהאַט, מע זאָל אים ניט איבערעדן. און ווי שטענדיק מיט זײַן שמייכל:

— כ'וועל אין האַרבסט זיך אומקערן מיט אַ פולן עמער האָניק.

זי איז טאַקע געווען בייז, יעקאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ, אַ גאַנצן טאָג ניט אַרויסגעלאָזט די שפּיזלעך פון די הענט און ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. דערפאַר האָט עסטער לאַנג געקליבן זיך, ביז זי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געגעבן איר אָנצוהערן, אַז זי קלערט די טעג אַרויס אַף דער אַרבעט.

— גיי, גיי. אויב דיר איז אומעטיק מיט מיר, קאָנסטו אינגאַנצן אַוועק צו דײַן געטרײַען פעטער.

יאָ, ס'איז איר טאַקע געווען אומעטיק. און יעדע פרײַע מינוט איז געווען פאַר איר אַן אָפּקומעניש. זי האָט ניט געקאָנט, ווי יעקאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ, שטילן איר טרויער מיט פלעכטן שקאַרפּעטקעס. זי האָט געמוזט זיך אָנהאַרעווען אַזוי, אַז דערנאָך זאָל זי קוים דערשלעפּן די פיס אַהיים און צופאַלן צום בעט, ווי אַ טויטע. פאַר זיאַמעלען איז זי געווען רויִק. אַז מע האָט אַזאַ באָבע...

אָנהייב ווינטער האָט דער פעטער עליע זיך געיאָוועט. טאַקע מיט אַ פולן עמער האָניק. נאָר ווען ס'האָט אָנגעהויבן שמעקן מיט פרילינג, איז ער ווידער אַוועק.

— ס'איז פּאָשעט אַ פאַרברעכן. אַזאַ טײַגע! — האָט ער געטײַנעט צו אַנטאָן גאַוורילאָוויטשן, כאָטש יענער האָט מער ניט געקליבן זיך דערווידערן.

דערפאר האָט אים עליע אזוי ליב געקראָגן. יענער האָט זעלטן ארויסגערעדט א וואָרט, און עליע האָט געקאָנט רעדן וועגן די בינען וויפל דאָס הארץ גלוסט. לויט זיין, עליעס, סייכל, איז אויסגעקומען, אז אין אזא טייַגע קאָן מען אוועקשטעלן צענדליקער טויזנטער בינשטאָקן. מע וואָלט געקאָנט פארגיסן דאָס לאַנד מיט האָניק, און אויב מע האָט זיך ניט דערטראַכט דערצו ביז דער מילכאָמע, וועט מען נאָך דער מילכאָמע געוויס זיך א נעם טאָן פאר דעם. זאָל מען זיך נאָר אָפּפארטיקן מיט היטלערן. וואָרעם ס'איז דאָך א ביזאיען פאר דער וועלט. ארום און ארום אזא טייַגע, און פאסיקעס איז פאראן אין א קאָלווירט איבער צען.

דעם דריטן פרילינג — ווידער די זעלבע געשיכטע. ער האָט שוין פאסיקעס אין פינף קאָל־ווירטן. ווי שטענדיק, האָט ער געזעגנט זיך אין איילעניש, גלייך ער גייט אוועק אף עטלעכע שאָ.

— וואַרט אף מיר מיט האָניק.

זיי זיינען שוין געוווינט געווען בלייבן אף זומער אליין. אנטאָן גאווריליאָוויטש פלעגט אויך אוועק. ערגעץ ניט וויַיט האָט מען געבויט א נייעם צוקער־זאוואָד, און אָן אים האָט מען זיך ניט געקאָנט באַגיין. האָבן זיי געמוזט איינרעדן איינע דער אנדערער, אז זיי זיינען ניט עלנט. זיי האָבן דאָך ביידע זיאמעלען, וואָס וואַקסט פון טאָג צו טאָג, וואָס לערנט זיך שוין גיין, וואָס פרוווט שוין אויסרעדן א וואָרט. און ווען זי האָט דאָס ערשטע מאָל געזאָגט „באָבע קאַטיא!"...

זיי האָט זיך געדוכט, אז אזוי וועט שוין זיין שטענדיק. אז זיי איז באַשערט איינעם זיך עלטערן, איינעם אויסכאַווען זיאמעלען, און אָפּטמאָל האָבן זיי געפרוווט פאָרשטעלן זיך, ווי וועט זיאמעלע אויסזען, ווען זי וועט ווערן א גרויסע. נאָר ס'איז געקומען דער זומער פון פיר־און־פערציקסטן, און אלע טאָג האָט מען אויסגערופן צענדליקער באפרייטע שטעט און דערפער פון אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד. און ווען אין איינעם אָן אָוונט האָט מען צווישן די באפרייטע יישוווים אָנגערופן זייער קאָלווירט „ניי לעבן"...

זיי זיינען געווען עָנלעך איינע אף דער צווייטער מיט זייער אומעט און טרויער, מיט זייערע ווייטעקן און פארלוסטן. ביידע האָבן צוערשט באווייַנט זאלמענען, דערנאָך קאַטערינעס עלטערן זון. ניט מער, יעקאַטערינא איוואַנאָוונא איז פאר דער צייַט אינגאנצן גראָוו געוואָרן, און בא עסטערן האָבן זיך באוויזן בלויז די ערשטע סימאָנים פון גראָווקייַט. זיי זיצן אין דער פינצטער אף עסטערס בעטל, און יעקאַטערינא איוואַנאָוונא טייַנעט:

— וווּהין איז די אייַלעניש אף די רוּינעס, און איינע אליין? וואַרט צו, ביז דער פעטער וועט קומען. און עפשער וועט איגגיכן די מילכאָמע זיך ענדיקן...

און דער פעטער עליע איז ווי אין וואַסער אריין. אזא נארישקייַט אָפּטאָן. קיינמאָל דעם אדרעס בא אים ניט גענומען. ס'איז שוין געווען הארבסט. שוין צייַט געווען, ער זאָל קומען, און ווי אפצולאָכעס...

זי האָט בעשום־אויפן ניט געקאָנט בייַקומען די בענקעניש. שוין, דוכט זיך, אייַנגערעדט זיך, אז זי טאָר זיך ניט לאָזן אין וועג איינע אליין, אז זי טאָר זיך ניט שיידן מיט יעקאַטערינא איוואַנאָוונא, אז זי טאָר ניט, זי טאָר ניט... און אין עטלעכע מינוט ארום...

ווּעמען איז ניט באקענט די נאָגנדיקע בענקעניש נאָך דעם שטיקל ערד, וואָס דו רופסט אָן היים, נאָך דער ערד, וואָס איז דיר נאָכגעגאַנגען אין אלע דייַנע וועגן, אין אלע דייַנע וואַגלענישן, די ערד, וואָס דו האָסט יעדע נאכט געזען אין כאָלעם. און זאָלן דאָרט זיין רוּינעס, פארווילדע־ווּעטע פעלדער, אייַנגעוואָלגערטע הייַזער, זאָל זיין אלץ... אָבער דאָס איז דאָך דייַן היים!

יעדן טאָג האָט יעקאַטערינא איוואַנאָוונא אויסגעטריקנט פאר עסטערן עטלעכע סוכאַרעס און יעדע נאכט ניט אופגעהערט איר אייַנרעדן:

— באטראַכט זיך, עסטער, פאָלג אָן עלטערן מענטשן.

ערגעץ אין א ווינקעלע האָט זיך צעגראַגערט א ביז גאָר באַריידעוודיק גרילצערל. פון יענער זייַט פענצטער האָט די נאכט געזיפּצט מיט א שווערן, מידן זיפּץ. אָט האָט זיאמעלע עפּעס א שעפּטשע געטאָן. ווידער, מיסטאמע, גערופן די באָבע קאַטיע.

„אוי, ליבע מייַנע יעקאַטערינא איוואַנאָוונא, אוודע האָט איר מיר געגעבן גוטע אייצעס. פארוואָס האָב איך אייַך ניט געפאָלגט? וואָלט איך אהיים געקומען איינעם מיטן פעטער עליע, און אלץ וואָלט איצט געווען גאָר אנדערש. אָבער וואָס וועט איר מיר איצט אייצענען? זאָגט, וואָס זאָל איך איצט טאָן? עפשער וועט איר אליין מיט אים א שמועס טאָן, מיט מייַן זאלמענען, ער זאָל פארשטיין".

געקומען אהיים, דאָס דאָרף איז געווען ווי אן אלטער פארלאָזטער בעסוילעם. ס'איז אפילע שרעקלעך געווען דערזען צווישן די כורוועס א לעבעדיקן מענטשן. און גראַד זייער שטוב איז גע־בליבן גאַנץ. אפילע א סטעזשקעלע דורכגעטראָטן צו דער טיר. ווער קאָן עס וווינען אין זייער שטוב? זי האָט אָן עפּן געטאָן די טיר און דערזען בערלען. ער האָט א שמייכל געטאָן צופרידן און גליקלעך. גלייך ער האָט די גאַנצע צייַט געוואַרט אף איר. זי איז געשטאַנען אף דער שוועל און

זיך אײַנגעקוקט אין יעדן ווינקעלע. אַלץ איז געווען אַזוי אייגן, איבערהויפּט דאָס פּענצטערל — דאָס פּענצטערל, דורך וועלכן זי פּלעגט יעדן אָוונט ארויסקוקן אַף זאַלמענען.

בערל איז געשטאַנען און געוואַרט, זי זאָל עפּעס זאָגן. נאָר וואָס האָט זי געקאָנט זאָגן? אַלץ ארום האָט אויסגעזען ווי א שווערער כאַלעם.

— איז וואָס, דאַרף איך זיך ארויסקלײַבן? — האָט בערל געפרעגט.

— אוואַדע, איר האָט דען ניט קיין שטוב?

— ניטאָ... ניט קיין שטוב, ניט קיין ווײַב, ניט קיין קינדער... אַלע מײַנע זײַנען אין סי־לאָס־גרוב.

ווי זשע טרײַבט מען ארויס א מענטשן אַף דער גאַס? אַן איינזאַמען, אַן אומגליקלעכן מענטשן. און מע איז דאָך ניט קיין פרעמדע. איר האָט זיך דערמאָנט יענער אָוונט, ווען זי איז געקומען צו זיי א הונגעריקע, אַן אָפּגעריסענע. זי איז אויסגעוואַקסן בא זיי אין שטוב. און אַפן זינען איז געקומען נאָר גוטס, כאָטש עס איז געווען וואָס דערמאָנען אויך בייזס. נאָר ווי קאָן מען טראַכטן שלעכטס וועגן מענטשן, וואָס זײַנען שוין לאַנג אַף דער וועלט ניטאָ? ניין. זי האָט ניט געקאָנט הייסן אים גיין פון דער שטוב. אינעם קליינעם אַלקערל האָט ער געוווינט ווי א שאָכן. פאַרוואָס האָט זי קיין טראַכט ניט געטאָן, וואָס דערפון קאָן ארויס? ווער האָט דאַן געקאָנט טראַכטן?

פונעם ערשטן טאָג האָט בערל אָנגעהויבן אײַנטײַנען: זי זעט דאָך אַליין, אַז די מילכאָמע האָט זיי צוזויפגעפּירט. ביידע צעקאַליעטשעט, ביידע צעבראָכן. דאַרף מען פּרוּוון עפּעס ווידער צונויפקלעפּן. עפּעס דאַרף מען דאָך ווי־ניט־איז לעבן אַף דער וועלט.

„אוי, זאַלמען, איך ווייס אַליין ניט, צוליב וואָס דערציייל איך דיר דאָס. נאָר דער קאָפּ איז מיר אַזוי פאַרשלאָגן, אַז איך ווייס ניט וואָס איך רעד. איך וויל זיך ניט פאַרענטפערן. איך בין אין גאָרנישט ניט שולדיק. איך וויל נאָר, זאָלסט פאַרשטיין...“

## 6

זאַלמען האָט פאַרשטאַנען איין זאַך: ער האָט אָנגעווירן עסטערן. א גאַנצע נאַכט האָט ער געפּרוווט אײַנשטילן, דערשטיקן דעם ווייטעקלעכן געפיל פון עלנטקײַט, און שפּאַנענדיק מיט יאַנקלען איבערן סטעפּ, האָט זיך אים אָנגעהויבן דוכטן, אַז דאָס גיט זיך אים אײַן. אָט האָט ער ווידער א טראַכט געטאָן וועגן עסטערן, און ס'האָט שוין ניט אַזוי שטאַרק געפּרעסט באַם הארצן. אַלנפאַלס, א ביסעלע וויניקער. קאָן מען, הייסט עס, צו אַלץ געוווינט ווערן. ס'וועט דורך א שטיקל צײַט, און ער וועט אינגאַנצן פאַרגעסן. ער וועט זיך סטאַרען פאַרגעסן. מיט זיאַמעלען וועט זײַן ערגער. נאָר ער איז א טאַטע און ער האָט רעכט. טאַקע הײַנט וועט ער אַרײַנגיין זיך זען מיט זיאַמעלען. ער וועט זי נעמען אַף די הענט און זיך אָנרעדן מיט איר. זאָל זי וויסן, אַז זי האָט א טאַטן. און עסטערן וועט ער זיך סטאַרען פאַרגעסן. אַלץ וואָלט ער איר געקאָנט מויכל זײַן, נאָר דאָס, וואָס זי איז זיך צונויפגעגאַנגען מיט בערלען...

די פעלדער האָבן אים באַגעגנט אָנגעכמורעט און פאַרטרויערט. די שמאָלע פאַסיקלעך שי־טער אופגעגאַנגענער גערשטן, די בליַיכע, בלוטלאָזע קוקורוזע־בלעטלעך און די פּריציײַטיק געל געוואָרענע פּראָסע האָבן אויסגעזען, ווי קלייניקע פאַרוואָרפענע אינדזעלעך אינעם אומענדלעכן, פאַרבוריאַנעוועטן סטעפּ. ס'איז געווען פון זיך, פון וואָס איבערלעבן. ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז אינדערעמעסן איז ער נאָך ניט קיין פאָרזיצער, און אָנגעפאַלן אַף יאַנקלען מיט טײַנעס:

— ווער זייט עס גערשטן אַף אַזא סאָלאָנטשאַק, פאַרוואָס זײַנען די קאַרטאָפל אַזוי שלעכט פאַרבאַראָנעוועט, פאַרוואָס זײַנען די רייען פון די זונרויזן ניט קיין גלײַכע און פאַרוואָס האָט מען ביז איצט ניט אָנגעהויבן אקערן פּאַר?

יאַנקל האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, צו וועמען ער האָט עס טײַנעס.

— מיט וואָס אקערן? מיט די פּאָר קליאַטשעס? אַז אַפילע פאַרבאַראָנעווען... דערציילן אײַך, ווי מיר האָבן געבאַראָנעוועט? די ערשטע האָט זיך אײַנגעשפּאַנט אין א באָראָנע עסטער, און אַלע ווײַבער נאָך איר.

— עסטער?

— נו, יאָ. זי איז דאָך בריגאַדיר.

— עסטער — בריגאַדיר? און בערל?

— בערל... איר קענט ניט בערלען?

— און ווי האַלט עס מיטן אינווענטאַר?

— ווען איך בין כאָטש א שטיקעלע שמיד! — ענטפערט יאַנקל.

— פאַרוואָס האָט מען ניט געפּרוּווט נעמען עמעצן פון „נאָווע זשיטיאַ"?[1]

— עפּעס וואָלגערן זיך באַ זיי שמידן?

יאַנקלען איז וואָס אַמאָל שווערער געוואָרן אַרומשפּאַנען מיט זאַלמענען איבערן סטעפּ און אויסהערן זײַנע טײַנעס. נאָך ערגער, ווי מיט אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטשן, דעם סעקרעטאַר פון ראַיקאָם. יאַנקל האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז ער מוז גיין אַ קוק טאָן, ווי דער אוילעם איז היינט אַרויס אויף דער אַרבעט, אַפּגיך אָפּגעזעגנט זיך און אוועק. זאַלמען האָט נאָך לאַנג געשפּאַנט איינער אַליין און געטראַכט וועגן דעם, אַז זיי ביידע, ער און דער סטעפּ, האַלטן נאָך גאָר פון פאַרנט און אַז מע וועט דאַרפן אָנהייבן אַלץ פונדאַסנײַ.

— וועמען זע איך עס! זאַלמאַן דאַווידאָוויטש! צי עפּשער שלאָף איך און מיר כאָלעמט זיך? אויגן מײַנע, איר נאַרט מיך ניט אָפּ? אַנו, לאָמיך דיך אַרומטאַפּן. זאַלמען!

זאַלמען האָט געשפּאַנט לענגאויס דער באַלקע, הינטער די גערטנער פונעם שכיינעסדיקן קאָלווירט „נאָווע זשיטיאַ". מיקאָלאַ, דער פאַרזיצער פונעם קאָלווירט, האָט מיט איין האַנט געהאַלטן אין איין טרייסלען זאַלמענען און מיט דער אַנדערער געריבן די קליינע, גלאַנציק־שוואַרצע און שמייכלענדיקע אויגן, ווי פּרוּוונדיק דערמיט איבערצײַגן זיך, אַז ס'איז טאַקע ניט קיין כאָלעם.

ער האָט פאַרגעבן זאַלמענען אָן אַ שיר פראַגעס און אים ניט געלאָזט ענטפערן אויף קיין איינער.

— ער לעבט, ער לעבט, זאָל איך אַזוי לעבן! ווען זשע ביסטו געקומען און וואָס זשע טוסטו דאָ? אָ, איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, אַזאַ געשיכטע. נו, קום, וועלן מיר איבערבײַסן, צו געלעזע־לעך נעמען. וואָס זשע שווײַגסטו? דערציי, דערציי, ווו ביסטו געווען און וואָס האָסטו געזען? און מיר האָבן געמיינט, אַז דו ביסט שוין אויף יענער וועלט. נאָר אונדז נעמט ניט קיין קויל. ריכטיק? נו, זאָג, וואָס קלערסטו טאָן, אין וואָס נייטיקסטו זיך?

— אַ שמיד דאַרף איך האָבן, — האָט זאַלמען ענדלעך באַוויזן ענטפערן אויף דער לעצטער פראַגע.

— אַ שמיד? — מיקאָלאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זײַט און אַ זשמורע געטאָן די אויגן. — עפּעס רעדסטו ניט צו דער זאַך, זאַלמען. שוין באַוויזן הײַנט אויסטרינקען? ניין, ניין, עפּעס ניט דאָס. שאַ, ווען ביסטו געקומען?

— נעכטן אין אָוונט.

— און רעדסט שוין ווי אַ פאַרזיצער!

— קיין פאַרזיצער בין איך נאָך ניט, כאָטש נעכטן אין אָוונט האָט מען מיך גלײַך פאַר־קנאַסט. אַ נאַרישקײַט, פאַרשטייט זיך, נאָר ניט אין דעם גייט עס...

— אַ נאַרישקײַט? זאַלמען, לאָמיך דיך נאָכאַמאָל אַ קוש טאָן!

— דו ווייסט דאָך גאָרנישט ניט. און וואָס וועט דער ראַיקאָם זאָגן?

— אַ מאָשל. ווײַבאַלד דו לעבסט! און דער ראַיקאָם? איך בין אויך אַ מיטגליד פון ביוראָ.

— מוזטו אוודע וויסן...

— וואָס דאַרף איך וויסן? אַ שמיד, זאָגסטו? דו ווייסט דאָפּקע מיט וואָס מיך טרעפן. אַ שפּילכל, אַ שמיד. לאָמיר בעסער וועגן דעם ניט רעדן. אָט איז מײַן שטוב, מירן אַרײַנקומען, עפּעס אויסטרינקען לעקאָוועד דיר... אָלענע, טו נאָר אַ קוק, ווער ס'איז געקומען. פון טויט לעבעדיק!

## 7

אָפּן ניט גרויסן, פלאַך אויפגעאַקערטן פעלד האָבן זיך באַוויזן בלייך־גרינע שפּיציקע בלעטעלעך פון זונרויזן. אויפגעגאַנגען זײַנען זיי ווו צו שיטער, ווו צו געדיכט. צווישן דעם פּיריי האָבן די בלעטער זיך געפּילט ווײַט ניט היימלעך.

וואָס־וואָס, נאָר אַרבעט פאַר די פרויען וועט דאָ סטײַען אויף אַ גאַנצן זומער. צי וועט אַמאָל אַראָפּ אַ רעגן, צי ניין, דאָס איז שווער צו וויסן, נאָר שוויס וועט דאָ פאַרגאָסן ווערן ניט ווייניק.

נאָך אַזאַ שלאָפלאָזער נאַכט האָט זיך עסטערן געדוכט, אַז זי וועט אפילו ניט קאָנען זיך אויפהייבן פון בעט. שוין אָפּגערעדט פון אַרויסגיין אין גאַס, זיך ווײַזן אין סטעפּ פאַרן אוילעם מיט איר פאַרוויינט און פאַרצאַרנט פּאָנעם, מיט אירע פאַרטרערטע אויגן, מיט איר ווייטעק און מיט איר ביזאָיען. נאָר ווי קאָן מען עס בלײַבן אין דער היים? די זונרויזן!

---

[1] דאָס נײַע לעבן (אוקראַיניש).

ס'איז געווען ווי שטענדיק. עסטער איז ארויס אַף דער גאַס מיט דער סאַפּע אַפן אַקסל, און נאָך איר — אַלע איבעריקע. אַפילו שיינדל די גראַבע, וואָס איז ביז יענעם טאָג נאָך אין סטעפּ ניט געווען, איז אויך ארויס צו די זונרויזן. ערשטנס, האָט זי פאַרשטאַנען, וויבאַלד זאָל־מען איז געקומען, מוז מען שוין גיין אַרבעטן. און דערצו האָט זי פּאַשעט געוואָלט אַ קוק טאָן אַף עסטערן, ווי זעט זי היינט אויס, זיך אָנהערן און אָנשושקען וויפל דאָס האַרץ גלוסט.

אַ לאַנגן און אַ הייסן טאָג האָט עסטער געהאַקט מיט דער סאַפּע און אין זיך ניט אויפגעהערט פירן אַ שמועס מיט זאַלמענען. זי האָט ניט געהערט, ווי די ווייבער שושקען זיך אַרום איר, ניט באַמערקט, ווי צענדליקער אויגן קוקן נאָך יעדן טראָט אירן און פאַרגעדענקען יעדע מינדסטע ענדערונג אַף איר פּנים.

פון אַלע געפילן, וואָס האָבן אין איר איבערגעזאַמלט פאַר דער נאַכט און פאַר דעם שווערן טאָג, האָט צו פאַרנאַכט־צו געוונומען זי קימערן נאָר איינס: אָט גייט ער אַרום, זאַלמען, איבערן סטעפּ, און זי ווייסט ניט, צי האָט ער היינט שוין עפּעס געגעסן. שאַענוווייז פלעגט זי וואַרטן אַף אים מיטן מיטיק, מיט דער וועטשערע, און ער, ווי אַפּצולאָכעס, האָט קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט. דאַן האָט זי זיך געפילט, ווי די אומגליקלעכסטע אין דער וועלט. ערשט איצט פאַרשטייט זי, וואָס פאַר אַ גליק ס'איז געווען צוצוזען, ווי זאַלמען בעט בא איר מעכילע, שווערט זיך מיט אַלע שוועס, אַז דאָס איז לעצטע מאָל, אַז פון היינט אָן וועט ער קומען צו דער צייט צום מיטיק און צו דער וועטשערע. דאָס איז געווען אַ גליק. זי פלעגט אים מויכל זיין. זי האָט געוווּסט — סיוויי וועט מאָרגן זיך איבערכאַזערן דאָס זעלבע.

פון אָט דער דערמאָנונג איז איר זייער גוט געוואָרן אַפן האַרצן. זי האָט זיך אָנגעהויבן איילן: אָט וועט באַלד זאַלמען קומען פון סטעפּ, און די וועטשערע איז נאָך ניט פאַרטיק!

פאַר איין זאַך האָט עסטער מוירע געהאַט: זי זאָל ניט טרעפן בערלען אין שטוב. נייִן, בער־לען האָט זי ניט געטראָפן.

שוין לאַנג האָט זי מיט אַזאַ אימפּעט, מיט אַזאַ ראַש זיך ניט געפּאַרעט אין קיך. ווי אַמאָל, אין די גוטע צייטן, איז זי אָפּגעזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט און געוואַרט אַף זאַלמענען מיט דער וועטשערע. עטלעכע מאָל אַנדערעמלט געוואָרן און אַלעמאָל אויפגעכאַפּט זיך מיט אַ נייעם קאַפּוויטעק. און שוין נאָך האַלבער נאַכט, ווען זי האָט זיך איבערצייגט, אַז אומזיסט וואַרט זי, אַז דאָס אַלץ איז, אייגנטלעך, אַ נאַרישע שפּיל, אַ פּוסטע איינרייִדעניש, האָט זי פאַרלאָשן דאָס לעמפּל און צוגעלייגט זיך לעבן זיאַמעלען. ס'האָט זיך געוואָלט גוט אויסוויינען, שרייען אַזוי, אַז דאָס גאַנצע דאָרף זאָל זיך צונויפלויפן, נאָר זי האָט אַלץ איינגערעדט זיך, אַז איר איז גוט, אַזוי גוט, וואָס בעסער קאָן ניט זיין. ער לעבט, זאַלמען. וואָס דאַרף זי נאָך? בערל איז ניטאָ, און זי קאָן ווידער רײדן מיט זאַלמענען.

ערגעץ אַפן ברעג דאָרף האָט אַ קרייע געטאָן אַ האָן, און גלייך האָט זיך אָנגעהויבן דער אימפּעטפולער באַגינענדיקער איבערוף פון די הענער. די קו אַפן הויף האָט שטיל אַ מרוקע גע־טאָן, אומצופרידן, וואָס מע האָט זי אויפגעוועקט פון שלאָף, זי האָט פויל מאַלעגיירעט און מיט פאַרשלאָפענע אויגן באַקוקט דעם פולן אייטער.

עסטערס ניט־אויסגעשלאָפענע אויגן האָבן ניט אויפגעהערט צו טרערן. זי האָט גאַרנישט געזען פאַר זיך, ניט די טריפנדיקע מילך, ניט דעם עמער און ניט די בעהיימע. זי האָט ווי פון ערגעץ ווייט געהערט דאָס נאָגעדיקע קלינגען פון די דינינקע שטראָמעלעך און געפילט אַ טעמפּן ווייטעק אין די צעטראַסקעטע פינגער. די פינגער זיינען אַלע מאָל פאַרגליווערט געוואָרן, און זי האָט ניט געקאָנט זיי פאַנאַנדערנעמען.

אָנגעלאָדן אַ פולן קאָשעק מיט עסנוואַרג, איז זי אוועק מיט די גערטנער צו יאַנקל דעם שניידערס שטוב. זי איז שטיל אַריינגעקומען אינעם פאָדערהויז און געבליבן שטיין. קוים אָנ־געוונומען זיך מיט קויעך, האָט זי אָן עפן געטאָן די טיר.

— ווער איז דאָרט? — האָט זי דערהערט פּערלס קאָל.

אַף די שפּיץ פינגער האָט עסטער אַ שפּאַן געטאָן איבערן צימער און אַ וויייז געטאָן מיט דער האַנט אַף דער צוגעמאַכטער טיר:

— ער שלאָפט נאָך?

— עסטער? — פּערל האָט אַ פאַרוווּנדערטע געריבן די אויגן. — אַזוי פרי?

— ש־ש־ש, וועסט אים אויפוועקן!..

— ניטאָ וועמען צו וועקן, שוין אוועקגעפאָרן!..

— וווהין?

— אין ראַיאָן. אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן, פלענער צונויפגעשטעלט.

— שוין... — האָט עסטער טיף אַ זיפץ געטאָן. — דער זעלבער זאַלמען, דער זעלבער!..

ס׳האָט זי פאַרדראָסן. איר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ווי ס׳זאָל ניט זײַן, דאַרף זאַלמען אַלץ איבערלעבן, פונקט ווי זי. לאָזט זיך אויס... פאַר איין טאָג זיך אָפּגעפּאַרטיקט. ער האָט שוין פּלענער צונויפגעשטעלט, אין ראַיאָן אוועקגעפאָרן. עך, זאַלמען, זאַלמען!..

— נו, פערעלע, דערצייל. דערצייל עפּעס וועגן זאַלמענען.

— וואָס זאָל איך דיר דערציילן?..

— נו, אָט, אשטייגער, וועגן עסן. ער עסט? וואָס עסט ער?

— וואָס הייסט? אוואדע עסט ער. ווי אַלע מענטשן.

— נו, און וואָס טרינקט ער?

— וואָס הייסט וואָס? מילך, וואסער... קאווע האָט ער געטרונקען.

— נו, און ווי שלאָפט ער?

— שלאָפן? — האָט פערל איבערגעפרעגט. — דאָס האָב איך ניט געזען. פאַר די צוויי נעכט איז ער נאָך ניט געשלאָפן.

— אַזוי, — האָט עסטער ווידער אַ זיפץ געטאָן, — פאַרוואָס זשע שלאָפט ער ניט?

— פונוואנען זאָל איך וויסן?..

יאָ, טאַקע. פונוואנען זאָל זי וויסן? עסטער האָט שווײַגנדיק געקוקט אַף פערלען, און יענע האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן איר ווייטעקלעכן בליק.

— פערעלע... — האָט זי קוים אויסגערעדט, ווײַזנדיק אַפן פול אָנגעפּאַקטן קאָשעק. — דאָס האָב איך געבראַכט פאַר אים. אַ פּריש ברויט, אַ ביסל מילכיקס...

— צוליב וואָס? באַ אונדז איז דען ניטאָ וואָס צו עסן?

— פאַרשטייסט, פערעלע... ניין. דו וועסט ניט פאַרשטיין. איך וויל, ער זאָל עסן מײַן ברויט. נאָר דו זאָג אים ניט, ער וועט ניט וועלן. איך קען אים, זאַלמענען...

— גוט, גוט, — איז פערל מאסקים געווען. זי וואָלט געטאָן אַלץ, אַבי עסטערן זאָל זײַן גוט. עסטערן און זאַלמענען.

— איך וועל אַלע טאָג ברענגען. פאַרשטייסט, פערעלע, ער איז זייער שוואַך. מע דאַרף אים גוט פּילנעווען...

8 אַראָפּגעקראָכן פון דער בעדאַרקע, האָט זאַלמען אַ טרייסל געטאָן די שינעל און געגומען אויסצופּן פון איר די שטרויעלעך, לאַנג און אָקשאָנעסדיק געצופּט, געוואָלט איבערוואַרטן, ביז ס׳וועט דורך די האַרצפּלאַטעריניש. פיל יאָרן האָט ער ניט געקענט בײַקומען אין זיך דאָס פּײַערלעכע, אַ ביסל פאַרכטיקע געפיל, ווען ער פלעגט אַריבערטרעטן די שוועל פונעם ראַיקאָם. אָנגעהויבן האָט זיך עס דאַן, ווען ער איז אַרײַן אהער צום ערשטן מאָל באַקומען דעם פאַרטיי־בילעט. און דאָס זעלבע איז געווען מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער איז דאָ געווען אַ היימישער מענטש, אַליין אַ מיטגליד פון ראַיקאָם. צו דעם אַמאָליקן געפיל האָט זיך איצט צוגעמישט אַ ביסל פאַרלאָרנקײַט און אומזיכערקײַט, ווי וועט אים אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש באַגעגענען. צי וועט ער אים גלייבן? יאָ, יאָ, דעריקער, צי וועט מען אים גלייבן. צי וועט מען אים פאַרטרויען דעם פּאָסטן פון פּאָרזיצער? אָ מאָדנע זאַך. ביז יענעם אָוונט האָט ער אַפילע ניט געטראַכט וועגן דעם. און די אומגעווויינלעכע פאַרזאַמלונג, אַף וועלכער מע האָט אים פאַרקנאַסט פאַר פּאָרזיצער, זעט אים ביז איצט אויס ווי אַ שפּיל. אָבער פאַר דעם ערשטן מעסלעס איז ער פול געוואָרן מיט זאָרגן און פּלענער, און אים וועט זײַן זייער שווער, אויב מע וועט זיי באַ אים צונעמען.

אָפּגעטריבן פון זיך די אומעטיקע געדאַנקען, איז ער אַפּגיך אַרײַן אין דער געבײַדע פון ראַיקאָם, שמײַדיק דורכגעשפּאַנט איבערן לאַנגן און שמאָלן קאָרידאָר, ביז ער האָט אַף איינער פון די טירן געפונען די נייטיקע אויפשריפט. האַסטיק, גלײַך עמעצער וואָלט זיך געיאָגט נאָך אים, אַ קלאַפּ געטאָן, אַן עפן געטאָן די טיר און געבליבן שטיין.

באַ עפּעס אַן אַלטמאָדיש טישל, פאַרשפּרייט מיט צײַטונגען, איז געזעסן אַלעקסיי ניקאָלײַ־וויטש. זאַלמענען האָט איבעראַשט די גרויע וואָכעדיקײַט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקעלע. אַ מוירעדיקע, אָרעמע וואָכעדיקײַט.

אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש אַליין האָט קימאַט זיך ניט געענדערט. דער זעלבער גרויסער שטערן, די שטענדיק פאַרטראַכטע און אַ ביסל שטרענגע אויגן, די זעלבע גוטסקײַט און צוגע־לאָזנקײַט איז געווען אויסגעגאָסן אַפּן פּאָנעם. דער גוטער שמייכל האָט אַלעמען אונטערגעמונ־טערט: „דו שרעק זיך ניט, וואָס די אויגן זײַנען אַזעלכע שטרענגע“. דאָס דאַזיקע פאַרבאָרגענע שמייכעלע האָט אויך דאָס מאָל ווי אַ נעם געטאָן זאַלמענען אונטערן אָרעם און אַ פיר געטאָן צום טיש.

אַלעקסיי ניקאָלײַעװיטש האָט אַ קוק געטאָן אױף זאַלמענען מיט זײַן פּאָרטראַכטן בליק. צו־ערשט האָט ער אים ניט דערקענט. ער האָט פריִער געמוזט באַפרײַען זיך פון אַ שלאַל געדאַנקען, וואָס האָבן אים געהאַלטן אין געפּענקעניש. נאָר מיטאמאָל האָט ער זיך אַ הייב געטאָן פונעם בענקל און אויסגעשטרעקט זאַלמענען ביידע הענט.

— ער לעבט, דער דזשיגיט! — האָט ער פריילעך אויסגעשריגן, אַרומנעמענדיק זאַלמע־נען. — פון טויט לעבעדיק! נו, זעץ זיך און דערצייל.

— לאַנג צו דערציילן, — האָט זאַלמען אַ זיפץ געטאָן. ער האָט אַרויסבאַקומען פון דער קעשענע אַ קליין פּאַפּירל און עס אַוועקגעלייגט אױפן טיש. — אָט דאָס איז אַלץ, וואָס איך פאַר־מאָג, אַלץ!..

אַלעקסיי ניקאָלײַעװיטש האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט דאָס פּאַפּירל — אַ צײַגעניש, אַז זאַלמען איז געווען אין טשעכישן פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד פון פרילינג 1942 ביז דעם 9 מײַ 1945, אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן פאַר פּראַג.

— אָט דאָס, זאָגסטו, איז אַלץ? — האָט אַלעקסיי ניקאָלײַעװיטש איבערגעפרעגט.

— אַלץ, — האָט זאַלמען איבערגעכאַזערט און מיטאמאָל דערפילט אַ שטאַרקע מידקייט.

— נו, דערצייל, דערצייל. ס'איז גאַנץ פאַרשטענדלעך... — ער האָט געפּרוּווט אים אונטער־מונטערן מיט אַ שמייכל. — דער וועג אױף יענער־וועלט און צוריק איז ניט קיין גרינגער...

נאָר דער שמייכל האָט זיך ניט געוואָלט האַלטן. זײַן פּנים איז גלײַך געוואָרן שטרענג און אומרויִק... ערשט איצט האָט זאַלמען באַמערקט, אַז ס'איז גאָרניט דער מענטש. עלטער גע־וואָרן? ניין, ניט דאָס. עפּעס ליגט אױף אים אויסגעגאָסן אַ טיפער טרויער, אַ ווייטעק. און ווי אַלעקסיי ניקאָלײַעװיטש סטאַרעט זיך ניט, איז אים שווער דאָס אויסצובאַהאַלטן. מער פון אַלץ האָט זאַלמענען איבעראַשט דאָס, וואָס אױפן פּידזשאַק באַם סעקרעטאַר האָט געפעלט אַ קנעפּל. באַ אַלעקסיי ניקאָלײַעװיטשן! ווי האָט געקאָנט אַזוינס געשען? ער איז שטענדיק געווען אויפ־מערקזאַם צו זײַן אויסערלעכן אויסזען און געמוסערט אַנדערע פאַר אָפּגעלאָזנקייט. ער פלעגט אָפּטמאָל אַפילו ניט וועלן רעדן מיט אַ פאַרזיצער פון אַ קאָלווירט, אויב יענער איז געווען ניט קיין געגאָלטער אָדער געטראָגן אַ פאַרשמאַלצעוועט העמד. דערציילנדיק, וואָס מיט אים האָט פּאַ־סירט, האָט זאַלמען ניט אויפגעהערט קוקן אױפן אָרט, וווּ אַנשטאָט דעם קנעפּל איז אַראָפּגעהאַנגען אַ שוואַרצער פאָדעם.

— הייסט עס, — האָט אַלעקסיי ניקאָלײַעװיטש איבערגעפרעגט, — דעם פּאַרטיי־בילעט האָסטו איבערגעגעבן דעם קאָמיסאַר, איידער איר זײַט אַוועק אין ראַזוועדקע? אויב אַזוי... אויב אַזוי, דאַרף ער זײַן. אויב, פאַרשטייט זיך...

אַלעקסיי ניקאָלײַעװיטש האָט אַ קוק געטאָן אױף זאַלמענען מיט זײַן שטרענגן בליק.

— שאַ, זאָג מיר נאָר, וואָס פאַר אַ מיטיילונג האָט דײַן עסטער באַקומען?

— מײַן עסטער? איך ווייס... מײַן עסטער...

— נו, נו, דײַן עסטער. ניט אין דעם גייט עס. דער איקער — וואָס איז געווען דאָרטן אָנגע־שריבן? „פאַרפאַלן געוואָרן” אָדער „אומגעקומען”?

ער האָט דאָס איבערגעכאַזערט פאַר זיך אַליין, ווי פּרווונדיק פעסטשטעלן דעם ביז גאָר וויכטיקן אונטערשייד פון די צוויי באַגריפן.

— „פאַרפאַלן געוואָרן” אָדער „אומגעקומען”?.. פאַרשטייסט, וואָס דאָס הייסט? שאַ, וואַרט נאָר, וואַרט נאָר. איך האָב דאָך גערעדט מיט דײַן עסטערן ניט איין מאָל. וועגן דיר גערעדט. יאָ, יאָ, „אומגעקומען”...

ער האָט זיך אַזוי דערפרייט, וואָס ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נאָכאמאָל אַרומגענו־מען זאַלמענען, אים אָנגעהויבן צו טרייסלען און דערנאָך אים גוטברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע.

— פאַרשטייסט, ברודערקע, אומגעקומען, אומגעקומען! מאָלאָדיעץ! דו פאַרשטייסט, וואָס דאָס הייסט? אומגעקומען! דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש! הייסט עס, די דאָקומענטן דאַרפן זײַן. און מיר וועלן זיי געפינען.

— ווער ווייסט...

— וואָס הייסט — ווער ווייסט? ווי מיינסטו, אַנדערש וואָלט דײַן עסטער כאַסענע געהאַט מיט בערלען?

— אָפיציעל האָבן זיי ניט געדאַרפט כאַסענע האָבן, זיי זײַנען געווען פאַרשריבן.

— אָט רעדסטו שוין גאָר ווי אַ קליינבירגער. פאַרשריבן. סײַווי וואָלט זי בעשום־אויפן ניט כאַסענע געהאַט... מיר קענען ניט עסטערן?

אַלעקסיי ניקאָלײַעװיטש איז געווען אַזוי צופרידן, אַז זאַלמען אַליין האָט זיך אָנגעשטעקט מיט זײַן שטימונג, כאָטש ער האָט נאָך ניט אײַנגעזען באַנומען, מיט וואָס איז דאָס בעסער, און

דאָך, אויב אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש קלערט, אַז אומגעקומען איז בעסער... ער האָט אַפֿילע ניט באַמערקט, ווי דער סעקרעטאַר איז ווידער געוואָרן פֿאַרזאָרגט.

אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט געהאַט וועגן וואָס אַ טראַכט צו טאָן. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס וועט זײַן ניט פֿון די גרינגע זאַכן אופֿשטעלן זאַלמענען אין פּאַרטיי. ער האָט אַזש אַ קריץ געטאָן מיט די ציין פֿאַר צאָרן: זײַן איבערצײַגט, אַז אַ מענטש איז אומשולדיק, און ניט קענען דערווײַזן. ער האָט זיך אופֿגעהויבן, געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן צום אײַזערנעם שאַפֿקעלע און אַ דריי געטאָן דעם שליסל. דאָס טירל האָט זיך אַ וואָרג געטאָן מיטן אייגענעם זשאָווער, בייז אַ קוויטשע געטאָן און מיט אַ הייזעריקן סקריפּ זיך אופֿגעעפֿנט.

— יאָ, די מילכאָמע האָט אַלץ פֿאַרפּלאָנטערט, — ער האָט גלײַך געכאַפּט זיך, אַז גראָד ניט דאָס האָט ער געוואָלט זאָגן. אַרויסבאַקומען פֿונעם שאַפֿקעלע עפּעס אַ פּאַפּקע, האָט ער זי אַ בלעטער געטאָן און אָפּגערוקט אין אַ זײַט. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און אַרויסגעקראָגן פֿון דער בוזעם־קעשענע עפּעס אַ פּאַטאָ.

— אָט דעם דיאַדקען[1] וואָלסטו דערקענט?

זאַלמען האָט לאַנג זיך אײַנגעקוקט אין דער פּאַטאָ און בייסמײַסע זיך דערמאָנט די וואָכן און כאַדאָשים, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרוואַקסענער, אַ פֿאַרבלאָטיקטער.

— געזען אַזעלכע. עס זײַנען געווען צײַטן, ווען ס'איז שווער געווען דערקענען זיך אַליין...

— ריכטיק, ריכטיק... נו, קוק זיך גוט צו. טאַקע גאָרנישט ניט ענלעך?

— איר?

— כאַפּ ניט אַזוי. ווען מע זאָל מיך געווען אַזוי גרינג דערקענען, וואָלט געווען זייער שלעכט.

די גאַנצע צײַט איז זאַלמענען געלעגן אויף דער צונג אַ פֿראַגע וועגן טאַטן. אַלע זאָגן, אַז אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש ווייסט וועגן טאַטן מער פֿון אַלעמען. נאָר איצט האָט זאַלמען מוירע געהאַט פֿרעגן וועגן דעם. אונטער דער לאַסט פֿון די שווערע דערינערונגען האָט אַלעקסיי ניקאָ־לײַעוויטש ווי אײַנגעהויקערט זיך, באַקומען אַן אויסזען פֿון אַ שטאַרק פֿאַרמאַטערטן מענטשן, וואָס האַלט זיך קוים אויף די פֿיס. ער איז טאַקע צוגעגאַנגען צום בענקל און ניט צוגעזעצט זיך, נאָר אָראָפּגעפֿאַלן אויף דעם מיט דער גאַנצער שווערקײַט פֿונעם קערפּער.

— נו, וואָס געשען — איז געשען. קיין טויטן ווען־סטו לעבעדיק ניט מאַכן. דער איקער איז, וויאַזוי אַ מענטש שטאַרבט... אָט, ווי דער טאַטע דײַנער...

זאַלמען האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿונעם בענקל און אָנגעכאַפּט אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטשן פֿאַר דער האַנט.

— איר ווייסט אַלץ?

— רויִקער. מע מעג דען אַזוי?

— ס'איז דאָך מײַן טאַטע!

— באַרויִק זיך. כ'וועל דיר וועגן אַלץ דערציילן. זייער גוט, וואָס דו ביסט געבליבן לעבן און איך קאָן דיר דאָס דערציילן. און ביכלאַל, זייער קלוג האָסטו געטאָן, וואָס דו ביסט געבליבן לעבן. דו דערצייל בעסער, וויאַזוי מ'האָט עס דיך גלײַך פֿאַרקנאַסט?

— איך ווייס אַליין ניט, — האָט זאַלמען ווי פֿאַרענטפֿערט זיך, — כ'מיין, ס'איז דערווײַל באַדינגלעך.

— אַ נײַער טערמין. באַדינגלעכער פּאַרזיצער. ווי געפֿעלט עס דיר?

אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט געשפּאַסט, נאָר זאַלמען איז געבליבן ערנסט.

— עפּשער בעסער פֿריִער ברענגען אין אָרדענונג די פּערזענלעכע איניאַנים, אויסקלאָרן?

— „פּערזענלעכע איניאַנים. אויסקלאָרן". סאַראַ עגאָיִסטן געוואָרן! און דער קאָלווירט? זיי האָבן טאַקע קלוג צוגעטראַכט. יאַנקל קאַפּעליושניק איז אַ גאַנץ לײַטישער מענטש, נאָר פֿאַר קיין פּאַרזיצער טויג ער ניט. כ'האָב שוין געקלערט וועגן דײַן עסטערן.

— עסטער? נו, און בערל?

— ניט פֿון דעם סאָרט מענטשן. מיר האָבן אין אים אַ טאָעס געהאַט.

— איך האָב פֿון אים קיינמאָל ניט געהאַלטן.

— איז אָט וואָס, זאַלמאַן דאַווידאָוויטש, זאָג אײַער כעזשבנפּירערן, זי זאָל אָנשרײַבן דעם פּראָטאָקאָל פֿון דער פֿאַרזאַמלונג און וואָס גיכער צושטעלן אים אין ראַיקאָם. מיטן קאָלווירט האָסטו זיך שוין באַקענט?

— אַ ביסל...

— און שוין עפּעס צוגעטראַכט?

---

[1] דאָ — דעם מענטשן (אוקראַיִניש).

— פאר! — האָט זאַלמען אָפּגעהאַקט.
— וועלכער פאר? — האָט אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש איבערגעפרעגט.
— פארשטייט זיך, שוין ניט קיין שווארצער און ניט קיין אפרעל־פאר. פארשפעקטיקט. אָבער דאָך פאר. אויב מיר ווילן איבעראיאַר האָבן א גערעטעניש, אויב מיר ווילן אופלעבן די פאר־ווילדעוועטע פעלדער.

— פאר? אָט וויִאזוי? — אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש איז אופגעשטאַנען פונעם בענקל און א שפאַן געטאָן איבערן צימער. — יאָ, פאר. ריכטיק, ריכטיק. נו, און וועגן מיטלען, טעכניק, שלעפּ־קראַפט, מענטשן?.. וועגן דעם האָסטו געטראַכט?

— פארשטייט זיך... ס׳וועט זײַן זייער שווער. אָט וועגן דעם טאַקע בין איך געקומען. נעכטן בין איך געווען אין „נאָווע זשיטיא״. מיקאָלע האָט מיר צוגעזאָגט געבן זײַן שמיד.
— מיקאָלע זאָל זיך אַזוי וואַרפן מיט מענטשן?
— איך בין זיכער, ער וועט מיר ניט אָפּזאָגן.

ס׳האָט א קלונג געטאָן דער טעלעפאָן, און אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט גענומען דאָס טרײַבל. ער האָט לאַנג געשוויגן, זיך אײַנגעהערט, און לויט דעם, ווי אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש איז מיטאַמאָל בלייך געוואָרן, האָט זאַלמען פארשטאַנען, אַז דער שמועס איז ניט קיין אָנגענעמער. ער האָט געקוקט אויף זאַלמענען מיט א דערשראָקענעם בליק און אַלע מאָל צוגעפּלעטשט מיט דער האַנט דאָס טרײַבל. זאַלמענען האָט זיך געדוכט, אַז אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש וויל עפּעס ענטפערן, עפּעס זאָגן, נאָר ווייסט ניט וויִאזוי.

— נו, גוט, — האָט ער ענדלעך אָפּגעענטפערט, — דאָס וועלן מיר שפּעטער זען. אָבער דערווײַל פארוואָס איך. פארשטאַנען? אויף מײַן פאראַנטוואָרטלעכקײַט. וואָס, איצט? צו מיר? בעשום־אויפן ניט. אין אָוונט. איך קלײַב זיך שוין ארויספאָרן אין א קאָלווירט. א גוטן!

ער האָט אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל, עפּעס צו לאַנג עס באַקוקט און דערנאָך ערשט טיף אָפּגעעטעמט און א קוק געטאָן אויף זאַלמענען...

— אַזוי, ברודערקע, — האָט ער קוים ארויסגערעדט, מיט אַלע קויכעס מאַסקירנדיק דעם אייגענעם צושטאַנד, — זאָגסטו, הייסט עס, פאר. גוט, גוט. איך וועל שוין דאָ א טראַכט טאָן, עפּשער וועלן מיר עפּעס אויך צוטראַכטן... — און האָט אויסגעשטרעקט די האַנט אויף געזעגענען זיך. באַ זאַלמענען זײַנען נאָך געווען פיל פראַגעס. וועגן טאַטן האָט אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש אים דאָך טאַקע ניט דערציילט, ער האָט אָבער פארשטאַנען, אַז ווײַטער שמועסן איז אומעגלעך. עפּעס איז פאָרגעקומען אַזוינס בייסן טעלעפאָן־געשפּרעך, וואָס זאַלמענען איז שווער צו פאר־שטיין. און דאָך — איין פראַגע האָט ער געמוזט פארגעבן:

— דאָס דיסקאָנט־קאַרטל מײַנס... כ׳מיין, מע האָט עס ניט ליקווידירט?

אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט ווידער אַן עפן געטאָן דאָס טירל פון דער פײַער־קאַסע. זאַל־מען האָט באַמערקט, ווי די הענט זײַנע ציטערן. ער האָט ארויסגעקראָגן פון דאָרטן א פּאַפּקע און זי אוועקגעלייגט אַפן טיש. איבערגעהאַלטן אין דער האַנט עטלעכע קאַרטלעך און געפונען דאָס, וואָס ער האָט געזוכט.

— אָט. ביטע. ליפשיץ זאַלמאַן דאַווידאָוויטש. איצט לייג איך דאָס איבער אין אַן אַנדער פּאַפּקע. פון די לעבעדיק געוואָרענע. פארשטייסט, איך באַקום א יעדיִע: אומגעקומען, פארפאַלן געוואָרן. און איך גלייב ניט, איך וויל ניט גלייבן. און איך וואַרט... און, ווי דו זעסט... אָט, טאַקע דערוואַרט זיך. דו ביסט שוין דער דריטער...

ער האָט ארומגענומען זאַלמענען און אונטערמונטערנדיק א קלאַפּ געטאָן אים אין דער פּלייצע.

— דער איקער, האַלט זיך, זאַלמען. עס וועט זײַן, פארשטייט זיך, ניט גרינג. איז געדענק זשע, דעם פּראָטאָקאָל. ער זאָל זײַן אָנגעשריבן מיט יענער דאַטע. פארשטאַנען?
— כ׳פארשטיי.

— און אין וואָיענקאָמאַט[1] ביסטו שוין געווען?
— אָט דאָס קלײַב איך זיך אַהין.
— נו, גוט, גוט. דער איקער — האַלט זיך, און זאָלסט ווּיסן, איך גלייב דיר, ווי פריִער.
— א דאַנק. א גרויסן דאַנק, אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש, — און ער איז קימאַט ארויסגעלאָפן פונעם קאַבינעט, דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָם זאָל ניט באַמערקן דעם פאַרדעכטיקן גלאַנץ אין די אויגן.

---

[1] מיליטער־קאָמיסאַריאַט (רוסיש).

גוט, וואָס זאַלמען האָט ניט געוווּסט, מיט וועמען און וועגן וואָס האָט עס אַלעקסיי ניקאָלײַע־וויטש גערעדט דורכן טעלעפֿאָן, פֿאַרוואָס האָט ער מיטאַמאָל זיך אַזוי געענדערט און געײַלט וואָס גיכער פֿאַרענדיקן דעם שמועס מיט אים.

קוים אַרויסבאַגלייט זאַלמענען, האָט אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען איבערן צימער. מיט יעדן שפּאַן איז אַלץ געוואַקסן זײַן אומרו.

— דער רוצח זאָל עס נעמען, — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין, — ווער האָט עס געקאָנט אַזוינס אָפּטאָן?

געקלונגען האָט דער שעף פֿון דער ראַיאָנישער אָפּטיילונג פֿון עמגעבע[1], נאָכגעפֿרעגט זיך, צי איז שוין געווען בײַ אים דער געוועזענער פֿאָרזיצער פֿון קאָלווירט „נײַ לעבן", געגעבן אָנצוהערן, אַז דער איניען זעט אויס זייער פֿאַרדעכטיק.

אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש איז געווען זיכער, אַז אַלץ, וואָס זאַלמען האָט דערציילט, איז עמעס. ער האָט שוין ניט איין מאָל זיך איבערצײַגט, אַז אַ מענטש בלײַבט שטענדיק אַ מענטש, אין וועלכע אומשטענדן ער זאָל זיך ניט געפֿינען. און זאַלמענען קען ער. זאַלמען קאָן ניט זײַן קיין פֿאַרעטער. ער האָט אָבער אויך געוווּסט, ווי שווער ס'איז אָפּטמאָל דערווײַזן אַזעלכע זאַכן. פֿאַר־שיידענע אומשטענדן מאַכן אַמאָל אַ פּאַשעטן איניען ביז גאָר קאָמפּליצירט, באַזונדערס ווען עמעצער איז אין דעם פֿאַרינטערעסירט.

ער האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער און געפּרוּווט צוטראַכטן, מיט וואָס ער וואָלט גע־קאָנט איצט העלפֿן זאַלמענען. אים האָט זיך זייער געוואָלט, אַז זאַלמענען זאָל זיך וואָס בעסער אײַנגעבן די אַרבעט אין קאָלווירט, אַז אַלע זאָלן דערקענען דעם אַמאָליקן פֿאָרזיצער, אַז ס'זאָל וואָס גיכער זיך אויסקלאָרן זײַן איניען, און דער איקער — ס'זאָל ניט פּאַסירן אַזוינס, וואָס קאָן, צום באַדויערן, פּאַסירן.

ער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש און אײַנגעגראָבן ביידע הענט אין דער גראָוער, שיטער געוואָרענער טשופּרינע. באַלד האָט ער אַ כאַפּ געטאָן די פּען און אָנגעשריבן אין דער פּאָליטישער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער אַרמיי אַ ביטע וואָס גיכער אַרויסשיקן דעם פּאַרטיי־בילעט פֿונעם פּאַרטיי־מיטגליד זאַלמאַן דאַווידאָוויטש ליפֿשיץ, וואָס האָט זיך אומגעקערט אַהיים. ניט קיין אָנפֿראַגע, נאָר אַ ביטע. דערנאָך אָנגעקלונגען מיקאָלען, דעם פֿאָרזיצער פֿון „נאָווע זשיטיאַ" און זיך אָנגע־פֿרעגט, ווען קלערט ער אַוועקשיקן דעם שמיד צו ליפֿשיצן. דעם דירעקטאָר פֿון עמטעעס[2] האָט ער געפֿרעגט דורכן טעלעפֿאָן, צי וועט ער קענען די טעג אַרויסשיקן אַ טראַקטאָר אין קאָל־ווירט „נײַ לעבן".

— דער איקער, האַלט זיך! — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין און געמיינט סײַ זיך, סײַ זאַלמענען.

**9**

ביז הײַנטיקן טאָג ווייסט ער ניט, יאַנקל, מיט וואָס האָט ער אַזוי אויסגענומען בײַ די היגע ווײַבער. פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט מיט זײַן געניי. דאָס פֿאַרשטייט ער. ער ווייסט אָבער אויך, אַז זיי געפֿעלט, וויאַזוי ער טוט אַ זשמורע די קורצזיכטיקע אויגן, טוט אַ שלעפּ אַרויס פֿון דער קעשענע דעם סאַנטימעטער און בלײַבט אָף אַ ווײַלע שטיין פֿאַר־טראַכט. מע קאָן מיינען, אַז אין דער מינוט באַמיט ער זיך צוטראַכטן פֿאַר זײַן קליענט אַזוינס ווי אַזעלכס. נו, און אויב ער האָט אַמאָל ניט אַזוי געטראָפֿן מיט דער מאָס, איז אויך די אייגענע מײַסע. דאָרפֿישע ווײַבער זײַנען ניט קיין פֿערעבירליווע. אַ ביסעלע ברייטער, אַ ביסעלע לענ־גער — ס'מאַכט ניט אויס, אַבי ניט שמאָל, ניט קורץ. נאָר פֿון דעם איז ער געווען גאַראַנטירט. יאַנקל קאַפּעליושניק האָט געניית מיט זאַפּאַס. דערצו האָט ער געהאַט נאָך איין מײַלע: ער האָט געקאָנט פֿאַרעדן מיט אָן אַ שיר ווערטלעך און פּסוקים אַזוי, אַז יענער זאָל ניט באַמערקן, אַז דאָס שטיקל געניי איז ניט אַזוי געלונגען. אַלנפֿאַלס, בייזערן זיך אָף אים אָדער באַרויגעז ווערן און אוועקטראָגן נייען צו אַן אַנדער שנײַדער איז געווען אוממעגלעך. אַ ברייטע האָט מען געהאַט?

פֿון אַלע ווײַבער איז דער גרעסטער מיוון אָף זײַן שנײַדערײַ געווען זײַן אייגן ווײַב מאַלקע. כאָטש אַליין איז זי קיין נייטאָרן ניט געווען, נאָר דערפֿאַר איז זי געווען דער סאַמע שטרענגסטער ריכטער באַם מעסטן. זי האָט אונטערגעזאָגט, ווו מע דאַרף אַ ביסל צוכאַפּן אָדער נאָכלאָזן, ווו אונטערקירצן אָדער מאַכן לענגער. פֿאַר קיין שום באַשטעלערן האָט יאַנקל אַזוי ניט געציטערט, ווי פֿאַרן אייגענעם ווײַב.

---

[1] ראָשעטייוועס: מיניסטעריום פֿאַר מעלוכישער געפֿערלאָזיקײַט.

[2] מאַשין־טראַקטאָר־סטאַנציע.

נאָך אַ יאָר צען פאַר דער מילכאָמע האָט יאַנקל אופגעהערט גיין אין שול אריין. פון דער שול איז געוואָרן אַ קלוב. נאָר גאָרגלען זיך האָט יאַנקל ניט אופגעהערט. וואָס איז דאָס פאַר אַ שניידער, וואָס קאָן ניט ציִען בא דער מאַשין אַ ניגנדל?

די מילכאָמע האָט אים פאַרוואָרפן אין אַ ווייטער אוראַלער שטאָט, און ווי ס׳פלעגט דאָן טרעפן, האָבן אַ סאַך מענטשן זיך דערמאָנט אין די שולן און קלויסטערס. ס׳האָט זיך צונויפגעקליבן אַ מיניען, נאָר קיין כאַזן איז ניט געווען.

— נו, מיילע, — האָט זיך אָנגערופן יאַנקל דער שניידער און איז צוגעגאַנגען צום טיש, — וועל איך זיין.

— מישטיינסגעזאָגט, — האָט זיין מאַלקע אַ זיפץ געטאָן, ווען ער האָט איר דערציילט, ווי ער האָט אויסגענומען באַם אוילעם מיטן דאַווענען.

— אָט דאָס זאָג איך דאָך, — האָט ער זיך פאַרענטפערט. — בימקוים כאַזן. פאַרשטייסט, וואָס דאָס הייסט?

מאַלקע האָט זיך אָנגעשטויסן: ס׳הייסט — פונקט אַזאַ כאַזן, ווי אַ שניידער.

אומגעקערט האָט ער זיך פון דער עוואַקואַציע שוין אָן מאַלקען. זי איז קראַנק געוואָרן אף עפּעס אַ נישטיקער קרענק, קיינער האָט אף דעם אפילע קיין אַכט ניט געלייגט, און אָפּגעטאָן אַ שפיצל! דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס די מענטשן זיינען איצט זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אַ מאַשל! פאַרוואָס זשע האָט עס גראָד זי געטראָפן, פאַרוואָס ניט אים? פונוואַנען זאָל ער געווען וויסן, אַז זיין מאַלקע האָט ביגנייווע אַלעמאָל אים אונטערגערוקט איר כיילעק ברויט?

פאַרשטייט זיך, ווען זיין מאַלקע זאָל לעבן, וואָלט ער פאַרזיצער ניט געוואָרן. זי וואָלט געמאַכט פון אים אויסצודרייען. מיילע שניידער, מיילע כאַזן, אָבער פאַרזיצער? אף לייטיש געלעכטער? וואָס וואָלט אָבער זיין מאַלקע היינט געזאָגט? אף אַזאַ בראָך האָט ער זיך אַליין ניט גערעכט. כאָטש בא זאַלמענען קאָן מען זיך אף אַלץ ריכטן.

אייגנטלעך, איז ער אַליין שולדיק. ניט געווען געדאַרפט קריכן זאַלמענען אין די אויגן. נאָר אַז מע ווווינט אין איין שטוב און מע עסט בא איין טיש...

יענעם פרימאָרגן איז ער געווען ביז גאָר צופרידן, וואָס זאַלמען האָט זיך געלאָזט איינריידן און דאָס ערשטע מאָל געגעסן ווי אַ מענטש. פערעלע האָט זיך שוין אַ סטאַרע געטאָן. אָפּגעקאָכט קאַווע, אוועקגעשטעלט אפן טיש אַ טעלער קעז און אַ שעלכל פרישע פוטער. יאַנקל האָט זיך געוווּנדערט, וויִאַזוי האָט עס זיין יאַלעווע קו מיטאַמאָל אָנגעהויבן געבן אַזויפיל מילך? געקימערט האָט אים, וואָס זאַלמען שווייגט. געווען אפילע אַ ביסל באַרויגעזלעך. שוין, הייסט עס, איבערגענומען בא אים דעם קאָלווירט, און מער האָט ער מיט אים ניט וועגן וואָס צו ריידן? נאָר יאַנקל ווייסט, ווי מע דאַרף פאַרפירן אַ שמועס.

— האָט איר זיך, הייסט עס, נעכטן געזען מיט אַלעקסיי ניקאַלייעוויטשן?

— יאָ, ער האָט אייך איבערגעגעבן אַ גרוס.

— איך שטעל זיך פאָר! — האָט יאַנקל אַ שמייכל געטאָן. — נו, איר האָט שוין ביידע עפּעס צוגעטראַכט?

— פאַרשטייט זיך.

— און וואָס האָט איר עפּעס צוגעטראַכט פאַר מיר?

— איר וועט זיין מיין פאַרטרעטער.

— שייני לעמיילעך! אָ, זייער פיין. בעפּיירעש אַ קאָוועד פאַר מיר. נאָר עפּעס אַזוי־אָ, אָן אַ פאַרזאַמלונג?

— איר ווייסט דאָך, דעם פּראָטאָקאָל קאָן מען דערנאָך אָנשרייבן.

לאָזט זיך אויס, אַז זאַלמען קאָן שפּאַסן און אפילע אַ שמייכל טאָן דערביי. נאָר גיי ווייס, וואָס אינעם שמייכל שטעקט.

— אָבער דערווייל האָט איר אַ באַזונדער מיסיע. איר וועט מוזן אף אַ שטיקל צייט ווערן אַ שטיקל קאָוועל.

— אַ שטיקל, און ווער וועט זיין דער גאַנצער?

— טראָכים. מיקאָלע האָט צוגעזאָגט...

זאַלמען האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס פערל איז געוואָרן רויט, ווען זי האָט דערהערט טראָכימס נאָמען.

— זעסט, טאַטע? — האָט פערל זיך אָנגערופן.

— שוויַג. ניט דיין אייסעק.

— ס׳איז שוין גראָד יאָ מיין אייסעק. איר ווייסט, פאַרוואָס דער טאַטע איז קיין איין מאָל אין קאָבילנע ניט געווען? טאַקע איבער טראָכימען.

— פערעלע!..

— נו, וואָס פערעלע? איר פאַרשטייט, טראַכימס זון, סערגיי, שרײַבט מיר בריוו. ער דאַרף אײַנגיכן קומען.

ווען ניט זאַלמען, וואָלטן זיי זיך צעקריגט, דער טאַטע מיטן טעכטערל. נאָר זאַלמען האָט זיך פאַרקערעוועט דעם שמועס אין א זײַט און גענומען אײַנטײַנען מיט יאַנקלען, ווי וויכטיק ס'איז איצט די קוזניע. מע דאַרף זיך נעמען פאַרן פאַר, מוז מען דאָך אָפּרעמאָנטירן די פּלוגן. און וועמען אײַנשפּאַנען? שוין פאַרגעסן, וואָס מע האָט געטאָן אין די ערשטע יאָרן פון קאָלווירט?

— די בעהימעלעך, נעבעך, — האָט יאַנקל א זיפץ געטאָן. — איר ווייסט דען, פונוואַנען זיי האָבן זיך גענומען, אָט די בעהימעלעך?

זאַלמען האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט, נאָר יאַנקל האָט ניט געוואַרט, מע זאָל אים איבערפרעגן.

— איך גיב עס אײַך איבער אַזוי, ווי אָריסיע דערציילט. נאָך דעם, ווי די דײַטשן האָבן צעשאָסן די ייִדן בא דער סילאָס־גרוב, איז פאַנאַס אַרומגעגאַנגען ווי א צעדולטער, גאַנצע נעכט אַרומגעבלאָנדזשעט אין סטעפּ. טאַקע דאַן האָט ער באַמערקט די קעלבלעך, וואָס האָבן זיך געפּאַשעט צווישן דער קוקורוזע. מע האָט זי ניט באַוויזן אַראָפּנעמען. איז ער געוואָרן א פּי־הענדלער. געכאַפּט אַלע מאָל אן אַנדער קעלבל און קלוימערשט פאַרקויפט. אַזוי האָט ער זיי אויסבאַהאַלטן בא זיכערע מענטשן אין קאָבילנע, אין רעמאַווקע. ווען מע האָט אָנגעהויבן זיך אומקערן פון דער עוואַקואַציע, האָט פאַנאַס געגעבן צו וויסן די באַלעבאַטים, ווו זייערע קעלבלעך געפינען זיך.

— אַזוי גאָר? — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט בא זאַלמענען. — וואָס זשע האָט איר מיר ביז איצט ניט דערציילט?

— איר וועט דאָך די בעהימעלעך סײַווי ניט באַפרײַען פון די יאַרמעס?

ניט דאָס האָט זאַלמען געמיינט. ער האָט געטראַכט וועגן פאַנאַסן. יעדערער האָט געפירט די מילכאָמע אַף זײַן אויפן.

— ניין. יאַרמעס דאַרף מען גרייטן. יאַרמעס, פּלוגן. מע דאַרף וואָס גיכער ברענגען אין אָרדענונג די קוזניע. און אַז טראַכים וועט קומען, וועט איר ווערן זײַן געהילף.

יאַנקל האָט געוואָלט דערווידערן. נאָר ער האָט איבערגעכאַפּט פּערעלעס בליק און אָפּגעשוויגן. וואָס האָט פּערל געמיינט מיט איר אונטערוווּנקען, ווייסט ער טאַקע ניט. נאָר ער האָט מיטאַמאָל אָנגעוואָרן דאָס לאָשן. אָפּגעשטופּט ווי־ניט־איז דעם איבערבײַסן, האָט ער אוועקגעשפּאַנט צו דער קוזניע. אים האָט זיך געדוכט, אַז זײַן מאַלקע גייט דערנעבן און שפּעט פון אים: „א קאָוועל, מישטיינסגעזאָגט".

„בימקוים קאָוועל, — האָט יאַנקל אָפּגעענטפערט, — פאַרשטייסט?" — און אָנגעהויבן דערווײַזן זײַן ווײַב, אַז אָפּזאָגן זיך האָט ער בעשום־אויפן ניט געקאָנט. ערשטנס... וואָס ערשטנס און וואָס צווייטנס? סײַווי וואָלט עס ניט געהאָלפן. זי קען ניט זאַלמענען? סײַווי וועט ער איצט איבערקערן דעם גאַנצן קאָלווירט. „וועסטו דאָך זאָגן, מאַלקע־לעבן, טראַכים? א שפּיצל? אומיסטן צוניפגעפירט? איז דאָך צוריק די מײַסע — זאַלמען! עפשער האָט גאָט אַליין אַרײַנגעשיקט אן אידעם אין שטוב אַרײַן? וואָס זשע דאַרף ער זיך קריגן מיט אים פונעם ערשטן טאָג? אײַ, דו וועסט זאָגן, א מאַשל־קאַפּאַשל! ווי קומט פּערעלע צו זאַלמענען? ער איז דאָך עלטער פון איר אַף גאַנצע פופצן יאָר? איז וואָס איז דערפון געדרונגען? דערפאַר אָבער איז דאָך דאָס זאַלמען!"

אים האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, אַז ער האָט שוין אײַנגערעדט זײַן מאַלקען און זי איז מיט אים מאַסקים. און ווײַבאַלד מאַלקע זאָגט אויך אַזוי, איז דאָך אוודע גוט! ער האָט אפילע גענומען גיין א ביסל גיכער, ווײַל ער האָט שוין געוואָלט זען, וואָס טוט זיך עפּעס אין קוזניע, און טאַקע הײַנט ברענגען אין אָרדענונג דעם בלאָזזאַק, צונויפשלעפּן אַלע פּלוגן און יאַרמעס און קריגן ערגעץ, אויב מע וועט דאַרפן, א ביסל קוילן. זײַן הויכגעשעצטער טראַכים זאָל קומען אַף אַלעם גרייטן.

פונדערווײַטנס האָט ער באַמערקט, אַז עמעצער פּאָרעט זיך בא דער קוזניע, און אין זיך א שמייכל געטאָן. הייסט עס, אַז ניט נאָר אים האָט זאַלמען אהער באַשטאַט. עס וועט טאַקע זײַן א ביסל פרײלעכער. און דער איקער, ער וועט ניט דאַרפן בלײַבן מיט טראַכימען אויג־אַף־אויג. נאָר ווען ער איז צוגעקומען א ביסל נעענטער, האָט אים דער אינין אָנגעהויבן אויסווײַזן פאַרדעכטיק. עפּעס איז יענער ניט ענלעך אַף קיין היגן. יאָ, ער מעג שווערן, — טראַכים!

די שמידערײַ איז שוין געשטאַנען אָן אָפּענע, און יאַנקלען האָט אָנגעהויבן פאַרדריסן, וואָס זײַענדיק עטלעכע כאַדאָשים פאַרזיצער, איז ער קיין איין מאָל דאָ ניט געווען. טראַכים האָט שוין, אָפּאָנעם, באַוויזן באַטראַכטן אַלץ אינווייניק, און איצט גריבלט ער זיך אין דער קופּע אײַזנברוך, שלעפּט אַרויס פון דאָרט פאַרשיידענע פּרענטעס, שוואַרניעס, ציין פון באָראָנעס און עפּעס

טײלן פֿון זײַעלקעס און פֿלוגן, וואָס יאַנקל האָט אַפּילו ניט געוווּסט, וויאַזוי מע רופֿט זײ. טראָכים האָט זיך אויסגעגלײַכט, און יאַנקל האָט באַמערקט, ווי ער האָט זיך אַ נעם געטאָן מיט דער רעכטער האַנט באַ די קריזשעס. דאָך האָט ער דערבײַ אַ שמײכל געטאָן, קימאַט אײנגאַנצן צוגעמאַכט די אויגן, געלאָזט נאָר אַ קלײן שפּעלטעלע פֿאַר אַ שמײכל.

— נו, אַ גוט־מאָרגן! — האָט זיך אָנגערופֿן טראָכים, שווער טעמענדיק.

„ער לײַדט, ווײַזט אויס, פֿון אַן אַלטער אָדישקע, — האָט יאַנקל אַ טראַכט געטאָן, — אַ קאָוועל מיט אַלע מײַלעס".

— אַ גוט־מאָרגן, אַ גוט־יאָר! — האָט ער געענטפֿערט. — און מיר האָבן זיך אַפּילו הײַנט ניט געריכט אויף אײַך.

— אַ מאָשל. מיקאָלאַ פּאַנאַסעוויטש איז געקומען צו לויפֿן און אָנגעהויבן אויספֿרעגן זיך, ווי פֿיל איך זיך אײַן געזונט, צי ברעכן מיר ניט שטאַרק די קריזשעס. איך האָב גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז עפּעס ניט גלאַט...

טראָכים האָט גענומען פֿאַרדרײען אַ ציגאַר.

— „הער זשע מיך אויס, טראָכים...— אַזוי זאָגט צו מיר דער פּאַרזיצער אונדזערער. — כ'האָב דיך אָפּגעגעבן אין אַרענדע אויף אַ כּוידעש דעם קאָלווירט „נײַ לעבן". — „וואָס הײסט, זאָג איך, אין אַרענדע? וואָס בין איך עפּעס? אַ מיל צי אַ דראַטש? און ביכלאַל, זאָג איך, איז דאָך פֿאַרוועט נעמען אָדער אָפּגעבן אין אַרענדע?" — „מע דאַרף, מע דאַרף, זאָגט ער צו מיר. דו ווײסט, וואָס באַ זײ טוט זיך? פּונקט, ווי באַ אונדז מיט אַ יאָר צוריק. נאָך ערגער. באַ אונדז זײַנען כאָטש געווען מער מענטשן". — „סטײַטש, זאָג איך, עס גײט דאָך צו שניט. איר וועט דערנאָך אַלײן מיך פֿאַרהריזן פֿאַר די ווילעס, האַרבליאַס, שנײַד־מאַשינעס". איז ער שוין געוואָרן בײז. „דו ווײסט, זאָגט ער, אַז זאַלמאַן דאַווידאָוויטש איז געקומען? און אַלעקסײ ניקאָלײַעוויטש, דער סעקרעטאַר פֿון ראַיקאָם, האָט געקלונגען. אַזוי, אַז מע קאָן זאָגן, אַז דאָס איז דײַנע אַ פּאַרטײיִשע אָנלאָדונג פֿונעם ראַיקאָם!" — „אַ מאָשל, זאָג איך, וואָס זשע האָסטו מיר אַזוי לאַנג געדרײט אַ קאָפּ. געוווען געדאַרפֿט גלײַך זאָגן".

יאַנקל האָט באַמערקט, אַז דער בלאָזזאַק איז אין אָרדענונג, אַז אַ ביסל קוילן איז אויך דאָ און אַז זײ טליִען שוין אַפּילו אינעם קלײנינקן אײוועלע. ווען האָט ער עס באַוויזן?

— וואָס זשע, איר זײַט דען אַ פּאַרטײיִשער? — האָט יאַנקל אַ פֿרעג געטאָן, באַקוקנדיק דעם אַלטן שמיד.

— טע!.. — און יאַנקל האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס באַטײַט אָט דער שמײכל. — אַ זאָג געטאָן, פּאַרטײיִשער. געווען אַ צײַט, נאָך לאַנג פֿאַר דער מילכאָמע. כ'האָב שוין געהאַט אַ מעלדונג אָנגעגעבן. געווען באַ אונדז אַ סעקרעטאַר אײנער, אַ געלערנטער, אין ברילן, האָט ער מיך גענומען אָפּן פֿאַרהער, אָפּגעמוטשעט אַ פּאָר שאָ און דערנאָך זיך אָנגערופֿן: „איר מוזט זיך, טראָכים גאַוורילאָוויטש, אונטערקאָווען". — „וואָס בין איך, זאָג איך, אַ פֿערד?" — „פּאָליטיש, זאָגט ער מיר, פּאָליטיש". נו, געקאָוועט, געקאָוועט, ביז די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן.

יאַנקל האָט מוירע געהאַט ווײַטער פֿירן דעם שמועס, ווײַל אין די דאָזיקע איניאַנים איז ער געווען שטומפּיק. ער האָט גענומען דערצײלן, וויאַזוי זאַלמאַן האָט אים אײַנגערעדט צו גײן אין קוזניע. ווײַל איצט זײַנען דער איקער פֿלוגן און יאַרמעס. ער האָט דערצײלט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אָנגעטראָפֿן אויף יעשײַען און דערמאָנט באַוויזן טראָכימען, אַז ער פֿאַרשטײט אויך אין די קלײנע אויסיִלעך.

— אַזוי, אַז מיר מיט אײַך דאַרפֿן מעקײַעם זײַן דאָס, וואָס יעשײַע האַנאָווי האָט אַמאָל געזאָגט: וועכיטסו כאַרבויסאָם לעיִטים[1]. און זײ וועלן איבערשמידן די שווערד אויף אַקערס. פֿײַן געזאָגט, האַ?

— פֿײַן, זײער פֿײַן, — איז טראָכים מאַסקים געווען. — מע קאָן זאָגן, געטראָפֿן אין פּינטל אַרײַן. טאַקע דאָס, וואָס מיר דאַרפֿן. איז זאָגט איר, אַז דאָס איז פֿאַראַן באַ איסײַען? מאָלאָדיעץ, זיך ניט געריכט אויף אים.

— יאָ, יאָ, יעשײַע האַנאָווי.

נאָר כאָטש טראָכימען זײַנען ביז גאָר געפֿעלן געוואָרן די ווערטער, האָט ער קײן איבעריקן אינטערעס צו יעשײַען ניט אַרויסגעוויזן, און דאָס האָט אַ ביסל פֿאַרדראָסן יאַנקלען.

— איר וואָלט געדאַרפֿט מיט מײַן אַלטער זיך דורכשמועסן, — האָט זיך אָנגערופֿן טראָכים, — געקראָגן ערגעץ אַ יעוואַנגעליע און האַלט אין אײן לײענען. יעדן אָוונט! איך קום אַהײם, האַלט זיך קוים אויף די פֿיס, און זי דרײט מיר אַ קאָפּ. איך פֿאַרשטײ ניט, וואָס האָבן די ווײַבער זיך אַזוי אַ נעם געטאָן פֿאַר יעזוסן. מע האַלט אים אין אײן טרײַבערן...

---

[1] וכתתו חרבותם לאתים.

יאנקל איז געוואָרן אינדערעמעסן אין קאַס. וואָס זשע, הייסט עס, האַלט טראַכים אים אויך פאַר אַזאַ, ווי די ווײַבער?

— נו, איז נעמען מיר זיך צו דער אַרבעט? — האָט ער געגעבן אָנצוהערן, אַז ער האָט פײַנט ווײַבערשע מײַסעס.

— און איר פאַרשטייט עפּעס אין שמידערײַ?

— אַ ביסל... — האָט יאַנקל געמוזט לײַגן. — יינגלווײַז האָט מען מיך אוועקגעגעבן צו אַ שמיד. אָפּגעאַרבעט אַ גאַנצן ווינטער. נאָר אַלע האָבן געזאָגט, אַז בײַ מיר זײַנען שנײַדערשע פינגער. איר פאַרשטייט?

— נו, אויב אַזוי, איז גוט. דאַרפט איר נאָר אַ ביסל דערמאָנען זיך. באַלד וועלן מיר אויספּרוּוון אײַער זיקאָרן.

שפּעטער, ווען פּערל איז צוגעקומען צו דער קוזניע, איז זי לאַנג געשטאַנען און צוגעקוקט, וויאַזוי טראַכים לערנט איר טאַטן שמידערײַ און וויאַזוי איר טאַטע פּרוּווט דערווײַזן טראַכימען, אַז ער פאַרשטייט אין דעם איניען ניט ווייניקער פון אים. טראַכים האָט געאַרבעט מיט ביידע הענט. מיט דער לינקער געצויגן דעם בלאָזזאַק און מיט דער רעכטער געקלאַפּט אַ צעגליטע שטיק אײַזן, געוויזן אַלע מאָל אַן אַנדער אָרט, וווּהין יאַנקל דאַרף דערלאַנגען מיט זײַן האַמער. יאַנקל האָט געוואָלט ווײַזן, אַז ער האָט נאָך געניג קויעך. און קעדיי דער קלאַפּ זאָל זײַן אַ שטאַרקערער, האָט ער אַלע מאָל אונטערגעטאַנצט. זיי זײַנען ביידע געווען שוין פאַרמאַטערט, ביידע גוט פאַרשוויצט און געסאָפּעט ניט ווייניקער פונעם בלאָזזאַק. טראַכים האָט דערבײַ אונ־טערגעמונטערט זײַן געהילף, אונטערגעגעבן אים היץ:

— דאַווײַ, דאַווײַ, אָט אַזוי, אָט אַזוי...

ביידע האָבן שוין געטראַכט, אַז מע וואָלט געדאַרפט אַ ביסל אָפּעטעמען, נאָר קיינער האָט ניט געוואָלט דער ערשטער זיך אונטערגעבן, און דערפאַר האָבן ביידע זיך דערפרייט, דער־זעענדיק פּערלען. טראַכים האָט נאָך איין מאָל אַ קלאַפּ געטאָן אינעם צעגליטן אײַזן, דערנאָך אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַמער אין דער זײַט, און דאָס האָט געהייסן: „סטאָפּ“. מיטאַמאָל באַפרײַט ביידע הענט און אַ צי געטאָן פון דער קעשענע דאָס טאַרבעלע מאַכאָרקע.

יאַנקל איז געשטאַנען אַ ווײַלע ווי פריטשמעליעט און געפּילט, ווי עס ציטערן אים די פיס. ער האָט נאָך אַלץ שווער געאָטעמט. די אויגן האָבן אים שטאַרק געבראָטן, און יאַנקל האָט ניט געוווּסט פון וואָס: צי פון די פונקען, וואָס האַלטן אין איין שפּרינגען אין פּאָנעם אַרײַן, צי פונעם געזאַלצענעם שוויס.

— נו, געזען? — האָט ער זיך אָנגערופן צו פּערלען מיט גאַדלעס. — ווי געפעלט דיר דײַן טאַטע?

און מיט דעם זעלבן גאַדלעס צו טראַכימען:

— מײַן טעכטערל, פּערל.

— זייער אָנגענעם, — האָט טראַכים אָפּגעענטפערט, באַקוקנדיק פּערלען מיט אַ פרײַנט־לעכן בליק.

אייגנטלעך, האָט ער גאָרנישט ניט געמיינט מיט זײַן בליק, ווײַל געזען האָט ער פּערלען דאָס ערשטע מאָל און ניט געוווּסט וועגן די בריוו, וואָס זי באַקומט פון זײַן זון. נאָר פּערלען האָט דער בליק דור־געגאַנגען אַף דורך און דורך. יאַנקל האָט זי געמוזט אונטערמונטערן:

— וואָס זשע שטייסטו אַזוי, טאָכטערוניע? ביסט געקומען אַ קוק טאָן אַף מײַן נײַער מעלאָכע?

— אַ בריוו באַקומען... פון סעריאָזשען.

— פון סעריאָזשען? — האָבן איבערגעפרעגט ביידע טאַטעס מיטאַמאָל.

— וואָס זשע שרײַבט ער עפּעס, דער העלד דײַנער? — האָט יאַנקל געפרעגט מיט אַזאַ מינע, גלײַך ער וואָלט געווען גליקלעך, וואָס פּערל האָט באַקומען אַ בריוו פון סעריאָזשען.

— ער שרײַבט, מעגלעך ער וועט אינגיכן קומען. אין אורלויב.

— מײַן סעריאָזשע?

טראַכים האָט זיך פאַרהוסט מיט אַ לאַנגן הוסט און געמוזט זיך אַ נעם טאָן מיט דער רעכטער האַנט פאַרן האַרצן. טאַקע אַ שמיד, נאָר אין איין אויגנבליק צוויי אַזעלכע נײַסן איז פאַר אים געווען צו שווער. קוים אויסגעהוסט זיך, האָט ער אָפּסנײַ גענומען באַקוקן פּערלען: וואָס איז דאָס פאַר אַ מיידל, וועלכער זײַן סעריאָזשע שרײַבט בריוו.

— מאָדנע. פאַרוואָס זשע האָט ער אונדז ניט אָנגעשריבן?

— מיסטאָמע וועט איר אויך באַקומען מיט הײַנטיקער פּאָטשט, — האָט פּערל פאַרענט־פערט סעריאָזשען.

— זעסט, טאָכטערוניע, — טראַכים איז שוין געקומען צו זיך נאָכן הוסט, — באַ דער ערשטער באַקאַנטשאַפט אַזאַ בסורע געבראַכט. סעריאָזשקע מײַנער קומט! יאָ, אָבער וואָס וועט מײַן אַלטע זאָגן?

## 10

ווען בערל זאָל זיך פאַרלאָזן אַ באָרד, וואָלט זי געוויס געוואָקסן ענלעך אויף זײַן טאַטנס — אַ געדיכטע, אַ שאַרפקאַנטיקע, אַ שטעכיקע. נאָר בערד זײַנען אַרויס פון דער מאָדע. עמעס, געגאָלט האָט זיך בערל זעלטן — געהאַלטן, אַז אַ פאַרוואַקסן פּנים פּאַסט מער פאַר אַ מילכאָמע־אינוואַליד. אינעם טאַטנס באָרד האָט ער זיך ניט געניטיקט. נאָר אַ שאָד, וואָס דער טאַטע האָט אים ניט איבערגעגעבן בעיערושע זײַן הויכן וווּקס. דאָס האָט אים שטענדיק געערגערט, באַזונדערס ווען ער איז געשטאַנען באַנאַנד מיט זאַלמענען, דעם לאַנגן דראָנג. די לעצטע צײַט האָט בערל גענומען אונטערוואַרפן די לינקע האַנט אַזוי, זי זאָל זיך האַלטן אַ ביסל פון פאָרנט, מע זאָל זען די אָפּגעהאַקטע פינגער.

צו די קאַמייעס, וואָס האָבן אים געדאַרפט אַרויסהעלפן, האָט אויך געהערט די היפּש אָפּגעבליאַקעוועטע גימנאַסטיאָרקע מיט די צוויי אָרדענס, באַזונדערס דאָס רויטע בענדעלע, דער צייכן פון אַ שווערער וווּנד. ער האָט געטראָגן די גימנאַסטיאָרקע אַפילע דאַן, ווען ער פלעגט זיך פאַרפּוצן אין זײַנע נײַע, ציווילע הויזן.

ער האָט איצט אָנגעהויבן פּילן אַ באַזונדערן טאַם אין לעבן, אַ שטיקעלע נאַכעס־געפיל פון אַ מענטשן, וואָס איז געקומען צום געדאַנק, אַז די מילכאָמע האָט אים פונדעסטוועגן געשוינט: געלאָזט לעבן, איבערגעלאָזט אים ביידע פיס און אַ גאַנצע האַנט, און דער איקער — פאַריכט די אַמאָליקע אַוולע, אים אומגעקערט עסטערן. אַ זיווּעג, הייסט עס, בלײַבט אַ זיווּעג, און וואָס באַשערט, איז באַשערט. איז עסטער טאַקע זײַן ווײַב, און זיי הייבן אָן אַלץ אָפּסנײַ, גלײַך קיין זאַלמענען איז אויף דער וועלט ניט געווען. זיי האָבן שוין אַ בעהיימע פאַר זײַן, בערלס, געלט געקויפט, אַ סעדל פאַרפלאַנצט. דאָס איז אויך זײַנס, בערלס. ס'וועט אַוועק אַ יאָר צוויי, און פון זאַלמענען וועט דאָ קיין סימען ניט בלײַבן. ער וועט אַוועקשטעלן אַ מויער, ווי באַ יענעם רומעניש פאָרעצל, באַ וועלכן אים איז אויסגעקומען איבערנעכטיקן בעשאַס דער מילכאָמע, און אַ סאָד וועט זײַן באַ אים ניט קיין ערגערער, ווי באַ יענעם בײַכיקן מאַדיאַר אין די קורצע הייזלעך. די סטעזשקעלעך דאַרפן אויך זײַן אַזעלכע, ווי באַ יענעם, צעמענטירטע, גלאַנצנדיקע. און די טרעפּלעך צום מויערל אויך צעמענטירטע. אַ קעלער וועט ער מאַכן אַ גרויסן און אַ טיפן, ס'זאָל אַהין אַרײַן אַלץ. דער גרינער פלויט וועט זײַן געדיכט פאַרהאַנגען מיט ווײַנטרויבן, און אַלע וועלן פּלאַצן פאַר קינע, קוקנדיק אויף זײַן הויף.

איז געקומען זאַלמען...

אין יענער מינוט, ווען בערל איז אַרויסגעלאָפן, קלוימערשט נאָך דער פעלדשערקע, האָט ער געהאַט באַ זיך באַשטימט טייקעף אַוועק פון דאָרף. דאָס מאָל אויף שטענדיק. דאָס צווייטע מאָל טוט אים זאַלמען אָפּ אַזאַ שפּיצל. אָט וועט ער נאָר אַרײַן אין שטוב נעמען זײַנע זאַכן...

אָבער אַרײַנגיין אין שטוב און ווידער באַגעגענען זיך מיט זאַלמענען האָט אים קיין מוט ניט געסטײַעט. איז ער אַוועק אין סטעפּ און לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט אָן שום זין. געפילט זיך, ווי דאַן, ווען ער האָט געמוזט זיך געזעגענען מיטן טרוים וועגן אַ באַבריקאָווער פּאַלטאָ און כראָמעווע שטיוול, און ווי דערנאָך, ווען ער האָט פאַרלוירן עסטערן. די מאַמע זיצט און כליפּעט, און דער טאַטע מוסערט אים: „וואָס זיצסטו, ווי אַ ליימענער גוילעם? אונטער דער ערד וואָלט איך זי געפונען!"

„ניין, ניין, איצט וועל איך ניט אָפּטרעטן. מײַנס וועל איך ניט אַוועקגעבן". דאָס האָט ער איצינד געענטפערט דעם טאַטן און זיך אַליין אונטערגערייצט. פאַר זײַנע אויגן קומט אויף יענע פאַרשנייטע ווינטערדיקע נאַכט, ווען ער מיטן טאַטן זײַנען געשטאַנען באַ דער אָפענער גרוב מיטן טוכלע ווייץ. עס באַשלאָגט אים אַזש אַ היץ און אין האַלדז הייבט אָן וואַרגן אַ געזאַלצענע פינע. ער דערמאָנט זיך, ווי מע האָט דעם טאַטן אַוועקגעפירט אין ראַיאָן. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, ווען ער האָט זיך אומגעקערט, האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן מעלדונגען אויף זאַלמענען. נאַרישע מעלדונגען. אָט וועט ער, בערל, אָנשרײַבן, וועט זאַלמען שוין האָבן צו זינגען און צו זאָגן.

אייגנטלעך, ווען בערל איז אַרויף אַפן וועג און אַוועקגעשפּאַנט אין ראַיאָן, איז באַ אים נאָך גאָרנישט ניט געווען באַשטימט. דער געדאַנק איז אים אויפגעקומען, ווען ער איז דורכגעגאַנגען פאַרבײַ דער געבײַדע פון דער ראַיאָנער אָפּטיילונג פון עמגעבע און באַמערקט, ווי אין איינעם פון די פענצטער ברענט שײַן.

דער נאַטשאַלניק האָט געמיינט, אַז ס'האָט עפּעס געטראָפן אַ גרויסער אומגליק, ווען ער האָט דערזען פאַר זיך דעם צעשויבערטן בערלען. ס'איז שווער געווען פאַרשטיין, וואָס דער מענטש דערציילט.

— זאַלמען... זאַלמאַן דאַווידאָוויטש ליפשיץ... געקומען באַנאַכט...

דער נאַטשאַלניק האָט געמיינט, אַז ס׳שמעקט מיט אַ האַריגע. אַלנפאַלס, מיט עפּעס אַ גנייווע, און איז געווען אַ ביסל אַנטוישט, ווען ער האָט דערהערט, אַז דער גאַנצער איניען באַשטייט אין דעם, וואָס זאַלמען ליפשיץ איז געקומען אַהיים אַ לעבעדיקער, אין דער צייט, ווען אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער איז אומגעקומען. ער איז געוויס געווען אין געפּענקעניש, און ווער ווייסט, ווי ער האָט זיך דאָרטן אויפגעפירט. נאָר פונדעסטוועגן, אויב אַ מענטש גייט אַ נאַכט צופוס, קעדיי מעלדן וועגן דעם...

— זייער גוט, זייער גוט. אָבער... אַזוי־אָ, הוילע ווערטער! זעץ זיך אַוועק, בראָדערקע, שרייַב אָן אַלץ געניוי.

בערל האָט קוים אָנגעדראַפּעט עטלעכע ווערטער און איז אַרויס אין גאַס אָן אָפּגעקילטער און אַ ביסל אַ דערשראָקענער. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען.

צוויי טעג האָט בערל אַרומגעבלאָנדזשעט אין די אַרומיקע דערפער פון איין באַקאַנטן צום צווייטן און קיין רו ניט געפונען. ס׳האָט אים געצויגן אַהיים. ער האָט געוואָלט וויסן, וואָס איז ווייַטער געשען, ווי האָט עסטער אויפגענומען זאַלמענען, וואָס איז צווישן זיי פאָרגעקומען, און ווי האָט געווירקט אַף זאַלמענען זייַן מעלדונג. עפּשער זיצט ער שוין און עסטער איז ווידער אַליין. אין דאָרף איז ער געקומען שפּעט באַנאַכט און אָנגעקלאַפּט צו שיינדלען. דאָס, וואָס שיינדל האָט אים דערציילט, האָט זיך ניט געלייגט אַפן זינען. אַלץ קאַפּויר. שיינדל האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס איז ער אַזוי צערודערט.

— נאַרישע מענער. מע דאַרף צו אייַך האָבן אַסאַבענע נערוון. איין עסטער פאַראַן אַף דער וועלט?

מיט זאַלמענען האָט ער זיך באַגעגנט ערשט אַפן דריטן טאָג. זאַלמען האָט געמוזט זיך אָנע־מען מיט קויעך, קעדיי מאַכן אַ שפּאַן אים אַנטקעגן.

— נו, שאָלעם אַליכעם.

די האַנט האָט בערל דערלאַנגט, נאָר גאָרנישט ניט געזאָגט. לאַנג באַקוקט זאַלמענען מיט אַן עגבערדיקן בליק:

— נו, און פאַר מיר האָסטו שוין עפּעס צוגעטראַכט?

— אַרבעט וועט סטייַען פאַר אַלעמען.

— גראָבן מיט דער נאָז די ערד?

— וואָס ווילסטו מיט דעם זאָגן?

— איך וויל זאָגן... מיר זייַנען שוין ניט די, וואָס ביז דער מילכאָמע. אַ ביסל קליגער געוואָרן...

דערפילט אין בערלס ווערטער אַ שטאָך, האָט זאַלמען אַ טראַכט געטאָן: זיי רעדן, דאַכט זיך, ביידע אַף יִדיש, נאָר פאַרשטיין פאַרשטייען זיי זיך שלעכט. עפּעס באַקומט זיך גאָר, ווי באַ זייערע טאַטעס. יעדערער מיט זייַן פּאַסעק און יעדערער טייַטשט אים אויס אַף זייַן אויפן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט ניט אָפּקומען מיט עטלעכע ווערטער, און זיך אָנגערופן:

— וואָס זשע שטייען מיר? קום אַרייַן אין שטוב.

בערל האָט כוצפּעדיק אַ שמייכל געטאָן:

— אַ דאַנק, ניטאָ קיין כיישעק.

— איז עפּשער ווען מיר זיך דורכשפּאַצירן אַ ביסל?

זיי זייַנען געגאַנגען און געשוויגן. צו לאַנג געשוויגן. זאַלמען האָט זיך אייַנגעהערט אין די אַרומשווּעבנדיקע קלאַנגען, און בערל האָט אָנגעהויבן פילן, אַז זייַן שווייַגן פאַרלירט דעם טאַם. האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— ביסט דאָך געווען באַ אַלעקסיי ניקאָלייַעוויטשן, וואָס זשע האָט ער דיר געזאָגט?

— ער האָט צוגעזאָגט העלפן...

— נו, אויב אַזוי, מעגסטו שוין הייַנט צונויפרופן אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג און באַהאַנדלען מייַן איניען. איך שטעל זיך פאַר די פאַרזאַמלונג. איך, דו און עסטער...

— איך וועל, פאַרשטייט זיך, קומען אַף דער פאַרזאַמלונג, נאָר דערווייַל בין איך אַן אומפּאַרטייִישער...

ער האָט ניט פאַרשטאַנען, זאַלמען, וואָס איז בערל אַזוי צעהיצט געוואָרן.

— אַזוי גאָר? — האָט בערל אויסגעשריגן. — האָבן מיר דאָך ביכלאַל ניט וועגן וואָס צו רעדן!..

אין בערלס אויגן האָט זיך צעפלאַמט אַ פיבערדיק פייַערל, ווי באַ אַ מענטשן, וואָס ווייסט ניט, וואָס צו טאָן מיט זיך פאַר פרייד. ער וואָלט אַוועק טאַנצן, שעמט ער זיך. בערל האָט גע־מאַכט אַ שפּאַן אַף אַוועקצוגיין.

— ווארט צו... — האָט אים זאַלמען אַ כאַפּ געטאָן בא דער האַנט און דערפילט, ווי די קינבאַקן האָבן אָנגעהויבן אונטערצוטאַנצן. — דערפאַר האָב איך מיט דיר וואָס צו ריידן. דו זעסט, וואָס אין קאָלווירט טוט זיך?

— איז וואָס קער זיך עס אָן מיט מיר?

— וואָס רעדסטו, בערל?

נאָר די כוצפּע האָט שוין געוועלטיקט איבער בערלען, ער איז מיטאַמאָל דרייסט געוואָרן.

— ווייסטו וואָס, זאַלמען? האָסט גענוג אייגענע דייגעס. דו ביסט אַ מענטש, ווי מע זאָגט, אַ ביסל אָן אונטערגענעצטער. דאַרפסטו וויַיזן אַרבעט, דערוויַיזן, וועֶר דו ביסט. איך האָב שוין מייַנס דערוויזן. זעסט?

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיט דער צעקאַליעטשעטער האַנט און באַוויזן דאָס קליינע צונויפֿגעקאָרטשעטע פֿויסטעלע, אַף וועלכן ס׳האָט זיך געבאָמבלט בלויז איין האַלבער פינגער.

ס׳איז נאָך געווען זייער פרי. די זון איז ערשט ניט לאַנג אופגעגאַנגען, און זאַלמען האָט ניט פֿאַרשטאַנען, פאַרוואָס איז אים געוואָרן אַזוי הייס.

ווי האָט ער געזאָגט, בערל? אָן אונטערגענעצטער? יאָ, בערל, בערל, אין וועמעס הענט איז עסטער אַריַינגעפאַלן...

— אַף צו דערוויַיזן, הייסט עס, האָסטו די האַנט אוועקגעגעבן?..

— ערשטנס, האָב איך ניט אוועקגעגעבן, מע האָט זי פּאַשעט אָפּגעפּליקט. און איצט וויל איך אַ ביסל אַ לעב טאָן. ביסט דאָך געווען אין אייראָפּע, געזען, ווי מענטשן לעבן...

— יאָ, — האָט זאַלמען אַ שמייכל געטאָן, — געזען, אַלץ געזען...

— האָסטו געקאָנט מאַכן אויספירן. און היַינט איז אַזאַ ציַיט — יעדערער פאַר זיך.

בא זאַלמענען האָבן ווידער אָנגעהויבן אונטערטאַנצן די קינבאַקן:

— אַ ליגן!

בערל איז גראַד געווען רויִק.

— שריַי ניט אַזוי. סיַיווי הערט קיינער ניט. און נאָך וועל איך דיר זאָגן. אַזאַ, ווי דו, איז איצט אַ קליינע צאַצקע, אפילע מיט אָרדענס. אַזוי, אַז דו האָסט ניט מיט וואָס איבערצונעמען זיך.

— אויסוואורף!

בערלען האָט זיך געדוכט, אַז באַלד וועט זאַלמען זיך אַ וואָרף טאָן אַף אים.

— נו, נו! — און אַרויסגעשטעקט ביידע הענט אַף באַשיצן זיך. — דאָס וועלן מיר נאָך זען, וועֶר פון אונדז איז אָן אויסוואורף.

בערל איז אוועק, און זאַלמען איז געבליבן אַליין. געפילט האָט ער, אַז מער קאָן ער ניט מאַכן קיין שפּאַן, ער מוז זיך צוזעצן. פאַמעלעך אַראָפּגעשלעפּט דעם שטיוול, פאַרקאַטשעט די הויזן און מיט ביידע הענט גענומען רייַבן דעם קראַנקן פוס, פאַנאַנדערטריַיבן די בלוטן. ער האָט געריבן דעם פוס און פאַרגעזעצט דעם וויקועך מיט בערלען:

— ליַיגסט, ניט יעדערער פאַר זיך, איניינעם, אַלע איניינעם.

די זון האָט שוין טאַקע גוט אונטערגעוואַרעמט, און דער פוס האָט מאַמעש געבעטן זיך, מע זאָל אים לאָזן נאָך אַ ביסל רוען. איז ער געזעסן, זאַלמען, געוואַרעמט דעם פוס און געפּרווט ליַיזן פאַר זיך זייער אַ וויכטיקע פּראַגע: וויאַזוי ווערט עס אַ מענטש אַזאַ אויסוואורף? און עפּשער איז ער שטענדיק געווען אַזאַ, און נאָר מאַסקירט זיך, געוואַרט אַף זיַין ציַיט. זיַין ציַיט? נאַרישקיַיטן. ס׳איז ניט זיַין ציַיט. פּאַשעט, ווי אָט דער בורקון אין סטעפּ. מע וועט זיך מיט אים אָן אייצע געבן. אָבער עסטער?.. דאָס איז ניט צו פאַרשטיין. מיילע, זי האָט געקאָנט כאַסענע האָבן מיט אַ צווייטן. אָבער מיט בערלען? ווי קאָן זי וווינען מיט אַזאַ אויסוואורף אונטער איין דאַך?..

ער האָט דערפילט אַ שרעקלעכע מידקיַיט, און אים האָט זיך געוואָלט שוין דאָ אַפן אָרט כאַפּן אַ דרעמל. ער האָט אויסגעצויגן די פיס, אונטערגעלייגט די הענט אונטערן קאָפּ און צוגעמאַכט די אויגן. ווען מע קאָן נאָך צווינגען דעם קאָפּ וועגן גאָרנישט ניט טראַכטן, און ווען עפּעס אַ כמאַרעלע זאָל צודעקן די זון, זי זאָל אַזוי ניט שניַידן די צוגעמאַכטע אויגן.

פאַרוואָס איז אים אַזוי שווער אַפן האַרצן? און וואָס קלינגען אים אַזוי אין די אויערן בערלס ווערטער? אָן אונטערגענעצטער... אַ קליינע צאַצקע? פונוואַנען האָט ער עס גענומען? ער וואָלט זייער געוואָלט אַ שמועס טאָן וועגן דעם מיט אַלעקסיי ניקאָלאַיעוויטשן, אָט וועט ער די טעג זיַין אין ראַיאָן...

■

אין ראַיאָן איז ער געווען אַ סאַך פריִער, ווי ער האָט געקלערט. טאַקע דעם זעלבן טאָג. אים האָט אַרויסגערופן דער נאַטשאַלניק פון עמגעבע.

— ליפשיץ זאַלמאַן דאַווידאָוויטש? — האָט דער נאַטשאַלניק לאַנג פאַנאַנדערגעצויגן די

וערטער און נאָך לענגער געקוקט אים אין די אויגן, אויספּרוּווּנדיק אַף אים זײַן לאַנגע, אַנגע־שטרענגטע און, לויט זײַן מיינונג, היפּנאָטיזירנדיקע פּאַוזע.

— ריכטיק, — האָט זאַלמען געענטפערט און אַ ביסל אַרויסרופעריש איבערגעכאַזערט פּונקט אַזוי פּאַנאַנדערגעצויגן: — ליפשיץ זאַלמאַן דאַווידאָוויטש.

— איין פראַגע... — דער נאַטשאַלניק האָט זיך אַ הייב געטאָן, אָנגעבויגן דעם קאָפּ איבערן טיש. דאָס האָט אויך, לויט זײַן מיינונג, געדאַרפט ווירקן. — ווי קומט עס, וואָס איר זײַט געבליבן לעבן?

— אייגנטלעך... — זאַלמען האָט לאַנג אונטערגעקליבן ווערטער. — אייגנטלעך, די זעלבע פראַגע קאָן מען שטעלן יעדערן, און אויך אײַך. וויאַזוי זײַט איר געבליבן לעבן?

— איך? פאַרוואָס עפּעס איך? מיר שטעלט קיינער ניט אַזעלכע פראַגן! ערשטנס, בין איך ניט געווען אין געפענקעניש און, צווייטנס, בין איך ניט קיין ייִד.

ניין, זאַלמען האָט שוין ניט געקאָנט ענטפערן געלאַסן. ער האָט אָפּגעענטפערט מיט אָפענעם אַרויסרוף:

— און, דריטנס, בין איך אַ קאָמוניסט!

— דאָס דאַרף מען ערשט דערווײַזן, — האָט דער נאַטשאַלניק געזאָגט מיט אַ שטים, וואָס האָט אים אַליין פאַרוווּנדערט. עפּעס האָבן דאָס מאָל ניט געווירקט זײַנע מעטאָדן. — מע קאָן אַ קוק טאָן אַף אײַער פּאַרטיי־בילעט?

— צום באַדויערן... נאָר דאָרטן האָט קיינער ניט געפרעגט אַף אים. פון קאָמוניסטן האָט דאָרטן זיך געפאָדערט עפּעס אַנדערש.

— נו, דערציילט, דערציילט...

— אַ לאַנגע געשיכטע...

— איז עפּשער בעסער... יאָ, אַזוי וועט טאַקע זײַן בעסער. שרײַבט אָן. וועגן אַלץ גענוי. דאַטעס, געשעענישן, מענטשן, שטעט, דערפער... וועגן אַלץ גענוי...

— ס'איז ניט אַזוי גרינג.

— אָבער... ס'וועט אויסקומען!

יאָ, ס'וועט אויסקומען... אין די סאַמע אָנגעשטרענגטע טעג און נעכט וועט אויסקומען איבערלעבן נאָכאַמאָל דאָס שרעקלעכסטע, דאָס גרויזאַמסטע...

## 11

פון אַלע קלאַנגען, וואָס האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט איבערן באַנאַכטיקן סטעפּ, האָט זאַלמען געהערט בלויז דאָס שטילע אונטערקלינגען פון דער טאַטשאַנקע און דאָס קלאַפּן פונעם אייגענעם האַרץ. זינט אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט אים אָנגעזאָגט און געהייסן זיך אופזעצן אַף זײַן טאַטשאַנקע, האָבן זיי ביידע אויסגערעדט עטלעכע געציילטע ווערטער. אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט אים אויסגעזידלט, פאַרוואָס איז ער ניט אַרײַנגעקומען אין ראַיקאָם, און זאַלמען האָט זיך פאַרענטפערט: ער האָט געמיינט, ס'איז שוין שפּעט און ער וועט קיינעם ניט טרעפן.

— וואָס זשע מיינסטו, אַז נאָר גראַסימטשוק אַרבעט באַ אַ לאָמפּ?

ס'איז געווען פינצטער, און אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט ניט באַמערקט, ווי זאַלמען האָט אַ שמייכל געטאָן. אַ שמייכל, אין וועלכן מע פּרוווט אויסבאַהאַלטן דעם אייגענעם ווייטעק. מער האָבן זיי ניט גערעדט. זאַלמען האָט זיך אָנגעשטויסן, צוליב וואָס אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט אים אָנגעזאָגט און וווהין זיי פאָרן איצט.

אַמאָל, אַמאָל האָט דער פרומער טאַטע דערציילט זאַלמענען אָן אַ שיר מײַסעס וועגן בלאָנדזנדע שטערן, וואָס זײַנען אינדערעמעסן קיין שטערן ניט, נאָר מענטשלעכע נעשאָמעס, וואָס שוועבן אַרום די קוואָרים. זאַלמען האָט שוין לאַנג אופגעהערט צו גלייבן אין אַזעלכע מײַסעס. נאָר איצט, צוקוקנדיק, ווי עס פאַלן די שטערן און ווערן פאַרשווונדן אינעם ניט ווײַטן וואַלד, האָט זיך אים אָנגעהויבן דוכטן, אַז דאָס פליִען זיך צונויף די נעשאָמעס צו זייער פּאַרטיזאַנישן בעסוילעם און צווישן זיי איז אויך פאַראַן זײַן טאַטנס שטערן.

אַלץ אַרום האָט מיטאַמאָל אָנגעוווירן די רעאַלקײַט און געוואָרן סוידעסדיק: דער באַנאַכטיקער הימל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ביז צו דער ערד, דאָס גראָז פון ביידע זײַטן וועג און דער וועג אַליין, וואָס האָט אונטערגעוואָרפן די טאַטשאַנקע.

די סוידעסדיקע שטילקײַט איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. ער האָט אַ קוק געטאָן אַף אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטשן, געוואָלט עפּעס פרעגן, נאָר באַמערקט, אַז יענער איז אַנשלאָפן געוואָרן. יאָ, אַט האָט ער טאַקע אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אופגעכאַפּט זיך, נאָר דער שלאָף האָט אים פעסט

געהאַלטן אין די קלעמען. זאַלמען האָט פּאַרזיכטיק אונטערגערוקט אַן אַקסל. דערפילט עפּעס ענלעכס אַף אַ קישעלע, האָט אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש אַ פּאָר מאָל אַ רײַב געטאָן זיך מיט דער באַק אין זאַלמענס אַקסל, זיך אײַנגעמאָסטעט, און זאַלמען האָט מער דערפילט, ווי דערהערט אַ שטילן צופרידענעם זיפץ. זאַלמען איז געבליבן זיצן, ווי צוגעוואַקסן, מורא געהאַט אַ ריר טאָן זיך. דאָס גרוילעכע געפיל איז פאַריבער, און ער האָט שוין אַליין אָנגעהויבן דרעמלען, נאָר אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט ווי דערשראָקן זיך אַ ריס געטאָן און גענומען זיך אַרומקוקן.

— געכאַפּט אַ פײַנעם דרעמל. און דו?

— עפּעס שלאָפט זיך ניט.

— וואָס זשע האָסטו געטאָן?

— געטראַכט.

— אַ וואַזשנער איניען. וועגן וואָס זשע האָסטו געטראַכט?

— איך ווייס? אָט אשטייגער... — און אַ זאָג געטאָן גאָרניט דאָס, וועגן וואָס ער האָט געטראַכט. — פאַרוואָס פאָרט איר אַרום אַף אַ טאַטשאַנקע? ניט געקאָנט קריגן עפּעס אַ מאַשין?

— אָט וואָס דיך לאָזט ניט שלאָפן? נו, זייער פײַן פון דײַן זײַט. פאַרשטייסט? אַ מאַשין איז גראָד פאַראַן, נאָר מיט פערד איז זיכערער. איך בין דאָך אַ געוועזענער בודיאָנאָוועץ! און זיי זײַנען היסטאָרישע — די פערד מיט דער טאַטשאַנקע. געדענקסט מיכײַלען דעם זאַוואַכאָז פון רעמאָוווקע? יענער האָט אויך ליב געהאַט פערד... נאָר לאָמיך דיר פריִער דערציילן...

אָט ערשט איצט האָט זאַלמען זיך דערוווסט וועגן די לעצטע שאָען און טעג פון זײַן טאַטן. ער האָט זיך קלאָר פאָרגעשטעלט אַלץ. ווי ער גראָבט, דער טאַטע, נאַכט נאָך נאַכט, נאַכט נאָך נאַכט, גראָבט און טראָגט אַרויס אינעם ווײַסן מילכיקן עמער די ערד, צעשיט זי איבערן גאָרטן און דעקט זי איבער מיט פאַרטריקנטן קורײַ. ער האָט געזען פאָר זיך דאָס קאַנעצל, וואָס האָט געברענט אינעם שמאָלן טונעלכל, געזען די בלאָטערדיקע דלאָניעס און די פאַרדאַרטע און צערעפּעטע הויט אַף די פינגער און געהערט, ווי ער פאַרהוסט זיך אַלעמאָל, דער טאַטע, ווי ס׳פאַרכאַפּט אים דער אָטעם, און דאָך הערט ער ניט אויף גראָבן, נאַכט נאָך נאַכט, מיט עפּעס אַ פאַנאַטישער אַקשאָנעס. זאַלמענען איז שווער געווען פאַרשטיין, ווי האָט עס זײַן טאַטע, דער באַלכעסעד, וואָס האָט געהאַלטן פאַר דער גרעסטער עווירע זאָגן אַ מענטשן אַ שלעכט וואָרט, אָנזאָגן אַ שלעכטע בסורע, מיטאַמאָל אָנגעהויבן טראָגן אין זיך אַזוי פיל האַס.

— איר פאַרשטייט... — האָט דער טאַטע אײַנגעטײַנעט מיט אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטשן, — פאַרניכטן אַ שפּין רעכנט זיך באַ אונדז פאַר זיבן מיצוועס. הײַנט וויפל מיצוועס איז פאַרניכטן אַ פאַשיסט.

אין יענער לעצטער נאַכט איז ער געווען ביז גאָר אופגערעגט, דער אַלטער דאָוויד. ס׳האָט אים שטאַרק געפיבערט, און אין די אויגן האָט געפלאַקערט אַ פאַרדעכטיק פײַערל, פון וועלכן אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטשן איז געוואָרן שרעקלעך. עפּשער איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס דער אַרויסגאַנג אַפן גאָרטן איז שוין געווען פאַרטיק, און דער אַלטער האָט ניט געוווסט, וואָס צו טאָן מיט זיך אין די לאַנגע, קאַלטע און שלאָפלאָזע נעכט, צי עפּשער דערפאַר, וואָס צו אים זײַנען דערגאַנגען יעדיעס וועגן די „אַקציעס" איבער די ייִדן אין די אַרומיקע שטעט און דערפער. ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן וועגן דער טויכעכע און דערוויזן אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטשן, אַז אַלע קלאָלעס און שטראָפן, וואָס די וועלט האָט ביז איצט צוגעטראַכט, זײַנען גאָרניט קעגן דעם, וואָס די פאַשיסטישע מערדער האָבן פאַרדינט.

און דאָ האָט מען אָנגעקלאַפּט. ס׳איז געווען ניט דער קלאַפּ, אַף וועלכן זיי האָבן געוואַרט. מע האָט זיך געקאָנט אָנשטויסן, ווער דאָס איז. פאַרוואָס האָט ער אַליין זיך ניט באַנוצט מיטן אַרויסגאַנג? אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט אים ניט געקאָנט אײַנריידן. זיי האָבן אַפילע געקריגט זיך איבער דעם אויך דאָן, ווען דאָס קלאַפּן אין דער טיר איז געוואָרן שטאַרקער און דראָענדיקער. אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט זיך אַפילע דערשראָקן, ווען דער אַלטער האָט אים אַ כאַפּ געטאָן, אַראָפּגעשטופּט אין קעלער און צוגעשפּאַרט דאָס טירל. ער האָט אַף שטענדיק פאַרגעדענקט זײַן שטומען, באַפעלערישן און פלאַקערדיקן בליק. איין זאַך איז אים געבליבן ניט פאַרשטענדלעך: פאַרוואָס האָט דאָוויד ניט געעפנט די טיר: צי די קויכעס זײַנען אים אויסגעגאַנגען, צי ער האָט געוואָלט אַ ביסעלע אָפּציִען, אַז ער, אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש, זאָל קאָנען אוועק וואָס ווײַטער, נאָר די דײַטשן האָבן וואַרטן ניט געוואָלט. זיי האָבן אַליין צוגעשפּאַרט די טיר פון יענער זײַט. באַגאַסן די שטוב מיט בענזין און זי אונטערגעצונדן. אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש איז שוין געווען אין סטעפּ, ווען ער האָט דערזען דעם פלאַם.

— מיכײַלאָ האָט געדינט אין דער פּאָליציי, נאָר געווען איז ער אַן אונדזעריקער. טאַקע יענעם פאַרטאָג האָט מיכײַלאָ מיט אַ גרופּע פּאָליציי־לײַט אַרומגערינגלט די אָפּגעבערנטע שטוב און איבערגעטרייסלט דאָס גאַנצע אַש. יעדער האַלאָוועשקע, קלוימערשט דאָקומענטן געזוכט, ביז ער האָט געפונען...

— וואָס זשע האָט ער געפונען? — זאַלמענען האָט זיך געדוכט, אַז זײַן קאָפּ קומט אָן פון ערגעץ ווײַט־ווײַט, קוים וואָס ער אַליין הערט עס.

— וואָס האָט געקאָנט בלײַבן נאָך אַזאַ סרייפע? פאַרקוילטע ביינער... דער שאַרבן איז גע־בליבן גאַנץ. די צווייטע נאַכט האָט מיכײַלאָ אים געבראַכט אין וואַלד אַרײַן.

— וווּ איז ער איצט, מיכײַלאָ?

— פאַרפאַלן געוואָרן. מיר וויסן אַפילו ניט, וויאַזוי און ווען. מע קאָן זיך בלויז פאַרשטעלן. אַ היציקער געווען. זיך געפּאַקט אָף אַ נאַרישקייט. מעגלעך, אַז צווישן די פּאָליציײַען, וועמען מיר האָבן גערעכנט פאַר אונדזערע, איז געווען אַ פאַרעטער.

פאַרטשעפּעט זיך מיטן דישעל פאַר אַ בוים, האָבן די פערד זיך אָפּגעשטעלט. דער קוטשער, אַן אַלטיטשקער פויער, וואָס האָט דעם גאַנצן וועג אַקשאָנעסדיק געשוויגן, האָט זיך אָנגערופן:

— אָט אַן אומגליק. פאָר איך אַרײַן אין וואַלד, ווער איך בלינד.

— אַן אַלגעמיינע שוואַכקייט פון סטעפּ־לײַט. — אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש איז דער ערשטער אַראָפּגעקראָכן פון דער טאַטשאַנקע און אָנגעצונדן זײַן קעשענע־לאַמטערנדל. — מירן זיך בעסער דורכגיין. און איר, קירילאָוויטש, וועט בלײַבן מיט די פערד.

דער וואַלד איז דאָ גאָרניט אַזאַ גרויסער. זאַלמען האָט אים גוט געקענט און זיך געוווּנדערט, וויאַזוי האָבן די פאַרטיזאַנער דאָ זיך אופגעהאַלטן אַ לענגערע צײַט. נאָר איצט האָט דער וואַלד געדריקט אָף אים מיט זײַן געדיכטער פינצטערניש. אים האָט זיך געדוכט, אַז זיי גייען שוין לאַנג־לאַנג, כאָטש זיי האָבן דורכגעמאַכט אינגאַנצן קנאַפּע צוויי קילאָמעטער. אַלעקסיי ניקאָ־לײַעוויטש האָט, אַפּאָנעם, גוט פאַרגעדענקט אַלע וועגן און שטעגן און פאַרקערעוועט אָף רעכטס און אָף לינקס, ווי אָף אַ באַטאַגיקן שפּאַציר. אַלעמאָל אַ נעם געטאָן זאַלמענען פאַרן עלנבויגן, אָפּגעקערעוועט אים פון עפּעס אַ פּניאַק אָדער אַ בייג געטאָן אים דעם קאָפּ פאַר אַ נידעריק אַראָפּהענגענדיקער צווײַג. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.

— אָט... דער פאַרטיזאַנישער בעסוילעם, — האָט אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש געזאָגט שטיל און אַראָפּגענומען דאָס היטל. זאַלמען האָט אויך געטאָן דאָס זעלבע.

דאָס קליינינקע לאַמטערנדל האָט קוים באַלויכטן די עטלעכע קוואָרים מיט באַשיידענע הילצערנע מאַציוועס.

— אָט דאָ ליגט דײַן טאַטע.

ס'איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. די צײַט, ווען פון ערגעץ ווײַט, פונעם יאַם כאַפּט זיך אוף אַ קיל ווינטל און לאָזט זיך בלאָנדזשען איבערן סטעפּ. אָנגעטראָפן אונטערוועגנס אָף ניט קיין גרויסן וואַלד, האָט דאָס ווינטל געגומען טרייסלען די גרינע קוטשעראַווע טשופּרינעס פון די ביימער. איצט איז דאָס ווינטל באַפאַלן דעם פאַרטיזאַנישן בעסוילעם. די ביימער האָבן גענומען זיך וויגן און פּלאָנטערן. זאַלמענען האָט דורכגענומען אַ ציטער. די ליפּן האָבן שטיל עפּעס געשעפּטשעט. אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט פעסט אַ דריק געטאָן זאַלמענס האַנט.

— פאַרוואָס האָט מען קיין אופשריפטן ניט געמאַכט?

— יאָ, איצט וועט מען זיך דאַרפן נעמען פאַר דעם, — האָט אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש גע־זאָגט, — מאַכן אַ גוטן פּלויט. נײַע מאַציייוועס אוועקשטעלן, און עפּשער גאָר אַריבערפירן די קוואָרים אין ראַיאָן, נעענטער צו די לעבעדיקע. ווי מיינסטו? דאָ איז באַגראָבן אַ גאַנצער אינטערנאַציאָנאַל! אוקראַינער, רוסן, יידן און אַפילו איינער אַ גריך, פון דורדובאַ.

— יאָ, — האָט זאַלמען אַ זיפץ געטאָן, — אין יענע צײַטן האָט מען קיין אַנקעטעס ניט אויסגעפילט.

— וועגן וועלכע אַנקעטעס רעדסטו?.. עך, דזשיגיט מײַנער, ווילסט טאַקע באַ מיר עפּעס אַרויסשלעפּן. זאָג דעם עמעס, אינעם קאַבינעט פונעם סעקרעטאַר פון ראַיקאָם וואָלסטו אויך אַזוי געזאָגט?

אוי, ווי אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט עס געקאָנט לייענען יענעמס געדאַנקען.

— געטראָפן? באַ דיר באַקומט זיך, ווי באַ מאַרפען פון בורלאַצק. געדענקסט מאַרפען? די בעסטע מעלקערן געווען. מיר איז אויסגעקומען אַמאָל איבערנעכטיקן באַ איר אין שטוב. אַ גאַנצן מעסלעס האָט געדויערט די אָבלאַווע. די דײַטשן זײַנען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב. און איך בין געלעגן באַ איר אין קעלער אונטער אַ קופּע קאַרטאָפל. קומט זי אַראָפּ מיט אַ קריגל

מילך. איך טרינק עס אויס, דאנק אָפּ, נאָר זי שטייט אַזוי מיטן קריגל אין דער האַנט, גלײַך זי װיל מיר עפּעס זאָגן און קאָן זיך ניט אָנעמען מיט קיין מוט. נו, טראַכט איך מיר, אויב אַזוי, דאַרף מען אַוועקגיין, מיסטאַמע האָט זי מוירע מיך צו האַלטן. האָב איך זיך אויפגעהויבן, נאָכ־אַמאָל באַדאַנקט און איר דערלאַנגט די האַנט.

— גאָט זאָל אָפּהיטן! — זאָגט זי. — ס'איז אַ פּול דאַרף מיט דײַטשן! איך בין געקומען צו אײַך מיט אַן אָנקלאָגע.

— אָף וועמען ווילסטו זיך קלאָגן?

— אָפּן ראַיקאָם, ניט אַזוי אָפּן ראַיקאָם, ווי אָפּן ערד־אָפּטייל. ניט ריכטיק האָט איר באַשטימט מיטן אָרדען. כ'האָב אים דאָן ערלעך פאַרדינט. פינף טויזנט ליטער פון יעדער קו אָנגעמאָלקן. נאָר צוויי וואָכן האָב איך געקרענקט, און מיך האָט פאַרביטן אַן אַנדערע, האָט מען מיר ניט געוואָלט פאַרעכענען דעם געמעלק פאַר יענע צוויי וואָכן. דרײַ מאָל געווען אין ראַיערד־אָפּטייל, און זיי האָבן ניט געוואָלט פאַנאַנדערקלײַבן זיך. ביוראָקראַטן.

— פאַרוואָס זשע ביסטו ניט אַרײַן אין ראַיקאָם? — פרעג איך זי.

— איך ווייס? באַ אײַך איז שטענדיק געווען אַ ריי. און עפּעס קאָן מען זיך אויסרעדן אין קאַבינעט? אַזעלכע לאַנגע טישן, און טעפּיכער אָפּן דיל, האָסט מוירע אַ פּוס אַוועקשטעלן און פאַרלירסט גלײַך דאָס לאָשן. אַלץ געקליבן זיך, געקליבן זיך.

— נישקאָשע, — האָב איך זי באַרויִקט, — אָט וועלן מיר פאַרטרײַבן די פאַשיסטן, וועלן מיר פאַריכטן דעם פעלער.

— איך גלייב אײַך, — ענטפערט זי מיר. — עס גייט דען אינעם אָרדען? אָבער עס דאַרף אומעטום זײַן גערעכטיקייט. נאָר איצט וועט מיר שוין זײַן גרינג אַרײַנקומען צו אײַך.

— און זי איז געקומען? — האָט זאַלמען געפרעגט.

— ניין. מע האָט געהאַרגעט אונדזער מאַרפע. אָבער... זי איז באַ אונדז אין די צעטלען אָף באַלוינט צו ווערן. דײַנט טאַטע אויך. הײַנט פאַרשטייסטו, זאַלמאַן דאַווידאָוויטש? אַרומגעגאַנגען אַ מענטש מיט אַן אָנקלאָגע און געוואַרט אָף אַ פּאַסיקן מאָמענט, און איך טראַכט איצט אָפּטמאָל... פאַרוואָס שרעקן אונדזערע קאַבינעטן אָט דעם פּאָשעטן מענטשן?.. און עפּשער ניט די קאַבינעטן, נאָר די, וואָס זיצן אין זיי?

— יאָ, — האָט זאַלמען אַ זיפץ געטאָן און אינקורצן איבערדערציילט זײַן געשפּרעך מיט בערלען און מיטן נאַטשאַלניק פון דער ראַיאָנער אָפּטיילונג פון עמגעבע.

דאָס ווינטל, ווי עס וואָלט זיך פאַרפּלאָנטערט צווישן די ביימער, האָט לאַנג ניט געקאָנט אַרויסקלײַבן זיך אָף דער פרײַ, עס האָט בייז געשמיסן די בלעטער און אָנגעפילט דעם אַרום מיט אַ רויש, דער וואַלד האָט אינגאַנצן אָנגעוווירן דעם שלאָף. אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש האָט, ווי פריִער, געפירט זאַלמענען פאַר דער האַנט, אויסמײַדנדיק יעדן פניאַק.

— פאַרשטייסט, — האָט ער זיך אומגעקערט צום פריִערדיקן געשפּרעך, — ווען אַזאַ מענטש, ווי בערל, ספּעקולירט אָפּן מאַרק, איז אים גרינג דעמאַסקירן, אָבער וואָס טוט מען, אַז אַזאַ ספּעקוליאַנט און קאַריעריסט קריכט אַרײַן אין די הויכע פענצטער? דאָס איז שוין ביז גאָר געפערלעך. ווײַל אַזאַ־אַ הייבט אָן האַנדלען מיט מענטשלעכע נעשאָמעס, מיט מענטשלעכע גורלעס. און אַ ספּעקוליאַנט מוז דאָך זײַן אַ ליגנער, אַ צווייפּנעמדיקער, ער מוז דאָך צען מאָל אין טאָג זיך שווערן באַ טאַטע־מאַמע און באַם סאַמע הייליקסטן. אַנדערש וועט מען אים ניט גלייבן.

דער קוטשער האָט נאָך פונדערווײַטנס דערהערט זייערע טריט און איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער טאַטשאַנקע, רײַבנדיק די פאַרשלאָפענע אויגן.

— פאָלג מיך, זאַלמען, טראַכט מער ניט וועגן דעם, — האָט זיך אָנגערופן אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש, ווען זיי האָבן זיך אויפגעזעצט אָף דער טאַטשאַנקע, — דו טראַכט בעסער וועגן דעם, וואָס דו דאַרפסט אָנשרײַבן. עס דאַרף אַלץ זײַן גענוי און פינקטלעך. דאַטעס, געשעענישן, מענטשן. דאָס איז זייער וויכטיק.

זאַלמען האָט אַ ציטער געטאָן. די זעלבע ווערטער האָט אים געזאָגט דער נאַטשאַלניק פון עמגעבע. הייסט עס, אַז יענער איז נאָך זייער באַגעגעניש געווען אין ראַיקאָם און אַלץ דערציילט. און טאַקע דערפאַר איז אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש גלײַך אַרויסגעפאָרן אים אָניאָגן. ער האָט אים אָפּגעגעבן אַ נאַכט פון זײַן רו, אַ נאַכט, וואָס זאַלמען וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

די טאַטשאַנקע האָט ווייך אונטערגעקלונגען, איבערגערופן זיך מיט די ערשטע באַגינענדיקע קלאַנגען פונעם אויפוואַכנדיקן סטעפּ. דער וועג האָט זיך איצט געצויגן, ווי אַ לאַנגער שנור, און געגלאַנצט ביז העט ווײַט, ביזן פאַרוויטלטן הימל־ראַנד.

# צווייטער טייל

## 1

אין יענע ערשטמײַיִקע טעג איז געווען אַלץ בעשעפּע: זון און פרייד, ליכט און יאָמטעוו, דורכזיכטיק־העלע גרינקײַט און צאַפּלדיק־צאַרטער צוויט, שײַנענדיקע פּענעמער פון בערדיקע קאַזאַקן און רייצנדיקער געלעכטער פון יונגע קאַזאַטשקעס... אַלץ אַרום איז געווען פול מיט שיקערנדיק־שאַרפע רייכעס, ווי אָנגעפּאָיעט מיט אַלטן, אויסגעשטאַנענעם ווײַן, און טאַקע די ווײַנען אַליין, די באַוווּסטע צימלער ווײַנען, אין וועלכע ס׳ווערן יעדער יאָר דערטרונקען אַ סאַך, אַ סאַך זונען־שטראַלן, ווערן דערטרונקען, נאָר פאַרלירן ניט זייער הייסן ברי. דער אַלטער שטילער דאָן איז אין יענע טעג אויך געווען ענלעך אויף אַ יונגער קאַזאַטשקע: ער האָט געשטיפּט, געכיינדלט זיך, געשפּילט קעגן דער זון און געזונגען אינײנעם מיטן יאָמטעוודיק־אויפגעלעבטן און אַ ביסל בעגילופנדיקן אויילעם אַלע לידלעך, וואָס ער קען, זינט ער געדענקט זיך. הײַנט די הילצערנע הײַזער אויף שטאָלצן, הויכע הײַזער מיט פײַן־געשניצטע גאַנעקלעך, און די ווײַנגערטנער, וואָס הענגען אַראָפּ פון די בערג איבערן טײַך, און דער גרויסער זוניקער פּלאַץ אין צענטער פון דער סטאַניצע... ס׳איז געווען אויף וואָס צו קוקן, פון וואָס אַנציקט צו ווערן.

דער היגער אוילעם האָט ניט אויפגעהערט צו באַטראַכטן די דעלעגאַטן פון זאַפּאָראָזשיע, באַזונדערס זאַלמענען מיט קיילען. מע האָט זיי גלײַך באַמערקט און אויסגעטיילט פון אַלע איבעריקע. ייִדן — פּויערים! ער, זאַלמען, אַ שטאַלטנער יונגערמאַן מיט אַ גענגעלע פון אַ קאַוואַלעריסט — אַ פּאָרזיצער פון אַ קאָלווירט, און זי, קיילע, פול מיט יענעם מילדן חיין פון אַן אַלמאָנע, וואָס וויל זיך ניט עלטערן, — אַ באַוווּסטע מעלקערן. געשיקט זיך אַזוינס?

געווען טאַקע צווישן די קאַזאַקן אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געקאָנט גלייבן און געהאַלטן, אַז די גאַנצע מײַסע איז עפּעס מאָדנע: דער געוועט צווישן צוויי ראַיאָנען, וואָס איינער געפינט זיך באַם דניעפּער, און דער צווייטער באַם דאָן, דאָס, וואָס אַ דעלעגאַציע איז געקומען קאָנטראָלירן, ווי דער אָפּמאַך ווערט אויסגעפּילט, און באַזונדערס דאָס, וואָס צווישן די דעלעגאַטן זײַנען פאַראַן ייִדן פּויערים!

קיילען האָט מען ניט אויפגעהערט פאַרשיטן מיט פראַגעס: וועלכע בעהיימעס און וויפל בעהיימעס זײַנען באַ זיי פאַראַן, וויפל מעלקט זי אָן און וויפל פאַרדינט זי, צי איז פאַראַן באַ זיי זוויַנגערטנער, וועלכע סאָרטן ווײַנטרויבן? קיילע האָט געוווּסט, אַז זי האָט מיט וואָס אויסצונעמען. מיט אירע געדיכטע, גלאַט־צוגעקעמטע שוואַרצע האָר, מיט אירע גרויסע און ניט וויניקער שוואַרצע אויגן, מיט איר גלאַטער מאַטעווער הויט אויפן פאַרברוינטן פּאָנעם, פון וועלכן ס׳שפּריצט מאַמעש מיט יונגקײַט, און אַז מע באַפּוצט נאָך דאָס אַלץ מיט אַ ברייטן און ליבן שמייכל... האָט זי ניט אויפגעהערט שמייכלען און געענטפערט אויף אַלע פראַגעס געלאַסן, געניי און מיט ווירדע. האָט דאָס אַרויסגערופן נאָך מער כשאַד, באַ אייניקע איז געווען אַ קאַוואָנע — כאַפּן זי אין עפּעס אַ גרײַז.

דעם סאַמע ערנסטן אויספּרווו האָט קיילע געדאַרפט אויסהאַלטן באַם טיש, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט מיט אַלדאָסגוטס. אינמיטן טיש איז געלעגן אַ לעבל ברויט, די גרייס ווי אַ ראָד פון אַ סטעפּישער קאָלימאַגע, און מיט אָט דעם ברויט האָט עס קיילע באַדאַרפט באַווײַזן, וואָס זי קאָן. איינער פון יענע, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געשטעלט קלאָץ־קאַשעס, האָט איר דערלאַנגט אַ מעסער און אַ ווונק געטאָן אויפן ברויט. זי האָט שוין אַליין געדאַרפט זיך אָנשטויסן וואָס צו טאָן: צעשנײַדן דאָס ברויט אויף גלײַכע שטיקער לויטן קאַזאַקישן מינהעג, ס׳זאָל זײַן פאַר יעדן אַ גלײַכער כיילעק. זי וואָלט טאַקע עפּשער ניט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, ווען ניט איינער אַ יונגער קאַזאַק, וועמען ס׳האָבן רוען ניט געלאָזט אירע שוואַרצע אויגן. אונטערזאָגן האָט מען ניט געטאָרט, האָט ער נאָר אַ פיר געטאָן מיט זײַן פאַרליבטן בליק איבערן טיש און אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט. האָט זי שוין אַלץ פאַרשטאַנען. יענעם יונגן קאַזאַק האָט קיילע צו זײַן כיילעק ברויט צוגעטיילט אַזאַ שמייכל, אַז ער האָט זיך אַזש פאַרוויטלט. אַ גליק, וואָס קיינער האָט ניט באַמערקט. קיילעס דערפינדערישקײַט האָט אַרויסגערופן אַלגעמיינע אַנציקונג.

און דאָך איז צווישן אוילעם געבליבן איינער, וואָס האָט בעשום־אויפן ניט געוואָלט גלייבן. געווען איז דאָס שוין אַן עלטערער קאַזאַק, און גערופן האָט מען אים קירײ איוואַנאָוויטש.

צווישן די וווּקסיקע און בערדיקע קאַזאַקן האָט קירײ איוואַנאָוויטש אויסגעזען ווי אַ ניט־דערוואַקסענער זאַנג, וועמען דער הייסער סטעפּישער מיזרעך־ווינט, דער סוכאָווײ האָט אַ סאַרפּע געטאָן סאַמע דאַן, ווען ער האָט געהאַלטן באַם אָנגיסן זיך. אַ נידעריטשקער, אַ דאַרינקער, מיט אַן אײַנגעשרומפּן פּאָנעם, פול מיט שטופּלען, דערצו איז דאָס רויטלעכע בערדל געווען שיטער און גאָרנישט ניט געקאָנט אויפטאָן אויף פאַרשטעלן די שטופּלען. ער האָט, אַפּאָנעם, געוווּסט זײַנע בעסרוינעס, קירײ איוואַנאָוויטש, האָט ער זיך געסטאַרעט זיי דעקן מיט זײַן כיטרע קוקעלע, אַ

קוקעלע, וואָס נעמט דורך און דורך, גלײַך ס'וואָלט געזאָגט: ס'מאַכט ניט אויס, וואָס איך בין אַזאַ דאַרינקער און געשטופּלטער, דערפאַר ווייס איך וועגן אײַך עפּעס אַזוינס...

ער האָט די גאַנצע צײַט זיך געדרייט אַרום זאַלמענען, מאַמעש אַרומגעטאַפּט אים פון קאָפּ ביז די פיס און ניט אויפגעהערט צו טײַנען:

— סײַווי, עס קאָן ניט זײַן. ייִדן זאָלן באַאַרבעטן ערד, פלאַנצן ווײַנגערטנער, אויסכאַוועןפּי... איך גלייב ניט.

קאָן זײַן, קיריי איוואַנאָוויטש האָט געוואָלט אָפּטאָן זאַלמענען אַ שפּיצל. דעם צווייטן טאָג, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פערד־געוועטן, האָט קיריי איוואַנאָוויטש אים אַ פרעג געטאָן:

— איר וועט עפּשער אויך אַ פּרווו טאָן?

זאַלמען האָט אָפּגעענטפערט מיט באַגײַסטערונג:

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן!

ס'האָט אים טאַקע אָף אַן עמעס געצויגן אין זאָטל אַרײַן. אין דעם נעכטיקן קאַוואַלעריסט האָבן זיך צעקאָכט אַלע בלוטן, און ער האָט שוין אַפילו ניט געקאָנט רויִק אָנטאָן די קאָזאַקישע אוניפאָרם, אָנהענגען די שווערד. דאָך האָט ער באַוויזן ווי געהעריק אָפּשאַצן דעם יונגן אָגער, וואָס מע האָט צו אים צוגעפירט. זאַלמען האָט גלײַך פאַרשטאַנען, אַז ער וועט מיט אים האָבן צו זינגען און צו זאָגן. מיט דעם אָגער האָט מען נאָך געדאַרפט היפּש אַן אַרבעט טאָן, קעדיי אים אָפּגעוווינען פון זײַנע ווילדע שטיק. דער אָגער האָט קיין מינוט ניט געקאָנט שטיין רויִק, געגראָבן מיט די פאָדערשטע פיס די ערד, געביסן די צוים, בייז אונטערגעציטערט און געקוקט אָף זאַלמענען מיט אַ דראָענדיקן בליק: אַנו, פּרווו נאָר!

ניט אומזיסט האָט אָבער זאַלמען אָפּגעדינט דרײַ יאָר אין קאַוואַלעריע. ער האָט געוווּסט, ווי מע דאַרף זיך באַגיין מיט אַזעלכע בריִעס. ניט נאָר דער אוילעם, דאָס פערד אַליין האָט ניט באַמערקט, ווי ער איז אַרײַנגעפלויגן אין זאָטל און אַ צי געטאָן די צוים. דער יונגער אָגער האָט דערשראָקן אַ קער געטאָן דעם קאָפּ און אָנגעהויבן אונטערשפּרינגען. פריִער אָף די פאָדערשטע פיס, דערנאָך אָף די הינטערשטע, פּרווונדיק אַראָפּטרייסלען פון זיך דעם רײַטער. דערפילט, אַז יענער האַלט זיך פעסט, האָט דער אָגער אַ צי געטאָן די צוים און אַוועק. זאַלמען האָט אים ניט אײַנגעהאַלטן. אין אַ געוויסער מאָס האָט ער געבראָכן די באַדינגונגען פון געוועט, ווײַל אַוועק איז ער ניט גלײַך צו די פאַרצוימונגען, נאָר פאַרקערעוועט אָף לינקס און פאַרשוווּנדן געוואָרן. אומגעקערט זיך אָפן פלאַץ האָבן זיי, ער און דער אָגער, שוין ווי אַלטע און גוטע באַקאַנטע. ביידע פאַרשוויצטע, ביידע פאַרסאָפּעטע און ביידע מיט עפּעס ביז גאָר צופרידענע. אַראָפּגעשפּרונגען פונעם זאָטל, האָט זאַלמען גוטברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן דעם אָגער איבערן רוקן, אַ גלעט געטאָן איבערן האַלדז און דערלאַנגט אים אין מויל אַרײַן עטלעכע שטיקלעך צוקער איינס נאָכן אַנדערן. דער אָגער האָט געקײַט און הילכיק אונטערגעכראָפּעט.

דאָס צווייטע מאָל האָט זאַלמען זיך אויפגעזעצט אָפן פערד שוין גאַנץ רויִק און זיך אַוועקגעלאָזט צו די פאַרצוימונגען. דער אָגער האָט פרייִלעך אונטערגעשפּרונגען מיט אַן אויסדרוק פון פולער אונטערטעניקײַט. ער האָט גענומען איין באַריער נאָכן צווייטן מיט אַזאַ גרינגקײַט, גלײַך ווי ער וואָלט געוואָלט ווײַזן אַלעמען, אַז דאָס איז פאַר אים אַ שפּילכל. און צום סאָף, ווען פון אונטער זאַלמענס שווערד האָבן אָנגעהויבן פליִען אינדערלופטן די אונטערגעהאַקטע לאָזונעס, און געניטע קאָזאַקישע אויגן האָבן באַמערקט, אַז זיי זײַנען אַראָפּגענומען געוואָרן האַרט בײַ דער ערד, האָט שוין קיינער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן די אַנציקונג.

— אַ דזשיגיט!

— אַן עמעסער דזשיגיט!

— אָט האָסטו דיר אַ ייִד...

בלויז קיריי איוואַנאָוויטש, אַ ביסל אַ פאַרלוירענער און, ווי אים אַליין האָט זיך אויסגעוויזן, אַ ביסל אַ פאַרשעמטער, האָט ניט אויפגעהערט צו טשיפּען דאָס בערדל און ניט אויפגעהערט טײַנען:

— סײַווי גלייב איך ניט, ביז איך וועל מיט מײַנע אייגענע אויגן ניט זען זײַן קאָלווירט.

— וועלן מיר דיך שיקן אַהין מיט אַ דעלעגאַציע!

— וואָס זשע מיינט איר, איך וועל ניט פאָרן?

די באַשטימונג פון דער זשורי האָט קיינעם ניט געוווּנדערט. ווײַל אַלע האָבן געהאַלטן, אַז זאַלמען האָט פאַרדינט דעם ערשטן פּריז. אָבער דער צווייטער פּונקט — פאַרשרײַבן דעם דזשיגיט זאַלמאַן דאַווידאָוויטש ליפשיץ אין די צעטלען פון די קאָזאַקן פון דער סטאַניצע צימליאַנסקאַיאַ, איבערלאָזן אים אַלס מאַטאָנע די קאָזאַקישע אוניפאָרם און אויך די שווערד — איז פאַר אַ סאַך געווען אומדערוואַרט.

אין יענעם זוניקן מאַיאָווע טאָג איז זאַלמענען אַפילע אפן געדאַנק ניט געקומען, אַז דער געוועט, די אַלע צערעמאָניעס און דאָס פאַרשרײַבן אים אינעם בוך פון די צימלער קאַזאַקן וועט שפּעטער, אין עטלעכע יאָר אַרום, זיך אַזוי אָפּרופן אַף זײַן גורל.

איז געקומען דער זומער פון איין־און־פערציקסטן...

זאַלמען האָט זיך קוים דערוואַרט אַף דער פּאָוועסטקע פונעם מיליטערישן קאָמיסאַריאַט. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער שוין געזעסן אין וואַגאָן און דערציילט זײַנע נײַע כאַווירים פון דער קאַזאַקישער טייל, ווי איז דאָס געשען, וואָס ער, זאַלמען ליפשיץ, איז געוואָרן אַ קאַזאַק פון דער סטאַניצע צימליאַנסקאַיאַ.

מיט אַנדרייען איז זאַלמען געוועזן ניט נעענטער, ווי מיט אַלע איבעריקע קאַזאַקן. און אויב זאָגן דעם עמעס, איז ער זאַלמענען געוועזן ניט צום האַרצן. אַנדריי איז מיט עפּעס ענלעך געוועזן אַף קיריי איוואַנאָוויטשן פון צימלע. ער האָט ניט אופגעהערט שפּעטן פון זאַלמענען, אַרויס־געזאָגט פאַרשיידענע האַשאָרעס וועגן זײַן קאַזאַקישן ייִכעס און אַפילע געצווייפלט, צי זאַלמען איז אַפאַנעמעסן זאַלמען. נאָר ווען דער קאָמאַנדיר פונעם עסקאַדראָן האָט אַרויסגערופן אַנדרייען און באַפוילן אים נעמען מיט זיך נאָך איין קאַזאַק אַף גיין אין אויסשפּירונג, האָט יענער אויס־געקליבן דאַפקע זאַלמענען.

אינצווייען האָבן זיי אויסגעהערט זייער אופגאַבע: דערקלײַבן זיך צום וועלדל און פון דאָרטן נאָכשפּירן נאָך דער באַוועגונג פון די דײַטשן אַפן נאָענטן וועג. די קומענדיקע נאַכט זיך אומקערן צוריק.

צום וועלדל, אַ פּאָר קילאָמעטער פון די נאָרוואָס אויסגעגראָבענע אָקאָפּעס, האָבן זיי זיך דערקליבן בעשאָלעם. ס'האָט דאָ אַפילע ניט געשמעקט מיט קיין דײַטשן. אָנגעהויבן האָט זיך אַלץ אַ ביסל שפּעטער, ווען ס'האָט גענומען טאָגן. געדוכט האָט זיך, אַז די דײַטשן האָבן באַ־שטימט אויסשיטן אַף אָט דעם וועלדל אַלע סנאַריאַדן און מינעס, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, אַלץ אַרום האָט געהודיעט, געפּײַפט און געוואָיעט, די ערד האָט געהאַלטן אין איין אונטערציטערן און איבערן קאָפּ זײַנען געפלויגן אָפּגעפליקטע ברענענדיקע צווײַגן.

און מיטאַמאָל... עפּעס האָט אַ בליץ געטאָן פאַר די אויגן, און גלײַך איז אַלץ פאַרשוווּנדן. זאַלמען האָט דערזען פאַר זיך די קאָבילנער באַלקע, אַזאַ, ווי זי איז פאַרבליבן אין זײַן זיקאָרן פון יענע נעכט, ווען ער האָט דאָרט שפּאַצירט מיט עסטערן. דערנאָך האָט ער דערזען עסטערן אַליין. זי איז געשטאַנען קעגן אים, די צעפּ צעפלאָכטן — די לאַנגע שוואַרצע האָר הענגען אַראָפּ ביז איבער די קני. ער האָט געפּרוּווט אַ נעם טאָן אין די הענט אירע האָר, האָבן זיי זיך אויסגע־גליטשט... דערנאָך איז אָנגעקומען יענע גליקלעכע און שרעקלעכע מינוט, ווען ס'דוכט זיך, אַז קיין בעסערס קאָן שוין אַף דער וועלט ניט זײַן, און ס'בלײַבט נאָר איין זאַך — מע דאַרף שטאַרבן...

## 2

זי איז גאָר ניט אַזוי טיף, די קאָבילנער באַלקע, און גאָר ניט אַזוי ברייט. ווער ווייסט, פונוואַנען עס ציִען דאָ די כּיוונע די סאַמעטענע גרעזעלעך, ווי האַלטן זיי עס אײַן אַ קײַלעכיק יאָר זייער גרינעם גלאַנץ און פאַרלירן ניט זייער זיסלעך־טערפּקן רייעך. גיסטו אַ צופּ אַ גרעזל און אַ נעם אַף דער צונג, דערפילסטו דעם זיסלעכן טאַם קוים־קוים. דערפאַר אָבער גיט עס אַ בראָט די צונג און אַ קלעם צונויף דעם גומען... נאָר דאָס איז דיר ליב. ווײַל דו ווייסט — אַפילע ווינטער, ווען די באַלקע איז פאַרוואַלגערט מיט שניי, גרינען אונטער אים דײַנע גרעזעלעך. און אין פרילינג, ווען אין דער באַלקע בושעווען די קויטיקע שניי־וואַסערן, צעגיסן זיך ווי אַן עמעסער טײַך, וואַרטסטו: זאָלן נאָר אַראָפּ די וואַסערן, וועט די באַלקע גלײַך אַ שײַן טאָן אַן אויסגעבאָדענע און די גרינע גרעזעלעך וועלן בלישטשען קעגן דער זון מיט אָן אַ שיר קרישטאָל־ריינע טראָפּנס. און ס'מאַכט ניט אויס, וואָס דאָס גראָז איז אַ ביסל צוגעפּלעטשט און צעשויבערט. די ערשטע פרילינג־ווינטן וועלן דאָס צוקעמען, צוגלעטן, און אַפילע דאַן, ווען די הייסע זומערדיקע זון סאַרפּעט אָפּ דעם גאַנצן סטעפּ און אַלץ אַרום איז פאַרגעלט און פאַרוויאַנעט, וועט די באַלקע זײַן אַ גרינע און אַ שמעקנדיקע. ווען אַלץ אַרום גרינט און בליט, זעט די באַלקע אויס ביז גאָר באַשיידן, און דאָך לויפן די קינדער אַהער אַלע טאָג, גאַנצפרי, ווען זיי גייען אין שול, און באַטאָג, ווען זיי גייען אַהיים. די דערוואַקסענע ציט אויך אַהער אין די זומערדיקע אָוונטן, אין די זומערדיקע נעכט. עפּשער איז עס דערפאַר, וואָס מע קאָן דאָ שאָענלאַנג שטיין און שווײַגן. געוויס איז דאָס דערפאַר. די באַלקע אַליין קאָן אויך שווײַגן. וויפל מיידלשע סוידעס באַהאַלט זי אויס, מיידלש גליק און מיידלשע טרערן! און שאַ־שטיל, באַ איר בלײַבט עס.

פערעלע האָט שוין דאָ אויך איר סאָד. אין איינעם א זוניקן פרילינגדיקן טאָג זיינען זיי געגאנגען אהיים פון דער שול. זי און סעריאָזשע. זי ווייסט ביז היינט ניט, פארוואָס האָבן זיי ביידע פלוצלינג זיך אָפגעשטעלט, גלייך ווי עמעצער וואָלט זיי די פיס געפּענטעט, און פארוואָס מיטאמאָל אנשוויגן געוואָרן. פערעלע האָט נאָר באוויזן ארויסשעפּטשען: „אך, ווי ס'שמעקט!" און מיטאמאָל דערפילט, ווי א קוש האָט איר א ברי געטאָן דאָס פּאָנעם, ווי מיט א צעגליטער קויל... זי האָט דערשראָקן א קוק געטאָן אף אים, איבערגעכאפּט זיין פארלוירענעם בליק און אנטלאָפן. געלאָפן און אלץ געריבן מיט דער האנט די צעפלאַמטע באק.

— פערעלע, פערעלע! — האָט ער געשריגן. — זיי מיר מוכל, ס'איז ניט אומיסטן!..

— ניט אומיסטן, ניט אומיסטן, — זי האָט געכליפּעט און זיך נאָכגעקרימט אים. דאָס קאָל זיינס איז געוואָרן וואָס אמאָל שוואכער, דערנאָך אינגאנצן פארשוווּנדן, און בא איר האָט אלץ געקלונגען אין די אויערן: „ניט אומיסטן, ניט אומיסטן..."

מער האָבן זיי זיך ניט געזען. פערעלע האָט זיך אויסבאהאלטן פון אים. זי איז געווען אין אכטן קלאס, ער — אין צענטן. אלע טאָג איז זי געלאָפן אהיים מיט אן אנדער וועג. אפן ארויס־לאָז־אָוונט איז זי ניט געקומען. און אין עטלעכע טעג ארום האָט זי זיך דערוווּסט, אז סעריאָזשע איז אוועק אין ארמיי מיטן פרילינגדיקן פּריזיוו. האָט זי שוין אָנגעהויבן בייזערן זיך אף אים: „ניט אומיסטן, ניט אומיסטן — ניט געקענט אָנשרייבן קיין צעטעלע..."

אין עטלעכע כאדאָשים ארום איז פערעלע געקומען געזעגענען זיך מיט דער באלקע. דאָס דאָרף האָט זיך עוואקויִרט. ס'איז געווען פריִער הארבסט, און אלץ ארום איז געווען איינגעהילט אין יענעם וויאנענדיקן אומעט, פון וועלכן עס קלעמט דאָס הארץ. נאָר די באלקע איז, ווי שטענ־דיק, געווען פרילינגדיק־פריש. פערעלע איז לאנג געשטאנען אף יענעם אָרט, וווּ סעריאָזשע האָט זי א קוש געטאָן, און איר האָט ניט אופגעהערט קלינגען אין די אויערן: „ניט אומיסטן, ניט אומיסטן". זי האָט איבערגעלאָזט דער באלקע איר כיילעק טרערן.

סאכאקל איז זי דאן געווען א דאר מיידעלע. דאר און לאנג. און פונקט צו דער מאָס זיינען געווען די צוויי דינינקע בלאָנדע צעפּעלעך, נאָר דאָס נעזל...

— ווי קומט אין אונדזער מישפּאָכע אזא נעזל? — האָט יאנקל ניט אופגעהערט צו שפּעטן. — א קורנאָסע גאָר.

— נישקאָשע, — האָט מאלקע זיך פארענטפערט, — זאָלן די פלייצעלעך א ביסל ברייטער ווערן, זאָלן די בעקעלעך זיך אָנפילן, וועט דאָס נעזל זיין ווי אָנגעמאָסטן.

צום סאָף פונעם מילכאָמע־ווינטער האָט פערעלע באקומען פון סעריאָזשען א בריוו. האָט ער זי טאקע, הייסט עס, געזוכט? כאָטש געשריבן האָט ער, אז איר אדרעס האָט ער געפונען צופעליק. פערעלע האָט אין זיך געטראכט: „אוי, סעריאָזשינקע, וועמען ווילסטו אָפּנארן? מע קאָן מיינען, אז אומעטום, אף אלע וועגן וואלגערט זיך מיין אדרעס". זי האָט געלייענט און אי־בערגעלייענט דעם בריוו יעדן אָוונט, ווען טאטע־מאמע זיינען שוין געשלאָפן:

„איך האָב גאָרנישט ניט פארגעסן, ניט יענעם פרילינגדיקן טאָג, ניט די באלקע... און ווי דו ביסט אנטלאָפן..."

„און איך אויך ניט, סעריאָזשע, און ס'קלינגט מיר די גאנצע צייט אין די אויערן! „ס'איז ניט אומיסטן!"

אזוי האָט זי נאָר געטראכט, געשריבן האָט זי אים פיל איינגעהאלטענער, אפילע צו טרוקן. ס'פּאסט דען פאר א מיידל אנדערש? זי האָט ניט געוווּסט און ניט געקלערט, אז געפילן קאָנען אָט אזוי־אָ אָנהייבן וואקסן. פון גאָרנישט ניט. פון א קוש, וואָס ניט אומיסטן.

נאָר ווער ווייסט? עפּשער האָט זיך עס אָנגעהויבן פריִער, און עפּשער גאָר שפּעטער, פון די בריוו. ער האָט געשריבן אָפט, און זי האָט געוווּסט זיין יעדן שריט און טריט: ווען געענדיקט די טאנקיסטן־שול, ווען דאָס ערשטע מאָל געווען אין שלאכט, ווען אונטערגעשאָסן א דייטשישן טאנק און ווען אליין געברענט, ווען געווען פארוווּנדעט און ווען באלוינט. ער איז געוואקסן אין אירע אויגן פון בריוו צו בריוו, געוואָרן וואָס אמאָל העכער און שטאלטנער, קליגער און העלדי־שער. און יעדער בריוו האָט ארויסגערופן בא איר אלץ מער און מער ווארעמקייט און מער אומרו, און מיט יעדן בריוו איז זי אליין געוואָרן א ביסל דערוואקסענער, א ביסל ערנסטער.

ס'איז איר נאָר שווער געווען ענטפערן. וועגן וואָס שרייבן? זי איז געזעסן מיטן טאטן לעבן דער ניי־מאשין, געשליפט לעכלעך און צוגענייט קנעפּלעך צו סאָלדאטישע הויזן און גימנאס־טיאָרקעס און אלץ געטרוימט בעסאָד פון די עלטערן אוועק אפן פראָנט, זיין דאָרטן, ווו סעריאָזשע. שוין דאן, ווען אלץ איז געווען פעסט באשטימט, איז די מאמע געשטאָרבן. ווי זשע לאָזט מען איבער דעם טאטן אליין? די מאמע האָט דאָך פארן טויט אָנגעזאָגט: „פערעלע, היט אָפּ דעם טאטן".

און ס'איז ווידער געווען פֿריִער האַרבסט. אַלץ אַרום איז געווען פּאַרוויסט און פֿאַרענדערט, ווי נאָך אַן ערד־ציטערניש. נאָר די באַלקע איז געווען ווי פֿריִער, גלײַך אַף דער וועלט איז גאָרנישט ניט פֿאָרגעקומען. זי איז אַוועק אַהין, אינעם ערשטן פֿאַרנאַכט, ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים. און שוין ניט נאָר געטראַכט אין זיך, נאָר טאַקע אָנגעשריבן:

„איך האָב גאָרנישט ניט פֿאַרגעסן, סערִיאָזשע. איך בין נעכטן אָפּגעשטאַנען דאָרטן אַ גאַנצן אָוונט. און מיר האָט אַלץ געקלונגען אין די אויערן...“

פֿאַר אירע ניט פֿולע צוואַנציק יאָר איז פֿערעלע געווען אַ ביסל צו ערנסט און צו פֿאַרזאָרגט, שטענדיק פֿול מיט אָן אַ שיר דײַגעס, מיט לייד און מיטלײַד, גלײַך ווי זי וואָלט בעעמעס געווען בעקויעך עפּעס אויפֿטאָן פֿאַר די אַלע פֿאַריאָסעמטע פֿאַמיליעס. יאַנקלען האָט אָפּט אַפֿילע געשטאָכן דערפֿון. ווען זײַן פֿערעלע פֿאָרט אַוועק אין ראַיאָן, קוקן די ווײַבער אַף איר אַרויס מער, ווי אַף אים. זי האָט טאַקע געקאָנט אויפֿטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס ניט יעדן האָט זיך אײַנגעגעבן. גאָר גיך איז זי געוואָרן אַן אייגענער מענטש אין מיליטערישן קאָמיסאַריאַט, אין אָפּטייל פֿון סאָציִאַלער פֿאַרזיכערונג, און קיינמאָל ניט געקומען פֿון דאָרטן מיט קיין ליידיקע הענט. פֿאַר איינעם אויסגעסטאַרעט זיך פּענסיע, אַ צווייטן געבראַכט אַ פּאָר שיכעלעך פֿאַר אַ קינד, און איינמאָל, צום אַכטן מאַרט, געבראַכט אַ זאַק הירזש פֿאַר די פֿאַמיליעס פֿון די אומגעקומענע.

גוט, וואָס יאַנקל האָט קיין צײַט ניט געהאַט צו טראַכטן וועגן דעם. אַז ניט, וואָלט ער זיך דערטראַכט, אַז די ווײַבער קאָנען זיך גרינגער באַגיין אָן אַזאַ פֿאָרזיצער, ווי ער, איידער אָן זײַן פֿערעלען. וואָס שײַעך דעם נעזל, האָט יאַנקל זיך איבערצײַגט, אַז מאַלקע איז געווען גערעכט. אַ ביסל אָנגעפּילט די באַקן, און שוין גאָר ניט אַזוי קורנאָסע.

ווען זאַלמען האָט זיך אַ יאָווע געטאָן פֿון יענער־וועלט, האָבן אין פֿערעלען מיטאַמאָל אויפֿגעברויזט אַזעלכע געפֿילן, וועגן וועלכע זי האָט ביז איצט קיין פֿאָרשטעלונג ניט געהאַט. אַנציקונג, פֿאַרליבטקײַט... ניין, ניין, ניט דאָס. זי האָט ליב סערִיאָזשען. נאָר זאַלמען!.. אַזעלכע דאַרפֿן זיי זײַן, אָט די, וואָס וואַרפֿן זיך אַף די אַמבראַזורעס, אָט די, וואָס בינדן זיך אַרום מיט גראַנאַטעס און וואַרפֿן זיך אונטער פֿאַשיסטישע טאַנקען, אָט די, וואָס גייען אַף אַ זיכערן טויט. און אויב סערִיאָזשע איז ענלעך אַף זאַלמענען, כאָטש אַ קאַפּעטשקעלע... דער עיקר, ער זאָל ניט זײַן ענלעך אַף בערלען.

פֿונדעסטוועגן, אַ נאַרישקײַט, שוין ניט קיין מיידעלע, שוין באַלד אַלט צוואַנציק יאָר, און אַזוי קינדעריש. באַקומען אַ בריוו פֿון סערִיאָזשען, אַז ער פֿאָרט די טעג אַרויס אין אורלויב, האָט זי געכאַפּט דעם בריוו און אַוועק מיט אים צו דער באַלקע. געשטאַנען מיט צוגעמאַכטע אויגן און זיך אײַנגעהערט. געוואָלט דערהערן און דערפֿילן עפּעס אַזוינס... און געריבן מיט דער האַנט די פֿלאַמענדיקע באַק. זי וואָלט נאָך לאַנג אַזוי געשטאַנען, האָט זי זיך דערמאָנט אין זאַלמענען: ער איז אַוועק אין סטעפּ נאָך באַגינען און קער שוין געוויס זײַן הונגעריק.

זאַלמענען האָט זי געטראָפֿן אין עק דאָרף, ווען ער האָט זיך געקליבן פֿאַרקערעווען צו דער פּאַסיקע.

— ווי קומט איר אַהער? — האָט זי געפֿרעגט. — איך לויף דעם מיטיק צוגרייטן.

ער האָט אַ קוק געטאָן אַף איר, ווי עפּעס ניט קיין היגער, געקוקט לאַנג, עפּשער צו לאַנג, ביז ער האָט ענדלעך אַרויסגעריסן זיך פֿון זײַנע דערינערונגען, ביז ער האָט זיך אַרויסגעפּלאָנטערט פֿון יענער שרעקלעכער און גליקלעכער מינוט, ווען ער האָט געהאַלטן באַם שטאַרבן.

— און דו, ווי קומסטו אַהער?

— איך? איך בין געווען באַ דער באַלקע...

ניט ווילנדיק האָט זי אויסגעזאָגט איר סאָד, זי האָט זיך פֿאַרויטלט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— איך אויך, — האָט זאַלמען אָפּגעענטפֿערט, — כ'בין אויך נאָרוואָס געווען לעבן דער באַלקע.

— איר?.. און איך האָב אײַך ניט געזען.

— האָסט ניט געקאָנט זען, ווײַל... נו, דאָס איז גאָר אַן אַנדער איניען...

ביידע זײַנען זיי געשטאַנען אַ ווײַלע, געטראַכט וועגן פֿאַרשיידענע זאַכן, וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט דער באַלקע, געטראַכט און קוים אַראָפּגעשלונגען דאָס, וואָס ס'איז געלעגן אַף דער צונג. ביידע זײַנען געקומען צום געדאַנק: ס'איז ניט אַף צו דערציילן.

— זייער גוט, וואָס איך האָב דיך באַגעגנט, פֿערעלע. איך האָב טאַקע געטראַכט וועגן דיר.

— וועגן מיר?

איצט איז זי שוין אַף אַן עמעס רויט געוואָרן, כאָטש אַליין ניט געוווּסט פֿאַרוואָס.

— יאָ, וועגן דיר. וועגן אַ בריגאַדיר טראַכט איך. כ'האָב געמיינט — בערל, נו, דו ווייסט דאָך, ער איז ניט פֿון די.

— איך א בריגאדיר? ווי קומט עס צו מיר? נו, און עסטער?

זי איז גרייט געווען צו זאָגן זאַלמענען אַלץ, וועגן וואָס זי טראַכט די לעצטע טעג: פאַרוואָס איז ער אַזוי בייז אויף עסטערן? פאַרוואָס וויל ער זי באַזייטיקן פון דער אַרבעט? עסטער איז דאָך ניט שולדיק. זי האָט דאָך געמיינט, אַז ער איז אומגעקומען. און וואָס וועט זײַן מיט דער בוכהאַל־טעריע? און וואָס וועט זײַן מיט סעריאָזשען? ער דאַרף דאָך אינגיכן קומען, און זי מוז האָבן כאָטש עטלעכע פרײַע טעג.

— עסטער? — האָט זאַלמען שטיל אַרויסגערעדט. — פאַרשטייסט, פּערעלע, איר אַליין וועט זײַן צו שווער, וועלן מיר מאַכן צוויי באַזונדערע בריגאַדעס. און דו וועסט זײַן בריגאַדיר איבער די אַקערער.

— דאָס איז שרעקלעך! — דאָס איז געווען אַן ענטפער ניט אַזוי זאַלמענען, ווי אויף אירע אייגענע געדאַנקען.

— ס'איז גאָר ניט אַזוי שרעקלעך, פאַרשטייסט, מענטשן זײַנען בא אונדז ווייניק, און יעדע־רער דאַרף אַרבעטן פאַר צוויי, פאַר דרײַ. און איך וועל דיר העלפן.

— ניין, ניט דאָס מיין איך, — זי האָט געוואָלט דערווידערן, דערווײַזן, אַז ניט די שווערי־קײַטן שרעקן זי. קיין בריגאַדיר טאָר זי ניט ווערן. ווי פאַרשטייט ניט זאַלמען אַזעלכע זאַכן? עס גייט דאָך א רייד וועגן עסטערן! פאַרוואָס וויל ער ניט פאַרשטיין, אַז עסטער...

זי האָט א קוק געטאָן אויף זאַלמענען און אַנשוויגן געוואָרן. זײַן פּאָנעם איז געווען צעשניטן מיט אַן א שיר טיפע קנייטשן, און די רויטלעכע פּאַסיקלעך אין די אויגן, און דער בליק, א בליק פול מיט ווייטעק, גלײַך ער האָט אָקאָרשט איבערגעלעבט עפּעס שרעקלעכס...

— נו, אַז איר זאָגט...

— אַזוי זשע רעד, פּערעלע! כ'בין געווען זיכער...

א שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זײַן פּאָנעם. פּערל האָט א טראַכט געטאָן: ניט נאָר בריגאַדיר, זי וואָלט געטאָן אַלץ, דאָס שווערסטע, דאָס סאַמע גרעפּערלעכסטע, אַבי ס'זאָל אָפטער אויף זײַן פּאָנעם א שיין טאָן א שמייכל.

— וואָס זשע דאַרף איך איצט טאָן?

— וואָס הייסט וואָס? מיר נעמען זיך פאַרן פאַר.

— ניין... — זי איז מיטאַמאָל דרייסט געוואָרן און אויך זיך דערלויבט א שמייכל טאָן, — אין דער ערשטער ריי נעמען מיר זיך פאַרן מיטיק. איר האָט דאָך הײַנט קימאַט ניט געגעסן.

„...סעריאָזשע טײַערער. געדענקסט אונדזערע קינדערשע טרוימען? אין זעקסטן קלאַס האָב איך געוואָלט ווערן א טענצערין. א באַרימטע, פאַרשטייט זיך. אײנעם זיבעטן געטרוימט ווערן א פּילאָט. אויך א באַרימטער. אין אַכטן קלאַס האָב איך פעסט באַשטימט ווערן א פּעדאַגאָג. מעג שוין זײַן א געוויינלעכער, ניט קיין באַרימטער. נאָר בריגאַדיר? קיינמאָל ניט! זאָלסט אָבער געווען א קוק טאָן אויף אונדזער פּאַרזיצער, אויף זאַלמענען. און עפּשער, עפּשער האָט ער אין מיר געפונען אַזעלכס, וואָס איך אַליין ווייס ניט. אַזוי, אַז ווען דו וועסט קומען, וועסטו טרעפן דײַן פּערלען — א בריגאַדיר איבער די אַקערער. ווי געפעלט עס דיר?"

**3** דורך דעם ניט־פאַרהאַנגענעם פענצטער האָבן שטיל, אויף די שפּיץ פינגער זיך אַרײַנגעכאַפּט די ערשטע גרויע פּאַסן, זיך פאַרוקט אין א ווינקעלע און איבער־געלאָזט פּערלס בעטל אײַנגעהילט אין די לעצטע רעשטלעך פון דער נאַכט. זיי זײַנען אָבער גיך אַנטרונען געוואָרן, און דאָס גאַנצע צימערל איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט העלער שײַן. און געצוווּנגען פּערלען אַראָפּטאַנצן פון בעט.

זי האָט נאָך אַליין ניט פאַרשטאַנען, וואָס האָט זי אַזוי פרי א ריס געטאָן פון שלאָף, נאָר דאָס האַרץ האָט מוירעדיק געפּלאַטערט פון עפּעס א ניט קלאָרן געפיל. זאָל דאָס זײַן איבער סעריאָזשען? ניין! אַך, אָט וואָס! פון הײַנט אָן איז זי דאָך בריגאַדיר, בריגאַדיר איבער די אַקע־רער! א ביסל איז איר געוואָרן אומעטיקלעך. נאָר קיין צײַט צו טראַכטן וועגן דעם האָט זי ניט געהאַט. זי האָט א רײַב געטאָן די אויגן, אַפּגיך זיך אָנגעטאָן און א באַרוועסע אַרויסגעלאָפן אין דרויסן. די אָפּגעקילטע ערד האָט א שניט געטאָן די פּיאַטעס און געצוווּנגען פּערלען עטלעכע מאָל אונטערשפּרינגען. זי איז געווען ביז גאָר פאַרוווּנדערט, ווען זי האָט דערזען עסטערן. אָט פונוואַנען עס קומט דער האַרץ־פּלאַטער.

— אַזוי פרי? — האָט זי געפרעגט, קעדיי אָפּציִען אויף א ווײַלע דעם ניט אָנגענעמען שמועס.

— פאַרשטייסט, פּערעלע, ניטאָ קיין צײַט, דו ווייסט דאָך, מע דאַרף הײַנט אָנהייבן אַקערן, און אַלץ איז צעוואָרפן. קוים צוויי פּלוגן צונויפגעשטעלט, יאַרמעס, קייטן, שטריקלעך, פאַר־שטייסט? נו, לײדיק גיכער אויס דאָס קוישל.

פערל האָט פאַרביסן די ליפּן, געבליבן און אָפּהענטיקע, גלייך זי וואָלט זיך מיט עפּעס פאַר־שולדיקט. זי איז געוואָרן א ביסל בייז אף זאַלמענען, וואָס ער האָט באַצייטנס ניט געזאָגט עסטערן וועגן זיין באַשלוס.

— דו מיין ניט, עסטער, איך האָב אפילע ניט געקלערט. נאָר זאַלמען האָט געהייסן, און ווי האָב איך געקאָנט אָפּזאָגן? קענסט דאָך דיין זאַלמענען.

— וואָס האָט זאַלמען געהייסן?

— ער האָט געזאָגט, זאַלמען, ער האָט געזאָגט, אַז דיר אַליין וועט זיין צו שווער, און אַז איך זאָל נעמען דעם פאַר אף זיך. געוואָלט דאַפקע, אַז בערל, נאָר, ווייסט דאָך...

— אַזוי גאָר...

פון אָנהייב האָט עסטער געמיינט, אַז זאַלמען האָט זיך דערוווסט, אַז זי טראָגט אים עסן און פאַרוועט עס פערלען נעמען בא איר, לאָזט זיך גאָר אויס...

— וואָס זשע, ער גלייבט מיר ניט?

— וואָס רעדסטו? פּאַשעט, ער זשאַלעוועט דיך. ווי פאַרשטייסטו ניט? ער האָט געזאָגט, ס'איז ניט פאַר דיינע קויכעס, — האָט שוין פערעלע געמוזט זיך אָנעמען פאַר זאַלמענען.

פערל האָט באַמערקט, ווי עסטערס פּאָנעם האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן פאַרלירן אַלע פאַרבן. זי האָט אָנגענומען עסטערן פאַר דער האַנט און פעסט זיך צוגעטוליעט מיטן קאָפּ צו איר אַקסל. געבליבן שטיין אַזוי. פּאַשעט צוליב דעם, אַז עסטער זאָל האָבן בא וואָס צושפּאַרן זיך.

— פונוואַנען ווייסט ער, וואָס איז פאַר מיינע קויכעס? — האָט זי קוים איינגעהאַלטן זיך, זי זאָל זיך ניט צערעווען אָט דאָ אינמיטן דער גאַס.

— עסטער, גלייב מיר. איך בין דאָ גאָרנישט ניט שולדיק. זאַלמען האָט אַזוי קאַטעגאָריש פאַרגעלייגט.

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, — זי האָט פאַרזיכטיק זיך באַפרייט פון פערלס אָרעמס, ווי געפּרוווט, צי קאָן זי אַליין זיך האַלטן אף די פיס. — עפשער דאַרף מען טאַקע אַזוי, קאָן זיין. ער איז דאָך שטענדיק גערעכט, זאַלמען. דו, פערעלע, נעם זיך ניט צום האַרצן. איך האָב צו דיר, כ'וויל זאָגן, צו אים — גאָרנישט ניט! איי, וואָס איז דאָ צו ריידן. לײדיק גיכער אויס דאָס קוישל.

פערל האָט א כאַפּ געטאָן דעם קאַשעק און אַריינגעלאָפן אין שטוב. עסטער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט. אַזוי איז איר געוואָרן גרינגער. נאָר מיטן האַרצן האָט זי גאָרניט געקאָנט אופטאָן. עס קלעמט און פרעסט און וויל פון גאָרנישט ניט וויסן. אפילע פון דעם, וואָס זאַלמען זשאַלעוועט זי. עך, זאַלמען... עפּעס קליגערס ניט געקאָנט צוטראַכטן. וואָס זשע זאָל איך איצט טאָן, זאַלמען? נו, זאָג אַליין. האָסט דאָך געקאָנט בא מיר פרעגן, וואָס איז פאַר מיר שווער און וואָס איז פאַר מיינע קויכעס.

ווען פערל איז צוריק אַרויס, האָט זי געטראָפן שוין אַן אַנדער עסטערן. די שטים אירע איז געוואָרן א פעסטע, א זיכערע.

— נא, אָט האָסטו דאָס צעטל, ווער עס אַרבעט בא די פּלוגן. מיין קו וועט גיין אין שפּאַן מיט קילינעס, איירע מיט שיינדלס. פאַנאַס האָט זיך צונויפגעשפּאַנט מיט סימען. די יאַרמעס און די פּלוגן זיינען לעבן דער קוזניע.

זי האָט א נעם געטאָן דעם קאַשעק און גרייט געוועזן אַוועקצוגיין.

— און וואָס מאַכט זאַלמען? כ'האָב אים נעכטן אפילע ניט געזען.

— קימאַט א גאַנצע נאַכט געזעסן און געשריבן.

— וועגן וואָס זשע שרייבט ער עס?

— פונוואַנען זאָל איך וויסן?..

— אוי, פערעלע, איך בעט דיך. לאָז אים ניט זיצן דורך די נעכט...

לויטן טומל, וואָס איז אַלץ געוואַקסן אַרום דער קוזניע, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָ שטעלט זיך אויס אַן עמעסער יאַר־יאַריד, א מין „קאַנסקע טאַרהאָוויצע"[1]. די בעהיימעס האָבן בעשום־אויפן ניט געוואָלט פאַרשטיין, וואָס מע וויל פון זיי. לויט זייער בעהיימישן סייכל איז אויסגעקומען, אַז וויבאַלד מע האָט זיי אויסגעמאַלקן, קומט דאָך זיי טרייבן אין טשערעדע. וואָס זשע רוקט מען זייערע קעפּ אין אָט די שמאָלע און שווערע פענצטערלעך, וואָס בלייבן הענגען אפן האַלדז און רייבן אַזוי מוירעדיק? צוליב וואָס האָט מען זיי צונויפגעבונדן פאַרנווייז און צונויפגעטשעפּעט מיט א לאַנגער אייזערנער קייט? זיי האָבן ניט געקאָנט וויסן, אַז פון היינט אָן וועט זיי אויסקומען גאַנצע טעג שלעפּן איבערן פעלד א שווערן אַקער, אָפּגיסן זיך מיט שווייס און צו פאַרנאַכט־צו וועט זיי שוין ניט זיין ליב די בעסטע פּאַשע. דערווייל האָט די יאַרמע

[1] א פערד־מאַרק.

אַליין זיי אַרויסגעפירט פון זייער בעהיימישער גלײַכגילטיקײַט. זיי האָבן ווילד געבוצקעט איינע די אַנדערע, געריסן זיך אַנטלויפן אין דער וועלט אַרײַן און פאַרווונדערט־בייז געקוקט אַף די אייגענע באַלעבאָסטעס, גרייט זיי דורעס זײַן.

— אוי, מיר וועלן האָבן מיט זיי צו זינגען און צו זאָגן!

— יאַנקל, עפשער האָט איר אַ לענגער קייטל?

— יאַנקל, טוט נאָר אַ קוק, די יאַרמע איז צו ענג.

יאַנקל האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז אַרום דער קוזניע וועט אַמאָל זײַן אַזוי טומלדיק, און אים, דעם „בימקום קאָוועל“, וועט מען שלעפן פון אַלע זײַטן. אַף זײַן פּאָנעם — יענע פרייִדיקע צעשטרייטקײַט פון אַ מענטשן, אין וועלכן אַלע נייטיקן זיך און ער אַליין ווייסט ניט פאַר וואָס פריִער זיך נעמען, כאָטש צערײַס זיך אַף שטיקלעך.

— איר זעט? — שמייכלט ער צו טראָכימען. — די ווײַבער קאָנען פּאַשעט ניט לעבן אָן מיר. זיי האָבן מיך דאָ אויך געפונען.

עליע האָט בעפייִרעש געקלערט אַרײַנכאַפּן זיך אין קוזניע פריִער פאַר אַלעמען און אײַנרעדן טראָכימען מיט יאַנקלען, זיי זאָלן מאַכן פאַר אים אַ דרינגענדיק שטיקל אַרבעט, מאַכן פון עטלעכע גרויסע פויערשע סקריניעס[1] בינשטאָקן. צוויי טעג האָט ער אַרומגעשפּאַנט איבער קאָבילנע פון שטוב צו שטוב. ווו געקויפט און ווו אויסגעביטן אַף האָניק עטלעכע איבערגעטריקנטע, האַלב־צעשאָטענע קאַסטנס. ער איז געווען זיכער, אַז אויב מע זאָל צולייגן צו זיי אַ האַנט, קאָן פון זיי ווערן עמעסע בינשטאָקן.

געטראָפן אַרום דער קוזניע אַזאַ ווײַבערשן טאַראַראַם, האָט ער שוין געוואָלט אַוועקגיין און אָפּלייגן דעם שמועס מיט די שמידן אַף שפּעטער, נאָר דערהערט, וועגן וואָס פּאַנאַס טײַנעט מיט טראָכימען, האָט ער ניט אויסגעהאַלטן.

— דײַנע שוואָרניעס וועלן צוּוואַרטן, — איז עליע אָנגעפאַלן אַף פּאַנאַסן, — ס׳איז פאַראַן מער וויכטיקע אַרבעט. האָסט געזען, וואָס אין סטעפּ טוט זיך?

זאַלמען איז אָנגעקומען צו דער קוזניע, ווען דער קריג צווישן עליען מיט פּאַנאַסן איז געווען אין סאַמע ברען. ביידע צדאָדים האָבן זיך געהיצט און אַפילע פאַרגעסן אָפּגעבן זאַלמענען דעם „גוט־מאָרגן“. פּאַנאַס איז גלײַך אָנגעפאַלן אַף אים:

— איר פאַרשטייט, מיר האָבן שוין אָנגעהויבן וואַלגערן. אין אַ פּאָר טעג אַרום נעמען מיר זיך שטעלן די ווענט. אַזאַ בריגאַדע באַ מיר...

— וועלכע בריגאַדע?

— וואָס הייסט, וועלכע? איר האָט דאָך אַליין געזאָגט. כ׳האָב אַלע כעווערניקעס צונויפגענומען.

— דו הער אים ניט, זאַלמען. וואָס פאַרשטייט ער אין בינענצוכט?

זאַלמען האָט זיך געכאַפּט, אַז דעם הײַנטיקן באַגינען איז ער פאַרשלאָפן און דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן אָן אים. ניין, מע טאָר אַזוי שפּעט ניט זיצן איבערן העפט. מיילע, זאָל עס דויערן נאָך אַ וואָך. דער נאַטשאַלניק פון דער עמגעבע וועט מוזן צוּוואַרטן. און דאָך איז ער געווען צופרידן. הייסט עס, אַז דער אוילעם האָט זיך אַ נעם געטאָן ווי געהעריק און מע דאַרף קיינעם ניט אונטעריאָגן.

פּערל האָט שוין באַוויזן געגנוג אָנלויפן זיך. געוועזן היפּש פאַרפּאַליעט, און עטלעכע דינינקע קוטשערלעך האָבן זיך צוגעקלעפּט צו איר פאַרשוויצטן שטערן. ווערדליק דער טאָג האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, איז זי שוין געווען איבערגענוג פאַרמאַטערט, נאָר איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי האָט נאָך ווייניק אויפגעטאָן און מע דאַרף לויפן ווײַטער. זי האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט זיך באַפרײַען פונעם שווערן געפיל, אַז זי האָט מיט עפּעס זיך פאַרשולדיקט פאַר עסטערן. טאַקע דערפאַר האָט זי אַלע מאָל, ווו מע דאַרף, און ווו ניט, גענומען דערקלערן יעדערן, אַז ניט זי האָט עס צוגעטראַכט, אַז דאָס האָט זאַלמען אַזוי געהייסן. זי האָט זיך קוים דערוואַרט, ביז זאַלמען איז צוגעקומען. זי איז געווען זיכער, אַז ער וועט אַלץ דערקלערן און איר וועט מער ניט אויסקומען פאַרענטפערן זיך.

ערשט איצט האָט זאַלמען באַמערקט עסטערן. זי האָט ניט אויפגעהערט גלעטן די קו, געפירט מיט דער האַנט איבער איר האַלדז, איבערן רוקן, געפּרוּווט אײַנרעדן די קו און אויך זיך אַליין, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ, און זי מוז, זיי מוזן ביידע זיך צוגעוווינען. ווײַל — ער איז דאָך שטענדיק גערעכט! זאַלמען האָט בעפייִרעש געוואָלט צוגיין צו איר, דערקלערן, פאַרענטפערן זיך, געבן איר צו פאַרשטיין, פאַרוואָס האָט ער געשאַפן אַ באַזונדער בריגאַדע, נאָר

[1] קאַסטנס (אוקראַיִניש).

דערזען איר בליק, א בליק פול מיט פּיַין און פּאַרוואָרף, האָט ער זיך ניט איַינגעשטעלט זיך ווענדן צו איר און אויסגערופן מיט איבערגעטריבענער מונטערקיַיט:

— נו, איז גייען מיר.

— אין א גוטער שאָ! — האָט יאנקל אויסגערופן. ער האָט געוואָלט שוין וואָס גיכער פּאָטער ווערן פונעם וויַיבערשן טומל.

טראָכים האָט אופגעהויבן די האנט, ווי ער וואָלט געעפנט פאר אלעמען דעם וועג:

— אין א גוטער שאָ!

פונעם גאנצן טאראראם זיַינען אין די יארמעס געבליבן אכט קי. הייסט עס, אז אין פעלד גייען ארויס אינגאנצן צוויי פלוגן. יענעם פרימאָרגן איז קיינעם אפן געדאנק ניט געקומען, ווי ווייניק דאָס איז. עפשער האָט זיך פּאָשעט ניט געוואָלט טראכטן דערפון. און טאקע אָף אונטער־מונטערן זיך אליין איז מיט די ערשטע צוויי פלוגן ארויס אין סטעפּ קימאט דאָס גאנצע דאָרף. אפילע טראָכים און יאנקל זיַינען אויך אוועק אין סטעפּ מיט א טערעץ, עפשער וועט מען דארפן עפּעס איַינרעכטעווען. פון פּאנאסן איז שוין אָפגערעדט. מע וועט דאָך געוויס דארפן א ביסל א קנעל טאָן מיט די קי, איידער מע וועט זיי איַינרעדן שלעפּן דעם פלוג. און ער איז דאָך אן אלטער קי־טריַיבער. וואָס זשע, זאלמען האָט שוין פארגעסן? אפילע דער פעטער עליע, וואָס אנערקענט גאָרנישט ניט, כאָטש די בינען, האָט אויך פארקערעוועט צו די אקערער.

ביזן אקער־פעלד זיַינען די קי ווי־ניט־איז געגאנגען, האלב אונטערגעלאָפן און האלב אונ־טערגעטאנצט און אלץ ארומגעקוקט זיך אין אלע זייטן, דערשראָקן פון דעם אומגעוויינלעכן טומל און פון דעם גרילצנדיקן קלאנג פון די קייטן, וואָס האָבן זיך געבאָמבלט אונטער זייערע פיס. זיי האָבן נאָך אלץ ניט פארשטאנען, וואָס מע וויל פון זיי. אָנגעשטויסן האָבן זיי זיך ערשט דאן, ווען מע האָט אריַינגעלאָזט דעם פלוג אין דער ערד און די קייטן האָבן מיטאמאָל זיך אונטערגעהויבן, אָנגעצויגן זיך און ווי א צי געטאָן זיי אָף צוריק. די בעהיימעס האָבן זיך אָפּ־געשטעלט, ברייט צעשטעלט די הינטערשטע פיס אָף ניט אומצופאלן און געקוקט אָף דעם אוילעם מיט דערשראָקענע אויגן.

ס׳האָט ניט געהאָלפן ניט דאָס פּאָכען פון ביַיטשן, ניט די געשרייען און די גוואלדן. פּאנאס, וואָס האָט זיך געהאלטן פאר א גרויסן ווייסער אין די זאכן, האָט איבערגעפרווט פארשיידענע מיטלען: עטלעכע מאָל איבערגעשפּאנט און איבערגעפּאָרט די בעהיימעס. א נעכטיקער טאָג. זיי זיַינען געשטאנען ווי צוגעזאָטענע צו דער ערד און בלויז שטיל אונטערגערעוועט.

— מע דארף שפּאנען צו זעקס קי אין א פלוג, — האָט פּאנאס ארויסגעסאָפּעט א פּארמאַ־טערטער. ער האָט מוירע געהאט א קוק טאָן אָף זאלמענען, וואָס ער וועט זאָגן וועגן זיַין פאָרשלאָג.

— זעקס אין איין פלוג, — האָט זאלמען איבערגעכאַזערט. וויַיטער האָט ער ניט געוואָלט טראכטן. וויַיל אויב בארעכענען, באקומט זיך, אז מע קאָן אמערסטן צוניפשטעלן א דריַי־פיר פלוגן. וויַיל בעהיימעס זיַינען פאראן ניט בא אלעמען, עפשער בא א דריטל קאָלווירטניקעס. און ווער ווייסט, צי אלע בעהיימעס וועלן קאָנען גיין אין אקער, און מע דארף דאָך האָבן א רעזערוו, א סמענע, א קו איז דאָך ניט קיין פערד, זי קאָן ניט גיין אלע טאָג אין אקער.

נאָר דאָס אלץ וועט מען באטראכטן שפּעטער. אָף היַינט איז געוווען איין פלוג. און ער איז קוים אוועק, דער לאנגער בעהיימישער צוג, באגלייט פון צענדליקער שריַיענדיקע וויַיבער. זיי האָבן געהאלטן אין איין שריַיען, איבערגעשריגן איינע די אנדערע, זיַיענדיק זיכער, אז אָט דער איינציקער בעהיימישער צוג האלט זיך בלויז אָף זייערע קוילעס.

# 4

וואָס האָט עס אים פלוצלינג אזוי א צי געטאָן אין סטעפּ? אָף דעם האָט בערל ניט געקאָנט געבן זיך קיין קלאָרן ענטפער. צי וויַיל ער האָט דערפילט א שטומען פּאָרוואָרף, צי וויַיל אין פּוסט געוואָרענעם דאָרף האָט ער זיך דערפילט שרעקלעך איינזאם, צי עפשער איבער עסטערס בליק... און מער פאר אלץ — זאלמען. אויב זאלמען באגייט זיך אזוי מיט עסטערן, איז דאָס ניט קיין שלעכטער סימען. הייסט עס, אז ניט אלץ איז פארלאָרן און מע דארף עפּעס טאָן, מע דארף עפּעס אופטאָן אזוינס, אז עסטער זאָל אופהערן צו טראכטן וועגן זאלמענען.

ער איז איר פארלאָפן אלע וועגן. צוגעראמט אין שטוב, געקאָכט אלע טאָג עפּעס אנ־דערש אָף מיטיק און אפילע גענומען זיך איבערוואשן זיאמעלעס קליידעלעך. דאָס — שוין צוליב זיאמעלען אליין, זי זאָל אים ליב באקומען ווי אן אייגענעם טאטן און אופהערן דער־מאָנען אלע מאָל יענעם. עסטער האָט אָף דעם אלעמען קיין אכט ניט געלייגט, גליַיך ווי ניט

באמערקט. צו איר זײַנען ניט דערגאַנגען ניט זײַנע זיסע רייד, ניט די גוטע קאַוואַנעס. זי איז צו אַלץ געווען גלײַכגילטיק, און איר איינציקע טרייסט איז געווען — די אַרבעט. בערל האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס באַמערקט ניט עסטער זײַנע באַמיִונגען. ער סטאַרטעט זיך דאָך צוליב איר.

— נו, זאָג, עסטער, וואָס נאָך דאַרף איך טאָן?

— וואָס הייסט, וואָס טאָן? צי דען איז דיר דער קאָלווירט אינגאַנצן פרעמד?

די ווײַבער זײַנען געווען שטאַרק פאַרוווּנדערט, ווען זיי האָבן דערזען, ווי בערל פירט די קו אין סטעפּ. יאַנקל איז טאַקע געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז זאַלמען וועט אַפילו די שטיינער רירן פון אָרט. און ווײַבער האָבן זיך דערלויבט אַ ביסל אַ וויצל טאָן:

— אין אַ גוטער שאָ, בערל.

— אַז מע לעבט, דערלעבט מען!

בערל האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק. „לאַכט, וויצלט זיך — האָט ער געטראַכט — ער וועט זיי ווײַזן, וואָס ער קאָן!" און כאַטש אָרדעוועט האָט ער בלויז מיט איין האַנט, האָט זיך אַלץ באַקומען בא אים אַ סאַך פלינקער און בעסער, ווי בא די פרויען. ער האָט אַפּגיך אײַנגע־שפּאַנט די בעהיימעס, צוגערעכטעוועט דעם פלוג און אויסגעשריגן „צאָבע" מיט אַזאַ דונער־דיק־בייזער שטים, אַז די ווײַבער אַליין האָבן זיך דערשראָקן.

ער האָט געשפּאַנט אין דער באַראָזנע, צוהאַלטנדיק מיט דער געזונטער האַנט דאָס הענטל פונעם פלוג, און געפירט מיטן בעהיימישן צוג אַ שמועס. איין קו גלויבט, אַ צווייטע געזידלט, אַ דריטע בלויז איידל געמוסערט. און אים אַליין איז געוואָרן עפּעס פרײַלעכער אַפן האַרצן. ער האָט זיך אַפילו אַ וויצל געטאָן מיט די ווײַבער, וואָס האָבן נאָך אַלץ ניט געקאָנט אויסקומען מיט די קי. ווײַבער האָבן געצויגן די שטריק אין איין זײַט, און די קי, פאַרקערט, אין אַן אַנדער זײַט.

— מיט גוטן, ווײַבעלעך, מיט גוטן, — האָט ער זיי געלערנט. — און סמיקעט ניט אַזוי מיט די נאַליהאַטשעס. גיט זיי אַ ביסעלע נאָך, אַ ביסעלע פרײַער. אָט אַזוי, צאָבע!..

די באַראָזנע איז אָנגענעם ווייך, זי עטעמט מיט פרישער קילקײַט, ווי אַ טיפער וואַסער־קוואַל. שוין לאַנג, יאָרנלאַנג האָט בערל ניט געפילט אַזוי דעם רייעך, דעם טאַם פון דער ערד, איר צאַפּלדיקן אָטעם. און שוין גאָרניט און קיינעם ניט געזען פאַר זיך, נאָר דעם אַקער, וואָס רײַסט אויף די רויערד אַ סקיבע נאָך אַ סקיבע. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פון וואָס איז אים אַזוי גוט אַפן האַרצן.

דעם טאָג האָבן שוין געאַרבעט דרײַ פלוגן, יעדערער אַף אַ באַזונדער באַצירק, מע זאָל ניט שטערן איינער דעם אַנדערן. שוין אין אַ שאָ אַרום האָט בערל באַמערקט, אַז ער האָט איבערגע־יאָגט יענע צוויי פלוגן אַף אַ האַלבן קרײַז, און אים האָט באַהערשט דער באַקאַנטער געפיל פון געווועט. זײַן באַראָזנע איז גלײַכער פון די איבעריקע, קיין פליכעס זעט מען אויך ניט. און טאַקע, ווער נאָך פילט אַזוי דעם פלוג אין די הענט? נו, איצט וועט איר שוין ניט לאַכן, ווײַבעלעך!

דערזען בערלען אין סטעפּ, האָט זאַלמען זיך פאַרכידעשט.

ער האָט גלײַך באַמערקט, אַז בערל האָט אַריבערגעיאָגט אַלע איבעריקע און אַז זײַן באַ־ראָזנע איז גלײַכער און טיפער. האָט ער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן זיך, ער זאָל אים ניט אַ לויב טאָן, פאַרבאַהאַלטן וואָס טיפער דעם ווידערגעפיל און אַפילו אַ שמייכל טאָן.

— פונדעסטוועגן... זיך באַטראַכט?

— מײַן טאַטע פלעגט זאָגן: קעגן קאָהאָל טאָר מען ניט גיין.

זאַלמען איז מיטאַמאָל געוואָרן אָנגעשטרענגט־ערנסט, און אין זײַן בליק האָט זיך באַוויזן עפּעס פײַנטלעכס. מעגלעך, אַז בערלען האָט זיך עס אויסגעוויזן. ווי דערמאָנט זיך אין אַ ביז גאָר דרינגענדיקער זאַך, האָט זאַלמען אַפּגיך זיך אָפּגעזעגנט און אַוועקגעשפּאַנט צו אַ צווייטן פלוג. בערל האָט געפּרוּווט אײַנהאַלטן אין זיך יענעם זעלטענעם געפיל, וואָס האָט אים אַזוי געמונטערט, און איז ניט געווען בעקוויעך. ער האָט שוין ווידער מיט קינע צוגעקוקט, ווי פערל שפּאַנט אַרום פון איין פלוג צום צווייטן. דאָ העלפט זי אונטערטרײַבן די קי, דאָ גיט זי זיך אַ נעם פאַרן הענטל פונעם פלוג. מע קאָן מיינען, אַז זי ווייסט עפּעס אין די דאָזיקע זאַכן. קיין איינער פון זיי קאָן אַפילו ניט ווי געהעריק האַלטן דעם פלוג. ער שפּרינגט בא זיי אַלע מאָל אַרויס פון דער באַראָזנע. בערל האָט טאַקע ניט אויסגעהאַלטן, אָפּגעשטעלט אַף אַ ווײַלע זײַן פלוג און אַוועק צום שכיינעסדיקן.

— וויאַזוי האַלט איר דאָס הענטל? דעם אַקער דאַרף מען פילן. אָט גיט אַהער, וועל איך אײַך ווײַזן.

— ס׳איז דאָ אָן דיר, ווער ס׳זאָל ווייַזן.

— דעם ערשטן טאָג ארויס אין סטעפּ און נעמט זיך אַלעמען לערנען.

— אז דו וועסט זיין בריגאדיר...

ער האָט זיך גאָר ניט פאַרגעשטעלט, ווי פרעמד ער איז דעם היגן אוילעם. ביז היינט האָט ער וועגן אזעלכע זאכן ניט געקלערט. מיט שווערע טריט האָט ער זיך אומגעקערט צו זיין פלוג און דערפילט א מידקייט אין אלע איווורים.

— „בריגאדיר, בריגאדיר!" — ער האָט אליין ניט געוווסט, וועמען קרימט ער זיך נאָך. — לאָמיך נאָר ווערן, ווער איך בריגאדיר. און דאן וועל איך אייך ווייַזן!

ער האָט געגומען באקוקן דעם שפאן און געפונען אין אים אלץ נייַע און נייַע כעסרוינעס. פון שטריקלעך צוניפגעשטוקעוועט, שטריקלעך און קייטלעך. א ווייַבערשע ספראווע. דער פלוג אליין האָט אים אויך אופגעהערט געפעלן. פארזשאווערט און טעמפלעך.

— אבי מע אקערט, — האָט ער זיך אָנגערופן, נעמענדיק זיך פארן פלוג, — ארויסגעוואָר־פענע ארבעט. סארא הרודעס. קיין שום באַראָנע וועט זיי ניט נעמען.

— זאלמען וועט מיסטאמע עפּעס צוטראכטן, — האָט געזאָגט קילינע.

— וואָס וועט ער צוטראכטן? א נייַ שטיקל ארבעט, דעם אוילעם צו מוטשען?..

די אָנטרייַבערנס האָבן זיך שוין געהאט געגומען פאר די נאליהאטשעס. נאָר דערהערט בערלס ווערטער, האָבן זיי זיך אויסגעקערעוועט צו אים. אין זייערע אויגן האָט ער ווידער דער־זען יענעם גרויליק־אָפּגעפרעמדטן און פייַנטלעכן בליק.

— וואָס זייַט איר ארויס אין פעלד? לייגן שטיינער אפן הארצן?

בערל האָט א טראכט געטאָן: וועמען וויל ער עפּעס באווייַזן? און וואָס מיינט ער דערמיט? נויסע־כייך זייַן בא עסטערן, בא זאלמענען? פאר זאלמענען האָט ער ניט וואָס אויספייַנען זיך. און פאר עסטערן? פאר עסטערן דארף ער אויך ניט. זי איז זייַן ווייַב. און ביכלאל וועט ער דאָ קיינעם גאָרנישט ניט דערווייַזן. דער סטעפּ איז ניט פאר אים. אָט וועט ער אוועקפאָרן אין שטאָט! יאָ, יאָ, פריִער האָט ער ניט געוואָלט, געוואקלט זיך, אפילע זיך אָפּגעזאָגט, ניט געוואָלט ריזיקירן. נאָר איצט וועט ער פאָרן. ער וועט ווייַזן אַלעמען, ווי מע קאָן פארדינען געלט. און עסטער וועט ענדלעך פארשטיין, אז פון גראָבן מיט דער נאָז די ערד ווערט מען ניט רייַך. און זאָל זי אזוי ניט ציִען זיך נאָך זאלמענען...

נאָר דאָס, וואָס ער האָט דערזען אף מאָרגן גאנצפרי, האָט ווידער געענדערט זייַנע פּלענער. אָנגעגומען א קאָשעק עסנווארג, איז עסטער אוועק מיט די גערטנער. ער האָט שוין ניט געדארפט נאָכקוקן, גלייַך פארשטאנען, וווהין זי גייט. אויב אזוי, טאָר ער איצט ניט אוועקפאָרן. ווער ווייסט, וואָס דאָ קאָן געשען אין זייַן אָפּוועזנהייַט. און ער וועט ניט דערלאָזן! ער האָט גע־וואָלט גלייַך זאָגן עסטערן: זאָל זי ניט מיינען, אז די קו איז אירע און זי מעג טאָן אַלץ, וואָס זי וויל. ער האָט אָבער ניט געוואגט. ער קאָן נאָך ערגער מאכן. האָט ער א פרעג געטאָן גלאַט אזוי:

— וווהין האָט אָנגעהויבן אהינקומען אונדזער מילכיקס?

— די קאָץ האָט אופגעגעסן.

— כ׳מיין אָן שפּאס. עפּעס זייער ווייניק מילך די לעצטע צייַט.

— וואָס זשע, ווייסט ניט פארוואָס?

— אָבער כוץ אַלעמען. צי איז ניט צוגעקומען א נייַער שוטעף?

— וועמען מיינסטו עס?

— זאלמענען!

ער האָט עס געזאָגט און גלייַך כאראָטע געקראָגן. ער האָט ניט געווארט, אז עסטער זאָל אזוי אָפּענטפערן.

— יאָ, זאלמען. עפּעס זייַנען מיר דאָך שטיקלעך קרוווים.

איז ער דאָך געגעכטעט, בערל. הייסט עס, אז עסטער הערט ניט אוף טראכטן וועגן זאלמענען. און עפשער טראכט זאלמען אויך וועגן איר? און דאָס אַלץ, וואָס צווישן זיי קומט פאָר, איז א געמאכטער רויגעז? און ווער ווייסט, וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט אין יענעם אָוונט, ווען זיאמעלע איז אנשלאָפן געוואָרן בא איר טאַטן אף די הענט?.. ווער ווייסט, וועגן וואָס קלערן זיי ביידע? נייַן, דאָס מאָל וועט ער ניט לאָזן זיך נארן! אוי, וואָלט ער זי איצט אויסגעזידלט, געמאכט זי מיט דער בלאָטע, ער וואָלט איר איצט פאַשעט געגעבן עטלעכע גוטע קלעפּ.

— דו ליגסט אים אין זינען, זאלמענען. ער האָט א יִנגערע פון דיר, — ער האָט עס ארויס־געגרעדט און דערפילט, ווי דאָס בלוט האָט אים א זעץ געטאָן אין פּאָנעם, — ער ווערט א כאָסן, דייַן זאלמען, יאָ, יאָ, א כאָסן, כא־כא־כא!

5

דעם פּאַרנאַכט איז זי אַוועק אַהיים אַ ביסל פריִער. זי האָט געוווּסט, אַז בערל איז ערגעץ אַוועקגעפאָרן, און ס'איז איר גרינגער געווען אַריבערשפּאַנען די שוועל פון דער אייגענער שטוב. זי האָט זיך געכאַפּט, אַז שוין אַריבער אַ וואָך האָט זי די שטוב ניט צוגעראַמט. זינט זאַלמען איז געקומען. אַ געדיכטער שטויב האָט זיך אָפּגעזעצט אויף די ווענט, אויפן טיש, אויפן שאַפּקעלע און אויף די שויבן. און טאָמער וועט זאַלמען אַרײַנקומען? עס קאָן דאָך געוויס טרעפן. אויב ניט צו איר, איז צום קינד.

זי האָט גענומען אויפראַמען און אַרויסגעקערט פון אונטערן שאַפּקעלע אַ קײַלעכדיק שפּיגעלע. ווי דערפרייט זיך, וואָס מע האָט עס באַפרײַט פון דער פינצטערער געפענקעניש, האָט דאָס שפּיגעלע שטיפעריש אַ בלישטשע געטאָן, אַ כאַפּ געטאָן דורכן פענצטער די לעצטע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון, אַ מאָל געטאָן אויף דער וואַנט אַ העל־ווײַס העזעלע. עסטער האָט מיט אַ שמאַטקעלע אויסגעווישט דאָס שפּיגעלע און אַ קוק געטאָן אין דעם. מיטאַמאָל האָט זי דערפילט די מידקייט פון אָן אַ שיר וואָכן און ניט געקאָנט רירן זיך פון אָרט. זי איז געבליבן שטיין מיטן שפּיגעלע אין דער האַנט און לאַנג זיך אײַנגעקוקט אין איר פּאַרסמאַליעט און אויסגעצערט פּאָנעם, פול מיט קנייטשן, מיט בלויע קרײַזן אַרום די ניט־אויסגעשלאָפענע און אָנגעוויינטע אויגן. לאַנג האָט זי געזוכט שפּורן פון יענער שווארצכיינעוודיקער עסטער מיטן לאַנגן און גראָבן צאָפּ, וואָס איז אַמאָל אַזוי געפעלן געוואָרן זאַלמענען. אפילו קיין סימען איז ניט געבליבן פון יענער עסטער. „דערפון, אַפּאָנעם, נעמט זיך עס, — האָט זי אַ טראַכט געטאָן, — פאַראַן אַ סאַך יינגערע. און פערעלע... ווער האָט זיך געקענט ריכטן?..“

אויף מאָרגן איז זי מיטן קאַשעק צו פערעלען ניט אַוועק. זי האָט אויסגעמאָלקן די קו, אַרײַן מיטן עמער מילך אין שטוב און ניט געוווּסט פאַר וואָס זיך צו נעמען. עפּעס האָט זי אַ שניט געטאָן אין ברוסט. פּונקט ווי אין די ערשטע טעג, ווען זי האָט אַנטוויינט זיאַמעלען. ערשט איצט האָט זי פאַרשטאַנען, ווי וויכטיק ס'איז געווען פאַר איר יעדן פאַרטאָג אָפּטראָגן זאַלמענען אַ קוישל עסנוואַרג, ווי וויכטיק ס'איז געווען פאַר איר טראָגן אין זיך אַ שטיקל דאגה פאַר אים. איר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז דאָס איינציקע פּעדעמל, וואָס קאָן זיי נאָך צונויפבינדן. זי האָט געהאָפט, אַז אין איינעם אַזאַ באַגינען וועלן זיי זיך באַגעגענען, און ער וועט איר עפּעס זאָגן. ער וועט איר זאָגן, און זי וועט אים ענטפערן, און וועט אים דאַן אויסדערציילן אַלץ. ער וועט איר גלייבן, עס קאָן ניט זײַן, ער זאָל איר ניט גלייבן. נאָר אָט איז דאָס דינינקע פּעדעמל צעריסן... עסטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און גלײַך דערפילט: אויב זי וועט זיצן אַזוי נאָך אַ ווײַלע, וועט זי באַלד אַנשלאָפן ווערן. זי האָט זיך אויפגעהויבן, אָנגענומען אַ פולע שיסל וואַסער און זיך געמאַכט אָן עמעצע באַד. שוין לאַנג האָט זי ניט געפילט אַזאַ לאַשטשענדיקע פרישקייט. ס'האָט זיך איר אָנגעהויבן דוכטן, אַז מיט יעדער מינוט שפּירט זי אין זיך די קראַפט פון יענער פאַרשײַטער און אַ ביסל לײַכטזיניקער עסטער. זי איז געשטאַנען און געריבן מיטן האַנטעך דאָס פאַרוויטלטע לײַב און שוין לאַנג ניט געהאַט אַזאַ פאַרגעניגן, ווי איצט.

דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צום קאַסטן און אַרויסגעוואָרפן פון דאָרט אַ ביסל אַלטוואַרג. געזוכט דאָס, וואָס איז געלעגן סאַמע פון אונטן — איר שוואַרץ סאַמעטן קלייד מיט די ווײַסע מאַנזשעטלעך און ווײַסן קעלנערל און די געלע טופליעס אויף די הויכע אָפּצאַסן — דאָס איינציקע, וואָס זי האָט פאַרהיט פון איר פאַרמילכאָמהדיקן פאַרמעגן און וואָס זי האָט פאַר דער גאַנצער צײַט אפילו ניט אָנגעמאָסטן. דאָס קלייד איז געווען אויף איר אַ ביסל צו ברייט און די טופליעס, פאַרקערט, אַ ביסל צו ענג, נאָר זי האָט אויף דעם קיין אַכט ניט געלייגט. אָנגעטאָן זיך און צוגעגאַנגען צום אָפּענעם פענצטער, צוגעשפּאַרט צו דעם דאָס שפּיגעלע און אָנגעהויבן פאַנאַנדערקעמען די האָר. זי האָט געוואָלט אויספלעכטן ווי אַמאָל די צעפּ. די גרויע פאַסמעס האָט זי ניט באַמערקט צי ניט געוואָלט באַמערקן, נאָר די האָר זײַנען געדיכט געווען ווי פריִער. דערפון האָט זי זיך דערפילט אויף אַן עמעס גליקלעך. ערגעץ טיף אינווייניק האָט אַ צאַפּל געטאָן אַ הייסע, שוין לאַנג פאַרגעסענע מיידלשע פרייד.

פאַמעלעך פאַנאַנדערגעקעמט די האָר, האָט זי מיט אַ באַזונדערער פלײַסיקייט צעטיילט זיי אויף צוויי גלײַכע טיילן. איין טייל אַריבערגעוואָרפן איבערן אַקסל און פון דער צווייטער אָנגעהויבן פלעכטן אַ צאָפּ. זי איז געזעסן באַם אָפענעם פענצטער און אַזוי לאַנג געפירט מיטן קעמעלע איבער די האָר, ביז זי איז אַנדרעמלט געוואָרן און ניט געפילט, ווי דאָס קעמעלע איז אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט.

פון יענער זײַט פענצטער האָט פאַמעלעך געשפּאַנט זאַלמען.

— זאַלמען, זאַלמען! — האָט עסטער גענומען שרײַען. זי האָט געשריגן און געהיכצט, ווײַל געמיינט האָט זי, אַז דאָס כאָלעמט זיך איר, און אין כאָלעם מעג מען אַלץ.

זאַלמען האָט אַ ציטער געטאָן, אַף אַ ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט און פאַרשטעלט מיט דער האַנט די אויגן, גלײַך די זון וואָלט מיטאַמאָל אַ בלענד געטאָן, און אַוועק. אַוועק מיט יעדן טראָט אַלץ גיכער.

## 6

ארום איז געווען אַ גרינער וואַלד, אין וועלכן ס'האָבן געוועלטיקט צוזאַמען אַלע צײַטן פון יאָר: דער פרילינג און דער האַרבסט און אַפילע דער פאַראַיאָריקער ווינטער. זיי, די שטענדיק גרינע יעלן, איז ביכלאַל געווען אַלצײַנס, וואָס אַף דער וועלט קומט פאָר. זיי האָבן געקוקט מיט ביטל אַף אַלע איבעריקעביימער, אַפילע אַף די אַלטע דעמבעס, וואָס האָבן ניט געוואָלט אַראָפּוואַרפן די פאַרטריקנטע בלעטער. זאַלמען איז לאַנגזאַם געקומען צו־זיך, גלײַך דער כאַלעם האָט אים געהאַלטן אין זײַנע קלעמען און ניט געוואָלט אַרויסלאָזן. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין: פונוואַנען האָט עס אין סטעפּ, אַרום דער קאַבילנער באַלקע זיך גענומען אַזאַ וואַלד? ער האָט פּאַרזיכטיק אופגעהויבן דעם קאָפּ און זיך גענומען אַרומקוקן. אַנדריי האָט אים אַ כאַפּ געטאָן באַ די פּלייצעס און געהאַלפן אופזעצן זיך.

— דו לעבסט? און איך האָב געמיינט, דו ביסט אַ פּאַרטיקער. הער אַ מײַסע, קיין איין ווונד — און ליגט ווי אַ קלאָץ. אַנו, הייב זיך אוף!

אָנגענומען זיך מיט ביידע הענט פאַר אַנדרייס רעכטן אַקסל, האָט זאַלמען פּאַמעלעך, ניט זיכער זיך אופגעהויבן. אַנדריי האָט אים נאָכאַמאָל אַרומגעטאַפּט פון קאָפּ ביז די פיס און, צו־פרידן, וואָס אַלץ איז אין אָרדענונג, אָנגעהויבן שפּאַסן:

— וואָס זשע האָסטו געמאַכט שטיק? אוי, האָסטו מיך אָנגעשראָקן. אַנו, סימוליאַנט, שטעל פיס, איינס, צוויי, דרײַ...

ניט ווײַט פונעם וואַלד האָט געגלאַנצט קעגן דער זון אַ ברייטער אַספאַלטירטער וועג און איבער אים האָבן, ווי אַף אַ פּאַראַד, זיך באַוועגט טאַנקען, מאָטאָציקלען און לאַסט־אויטאָמאָבילן, אָנגעפּיקעוועטע מיט סאָלדאַטן.

— דײַטשן! — האָט זאַלמען אַ שעפּטשע געטאָן.

דאָס וואָרט האָט געקלונגען אַזוי אומגלייבלעך־גרויזאַם, אַז ער האָט עס געמוזט איבער־כאַזערן אַף צוגעווויינען זיך: דײַטשן!

געדוכט האָט זיך, אַז ס'וועט קיינמאָל ניט נעמען קיין סאָף צו אָט דעם אומופהערלעכן שטראָם פון טאַנקען, האַרמאַטן און מאַשינעס, צו אָט דעם פּאַרטויבנדיקן גרילץ, פון וועלכן אַלץ אַרום האָט אונטערגעציטערט.

זיי האָבן ביידע זיך אויסגעצויגן אַף דער ערד און ניט אימשטאַנד געווען אויסרעדן אַ וואָרט. ביסלעכווײַז האָבן זיי אָנגעהויבן באַנעמען, וואָס איז געשען פאַר דער נאַכט.

— דו ציילסט? — האָט אַנדריי געפרעגט.

— איך צייל, — האָט זאַלמען אָפּגעענטפערט.

— צייל, צייל...

ביידע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס ציילן איז אָן איבעריקע זאַך, אַז סײַווי וועלן זיי ניט קאָנען איבערגעבן די יעדיעס. און דאָך האָבן זיי ניט אופגעהערט צו ציילן. ס'איז לײַכטער געווען צו טראַכטן, אַז זיי ליגן נאָך, ווי אויסשפּירער, וואָס פּילן אויס אַ שלאַכט־אופגאַבע. לאַנג אָבער האַלטן זיך פאַר אָט דער איליוזיע איז געווען אומעגלעך. אליין פון זיך האָט באַ ביידן אָנגעהויבן אופקומען דער גרויליקער געדאַנק, וואָס האָט זיי געצוווּנגען אַ קוק טאָן איינער אַפן אַנדערן און אַף לאַנג פאַרהאַלטן דעם פרעגנדיקן בליק. אַ בליק, וואָס האָט געדאַרפט אויסקלאָרן פיל פּראַ־געס, איידער עס וועט עפּעס צווישן זיי געזאָגט ווערן, איידער זיי וועלן מאַכן די ערשטע טריט אין אָט דער פרעמדער, פײַנטלעכער וועלט.

דאַטעס, געשעעניש, ערטער, מענטשן... אַזוי, דוכט זיך, האָט ער געזאָגט, דער נאַטשאַלניק פון דער עמגעבע. ס'איז אים גרינג צו זאָגן. ווי קאָן מען עס אופשטעלן די דאַטעס. אַז זינט יענעם טאָג האָבן זיי אַף לאַנג פאַרלאָרן דאָס געפיל פון צײַט.

אַ גאַנצן טאָג זײַנען זיי געווען צוגעשמידט צום וועג און ערשט אין אָוונט זיך געכאַפּט, אַז זיי האָבן נאָך הײַנט ניט געגעסן. זיי האָבן פאַנאַנדערגעפּאַקעוועט דעם „ענזע"[1], נאָר ס'איז גאָרנישט ניט געקראָכן אין האַלדז. ניט די פאַרברוינטע סוכערעס, ניט דער געלבלעכער שפּיק און אַפילע ניט דער בראַנפן. ביז שפּעט אין דער נאַכט זײַנען זיי געזעסן, באַטראַכט, ווי דער־קלײַבן זיך און אַריבערגיין דעם פראָנט, ביז אַנדריי האָט באַפוילן:

— שלאָפן! דײַן ריי, איך וועל דעזשורען.

---

[1] דאָ — דער רעזערוו פון שפּײַז.

זאלמענען האט זיך געדוכט, אז דאס איז אומעגלעך. ווי קאן מען עס איינשלאפן אין אזא נאכט? לאזט זיך אויס — מע קאן. אין א פאר מינוט ארום איז ער שוין געשלאפן, און ווי אנדריי האט אים דערנאך דערציילט, אפילו גערעדט פון שלאף. און דאס סאמע געפערלעכסטע — גערעדט אף יידיש.

— דו פארשטייסט, וואס דאס הייסט? — האט אים אנדריי געווארנט. — דו מוזט אלץ פארגעסן, און מע דארף באצייטנס צוטראכטן דיר עפעס אן אנדער נאמען: זאלמען, זשאמאן, זשיגאן, נו, זאג אונטער.

— זאקיר...

— מאלאדיעץ. זאקיר דאווידאוו. ביסט טאקע ענלעך אף א טאטער. נו, שטעל זיך אף דער וואכטע און כאזער איין דיין נייעם נאמען. איך וועל דערוויילע כאפן א דרעמל.

נאר אנשלאפן ווערן האט ער שוין ניט געקאנט. דער וועג האט אופגעלעבט, נאך איידער ס'איז גוט ליכטיק געווארן. צוערשט איז אפילע שווער געווען באנעמען, וואס באטייטן די דאזיקע קלאנגען. ענלעך, ווי א פיקהאלץ וואלט געהאלטן אין איין פיקן א בוים: טוק־טוק, טוק־טוק. מע האט עס אויך געקאנט אופנעמען ווי עפעס א סיגנאל. דאס קלאפן איז געווארן וואס אמאל שטארקער, הילכיקער, ווי טויזנטער העמערלעך וואלטן געקלאפט איבערן וועג: טוק־טוק, טוק־טוק.

און דאך האבן זיי א טאעס געהאט. זיי האבן געמיינט, אז די קלאנגען קומען פון מיירעוו, און אויסגעלאזט האט זיך פארקערט. פון דער מיזרעכדיקער זייט איז אנגעקומען און זיך אויסגעצויגן איבערן וועג א לאנגע קאלאנע... געפאנגענע. געפאנגענע! דאס דאזיקע שרעקלעכע ווארט האט א זעץ געטאן אין מויעך.

דערנאך איז צו זיי דערגאנגען דאס ערשטע דייטשישע ווארט, וואס איז ווי געהאנגען איבער דער קאלאנע און אלע מאל א הילך געטאן פון אן אנדער ארט:

— שנעלער! שנעלער!

זיי האט ביידע פארכידעשט דער שפאט־שיטערער קאנוואי. עפשער איינער אף פופציק. די קאנוואירן זיינען געגאנגען בא דער זייט און ניט אופגעהערט אונטעריאגן וועמען מיט א זעץ אין דער פלייצע, ווענען מיטן אווטאמאט איבערן קאפ.

— שנעלער! שנעלער!

נאך עטלעכע אזעלכע קלעפ האט די קאלאנע אף א ווײַלע פארגיכערט דעם גאנג און נאכדעם ווידער גענומען שפאנען ווי פריער. קיין שום קלעפ, קיין שום קראפט אין דער וועלט איז ניט אימשטאנד געווען באזיגן די מידקייט פון די געפאנגענע.

— פארוואס אנטלויפן זיי ניט? — האט זיך ארויסגעכאפט בא זאלמענען.

— די וואך איז באוואפנט.

— נו, איז וואס? דרייַ אף איינעם, צען אף איינעם, און דערנאך אלע איבעריקע...

— כ'מיין, אז צווישן זיי זיינען ניט ווייניק אזעלכע העלדן, ווי איך מיט דיר. און מיסטאמע טראכטן זיי אויך...

צי דען קאנען טאקע מענטשן לייענען געדאנקען אף א מעהאלעך? צי עפשער בלויז אין אזא מאמענט קומט אוף יענער קאנטאקט, ווען הונדערטער מענטשן טראכטן און טוען, ווי איינער? אלנפאלס, דאס, וואס ס'איז פארגעקומען אפן וועג, האט אויסגעזען, ווי א קישעף. אף א ווײַלע איז די קאלאנע פארגליווערט געווארן, ווי צוגעזאטן צו דער ערד, און דערנאך אין איין אויגנבליק זיך צעפאלן, צעשיט געווארן אף שטיקלעך. עס האבן זיך דערהערט די ערשטע שאסן, און עטלעכע מענטשן זיינען געבליבן ליגן, ווי שווארצע פלעקן, אפן פוסט געווארענעם וועג. דער קאנוואי איז אבער באלד געקומען צו־זיך און אנגעהויבן פארפאלגן די פליטים. נאר בא די געפאנגענע איז שוין אויך געווען עטלעכע אווטאמאטן, און די שיסערייַ איז געגאנגען פון ביידע זייטן.

— זאקיר! — איז אנדריי אופגעשפרונגען פונעם ארט. — עך, זאקיר, שלעכט האבן זיי עס דורכגעטראכט.

— מע דארף זיך באצייטנס אפטראגן.

— איין מאמענט! — האט אנדריי אפגעענטפערט, זיך אויסגעצויגן אף דער ערד, צוגעדריקט דעם קאראבין צום אקסל און זיך אנגעהויבן צילן. — און דו נעם א צווייטן אף דער „מושקע".

מעגלעך, אז דאס איז טאקע פון זייַן זייַט געווען ניט באטראכט. מעגלעך, אז זיי האבן געדארפט באצייטנס אפטראגן זיך און ניט אריינמישן זיך אין אט דער האפענונגסלאזער שלאכט. דער נאטשאלניק פון דער עמגעבע וועט געוויס אזוי זאגן. נאר זיי האבן אנדערש ניט געקאנט. און ס'איז שוין געווען ניט זייער שולד, וואס אין א שא ארום זיינען זיי איינינעם מיט אלע גע־

פאנגענע געווען ארומגערינגלט מיט דײַטשישע מאַטאָציקליסטן. און נאָך אין א שאָ ארום, אונ־טער א פארשטארקטן קאָנוואָי, געשפאנט איינעם מיט אלעמען איבערן ברייטן אספאלטירטן וועג, אויסקלאַפנדיק טוק־טוק, טוק־טוק.

# 7

אייגנטלעך, איז דאָס קיין עמעסער לאגער ניט געווען. ניט קיין לאגער, נאָר עפּעס א מין סעלעקציע־פּונקט, „צוגרייט־קורסן" סײַ פאר די געפאנגענע, סײַ פאר די אופזועער. די קאפּאָס האָבן ווי געדארפט פעסטשטעלן: וויפל שווערע שטיינער קאָן עס א מענטש איבערטראָגן פאר א טאָג, וויפל קלעפּ קאָן עס אויסהאלטן א לאגערניק, וויפל דארף עס א מענטש זיך ווייקן אין קויט, אין נעפל און הונגער, ער זאָל אין איינעם אָן אָוונט שוין ניט קאָנען זיך אופהייבן צום אפּעל.

מער פאר אלץ האָט געדריקט די געפאנגענע די אומזיניקייט פון זייער ארבעט: טראָגן שווערע שטיינער פון איין אָרט אפן אנדערן, און דערנאָך ווידער אפן פריִערדיקן אָרט. די דײַטשן האָבן, אפּאָנעם, ניט געקליבן זיך דאָ שאפן קיין עמעסן לאגער, און ביז עפּעס־וואָס צוגעטראַכט פאר די געפאנגענע פארשיידענע ארבעטן, זיי זאָלן ניט זיצן ליידיק. יעדן טאָג איז צוגעקומען א נײַע קאָלאָנע געפאנגענע, און אפן ארומגעצוימטן קארטאָפל־פעלד איז געוואָרן וואָס אמאָל ענגער.

אנדריי און זאלמען האָבן שוין אָנגעווירן קימאט אלץ, וואָס האָט זיי אויסגעטיילט פון אנ־דערע. פּונקט ווי בא אלעמען — אויסגעמאָגערטע, פארוואקסענע פּענעמער, וואָס גלאנצן פון דער שוין לאנג ניט אָפּגעוואשענער בלאָטע, פּונקט אזעלכע בלאָנדזשענדיקע אויסגעלאָשענע אויגן, פּונקט אזא לאנגזאמער גאנג. דאָס אייניציקע, וואָס זיי האָט נאָך אונטערשיידט, זײַנען געווען די בלאָווע הויזן מיט רעשטלעך פון רויטע לאמפּאסן. ביידע קאָלירן שוין היפּש איבערגעמישט מיט בלאָטע. און דאָך, איז אנדריי געקומען צום געדאנק, איז דאָס זייער וויכטיק, וואָס מע זעט נאָך ארויס די לאמפּאסן. און דאָס, וואָס דער וואכמאן גיט אָפּטמאָל א זאָג:

— קאזאק, דאָן, אָ!

ווען עמען ווערט אײַנפאלן זוכן א ייִדן צווישן קאזאקן.

אין די נעכט האָבן זיי געהאלטן אין איין רעדן וועגן איין זאך, אויספּלאנירן און גרייטן זיך צום אנטלויפן.

דער פאסיקער מאָמענט איז געקומען איינעם מיטן ערשטן פרעסטעלע. א קליין פרעסטעלע, וואָס האָט קוים פארצויגן די צעקוואַסעטע ערד מיט א דין הײַטעלע. דאָס שנייעלע איז אויך געווען זייער א קנאפּס. עטלעכע גרײַפּעלעך דאָ און דאָרטן, כאָטש קלײַב זיי צונויף איינציקווײַז. מאמעש א וואונדער! וואָלקנס, וואָס האָבן וואָכנווײַז ניט אופגעהערט רעגענען, זאָלן אזוי קארג זײַן אף א ביסל שניי. יענעם גאנצפרי איז קלאָר געוואָרן, אז די „צוגרייט־קורסן" האָבן זיך געענ־דיקט. איינע נאָך דער אנדערער האָט מען גרופּעס, קלענערע און גרעסערע, אוועקגעפירט אף מײַרעוו, קיין דײַטשלאנד. די גרופּע, אין וועלכער זאלמען און אנדריי זײַנען געווען, האָט מען אָפּגעקליבן פאר עפּעס א צוקער־זאוואָד.

דער וואלד, פארבײַ וועלכן מע האָט זיי געפירט, האָט געצויגן צו זיך, גערופן און אײַנגער־רעדט, צוגעזאָגט א באהעלטעניש. און זיי האָבן געשפאנט, ווי פארקישעפטע, אינגאנצן פאר־כאַפּטע מיט אָט דעם פרעמדן וואלד. ער איז גאָר ניט ענלעך געווען אף יענעם וועלדל, ווו מע האָט זיי פאר אייך שאָ ארומגערינגלט פון אלע זײַטן. ער איז גרויס און אומענדלעך און קאָן באהאלטן אין זיך ניט איין פּאָרל. דער איקער איז — ארײַן אין וואלד. ער וועט שוין געפינען פאר זיי א באהעלטעניש, געפינען שפּײַז, ער וועט זיי שוין ארויספירן אהין, ווו מע דארף.

...זיי האָבן געפּלאָנטערט און געבלאָנדזשעט צווישן די ביימער. דער וואלד איז געשטאנען ווי פארגליווערט, שטיל אונטערגעשושקעט, ווי אונטערגעזאָגט דעם וועג. דאָס פרעסטעלע האָט אָנגעהויבן איבערוואקסן אין אן עמעסן פראָסט, און צוגעפרוירענע בלעטער האָבן אלע מאָל א טרישטשע געטאָן אונטער די פיס. דער וואלד האָט ווי אײַנגעשלונגען אין זיך דעם שטילן אָפּ־הילך, ניט געלאָזט אים ווײַט אוועק און וואָרענענדיק אונטערגעשושקעט: „שטילער, שטילער".

זיי זײַנען שוין געווען זיכער, אז זיי האָט אף אן עמעס אָפּגעגליקט, ווען ניט די גרוב... אנדריי האָט דערנאָך געזאָגט, אז שולדיק איז זאלמען אליין, איבער זײַן היציקײַט, ניט געדארפט אזוי יאָגן פאָרויס, וואָלט ער דעם פוס ניט צעבראָכן. נאָר ווי האָט זאלמען געקאָנט באמערקן די גרוב, א פארדעקטע מיט צווײַגן און א צוגעשאָטענע מיטן ערשטן שניי? און אין וואלד איז געווען אזא געדיכטער נעפּל! אנדריי האָט לאנג ניט געקאָנט פארשטיין, וואָס מיט זאלמענען איז געשען און פארוואָס האָט ער פארלאָרן דעם באוווסטזײַן:

— נו, רעד שוין עפּעס, — האָט ער זיך געבעטן בא זאלמענען, — זאָל זײַן אף ייִדיש...

# 8

„...הערסטו, מאַלקע, וואָס איך וועל דיר זאָגן... גלײַכער מיט אַ קלוגן פֿאַרלירן, אײדער מיט אַ נאַר געפֿינען. נײן, ניט דאָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן, איך מײן, אַקעגן דעם, וואָס מע זאָגט: וואָס בײַ אַ ניכטערן אויף דער לונג, איז בײַ אַ שיכּורן אויף דער צונג. טפֿו, אויף מײַנע שׂונאים קעפּ. וואָס דרײסטו מיר, מאַלקע, דעם ספּאָדעק? דיר ליגן אַלץ אין קאָפּ נאַרישקײטן, ווײַבערשע מײַסעס. אוי, ווײַבער, ווײַבער... ניט אומזיסט האָט שלומה־המלך געזאָגט... יאָ, וואָס זשע האָט ער געזאָגט, שלומה־המלך? אַז איר פֿאַרשלאָגט אַזוי דעם זיקאָרן! אַרויס פֿון עם קאָפּ. נאָר וואָס דאַרפֿסטו מער, אַפֿילו ישעיה־האַנאָווי האָט אויך געזאָגט: והיה באַחרית הימים...[1] און ס'וועט קומען אַזאַ צײַט, ווען אַלע פֿעלקער וועלן ווערן פֿרײַנט און פֿון דער גאַנצער וועלט וועט פֿאַרשווינדן ווערן די שׂינאה, און דער האַס, און די אַלע אַכזאָריעסן. און אַפֿילו חיות וועלן לעבן בשלום. און אַ וואָלף מיט אַ שאָף וועלן זיך פּאַשען אינאײנעם. פֿאַרשטײט זיך, מאַלקעלע, אַז צו דעם איז נאָך ווײַט. און אַ וואָלף מיט אַ שאָף... דאָ האָט ישעיה־האַנאָווי, ער זאָל מיר מוחל זײַן, אַ ביסל איבערגעטריבן. פֿאַנטאַזיע. נאָר אויב מיר האָבן גויווער געווען אַזאַ היטלערן, ימח שמו וזכרו, איז דאָך אַ סימן, אַז ס'איז געקומען די רעכטע צײַט. און לאָמיר טאַקע ווײַזן, אַפֿצולאָכעס אַלע שׂונאים, אַז ס'איז דאָ אַן עמעס אויף דער וועלט. און אַ ייִד, ניט קײן ייִד... אַבי אַ לײַטישער מענטש. איך זאָג עס אַקעגן אונדזער פּערעלען מיט סעריאָזשען. וואָרעם, ווען דו זאָלסט כאָטש אַ ביסל קענען טראָכימען, וואָלסטו אַלײן געזאָגט... ווען אַלע מענטשן זײַנען ענלעך אויף טראָכימען, וואָלט שוין געווען מאָשיעכס צײַטן. נאָר וואָס איז דאָ מיט דיר צו רעדן? איר, ווײַבער, אַז איר שפּאַרט זיך אײַן, איז אײַך דען איבערצושפּאַרן?..

ס'וואָלט אוודאי געווען רעכט, ווען זײַן מאַלקע זיצט דערבײַ, ער זאָל טאַקע קאָנען מיט איר אַ וואָרט אויסרעדן, און זאָל זי אים רעדן אַקעגן, און זאָל זי זיך אײַנשפּאַרן. ער וואָלט שוין געוווּסט וואָס אָפּצוענטפֿערן. ער וואָלט איר געזאָגט אַזוינס... אוי, וואָלט ער איר אַרײַנגעזאָגט! און ס'וואָלט אים געוואָרן אַ ביסל גרינגער אויפֿן האַרצן. נאָר גײ מאַך עפּעס, אַז מאַלקע... און ס'איז ניטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורײדן. און פֿאַר טראָכימען איז אים פּאָשעט אַ בײזאָיען. ער זעט דען ניט, וואָס ס'טוט זיך? נו, זאָל זײַן ווײַבערשע פּליאָטקעס, און זײַן שוועגערן, שײנדל, האָט אויך ליב אַמאָל עפּעס צוליגן. אָבער ער איז דאָך אַ טאַטע. און אַ טאַטע זעט מער פֿון אַנדערע. ווער קאָן נאָך אַזוי פֿילן אַ טאָכטערס האַרץ, ווי אַן אײגענער טאַטע? איז טאַקע מיסטאַמע עפּעס פֿאַראַן. אויב ניט, וואָס זשע קוקן זײ אַזוי אײנער אויפֿן אַנדערן, וואָס פֿילט זיך זאַלמען אַזוי געבונדן און וואָס רויטלט זיך אַזוי פּערעלע פֿון יעדן בליק זײַנעם? נײן, אַ טאַטן קאָן מען ניט אָפּנאַרן, אַ טאַטע פֿאַרשטײט אַלץ אויפֿן וווּנק!

זאָל ער זאָגן, אַז ער איז קעגן? אַדעראַבע, פֿאַרקערט. נאָר אויב אַזוי, וואָס זשע האָט זי געדרײט אַ קאָפּ מיט סעריאָזשען, און צוליב וואָס האָט מען געדאַרפֿט אַראָפּברענגען אין קוזניע טראָכימען? נאָר גײ מאַך עפּעס. הײַנטיקע יוגנט! הײַנט אַזוי, מאָרגן אַנדערש. און פּרוּוו איר עפּעס זאָגן, האָט זי גלײַך הונדערט ענטפֿערס אויף יעדער וואָרט. דערצו נאָך אַ גאַנצע קנאַקערן געוואָרן, בריגאַדיר!"

פֿון אַזעלכע געדאַנקען הײבט יאַנקל אָן פֿילן זיך כאָשעווער בײַ זיך אַלײן. עס קומט דאָך אויס, אַז ער דענקט קימאַט ווי אַ פּאָרגעשריטענער, אַ הײַנטיקער מענטש. עפּשער נאָך מער אַ הײַנטיקער, ווי זײַן פּערעלע. אָט, ער איז דאָך שוין גאָר ניט קעגן סעריאָזשען, און זי פֿאַרקערט, נאָר גײ, זאָג איר עפּעס.

הײבט זיך אים אָבער אָן דוכטן, אַז מאַלקע וויל אים איבערשפּאַרן, און ער ווערט שוין בײז. און אַ ביסעלע צופֿרידן אויך. ער וועט כאָטש קאָנען אַרויסזאָגן אַלץ, וואָס ער טראַכט.

„וואָס רעדסטו, מאַלקע־לעבן, אָט אַזוי נעמט מען עס און מע'גיט עס אַ זאָג? קאָנסט נאָך מאַכן ערגער. און עפּשער איז דאָס טאַקע אַן אויסגעטראַכטע זאַך, גלאַט אַזוי נעמען און אָנטאָן אַ מענטשן אַגמעס־נעפֿעש? שאַ, ווייסטו גאָר וואָס, מאַלקע, מיש זיך ניט און גיב מיר ניט קײן אײצעס.

וואָס איז דאָ מיט דיר צו רײדן? ווען דו זאָלסט כאָטש אײן טאָג געווען זײַן פּאָרזיצער איבער אַ פּאָר צענדליק אַלמאָנעס און סאָלדאַטקעס, וואָלסטו פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס הײסט. ס'איז דען געווען פֿאַר מיר? נאָר, ווי זאָגט מען עס, אַ קניפּ אין באַק, און די פֿאַרב זאָל שטײן, און זאָל קײנער ניט וויסן, וואָס בײַ דיר אין האַרצן טוט זיך. בין איך אוודאי צופֿרידן, וואָס איך בין אויס פּאָרזיצער און וואָס איך שטײ מיט טראָכימען אין קוזניע. און מיטן שידעך וועל איך דיר זאָגן אָט וואָס: מע קאָן קײן כאָכעם ניט זײַן. דו טראַכסט אײנס, און זי, פּערעלע, גאָר עפּעס אַנדערש. אַנומלטן האָבן מיר געשמועסט וועגן דעם. נײן, ניט מיט פּערעלען, מיט טראָכימען. ווייסטו, וואָס

---

[1] והיה באחרית הימים.

טראַכים האָט געזאָגט? טראַכים זאָגט... נאָר דו וועסט סײַווי ניט פֿאַרשטיין, ווײַל גערעדט האָבן מיר פֿאַרשטעלט, א מײַסע א בוידעם, כאָטש, דעם עמעס געזאָגט, האָבן מיר גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן. זאָגט ער מיר, טראַכים, הייסט עס, דער איקער, זאָגט ער, אַז מאַן און ווײַב זאָלן זײַן איינס. איין מענטש. דאָס איבעריקע, זאָגט ער, די נאַציע, לעמאַשל, איז גאָרניט".

— יאַנקל, ווו זײַט איר עס פֿאַרפֿאַלן געוואָרן? די קוילן זײַנען שוין פֿאַרלאָשן!

כאַפּט זיך יאַנקל אויף, ווי פֿון שלאָף, און דערזעט זיך לעבן א הויפֿן אײַזנברוך. ווי קומט ער, אייגנטלעך, אַהער? יאָ, ער האָט דאָ געדאַרפֿט אָפּקלײַבן א פּאָר שטיקלעך אײַזן אַף פֿרענטלעך. נו, איז אים אַנטקעגנגעקומען זײַן מאַלקע, און ער האָט זיך פֿאַררעדט. אַנהייבן שמועסן מיט מאַלקען — איז דאָס א מײַסע אָן א סאָף.

אַרײַנגעקומען אין קוזניע איז ער מיטן גאַנצן אָבערעמעק פֿאַרזשאַווערטע שטיקער אײַזן נאָך אַלץ, ווי ניט קיין היגער. די אויגן בלאָנדזען אַרום איבער די פֿאַררייכערטע ווענט פֿון דער קוזניע.

— יאָ, אַקעגן דעם וואָס איר זאָגט, דאָס איבעריקע איז בלאָטע. טאַקע גערעכט.

טראַכים כאַפּט א קוק אַף אים מיט איין אויג. דאָס איז גענוג, אַז יאַנקל זאָל פֿאַרשטיין, וואָס ער מיינט: „עפּעס האָט איר אָנגעהויבן פֿאַררעדן זיך". יאַנקל פֿילט זיך באַליידיקט.

— וואָס קוקט איר אַזוי אַף מיר? איר האָט דאָך אַליין געזאָגט, דער איקער איז דער מענטש, אַז מאַן און ווײַב זאָלן זײַן איינס, און דאָס איבעריקע...

— עט... — האָט טראַכים א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אָנגעבויגן זיך איבערן ביסל ברוך, וואָס יאַנקל האָט אַרײַנגעבראַכט. ווײַטער האָט ער ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן.

נעכטן אין אָוונט איז אים אויסגעקומען פֿירן ניט קיין אויסגעטראַכטן וויקועך, ווי יאַנקלען מיט מאַלקען, נאָר טאַקע אַן עמעסדיקן און גאַנץ הייסן מיט זײַן פֿאַלאַשקען. מע האָט אים דאָך געמוזט אַמאָל אָנהייבן. הײַנט־מאָרגן קומט סעריאָזשע, און וואָס וועט זײַן, אַז אין איינעם א טאָג וועט זיך א יאַוווּע טאָן צו זיי אין שטוב סעריאָזשע מיט פֿערלען און דאָס זונעלע וועט א זאָג טאָן: „מאַמע, באַקען זיך מיט מײַן קאַלע". ער שטעלט זיך פֿאָר, וואָס פֿאַלאַשקע קאָן א זאָג טאָן דערוף. דאַרף מען זי דאָך צוגרייטן. און ווי־אַזוי טוט מען עס, זאָל ער וויסן פֿון בייז. גוט, וואָס נעכטן איז וועגן דעם געקומען צו רייד. נאָר ווער ווייסט, וואָס דערפֿון וועט נאָך אַרויס.

מיט א פּאָר כאַדאָשים צוריק האָבן זיי באַקומען פֿון סעריאָזשען א פּעקל מיט עטלעכע שטיקלעך זייף, און יעדער פֿאַרנאַכט איז פֿאַר טראַכימען א גאַנצער יאָמטעוו. ביז דאַן האָט ער נאָך דער אַרבעט געריבן די הענט אַמאָל מיט זאַמד, אַמאָל מיט א ביסל קאַלך. נו, וואָס איז דאָס פֿאַר א וואַשעניש? רײַבסט זיך גאָר אָן נײַע מאָזאָליעס. איצט איז גאָר עפּעס אַנדערש. פֿאַלאַשקע גיסט אים אָן א שיסל קאַלטע וואַסער, און ער זייפֿט אָן די הענט, דאָס פּאָנעם, די ברוסט, איין מאָל און צוויי מאָל, און ס'איז פּאַשעט א מעכײַע. ער דערפֿילט זיך פֿריש און מונטער, גלײַך ווי ער וואָלט אויסגעטרונקען א גלעזעלע בראַנפֿן.

נעכטן פֿאַרנאַכט האָט ער, ווי שטענדיק, אַרומגעוואַשן זיך און צוגעזעצט זיך צום טיש. נאָר פֿאַרוואָס איז עפּעס דער ביסן ניט געקראָכן אין האַלדז? ער האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס איז געשען, און אָנגעהויבן דרייען מיטן קאָפּ, זוכנדיק דאָס, וואָס האָט אים געענגט און גערדריקט. ענדלעך געפֿונען. אַף דער שוועל פֿון דער טיר איז געשטאַנען פֿאַלאַשקע. לויט דעם, ווי זי האָט פֿאַרביסן די ליפּן, אונטערגעשפּאַרט מיט דער לינקער האַנט דאָס געפֿאַלדעוועטע גוידערל און מיט דער רעכטער האַנט אונטערגעהאַלטן די לינקע, האָט טראַכים פֿאַרשטאַנען, אַז ס'שמעקט מיט עפּעס ניט קיין אָנגענעמער „בעסידע"[1]. פֿון איר בייז און שטעכיק קוקעלע איז בא טראַכימען שטענדיק אַזאַ געפֿיל, גלײַך ער האָט זיך פֿאַרשטאָכן מיט א צוויאַק.

— וואָס איז געשען, פֿאַלאַשענקע?.. — האָט ער זיך אָנגערופֿן מיט א ווייך קאָל, געבנדיק אָנצוהערן, אַז ער איז הײַנט ניט גענייגט צו קריגן זיך.

— הייב אויף דעם קאָפּ א ביסעלע העכער און טו א קוק.

טראַכים האָט לאַנגזאַם אויסגעגלײַכט די פּלייצעס און דערפֿילט יענעם לאַנגאָניקן, טיף אײַנגעוואָרצלטן ווייטאָק, יענעם ווייטאָק אין די קרייזשעס, וואָס צווינגט אים שטענדיק גיין א ביסל אײַנגעבויגן. ער האָט א קוק געטאָן אינעם ווינקל, אַף וועלכן פֿאַלאַשקע האָט אים בייז געטײַטלט מיטן פֿינגער, און דערפֿילט, ווי אים איז געוואָרן ניט גוט, אַף צו כאַלעשן. אַרומגעהאַנגען מיט א פֿריש אויסגעוואַשענעם געקוויטלטן האַנטעך, אַרומגעשטעקט מיט אַן א שיר פֿעלד־קוויטלעך, איז געהאַנגען א נײַינקע איקאָנע.

— ווו האָסטו עס געפּאַקט אַזאַ מעציע? — האָט טראַכים א שפּאַס געטאָן.

— וואָלסט זיך כאָטש פֿריִער איבערגעציילעמט, דו, אַנטיכריסט!

---

[1] געשפּרעך (אוקראַיִניש).

— אויב צוליב דעם האַסטו עס געקויפט, איז אומזיסט דײַן סטאַרען זיך. ווייסט דאָך, אַז מיר טוען ווי די קריזשעס, אַז מיר איז שווער אויסגלײַכן זיך...

— אוי, טראַכים, אין דײַנע יאָרן... מע מעג שוין א ביסל אין זינען האָבן גאָט־זאַכן.

— וואָס זשע, איך בין שוין טאַקע אזוי אַלט? — טראַכים האָט אַלץ געפרוווט אָפּקומען מיט א שפּאַס. — זאָג שוין, וויפל האָסטו עס באַצאָלט פאַר אָט דער צאַצקע?

— דאָס איז דיר ניט קיין צאַצקע! — האָט פאַלאַשקע אויסגעשריגן. — כ'האָב די איקאָנע אויסגעביטן פאַר זייף.

— פאַר זייף? — טראַכים איז שוין אויך געוואָרן בייז. — נו, און איך? מיט וואָס וועל איך זיך אַרומוואַשן? וואָלט כאָטש יעזוס אויך געוועזן א קאַוועל, איז מיילע...

— אַנטיכריסט! אוועק אַף א וואָך צו די ייִדן און זיך שוין זניוכעט מיט זיי. פאַרגעסן, אַז זיי האָבן עס אונדזער יעזוסן געקרייצט.

— יעזוס, יעזוס, — קרימט ער זיך איר נאָך. — אוי, וועט ער דיר נאָך אָפּטאָן א שפּיצל, דײַן יעזוס. אָט וועט ער נעמען און אַרײַנברענגען דיר אין שטוב אַרײַן א ייִדישע שנור.

— טפו, טפו, טפו, אַף מײַנע סאָנימס קעפּ. דו ביסט שיכּער, צי דו מאַכסט זיך, לאָמיך עס בעסער ניט דערלעבן.

— נו, האָדי. דײַן יעזוס האָט מיר שוין אזוי אויך געפאַטערט דעם אַפּעטיט. סײַדן עפּשער א גלעזעלע...

און ווען פאַלאַשקע, א ביסל אָן אָפּגעקילטע, נאָר נאָך אַלץ אָנגעבלאָזן, האָט אים אָנגעגאָסן א גלעזעלע, האָט ער זי גוטמוטיק א גלעט געטאָן איבער דער פּלייצע.

„אוי, וועט נאָך מיט דיר אויסקומען א האַרעווע טאָן..." דערמאָנט זיך אין דער דאָזיקער „בעסידע", האָט ער איבערגעכאַזערט די זעלבע ווערטער אין דער הייך.

— מיט מיר? — האָט יאַנקל ניט פאַרשטאַנען.

— טפו, — האָט טראַכים אויסגעשפּיגן און א נעם געטאָן זיך פאָרן בלאַזאַק. — זיך אָנגע־הויבן פאַרעדן אַף דער עלטער. דאָס האָב איך נעכטן מיט מײַן אַלטיטשקער געהאַט א שטיקל קריג. מיקויעך דעם און יענעם, ייִדן, קריסטן, ליבע.

אַן אַנדערשמאָל וואָלט יאַנקל פאַרפירט וועגן דעם א גאַנצן שמועס און וואָלט שוין געפונען דערצו א פּאַסעק פון יעשײַען. נאָר דערהערט, אַז טראַכים האָט זיך געקריגט מיט זײַן אַלטיטש־קער איבער א ייִדישער קאַלע, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און א נעם געטאָן זיך פאַר דעם האַמער. ס'איז אים פּאַשעט געוועזן א ביזאָיען קוקן טראַכימען אין די אויגן אַרײַן. „אוי, פּערעלע, פּערעלע! גוט, וואָס די מאַמע האָט ניט דערלעבט דערצו. אזא ביזאָיען! כאָטש אַנטלויף פון דער קוזניע. ניט נאָר פון דער קוזניע, פונעם דאָרף אַנטלויף!"

פאַרנאַכט איז יאַנקל געקומען אהיים מיד, הונגעריק און בייז. דעריקער אַף פּערעלען און א ביסל אַף זאַלמענען. ס'האָט אים שוין אָנגעהויבן באַנק טאָן די גאַנצע געשיכטע. ניט געוועזן געדאַרפט נעמען זאַלמענען צו זיך אין שטוב. פּערל וואָלט ניט געוואָרן קיין בריגאַדיר, ער וואָלט ניט געוואָרן קיין שמיד און ניט געהאַט צו טאָן מיט טראַכימען. דער הונגער האָט אָבער ניט געלאָזט לאַנג טראַכטן, מע האָט געדאַרפט געפינען עפּעס־וואָס א בײַס צו טאָן.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט, ווי צו דער שטוב איז צוגעפאָרן א טאַטשאַנקע. ער האָט ניט באַוויזן אפילע זיך אופהייבן פונעם טיש, ווי אַף דער שוועל פון דער טיר איז שוין געשטאַ־נען דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָם אַלעקסיי ניקאַלײַעוויטש ליאַשענקאָ.

— א גוטן־אָוונט אײַך. וואָס זיצט איר עפּעס אין דער פינצטער?

יאַנקל האָט האַסטיק, א ביסל צעטראָגן א וויש געטאָן מיטן אַרבל די ברעקלעך פריִער פו־נעם טיש, דערנאָך פונעם מויל.

— אָט באַלד, אָט באַלד, כאַווער סעקרעטאַר. די בריל... פּערעלע, די סוואַדקע!

געכאַפּט זיך, אַז פּערל איז ניטאָ און אַז די סוואַדקעס קערן זיך איצט צו אים ניט אָן, האָט ער צוערשט א ביסל פאַרשעמט זיך, דערנאָך דערפרייט זיך. ער האָט א לויף געטאָן קעגן גאַסט און אים באַקוקט פון קאָפּ ביז די פיס, גלײַך ער קלײַבט זיך אים אַראָפּנעמען א מאָס. ס'איז פּאַשעט געוועזן ציקאַווע, ווי זעט עס אויס דער סעקרעטאַר, ווען דו קוקסט אַף אים ניט ווי קיין פּאַרזיצער.

— א גוטן־אָוונט! קומט אַרײַן נעענטער. אָט באַלד צינד איך אָן א לעמפּל. אַנטשולדיקט, כ'האָב אײַך דערזען און... נו, א ביסל דערשראָקן זיך. גאָר פאַרגעסן, אַז איך בין שוין אויס פּאַר־זיצער. א שמיד געוואָרן אַף דער עלטער. ווי געפעלט עס אײַך?

— זייער, זייער גוט, — אַלעקסיי ניקאַלײַעוויטש האָט מיט א שטילן קרעכץ זיך צוגעזעצט אַפּן טאַבורעטל. — און ווו זײַנען די באַלעבאַטים?

— די באַלעבאַטים?.. — האָט יאַנקל איבערגעפרעגט א באַליידיקטער, א רייַב געטאָן א שוועבעלע און פאַרזשמורעט די אויגן. — די באַלעבאַטים? אָך, יאָ, יאָ, די באַלעבאַטים. נו, יאָ, פאַר־שטענדלעך. די פאַרזיצערס, די בריגאַדירן. מיסטאמע וועלן זיי באַלד זיך א יאווע טאָן.

פּערל איז אַרייַנגעלאָפן טאַקע אין א ווייַלע אַרום, זי איז געווען פאַרסאָפּעט און פאַרטומלט.

— אוי, טאַטעניו, — האָט זי באַלד אָנגעהויבן שיטן, — זייַ מיר מוחל. איר האָט הייַנט אַלע בא מיר געהונגערט. פאַרשטייסט, די קי האָט מען הייַנט ניט געקאָנט אייַנהאַלטן, ממש ווי ווילדע. און דאָ האָט עס מיך א טראָג געטאָן קיין קאָבילנע נאָך דער פּאָטשט. עס מוז דאָך זייַן א בריוו פון אים צי א טעלעגראַם. ער דאַרף דאָך די טעג קומען, סעריאָזשע! באַלד מאַך איך אייַך וועטשערע!..

פּערל איז אַרייַן אין קיכל, ווידער אַרויס און ערשט איצט באַמערקט דעם גאַסט.

— אוי, אַלעקסיי ניקאָלייַעוויטש! — זי האָט זיך פאַרויטלט און זיך א כאַפּ געטאָן מיט דער האַנט פאַר די פלאַמענדיקע באַקן. — די סוואָדקע, די סוואָדקע איז בא מיר נאָך ניט פאַרטיק. נאָר איך געדענק אַלץ אַף אויסווייניק.

— איך אויך, — האָט ליאַשענקאָ א שמייכל געטאָן, — און מע דאַרף ניט קיין שום סוואָדקעס.

— נו, אויב אַזוי... — האָט פּערל זיך באַרויִקט, — אַנטשולדיקט, כ׳וועל נאָר אויסמעלקן די קו. איר פאַרשטייט, נאָכן אַקערן פּאַשען מיר זיי אונטער א ביסל, דערפאַר קומען מיר שפּעט מיט דער טשערעדע.

אַז פּערל איז אַרויס פון דער שטוב, האָט יאַנקל א ווונק געטאָן צום סעקרעטאַר:

— א בריגאַדיר! ס׳איז ניט פאַר איר, פאַרשטייט זיך, נאָר זאַלמען האָט געהייסן.

— נו, אויב זאַלמען האָט געהייסן... ווי פילט ער זיך בא אייַך?..

יאַנקל האָט ניט געוווסט, ווי אויסטייַטשן ליאַשענקאָס שמייכל. פאַרבויגן דעם קאָפּ אין א זייַט, האָט ער אַפּסנייַ געוומען באַקוקן ליאַשענקאָן. ער האָט געדאַרפט פאַר זיך אויסקלאָרן, וואָס באַטייַט זייַן פראַגע, וואָס הייסט „ווי פילט ער זיך?“. מיט א מינוט צוריק האָט ער גראָד געוואָלט אויסדערציילן דעם סעקרעטאַר אַלץ, וואָס האָט אים געהריזעט א גאַנצן טאָג: וועגן זאַלמענען, סעריאָזשען און פּערלען, וועגן זיך און טראַכימען, און זאָל אים דער סעקרעטאַר געבן אַן אייצע. נאָר דאָס, וואָס פּערל איז הייַנט געלאָפן קיין קאָבילנע, האָט ווידער אַלץ איבערגעפּלאָנטערט. ס׳קומט שוין גאָר אויף א נייַע קאַשע: וואָס טוט מען מיט טראַכימס פּלוינעסטע, מיט פּאַלאַשקען, וואָס האָט אַף דער עלטער זיך פאַרליאַפּעט אין יעזוסן?

— וואָס הייסט, ווי ער פילט זיך? איר קענט ניט זאַלמענען? יאָגט אַרום גאַנצע מעסלעסן! — דאָך האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און אַריבער אַף זייַנעם. — איך וויל אייַך פרעגן עפּעס אַנדערש. אויב איר זייַט שוין יאָ בא מיר אין שטוב. פאַרשטייט זיך, אַז מיר איז אַלציינס, א ייִד צי ניט קיין ייִד. נאָר הייַנטיקע צייַטן... און מיר זייַנען דאָך מענטשן מיט א ביסל אַן אַלטער זאַקוואַסקע, ווי זאָגט מען עס, מיט „פּערעזשיטקעס“[1]. און נאָך דעם, וואָס היטלער האָט אָפּגעטאָן... איז אָט, מייַן טאַכטער, איר האָט דאָך געהערט וועגן דער טעלעגראַמע. איך זאָג אַזוי, און טראַכים איז אויך מיט מיר מאַסקים... ס׳הייסט, זאָגן זאָגט טראַכים, און איך בין מיט אים מאַסקים. ווייַל דער איקער איז דאָך דער מענטש אַליין, דאָס איבעריקע איז בלאָטע...

„יאָ, אָט אין דעם איז דאָך די צאָרע. אַלע יאָרן! — האָט יאַנקל דערנאָך געמוסערט זיך אַליין, — אָט דאָס איז דאָך די צאָרע, וואָס דו האָסט א טעווע פאַרעדן זיך. אַזוי לאַנג געדרייט זיך אַרום די זאַקוואַסקעס מיט „די פּערעזשיטקעס“, ביז זאַלמען איז אַרייַנגעקומען. דעם איקער ניט באַוויזן אַרויסזאָגן“.

זאַלמען האָט געהאַט אַן אויסזען פון א סאָלדאַט נאָך א ווייַטן מאַרש. די גימנאַסטיאָרקע צעשפּיליעט, דער רימען אַפּן אַקסל. דאָס פאַרשוויצטע און פאַרשטויבטע פּאָנעם, די אויגן בעטן איין זאַך — וואַסער, א שיסל קאַלטע וואַסער!

אַלעקסיי ניקאָלייַעוויטש האָט אים דערלאַנגט די האַנט:

— נו, ווי גייט עס, זאַלמאַן דאַווידאָוויטש?

— פינף העקטאַר! — האָט זאַלמען אָפּגעענטפערט, פאַרשטייענדיק, וואָס דער סעקרעטאַר מיינט. — ווי אַן אָנהייב ניט שלעכט, האַ?

— ריכטיק, ניט שלעכט. נו, און ווייַטער ווי קלערסטו?

— ווייַטער וועט זייַן שווער, אַלעקסיי ניקאָלייַעוויטש. איר פאַרשטייט דאָך אַליין...

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי... — האָט אַלעקסיי ניקאָלייַעוויטש געזאָגט מער צו זיך, ווי צו זאַלמענען. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז ווען דער קאָלווירט „נייַ לעבן“ זאָל זייַן איינער אַזאַ, וואָלט געווען ניט שווער אים אוועקשטעלן אַף די פיס. אָבער אַזעלכע, א ביסעלע

---

[1] איבערבלייַבעכצן (רוסיש).

ערגערע צי בעסערע, זײַנען פאַראַן אַ סאַך. צענדליקער קאַלווירטן, ווו די ערד איז עטלעכע יאָר ניט געאַקערט, און טראַקטאָרס זײַנען דערוווײַל ווייניק. ביז גאָר ווייניק...

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, — דאָס מאָל האָט ער זיך שוין געווענדט צו זאַלמענען, — טאַקע צוליב דעם בין איך הײַנט פאַרפאָרן צו דיר.

פערל איז אַרײַן מיטן עמער מילך. אויף איר פאַרפאַליעט פּאָנעם האָבן ווי לעבעדיקע קיינ־פינטלעך געגלאַנצט עטלעכע ווײַסע מילך־טראָפּנס. געכאַפּט אַ קוק אויף דער טאָכטער, האָט יאַנקל אַ טראַכט געטאָן, אַז איר שמייכעלע איז עפּעס ניט קיין פּאָשעטס, עפּעס פֿאַראַן אין דעם אַזוינס, וואָס ער קאָן ניט פאַרשטיין. מאַלקע וואָלט עפּשער פאַרשטאַנען, און ער ניט. אוי, ווי ער וואָלט איצט געדאַרפט האָבן זײַן מאַלקען לעבן זיך.

— איר וועט דאָך אויך אויסטרינקען אַ גלאָז וואַרעמע מילך? — האָט פערל געפרעגט ליאַשענקאָן.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, — האָט ליאַשענקאָ אָפּגעענטפערט. — פאַרשטייט זיך, אין אַזאַ פאַל וואָלט מען באַדאַרפט עפּעס שטאַרקערס, נאָר מיילע, מירן דאָס אָפּלייגן אויף אַן אַנדערשמאָל.

פון דער צווייטער גלאָז מילך האָט אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש זיך אָפּגעזאָגט. זאַלמען האָט זיך שוין גענומען פאַר דער דריטער. טאַקע געווען רעכט הונגעריק. יאַנקל האָט מיט פאַרוואָרף אַ קוק געטאָן אויף פערלען: „זעסט כאָטש, ווי דו באַלעבאַטעוועסט? פאַרן סעקרעטאַר אַ ביזאָיאָן".

ליאַשענקאָ האָט זיך אָנגערופן צו זאַלמענען:

— מירן זיך דורכשפּאַצירן? מיסטאַמע וועט באַלד מיקאָלאַ צוקומען, ער האָט צוגעזאָגט.

— ביטע, — זאַלמען איז געווען אַ ביסל פאַרוווּנדערט פון אָט דעם אומגעריכטן באַזוך.

שוין אין דער פינצטער, ווען יאַנקל איז אַ מידער צוגעפאַלן צום געלעגער, האָט ער ווידער געפּרוווט פאַרפירן אַ שמועס מיט מאַלקען:

„הערסטו, מאַלקע, וואָס איך וועל דיר זאָגן? איך פאַרשטיי שוין גאָרנישט ניט. אַדעראַבע, זאָג דו..."

נאָר לאַנג שמועסן איז אים ניט אויסגעקומען. דער שלאָף האָט געטשאַטעוועט נאָך אים.

## 9

איינס... צוויי... דרײַ...

דרײַ קרײַזן. יעדער קרײַז אַ שאָ. יעדער שאָ אַ דריטל העקטאַר. יעדע דרײַ שאָ אַ העקטאַר. פאַר פיר און צוואַנציק שאָ קאָן מען מאַכן אַכט העקטאַר. נו, זאָל זײַן נאָר צוואַנציק שאָ. זיבן העקטאַר פאַר אַ מעסלעס! ווען ער האָט נאָך אַ טראַקטאָריסט, אַרבעט דער טראַקטאָר צוואַנציק שאָ אַ מעסלעס, און פאַר אַ וואָך צײַט...

זאַלמען זיצט לעבן דער שטוב אויפן נידעריקן פריזבעלע, אונטערגעשפּאַרט מיט די הענט דעם קאָפּ. ער הערט זיך אײַן אין דער שטים פונעם טראַקטאָר און ווערט אומרויִק. אים דוכט זיך, אַז דער טראַקטאָר איז פאַרקילט. עפּעס הוסט ער אונטער און האַלט אין איין ניסן.

אָט האָט דער טראַקטאָר זיך ווידער צעהוסט און מיטאַמאָל אײַנגאַנצן אַנשוויגן געוואָרן. שוין? צי האָט עפּעס דאָרטן געטראָפן? צי די כעוורע האָבן שוין געוואָרפן די אַרבעט? ער האָט דאָך צוגעזאָגט, דער טראַקטאָריסט, אַז זיי וועלן הײַנט אַרבעטן די גאַנצע נאַכט. ס'איז טאַקע צו באַוווּנדערן, ווי דעכעט עס אַזאַ שיוורע־קיילע און ווי׳אַזוי אָט דער סאַשע ראַטעוועט עס דעם טראַקטאָר אַלע מאָל פון כאַלאָשעס. אָט, אויסגעכריפּעט זיך, און מע הערט שוין ווידער, ווי ער הודזשעט.

איינס, צוויי, דרײַ...

נאָר דאָס ציילט שוין אַנדריי.

זיי שפּאַנען איבערן פאַרשנייטן וואַלד, און אַנדריי ציילט די טריט. ציילט און קאָמאַנדעוועט. זאַלמענען באַפאַלט אַ שוויס, און ס'דרייט זיך אים דער קאָפּ. ער וואָלט אומגעפאַלן, ווען ניט אַנדריי. זיי האָבן ביידע אויסגעמײַסטרעוועט עפּעס ענלעכס אויף קוליעס. נאָר גיין אויף קוליעס דאַרף מען אויך צוגעוווינט ווערן. און דערצו נאָך דער שניי. די קוליעס קריכן אַרײַן אין אים און ס'איז זיי שווער אַרויסצושלעפּן.

ס'איז שווער. און ס'איז שרעקלעך. שרעקלעך אָפּרײַסן זיך פון דער גרוב, וואָס איז געווען זייער היים אין מעשך פון עטלעכע כאָדאָשים. און אויב זיי וועלן זיך אַרויסדראַפּען פונדאַנען, און אויב זיי וועלן בלײַבן לעבן, וועלן זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן אָט די וואָלפישע גרוב אינעם פרעמדן, אומבאַוווּסטן וואַלד.

דער וועג האָט געפירט באַרג־אַרויף. נאָר באַרג־אַרויף.

זאלמען האָט פאַרזיכערט, אַז ער פילט זיך גוט. ס'זאָל נאָר אַזוי ניט שנײַדן אונטער דער קני און ס'זאָל זיך ניט דרייען דער קאָפּ... נאָר דער קאָפּ — דאָס איז עפּעס אַנדערש, דאָס האָט צום פוס קיין שײַכות ניט, און אַנדריי דאַרף אָף דעם ניט לייגן קיין אַכט. ס'איז פּאַשעט פון שוואַכקײַט. נו, און אים, אַנדרייען, איז דען גרינגער? דער איקער — זיי גייען!..

וואָס ווײַטער, איז דער שניי טיפער. ס'ווערט שווערער צו גיין, נאָר צוזעצן זיך טאָר מען ניט. אַזוי זאָגט אַנדריי. אויב זיי וועלן זיך צוזעצן, וועלן זיי זיך ניט קאָנען אופהייבן. אָט, נאָך אַ ביסעלע, נאָך אַ ביסעלע, און זיי וועלן געפינען אַ פּאַסיק אָרט אָף איבערנעכטיקן. איינס, צוויי, דרײַ...

אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און אַלץ באַרג־אַרוף. די קוליעס העלפן דאָ ווייניק. דער שניי דערגרייכט ביז די קני. מוז זאַלמען אַרומנעמען אַנדרייען אַרום האַלדז מיטביידע הענט און זיך נאָכשלעפּן. אַלץ וואָלט געוווּן צו דערלײַדן, ווען ניט דער נעפּל. ער ווערט מיט יעדן טאָג געדיכטער, פּײַכטער און קעלטער. שוין ניט קיין נעפּל — אַ וואָלקן. אַ געדיכטער, טונקל־גרויער וואָלקן. ער קריכט אַרײַן אין אַלע איוורים, פאַרפילט די ברוסט, די לונגען מיט אַ בלײַ־שווערער גליטשי־קײַט. נאָר דער איקער — זיי גייען.

דער נעפּל האָט אײַנגעשלונגען אַלץ אַרום, און זיי האָבן שוין גאָרנישט ניט געזען אַרום זיך. לויטן כעזשבן האָט שוין לאַנג געדאַרפט זײַן טאָג, נאָר ס'איז ליכטיקער ניט געוואָרן. אַ לאַנגער פאַרנעפּלטער באַגינען, וואָס האָט זיך געצויגן אָן אַ סאָף.

און דעם צווייטן באַגינען...

— זאַלמען, זאַלמען, דו טו נאָר אַ קוק, וואָס ס'טוט זיך?!

העט אונטן, ערגעץ אין אַ ווײַטן טאָל האָט אָנגעהויבן אַרויסשווימען די זון. זי איז אַרויס פונעם נעפּל, ווי פון עפּעס אַ יאַם, און איז געוווּן אַ סאַך נידעריקער. אונטער זייערע פיס זײַנען געשוווּמען קליינינקע, צעפליקטע וואָלקנדלעך, און דורך זיי האָט מען אַרויסגעזען די ערד. אַ מאָדנע און אומבאַקאַנטע ערד. אַ גרויסער אָנוואַלגער פון שפּיציקע בערגלעך, וואַלדיקע און פליכעוואַטע, וואָס ציִען זיך אַלץ אַראָפּ, ווי קרומע טרעפּ. און אומעטום צווישן די טרעפּ — פאַר־באַהאַלטענע וואָלקנס. העט־ווײַט איז געלעגן אַ גרויסער און גלײַכער טאָל. ער האָט אַרויסגע־גלאַנצט אַ פרילינגדיק־יונגער, אַ גרינער טאָל, אַ פאַרגאָסענער מיט באַגינענדיקע שטראַלן.

זיי זײַנען לאַנג געשטאַנען ווי פאַרקישעפטע, ניט געקאָנט אָנקוקן זיך און אָנטישען זיך מיטן צויבערדיקן בילד. ערשט דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן באַנעמען, אַז זיי שטייען אָפן סאַמע שפּיץ פון אַן אומבאַוווּסטן הויכלאַנד, אַ הויכלאַנד, וואָס זיי האָבן אײַנגענומען מיט אַזויפיל מי, מיט אַזאַ אומגעהייערער אָנשטרענגונג. איצט הייבט זיך אָן פאַר זיי אַ נײַער וועג.

זאַלמען איז געשטאַנען אָף זײַן איינציקן פוס. ער האָט פעסט אַרומגענומען אַנדרייען פאַרן האַלדז, און ביידע האָבן אַלץ געקוקט און געקוקט. וואָס וואַרט אָף זיי דאָרטן? צי איז דער וועג באַרג־אַראָפּ אַ נײַער אָנהייב צי אַ סאָף? אַנדריי האָט דערפילט, ווי זאַלמען האָט גענומען ציטערן און אָנגעוואַלגערט זיך אָף אים מיטן גאַנצן קערפּער.

— וואָס איז געשען, ברודערקע?

— דער פוס...

— אָנו, לייג זיך...

— עך, — האָט אַנדריי מיט פאַרדראָס אַרויסגעזיפצט, באַקוקנדיק דעם פאַרבלאָוטן, פאַר־שוואָלענעם פוס, — עפּשער צו פרי זיך געלאָזט אין וועג...

— ווער ווייסט, וואָס געמעגט און וואָס ניט געטאָרט, אַבי אַרויסגעקליבן זיך...

— אַרויסגעקליבן זיך, — האָט אַנדריי איבערגעכאַזערט און אַ קוק געטאָן אָף זאַלמענען, וואָס איז געלעגן מיט צוגעמאַכטע אויגן. צי דען ערשט איצט, נאָך אַלעמען, וועט ער דאַרפן איבערלאָזן זאַלמענען?

— דו גיי... — זאַלמענס מיטאַמאָל שוואַך געוואָרענע שטים האָט געקלונגען קאַטעגאָריש. — דו מוזט עפּעס אָפּזוכן.

— אַוודע וועל איך אָפּזוכן. דו... דו זײַ רויִק. איך וועל זיך אײַנגיכן אומקערן.

זאַלמען איז געבליבן אַליין. די זון האָט זיך אופגעהויבן און געבליבן הענגען איבערן קאָפּ. ער האָט זי געפילט דורך די צוגעמאַכטע אויגן. זי האָט געמיטלעך געוואַרעמט דאָס פּאָנעם, די הענט, דעם גאַנצן קערפּער און דעם פאַרבלאָוטן פוס, און ס'איז אים געוואָרן אַ ביסל גרינגער. געטראַכט האָט זיך אויך גרינג און רויִק, גלײַך אַלץ, וואָס ער האָט געדאַרפט אָפּטאָן אָף דער וועלט, האָט ער שוין אָפּגעטאָן. אַזוי טראַכט און פילט מיסטאַמע אַ מענטש, וואָס הייבט אָן פאַר־פרוירן ווערן. אַנדריי וועט געוויס זיך דערקלײַבן צו אונדזעריקע און וועט וועגן אַלץ דערציילן. ער מוז וועגן אַלץ דערציילן. זיי האָבן דאָך אַזוי באַשטימט. אויב זאַלמען בלײַבט לעבן, דאַרף ער

דערציילן וועגן אנדרייען, און אויב אנדרייען איז באשערט... און ס'קאָן נאָך זײַן, אז אנדריי מיט עסטערן זאָלן אמאָל קומען צו אים אהער. מיסטאמע איז דאָך פארצייכנט אף די קארטעס דאָס דאָזיקע הויכלאַנד. און אויב אפילע ניט... אנדריי ווייסט דעם וועג... און אז דו וועסט אמאָל קומען אהער, עסטער, דו און... אז איך ווייס טאקע ניט, וואס בא אונדז איז, א יינגעלע, צי א מיידעלע... נאָר דאָס איז ניט וויכטיק, פארשטייסט, עסטער, דער איקער — זיך ארויסגעקליבן, דער איקער, וואס מיר גייען. און וויבאַלד מע גייט...

...זיי האָבן געזאָגט, אז ער איז אזוי אָפּגעלעגן גאנצע צוויי מעסלעס, נאָר ער האָט וועגן דעם ניט געוווסט. ער האָט וועגן גאָרנישט ניט געוווסט. ווען ער האָט געעפנט די אויגן, האָט ער דערזען פאר זיך עסטערן.

— עסטער, דו? ביסט טאקע געקומען?

— רוזשינא, — האָט זיך אָנגערופן די פרוי, וואס איז געשטאנען איבער אים.

— עסטער, — האָט זאָלמען אײַנגעשפארט געטײַנעט זײַנס.

— רוזשינא! — האָט ווידער געזאָגט די פרוי.

האָט ער א ביסל אופגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגעהויבן אײַנקוקן זיך. יאָ, ס'איז טאקע ניט עסטער. רוזשינא... בא איר זײַנען בלאָנדע האָר און ליכטיקע אויגן און זי איז אינגאנצן א שײַנע־דיקע, פון קאָפּ ביז די פיס.

— רוזשינא, — האָט ער ענדלעך זיך אונטערגעגעבן. — און ווו איז אנדריי?

— ער ליגט, אנדריי, בא אונדז, אין פארטיזאנישן שפיטאָל. פארשטאנען?

— וואס איז מיט אנדרייען?

— מיט אנדרייען איז גוט. און מיט דיר וועט אויך זײַן גוט.

## 10

א בלאָנדער יונגערמאנטשיק מיט א פאָר מיידלשע קוטשערן אפן שטערן. און די שטים איז אויך א מיידלשע. נאָר די אויגן!.. זי האָט קיינמאָל ניט געזען אזעלכע אויגן. זיי האלטן אין איין קוקן אף איר, שמייכלען אונטער, און פילן פילט זי, אז זיי כויזעקן גאָר, כויזעקן און דראָען, און זי הייבט ניט אָן צו פארשטיין, וואס זיי ווילן פון איר. דער בלאָנדער יונגערמאנטשיק הייסט איר דערציילן, און די אויגן זײַנע לאכן פון איר: „רעד, רעד, סײַווי גלייבן מיר דיר ניט, סײַווי ווייסן מיר א סאך מער פון דעם, וואס דו וועסט דערציילן, א סאך מער פון דעם, וואס דו אליין ווייסט". צוליב וואס זשע דאַרף זי דערציילן? און וואס גייט עס אים אָן, ווי איז זי געקומען צו בערלס עלטערן, פארוואס האָט זי זיך פארשריבן מיט בערלען און אוועק צו זאלמענען, וויאזוי איז דאָס זאלמען געוואָרן א קאזאק פון צימלער סטאניצע, ווען איז ער אוועק אין דער ארמיי און צי האָט זי געהאט בריוו פון אים?

— אינגאנצן איין בריוועלע.

— דאָך... איין בריוועלע באקומען. ווען, פונוואנען?

— וויאזוי האָב איך געקאָנט ווייסן פונוואנען?

— פונדעסטוועגן... און וואס האָט ער געשריבן?

— וואס האָט ער געקאָנט שרײַבן? א יעדיע איז דאָס געוועזן...

דער בלאָנדער יונגערמאנטשיק לאָזט זי ניט דערזאָגן ביזן סאָף.

— נו, זאָל זײַן א יעדיע. וואס פאָר א יעדיע, מיט וועמען איבערגעגעבן?..

עסטערן דוכט זיך, אז דער יונגערמאנטשיק מאכט זיך טאמעוואטע, גיט זי זיך א הייב פונעם בענקל און שרײַט אויס:

— א יעדיע אין א שווארץ רעמל. פונעם וואיענקאָמאט!

— אָך, אזוי... נו, באַרויקט זיך, באַרויקט זיך...

ער גיט זיך א הייב, דער יונגערמאנטשיק, און טוט א זאָג:

— און אויסגעלאָזט האָט זיך?..

דאָס זאָגט ער, און די אייגעלעך מיט זייער עסריק שמייכעלע טײַטשן עס אויס: „און אויס־געלאָזט האָט זיך, אז ער האָט אײַך אָפּגענארט, אונדז אלעמען אָפּגענארט..."

מעגלעך, אז מיט דעם „אויסגעלאָזט" האָט ער געמיינט עפּעס אנדערש, נאָר עסטערן דוכט זיך, אז גראָד אין דעם וואָרט לייגט ער ארײַן א באזונדערן מיין, אז מיט דעם דריקט ער אויס זײַן כשאד אין עפּעס ניט קיין שיינע, ניט קיין ערלעכע מײַסים, אין וועלכע ער איז כוישעד זאלמענען. איר האָט זיך געוואָלט שרײַען, אָפּלייקענען, זאָגן, אז דאָס קאָן ניט זײַן. קיינמאָל ניט! אז זאלמען איז ניט פייִיק אף קיין שלעכטע מײַסים, אז ער וועט גיכער לאָזן אָפּשנײַדן זיך די הענט, די פיס, אראָפּנעמען דעם קאָפּ...

— איַיך איז עפּעס ניט גוט? — האָט א פרעג געטאָן דער יונגערמאַנטשיק און איר דערלאַנגט א גלאָז וואסער. זי האָט א זופּ געטאָן און, ווארגנדיק זיך מיטן טרונק, קוים ארויסגערעדט:

— וואָס ווילט איר פון מיר?

— בארויִקט זיך. איין מאָמענט. נאָך א פּאָר פראגעס. ווי באציט איר זיך צו זאַלמענען?

— וואָס גייט עס איַיך אָן?

— נו, פונדעסטוועגן. צי קומט ער אמאָל אריַין צו איַיך?

— ער איז דער פאָטער פון מיַין קינד!

— נו, נו, ווען זשע קומט ער, באטאָג צי באנאכט...

— ווי איז איַיך קיין ביזאָיען ניט?

— רויִקער, רויִקער. פונדעסטוועגן... האָט ער איַיך דערציילט, ווו איז ער געווען די אַלע יאָרן, וואָס מיט אים האָט פּאסירט, מיט וואָס האָט ער זיך פארנומען?

— וואָס הייסט — פארנומען זיך? מיט וואָס האָט ער זיך געקאָנט פארנעמען? וואָס ווילט איר מיט דעם זאָגן? ער האָט געקאָנט נאָר איין זאַך: אָדער שלאָגן זיך, אָדער אומקומען. און אויב ער איז געבליבן לעבן...

— נו, יאָ, יאָ, זעט איר דאָך. איז אויב ער איז געבליבן לעבן...

— איר האָט קיין רעכט ניט! קיין שום רעכט ניט!

פון אָט דעם אומגעלומפּערטן אויספרעגן, וואָס האָט זי אזוי דערנידעריקט, באַליידיקט, פון אָט דעם מעשונעדיקן פינטלען מיט די אויגן און אָט דעם דראָענדיקן טאָן איז צו איר דערגאנגען איין זאַך: עמעצער האָט אויסגעטראכט א בילבול אף זאַלמענען און וויל אים אומברענגען. דערצו נאָך פּרווּט יענער מענוּוול אריַינצעמען זי פּאר א שוטעפטע, ווײַל עס קומט בא אים אויס, אז זי דארף איצט זיַין זאַלמענס א סוינע... ווער זשע איז ער, יענער מענוּוול, יענער אויסוואורף? און וואָס איז אזוינס געשען מיט זאַלמענען, וואָס מע קאָן אף אים אויסטראכטן פארשיידענע זאכן? אז זי ווייסט גאָרניט, זי ווייסט לאבלוטן ניט, וואָס איז געשען מיט זאַלמענען פאר די אַלע יאָרן. זי ווייסט נאָר, אז זאַלמען איז אין א גרויס געפאר, איר זאַלמען, ווײ, ווײ, איר זאַלמען!

זי האָט געשפּאנט, ווי עמעצער וואָלט זי אונטערגעיאָגט, געפּאָכעט מיטן טיכל, און נאָך איידער עפּעס איז, אָנגעהויבן אויסלייגן אירע טײַנעס פאר אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטשן:

„וואָס ווילן זיי פון זאַלמענען, וואָס טראכטן זיי אויס אף אים, אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש? איר קענט אים אזויפיל יאָרן, אף איַיערע אויגן געוואקסן. קאָן דען אזא מענטש טאָן עפּעס שלעכטס?“

אין ראַיקאָם האָט זי לּיאשענקאָן ניט געטראָפן. זי איז ניט געגאנגען, נאָר געלאָפן צו אים אהיים. אָן עפן געטאָן די טיר און אפילע פארגעסן באגריסן זיך. איר האָט זיך, אפּאָנעם, געדוכט, אז זי האָט שוין אַלץ ארויסגעזאָגט, אָט דאָס, וואָס זי האָט געטראכט אין וועג.

— וואָס זשע טוט זיך עס? אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש? וואָס זשע שוויַיגט איר? מע טאָר ניט דערלאָזן, מע טאָר ניט!

געווען איז דאָס אין איינעם פון יענע זעלטענע אָוונטן, ווען אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש דערלויבט זיך קומען א ביסל פריִער אהיים און רעדט ארויס מיט א מין קינדערשער פארטרויִמט־קײַט:

— עך, וועראָטשקא, ווען דו מאכסט א גלעזל הייסע טיי...

פאר ווערע פעטראָוונען איז דאָס א יאָמטעוו. דאָס הייסט, אז זיי וועלן זיצן געמיטלעך באם טיש און זיך דערמאָנען אין גוטע, פריילעכע זאכן. נו, אשטייגער, ווי ער האָט אמאָל געשאדכנט זיך צו איר, דערקלערט זיך אין ליבע.

עסטער איז פונקט אריַין צו אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטשן, ווען ער איז געזעסן באם טיש קעגן זיַין ווערען, פּאמעלעך געזופּט פון דער גלאָז די הייסע, בריִענדיקע טיי און ווערע האָט זיך געסטארעט ארופירן אים אף פריילעכע זיכרוינעס. איר האָט זיך געדוכט, אז דאָס גיט זיך איר איַין. אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש, אז ער וויל, קאָן ער מאכן אָן אָנשטעל, און זאָל זיַין וועראָטשקע מיינען, זאָל זי האנאָע האָבן.

ער האָט אוועקגעשטעלט די גלאָז מיט אזא מינע, גליַיך מע האָט אים איבערגעשלאָגן די סאמע באַליבטסטע ארבעט, און א קוק געטאָן צו ווערען: „זע נאָר, ווען ס'האָט זי אָנגעטראָגן?“ און עסטערן האָט ער געענטפערט:

— נו, נו, בארויִק זיך. עפּעס אָט אזוי־אָ נעמט מען בא אונדז א מענטשן?.. וועראָטשקא, בא דיר איז פאראַן נאָך א גלאָז טיי?

עסטער האָט א ווישׁ געטאָן דעם שוויס פונעם שטערן.

— זאָגט מיר, אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש, וואָס איז געשען מיט זאַלמענען, וואָס האָט ער אזוינס אָפּגעטאָן, וואָס מע טשעפּעט זיך צו אים?

— געשען איז א סאך. נאָר קיין שלעכטס האָט ער ניט געטאָן. דײַן זאַלמען איז א העלדישער מענטש.

פון וואָס מע קאָן אמאָל א צאפּל טאָן. אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטשס ווערטער האָבן זי באַרויִקט, און נאָך מער האָט זי דערפרייט, וואָס ער האָט געזאָגט „דײַן זאַלמען". זי האָט א כאפּ געטאָן די גלאָז טיי, מע זאָל ניט באַמערקן, ווי זי האָט זיך פאַרויטלט.

**11** סקיבעס, ווי ציגל, ווי נאָרוואָס אויסגעפּורעמטער לאַמפּאַטש. און דאָס גאַנצע אופגעאַקערטע פעלד — א מעשונעדיקער אַנוואַלגער פון הרודעס און שטיינער. ווי ניט קיין פּלוגן וואָלטן עס געאַקערט, נאָר באַמבעס, סנאַריאַדן וואָלטן עס אופגעריסן, איבערגע־גראָבן, צעפּליקט אף שטיקלעך און צעשלײַדערט.

ליגט די ערד א פאַרלוירענע און א דערשטוינטע, גלײַך זי קאָן ניט פאַרשטיין, וואָס מע וויל פון איר. „איינס פון די ביידע: ווילט איר מיך אַקערן, איז אַקערט ווי עס דאַרף צו זײַן. צע־דרויבלט מיך אף קליינע שטיקעלעך, מאַכט מיך שוואַרץ און פּוכקע און זאָלן מענטשישע פּיס דערטרונקען ווערן אין מײַן ווייכער און קילער טיפעניש. און אויב איר קאָנט ניט אַזוי, איז צו וואָס מאַטערן מיך און זיך, צו וואָס רײַסן מיך אף שטיקער, שנײַדן מײַנע געדערים און לאָזן ליגן קעגן דער טשמעליענדיקער זון..."

די מיסטגראָזן האָבן געשפּאַסט, געכויזעקט פונעם אוילעם ווײַבער מיט זייערע קי, געכוי־זעקט און נויקעם געוווען זיך: מיר הערן אײַך פאַר א פּעטרעשקע. איר אַקערט, און מיר וואַקסן ווידער.

זאַלמען איז געשטאַנען אף די הרודעס און אויך געפּילט, ווי זיי מאַכן כויזעק פון אים. דו וועסט זיי ניט נעמען ניט מיט קיין באָראָנעס, ניט מיט קיין דראַפּאַקעס. און דערצו נאָך איז ניטאָ קיין רעגן. אן עמעסער, גוטער רעגן, וואָס זאָל דורכווייקן די הרודעס אף דורך און דורך.

ערגעץ האָט געדונערט, אמאָל האָט מען געזען אפילע א בליץ, נאָר אליין דער רעגן האָט עפּעס ניט געקאָנט דורכרײַסן די מעכיצע, וואָס פאַרשטעלט אים דעם וועג צו די היגע ערדן.

ווען א קליין כמאַרעלע האָט, ווי אַלע טאָג, אף א ווײַלע פאַרדעקט די זון, האָט קיינער אפילע דעם קאָפּ ניט אופגעהויבן. אויך אפן ווינטעלע האָט קיינער קיין אכט ניט געלייגט, כאָטש ס'האָט א ווייע געטאָן מיט א שנײַדנדיקער קעלט. מע האָט שוין, הייסט עס, אַזוינס אויך געזען און ס'וועט קיינעם ניט אָפּנאַרן. דעם דונער האָט אויך קיינער גלייבן ניט געוואָלט. כאָטש ער האָט א קנאַל געטאָן מאַמעש איבער די קעפּ. נאָר מיטאַמאָל איז אַרום געוואָרן פאַרנאַכטיק־טונקל און ס'האָט מיט ראַש א גאָס געטאָן א וואַרעמער רעגן, אן עמעסער רעגן.

— זע, ער גייט טאַקע!

זאַלמען איז געבליבן שטיין צווישן די סקיבעס און געלאָזט דעם רעגן גיסן אף זיך וויפל ער וויל. עמעצער האָט געשריגן צו אים, עמעצער האָט אים גערופן. ער האָט אפילע ניט גע־הערט. געשטאַנען אינגאַנצן א נאַסער, א דורכגעווייקטער און אין זיך געטײַנעט צום רעגן: „נאָך! נאָך א ביסל!" ער איז געשטאַנען און געמאָסטן, ווי טיף דער רעגן נעמט דורך יעדער סקיבע, יעדער פאַרשטיינערטע הרודע. פון צײַט צו צײַט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אראָפּטרייסלענדיק פון זיך די וואַסער, געזופּט די וואַרעמע טראָפּנס און געשמייכלט צו זיך אליין.

אָפּגעטומלט און אָפּגעראַשט, האָט דער רעגן זיך געלאָזט גיין שטיל און פּאַמעלעך, מיט דינע, געדיכטע שטראָמען. דער דונער האָט זײַנס אָפּגעדונערט און אוועק אַנזאָגן די גוטע בסורע אין אַנדערע מעקוימעס.

אָפּגעשאַצט ווי געהעריק דעם רעגן, סײַ דעם ראַשיקן, וואָס איז שוין דורך, סײַ דעם שטילן, וואָס נעמט זיך ערשט פאַר דער אַרבעט, האָט זאַלמען בא זיך באַשטימט, אַז איצט וועט דער רעגן שוין אָפּטאָן זײַנס אָן זײַן אופזיכט. א באַרויִקטער, אן אָפּגעפרישטער און א דערמונטערטער, איז ער אוועק אין דאָרף מיט פּאַמעלעכע טריט פון א מענטשן, וואָס האָט איצט ניט וואָס צו אײַלן זיך. און פאַרנאַכט, ווען ער איז אַרויס מיט דער סאַפּע אפן אַקסל, האָבן שוין אַלע פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט.

קורצע נעכט זײַנען אין סאָף יוני און נאָך קירצער די אָוונטן. ווײַבער ווייסן ניט פאַר וואָס פריִער צו נעמען זיך: צי אַרומוואַשן זיך, צי אויסמעלקן די קו, צי פאַריכטן דעם קינד די צעריי־סענע הייזעלעך, צי צושטעלן עפּעס א וועטשערע. טאָמער גיט זיך א יאַווע זאַלמען מיט דער סאַפּע אפן אַקסל און מע וועט ניט באַווײַזן?.. טוט מען אַלץ בעכיפּאָזנדיק און מע כאַפּט אַלע מאָל א קוק אף דער גאַס. און אויב מע זעט ניט זאַלמענען צו לאַנג, הייבט מען שוין אָן איבערטראַכטן: „צי איז עפּעס, כאָלילע, ניט געשען מיט זאַלמענען?" און גיט ער זיך נאָר א באַווײַז, וואַרפט מען

אוועק אַלץ מיטאַנאַנדער — די ניט־דערקאָכטע וועטשערע, די ניט־פאַריכטע הייזעלעך, — און מע לאָזט זיך אין פעלד.

— א גוטן־אָוונט.

— ווידער אַפן פאַר?

— אַז זאַלמען גייט, האָט מען אַן אַנדער ברייֵרע?

— אוי, אַן אַכזור.

— מוטשעט זיך און מוטשעט אונדז אַלעמען.

— וואָס ווילט איר פון זאַלמענען, ער דאַרף עס פאַר זיך?

„...פאַר זיך... אָפּגעזוכט א מענטשן פאַר זיך... — בייזערט זיך עסטער, גייענדיק פון ראַיאָן אַהיים און אײַנהערנדיק זיך אין די שטילע קלאַנגען פון דער נאַכט. — ווען ער האָט א ביסל מער זיך אין זינען, וואָלט ער ניט געהאַקט גאַנצע נעכט מיט דער סאָפּע, ער וואָלט בעסער געטראַכט וועגן דעם, ווי ראַטעווען זיך. אוי, זאַלמען, זאַלמען! געווען אַן אַכזער און געבליבן אַן אַכזער אַף זיך. א מענטש אָן א האַרץ. אַזויפיל טראָגן אין זיך און פאַר קיינעם ניט אַרויסווײַזן. א שטיין ביסטו, ניט קיין מענטש. ווי קאָן מען עס רויִק אַרומגיין, ווען מע שאַרפט אַף דיר א מעסער?“

און מיטאַמאָל... אָט טאַקע ווי מיט א מעסער האָט איר א שניט געטאָן איבערן לײַב. באַ איר אין שטוב... אין דער איינציקער שטוב פון דאָרף האָט געברענט א לעמפּל.

„בערל! שטענדיק טראָגט עס אים אָן, ווען מע דאַרף ניט“.

זינט בערל איז געוואָרן אַן אַגענט פון דער פאַרגרייט־קאָנטאָר, איז ער א זעלטענער גאַסט אין דער היים. ער איז אַרומגעפאָרן פון דאָרף צו דאָרף, געשלאָסן קאָנטראַקטן אַף טעלעצעס, וואָס האָבן ערשט געדאַרפט אונטערוואַקסן, אַף גאָרטנוואַרג, וואָס האָט ערשט געצוויטעט. געשלאָסן קאָנטראַקטן, געטרונקען מאַהאַריטש, און אָפּטמאָל האָט זיך אים געדוכט, אַז קיין בעסערע שטעלע איז אַף דער וועלט ניטאָ. מע דאַרף ניט אופּשטיין קאַיאָר, מע דאַרף ניט בראָטן זיך א גאַנצן טאָג אַף דער היץ, מע דאַרף ניט אַרומיאָגן, טומלען, קריגן זיך און ערשט דערנאָך ניט וויסן, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען. פאָרסט זיך אַרום אַף דער בעדאַרקע, און אומעטום ביסטו אַן אָנגעלייגטער גאַסט. דער געהאַלט איז א גוזיכערטער. ס׳פאַלן נאָך אַמאָל אַרײַן עטלעכע רובל פון דער זײַט. פאַרשטייט זיך, ער איז אין דעם איניען א נײַער מענטש און ניט אַלץ ווייסט ער. נאָר ווערדליק ער שטעלט זיך פאָר, קאָן מען דאָ מאַכן ניט קיין שלעכטע געשעפטן. אַז ס׳וועט קומען דער סעזאָן פון די פאַרגרייטונגען, וועט ער שוין וויסן, וואָס ער האָט צו טאָן. דער איקער, האָט מען אים געלערנט, ניט האָבן קיין טאָעס באַם אָפּשאַצן דאָס גאָרטנוואַרג און דאָס פּי. בעסער ניט דערשאַצן, ווי איבערשאַצן. אויב דו שאַצסט איבער, קאָן נאָך אויסקומען דערלייגן פון דער אייגענער קעשענע, און אויב דו דערשאַצסט ניט א ביסל... נו, אים דאַרף מען קיין פינגער אין מויל ניט אַרײַנלייגן...

איין זאַך איז אָבער ניט גוט. ער נעכטיקט זעלטן אין דער היים. זאַלמען איז די גאַנצע צײַט דערנעבן, און ווער ווייסט, וואָס עס קאָן טרעפן. אַף עסטערן קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן.

אַלע מאָל גיט בערלען א צי אַהיים, א קוק טאָן, וואָס מאַכט עסטער און וואָס הערט זיך אין קאָלווירט. קומט ער אָבער אַהיים, וויל ער וואָס גיכער אוועקפאָרן. ס׳איז אים שווער צו דער־קלערן פאַרוואָס, נאָר ס׳דוכט זיך אים, אַז די שטוב איז אָנגעשטאָפּט מיט עפּעס א שווערער שווײַגעניש, פון וועלכער עס הייבט אָן שנײַדן דער קאָפּ, ווי פון א טשאַד.

ער האָט שוין געהאַט געמיינט, אַז מע האָט פאַרגעסן אין זײַן מעלדונג וועגן זאַלמענען, און ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס זאָל דאָס באַטײַטן, נאָר נעכטן האָט מען אים אַרויסגערופן. דרײַ שאָ צײַט געהאַלטן אין איין אויספרעגן. מע האָט אים ניט געדאַרפט שלעפּן פאַר דער צונג, דאָך איז אים אָפּטמאָל ניט גוט געוואָרן פון די פראַגעס און אפילע א ביסל שרעקלעך, כאָטש מיט אַלע פראַגעס האָט מען געמיינט גראַד זאַלמענען. נאָר ווען מע האָט אים געזאָגט, ער זאָל צושיקן עסטערן, האָט ער אַזש א ציטער געטאָן.

— ניין, ניין, דאָס איז זייער... זייער ניט באַקוועם.

נו, מיילע, האָט מען זי אַרויסגערופן אָן אים. דערפאַר האָט ער הײַנט אַזוי געײַלט זיך אַהיים, געוואָלט וואָס גיכער דערוויסן זיך, וואָס האָט מען זי דאָרטן געפרעגט און וואָס האָט זי געענטפערט. פאַרשטייט זיך, דאָס איז ניט פון די גרינגע זאַכן, ס׳איז ניט אַזוי פראָסט פאַרפירן וועגן דעם א שמועס מיט עסטערן. נאָר ער וועט זיך שוין אָן אייצע געבן, ער וועט זי שוין צווינגען דערציילן.

ניט געטראָפן עסטערן אין דער היים, האָט ער אַליין אָנגעהויבן באַלעבאַטעווען: אויסגע־מאַלקן די קו, אָנגעהאָדעוועט זיאַמעלען, אָפּגעגעסן וועטשערע און אַרויסגעגאַנגען אַפן הויף. באַמערקט, אַז דער הויף איז שוין לאַנג ניט צוגערעמט, האָט עס אים א ביסל פאַרדראָסן. וואָס הייסט אַזוי פאַרלאָזן א הויף? מע קומט פאַרנאַכט, דאַרף מען א ביסל צוקערן. נאָר לאַנג בייזערן

זיך אף עסטערן האָט ער ניט געקאָנט. זי איז פאַרהאַרעוועט, עסטער, ווי קאָן זי דאָס אין זינען האָבן. ער האָט ארויסגעצויגן פונעם ברונעם א פאָר עמער וואסער, באגאָסן דעם הויף, דער שטויב זאָל זיך א ביסל אָפּזעצן, און גענומען צוקערן. אָפּגעטאָן דאָס שטיקל ארבעט מיט עמעסן פארגעניגן פון א באַלעבאָס, האָט ער א וואָרף געטאָן דעם בעזעם און צוגעשפּארט זיך אף א ווײַלע צום פּלויט. ער האָט דערפילט מיטאמאָל א שטארקע בענקעניש נאָך די שטילע אָוונטן אינעם אייגענעם דאָרף, אין דער אייגענער שטוב, ס'האָט זיך אים פארוואָלט אף שטענדיק פאַר־בלײַבן דאָ און מער אין ערגעץ ניט פאָרן, ניט ארומוואָגלען. ס'האָט זיך אים אָנגעהויבן דוכטן, אז די גאנצע מײַסע מיט „ארויסרוקן" אים אף ראַיאָנישער ארבעט איז געווען אן אָנשטעל אף מעשאַלייעך זײַן אים פונעם דאָרף, ער זאָל ניט שטערן זאַלמענען און ווייניקער זיך זען מיט עסטערן. עס האָט אים אָנגענומען א פארדראָס, און ער האָט באשטימט בא זיך, אז אויס, מער פאָרט ער ניט ארום. אָט וועט מען מאָרגן, איבערמאָרגן פאָטער ווערן פון זאַלמענען, און דאן וועט ער קומען אין ראַיקאָם און בעטן זיך צוריק אין קאָלווירט. אף וואָס פאַר אן ארבעט ס'זאָל ניט זײַן, אפילע פאַר אן אָנטרײַבער. סײַווי וועט ער לאנג ניט זײַן אף אזא ארבעט. מע וועט אים געוויס מאכן פאַר בריגאַדיר און עפּשער פאַר פאָרזיצער.

און פּלוצלינג האָט ער דערזען זאַלמענען. מיט א סאַפּע אפן אקסל איז ער געגאנגען פאַמע־לעך, פארטראכט, ווי אף עמעצן געוואַרט. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן ארומוואַקסן מיט מענטשן. מענער, פרויען, קינדער — אַלע מיט סאַפּעס. אַלע האָבן געשפּאַנט פּונקט ווי ער, מיט יענעם מידן שפּאַן פון מענטשן, וואָס האָבן ניט באוויזן ווי געהעריק אָפּרוען. מע האָט געקאָנט זיך אָנשטויסן, אין וואָס באשטייט דער שמועס צווישן אוילעם.

— א גוטן־אָוונט!

— ווידער אפן פאַר?

— נו, יאָ, קלאַפּן די הרודעס, א ברײַרע האָט מען.

— איר זעט דאָך, זאַלמען...

— אוי, אן אכזער!..

— מוטשעט זיך און מוטשעט יענעם.

— וואָס ווילט איר פון זאַלמענען, ער דאַרף עס פאַר זיך?..

בערל האָט אזוי קלאָר דערהערט, דערפילט אָט דעם שטומען שמועס, אז ס'האָט זיך אים געוואָלט א געשריי טאָן אזוי, אז אַלע זאָלן הערן:

„נאַראָנים! וואָס קלעפּט איר אַלע ארום זאַלמענען? מאָרגן־איבערמאָרגן, און אויס מיט אײַער זאַלמענען!"

ער האָט בלויז פארקריצט די ציין און איז א ביסל אָפּגעטראָטן פונעם פּלויט. מע קאָן אים נאָך דערזען און אים אויך א בעט טאָן נעמען די סאַפּע אפן אקסל.

דער אוילעם איז אוועק, און די גאס איז מיטאמאָל פּוסט געוואָרן. א מין פינצטערע פּוסט־קײַט, פון וועלכער ס'גייט דורך א גרויל איבערן לײַב. בערל איז ארײַן אין שטוב און שטארק ארויסגעדרייט דאָס לעמפּל, געוואָלט אָפּטרײַבן די דריקנדיקע פינצטערניש. דער קנויט האָט זיך צעברענט, צעטשאַדעט און פארייכערט דאָס גאנצע גלאָז.

זיאמעלע איז געלעגן אפן סאַפּקעלע פאַנאנדערגעוואָרפן די הענטלעך און געשמייכלט פון שלאָף... „קלײַנדלעך". זאַלמענס קלײַנדלעך אפן פּאָנעם. ער האָט גאָר ביז איצט זיי ניט באמערקט, איצט האָבן זיי ווי געשפּעט פון אים. ווי גערייצט זיך: „נו, גוט, וועסט פארשרײַבן זיאמעלען אף דײַן פאַמיליע. אָבער וווהין וועסטו אהינטאָן די קלײַנדלעך?"

שוין געווען שפּעטער אָוונט, און עסטער איז אַלץ ניט געקומען. ס'האָט זיך געוואָלט שלאָפן. זיצנדיק האָט ער אײַנגעדרעמלט און זיך אופגעכאפּט, ווען עסטער האָט אן עפן געטאָן די טיר.

שוין גלײַכער געווען לייגן זיך שלאָפן און ניט באגעגענען זיך מיט איר פײַנלעכן און צאָרנדיקן בליק.

— גוטע יאָרן, דער מאן קומט איין מאָל אין א וואָך אהיים און דאָס ווײַב איז ניטאָ ביז האַלבער נאכט? ווו ביסטו עס געווען?

זי האָט לאנג געקוקט אף אים, ס'איז איר שווער געווען ארויסברענגען א וואָרט.

— דו ווייסט מיסטאמע אליין.

— וואָס ווייס איך?

— ווו כ'בין געווען.

— פונוואַנען זאָל איך וויסן?..

דאָס, וואָס גראָד הײַנט איז ער געקומען, וואָס ער מאכט זיך אזוי טאַמעוואַטע, וואָס ער האָט זיך אזוי פארלוירן... דאָס אַלץ האָט איר מיטאמאָל אונטערגעזאָגט...

— ווײַל דאָס איז געוויס דײַן שטיקל ארבעט.

עסטער איז מער ניט אימשטאַנד געווען איַינהאַלטן זיך:

— וואָס האָסטו צו זאַלמענען? וואָס האָסטו אָף אים אויסגעטראַכט?

בערל האָט געמאַכט א טראָט אָף צוריק. אין איר בליק איז געווען אַזויפיל דראָנוג, אַז ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז באַלד וועט זי זיך איַינגריבלען מיט די נעגל אין זיַין פּאָנעם.

— וואָס קומט דיר אָפּן זינען? וואָס האָט מען דיר געזאָגט?

— מיר האָט קיינער ניט געדאַרפט זאָגן. איך זע עס אין דיַינע אויגן.

— אָך, אין די אויגן, — האָט בערל זיך באַרויקט, — איך האָב גאָר ניט געוווסט, אַז דו קאָנסט אַזוי טיף זען.

בערל האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז מיט זאַלמענען האַלט שמאָל, און זיך דערפילט דרייסטער, אפילע כוצפּעדיקער.

— וואָס האָב איך אָף אים געדאַרפט אויסטראַכטן? א מענטש איז געווען אין געפענקעניש.

— דאָס נעמסטו א מאָס פון זיך?

— פאַראַן אָן מיר, ווער ס'זאָל מעסטן.

אַפּן סאָפּקעלע איז געלעגן זיאַמעלע און געשמייכלט פון שלאָף. עסטער האָט זיך צוגעזעצט לעבן זיאַמעלען און איַינגעגריבלט זיך מיט די הענט אין קאָפּ.

— עסטער! — האָט בערל זי אָנגענומען פאַר דער האַנט.

זי האָט אים גרינג אָפּגעטרייסלט, אפילע ניט אויסגעקערעוועט צו אים דאָס פּאָנעם.

די טעלעכע מינוט, וואָס עסטער איז נאָך געווען אין שטוב, האָט זי מער קיין קוק ניט געטאָן אָף אים, גלייַך ס'איז מער קיינער אין שטוב ניט געווען, גלייַך ס'איז ביכלאַל קיין שום בערל אָף דער וועלט ניטאָ. זי האָט אופגעוועקט דאָס קינד, אָנגעטאָן עס, צונויפגענומען אירע זאַכן. דאָס זעלבע קלומעקל, מיט וועלכן זי איז פאַריקן האַרבסט אַהער אין שטוב אַריַין. צוגעקומען זיַינען בלויז די צוויי קאָסטיומטשיקלעך, וואָס זאַלמען האָט געבראַכט, — איינס פאַר א יִינגעלע און איינס פאַר א מיידעלע. זיאַמעלע איז געשטאַנען א פאַרשלאָפענע, געריבן מיט די פויסטלעך די אויגן און אַלץ ניט געקאָנט פאַרטריַיבן דעם שלאָף. זי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס מע וויל פון איר, צוליב וואָס האָט מען זי אָנגעטאָן און וווהין וויל זי די מאַמע אוועקפירן.

— מאַמע, וווהין גייען מיר?

— צום טאַטן.

פאַרקערעוועט האָט עסטער גאָר אין אַן אַנדער זייַט: צום פעטער עליען, צו דער זעלבער זעמליאַנקע, ווו זי האָט אַמאָל זיך אויסבאַהאַלטן פון בערלען. זי און זאַלמען. די זעמליאַנקע איז שוין אויך דאַן געווען אַן אַלטע, דערפאַר אָבער זיַינען זיי געווען יונג, זי און איר זאַלמען. איצט איז די זעמליאַנקע שוין אָף האַלב איַינגעזונקען אין דער ערד, און זי, עסטער אַליין...

זי האָט אָנגעקלאַפּט שטיל, ניט זיכער, ווי געצווייפלט, צי מעג זי וועקן דעם פעטער עליען אינמיטן דער נאַכט.

אפילע שוין דאַן, ווען עסטער איז אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דעם שטיבל מיטן קלומעקל אָף די פּלייצעס און מיט זיאַמעלען באַ דער האַנט, האָט דער פעטער עליע ניט געקאָנט גלייבן, אַז דאָס איז ניט קיין כאָלעם. א ווייַלע זיַינען זיי ביידע געשטאַנען און אַרומגעקוקט זיך, גלייַך עליע האָט ערשט איצט, פּונקט ווי עסטער, דערזען, ווי דאָס שטיבל איז פאַרלאָזט. די האַלבע שטוב, וואָס צום גאָרטן, יענע האַלבע שטוב, אין וועלכער זי מיט זאַלמענען האָבן אָפּגעלעבט אַריבער א יאָר, דאָס גליקלעכסטע יאָר זייערס, איז געווען קימאַט צעוואַלגערט. עסטער האָט געכאַפּט א קוק אָף יענעם ווינקל, ווו ס'איז אַמאָל געשטאַנען דאָס טישל מיטן שפּיגעלע און דאָס אַלטמאָדישע הילצערנע בעט מיט די הויכע ווענטלעך, נאָר אָנשטאָט דעם האָט זי דערזען א קופּע צעוויקטן לאַמפּאַטש. עליע האָט אָנגעהויבן פאַרענטפערן זיך:

— ס'איז אַלץ איבער די בינען, א רועך אין זייער טאַטן אַריַין. ס'איז דען געווען צייַט זיך נעמען פאַרן שטיבל? זאָג אַליין, געווען פינף הונדערט בינשטאָקן, און געבליבן א פּאָר צענדליק. און יאַנקל, קענסט דאָך יאַנקלען, ער האָט געטיַינעט, אַז עס איז ניטאָ אַזא פּונקט אין די סוואָד־קעס. פאַרשטייסטו דאָך, אַלץ איז אָף מיַינע הענט. נאָר איך זאָל געווען וויסן... נו, מיילע, קענסט ניט דעם פעטער עליען? פאַר איין וואָך מאַך איך עס. דער איקער איז דאָך דער לאַמפּאַטש... און וועגן לאַמפּאַטש, דענק איך...

ער האָט ניט דערזאָגט, וואָס ער דענקט וועגן לאַמפּאַטש, און א קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אין שטערן. ערשט איצט איז אים געקומען אָפן געדאַנק, אַז באַ עסטערן איז עפּעס געשען, וואָס זי איז אינמיטן דער נאַכט געקומען צו אים מיטן קלומעקל אָף די פּלייצעס און מיט זיאַ־מעלען באַ דער האַנט.

— אוי, אַלטער נאַר! — עליע האָט שטענדיק פאַרגעניגן, ווען ער נעמט זיך אַליין מוסערן. —

איך שטיי און דריי דיר א ספּאָדעק וועגן בינען און וועגן לאַמפּאַטש. עפּשער צולויפן צו זאַל־מענען, הא?

— מע דאַרף ניט.

— וואָס הייסט מע דאַרף ניט? ער איז שוין מיסטאָמע אופגעשטאַנען. מיר מוזן באַלד מיט אים ארויספאָרן. מיינסט, וואָלסט מיך געטראָפן אָט דאָ אין שטיבל? איך נעכטיק דאָך אָף דער פּאָסיקע. נאָר מיר האָבן זיך צונויפגערעדט מיט זאַלמענען. ער פאָרט אָף א באַראַטונג, און איך פיר אָפּן מאַרק צוויי פּעסער האָניק. צוויי פּעסער, ווייסט, וואָס דאָס הייסט, עסטער? איך וועל אים נאָך ווײַזן, פאַנאַסן, איך לויף טאַקע שוין.

— מע דאַרף ניט.

— וואָס הייסט, מע דאַרף ניט? ביסט דאָך געקומען צו מיר, צום פעטער עליען, האָט עס דען ניט קיין שייַכעס צו זאַלמענען? נו, איך לויף. מיר דאַרפן באַלד ארויספאָרן.

— נאָר איר זאָלט אים גאָרנישט ניט זאָגן!

— נו, מיילע, מיילע...

עסטער איז געבליבן איינע אליין אין דעם האַלב אײַנגעוואַלגערטן שטיבל און ערשט איצט דערפילט, ווי מיד זי איז פון דעם, וואָס זי האָט איבערגעלעבט פאַר הײַנטיקן מעסלעס. זי האָט זיך צוגעזעצט אָף דער קופּע ציגל. אין שטוב האָט געשמעקט מיט לאַנגאָניקן שימל, מיט א מוי־רעדיקער פאַרדומפּנקײַט. זיאַמעלע איז געשלאָפן צוגעטוליעט דעם קאָפּ צו דער מאַמעס קני. עסטערן האָט זיך געדוכט, אַז זי איז אויך אַנשלאָפן געוואָרן. זי האָט אפילע ניט געהערט, ווען ס'האָט זיך אָן עפּן געטאָן די טיר און דער פעטער עליע מיט זאַלמענען זײַנען אריין אין שטוב.

— אָט... אָט האָסטו זי, — האָט זי דערהערט עליעס שטים.

זי האָט אים געוואָלט אויסזידלען, דעם פעטער עליען, זי האָט אים דאָך געבעטן, ער זאָל גאָרנישט ניט זאָגן זאַלמענען. מיטאַמאָל איז פאַרשוווּנדן געוואָרן די נאַכט, די אלע יאָרן און געשעענישן, וואָס שטייען צווישן איר און זאַלמענען, און זי איז אָף אים אָנגעפאַלן ווי אַמאָל, ווען ער פלעגט פאַרשפּעטיקן צו דער וועטשערע.

— דו אכזער איינער, וואָס איז בא דיר, א האַרץ צי א שטיין? ווי גייט עס אַזוי א מענטש ארום, גלײַך איך קער זיך מיט אים גאָרניט אָן? נו, זאָגט אליין, פעטער, ווי געפעלט אײַך אָט דער העלד? נו, זאָל זײַן, איך קער זיך מיט דיר שוין ניט אָן. אָבער ווען זיאַמעלען האָסטו גע־דאַרפט א טראַכט טאָן? נו, דערצייל שוין, אכזער, דערצייל וועגן אלץ. א ביזע־ביזאָיען. מע פרעגט מיך און איך ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן...

12

פאַרשטייט זיך, פאַראַן דערבײַ א סייכל, וואָס זומער זײַנען די טעג אַזעלכע גרויסע. דער זון סטײַעט ארבעט: זי דאַרף צײַטיק מאַכן די ווייצן, זי דאַרף און־טערפלאָמען די ווײַנשל מיט די עפּל. און וואָס וואָלט געטאָן אָן דער זון די פּאַפּשוי, וואָס וואָ־רעמט זיך א גאַנצן זומער און קאָן זיך ניט אָנוואַרעמען? און ועמען וואָלטן זיך געבוקט די זונ־רויזן?.. יאָ, זומער דאַרף מען טאַקע האָבן לאַנגע זוניקע טעג. נאָר אַלעקסיי ניקאַלײַעוויטש טראַכט, אַז די נעכט וואָלטן אויך געמעגט זײַן א ביסעלע לענגער. קורצע נעכט איז פאַר אים פּאַשעט אָן אומגליק. ארויסכאַפּן זיך אין א קאָלווירט קאָן ער ערשט פאַרנאַכט. וויפל זשע קאָן מען עס באַווײַזן פאַר אַזא קורצער צײַט? באַזונדערס, ווען מע קומט אין אַזא קאָלווירט, ווי „אוואַנגאַרד“. מע קאָן אַמאָל אליין ניט דערשלאָפן, אָבער אָף א פרעמדן שלאָף איז ער קיין באַלעבאָס ניט.

ער איז אוועקגעפאָרן פונעם קאָלווירט א מידער, און דער שלאָף האָט זיך גלײַך גענומען צו אים. דער איינציקער פאַרלאַנג איז געווען אויסציִען זיך אָפּן בעטל.

אָט זעט מען שוין די קנאָפּע פײַערלעך פונעם ראַיאָנישן צענטער. זיי לעשן זיך אויס און צינדן זיך ווידער אָן. ער טוט א שמייכל: דער אַלטער לאָקאָמאָביל פון דער עלעקטראָסטאַנציע האָט אויך א שוואַך האַרץ. נאָר פאַרוואָס לײַכט זיך אַזוי שפּעט אין ראַיקאָם? זאָל זײַן, אַז עמע־צער איז געקומען פון געגנט, אָדער א דרינגענדיקע טעלעגראַם? יאָ, ס'וועט שוין אויסקומען פאַרקערעווען אין ראַיקאָם.

די פּאָטשט איז געווען א געווינלעכע. נאָר וואָס איז דאָס פאַר א פּאַקעט? גאָר ניט פון דער געגנט, — פון מאָסקווע. פון דער פּאָליטישער פאַרוואַלטונג פון דער אַרמיי. ער האָט ארומגע־טאַפּט דעם פּאַקעט פון אלע זײַטן. יאָ, דאָרט ליגט א פּאַרטיי־בילעט. זאָל דאָס זײַן זאַלמענס בילעט? ער האָט מיט אומגעדולד אָן עפּן געטאָן דעם קאָנווערט, און... יאָ, ליפשיץ זאַלמאַן דאַווי־דאָוויטש! דאָס האָט ער, ליאַשענקאָ, טאַקע ארויסגעגעבן זאַלמענען אָט דעם בילעט. ס'איז זאַל־מען, יענער זאַלמען מיט דער געדיכטער פּאַסמע, וואָס פאַרדעקט א האַלבן שטערן. מעכאַניש,

לויט דער פּיליאַריקער געוווינהייט, האָט ער אַ בלעטער געטאָן דעם בילעט, מיטגליד־אָפּצאָל באַצאָלט פאַר סענטיאַבער איין־און־פערציקסטן.

אַלעקסיי ניקאָלייעוויטש האָט זיך געקליבן אוועקלייגן דעם בילעט אינעם איַיזערנעם שאַפּ־קעלע, נאָר עפּעס ניט געקאָנט שיידן זיך מיט אים. נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אָף דער פאָטאָ: „אַ פּייַער אַ באָכער געווען!"

ער האָט דעם בילעט מיטגענומען מיט זיך אַהיים. ער האָט געזופּט די הייסע טיי, וואָס ווערע האָט אים דערלאַנגט. ס'איז שוין געווען שפּעטע נאַכט. נאָר ווי קאָן ער דערלאָזן, אַז זאָל־מען זאָל גלייַך ניט וויסן וועגן דעם, אַז דער בילעט איז אָנגעקומען? וויפל טעג און נעכט ווארט ער אָף אים, וויפל אומרויִקע, שלאָפלאָזע נעכט?!..

ווערא פּעטראָוונא האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס ער טראַכט, און ווען ער האָט זיך גענומען פאַרן טרייַבל, אָנגעשריגן אָף אים און אַפילע אַ כאַפּ געטאָן פאַר דער האַנט. זי וועט אים ניט דערלויבן קלינגען עמעצן.

— איין מאָמענט, וועראָטשקאַ. דו ווייסט דאָך... עסטער איז אוועק פון בערלען...

— נו, איז וואָס?..

— וואָס הייסט וואָס? קומט זיי דאָך אַ מאַזלטאָוו...

ווערא פּעטראָוונא גיט אַ מאַך מיט דער האַנט און זעצט זיך צו אָפּן סאָפּקעלע:

— אוי, אַן אומגליק מיט דיר. אַלע יאָרן! האָסט געמיינט, וועסט מיך אָפּנאַרן? ווי נאָר כ'האָב דערזען בא דיר דעם בילעט, האָב איך גלייַך פאַרשטאַנען, אַז דו וועסט זיך נעמען קלינגען.

— כ'האָב אַליין ניט געטראַכט, ערן־וואָרט, וועראָטשקאַ. פּאַשעט געמיינט...

— געמיינט, געמיינט...

— נו, איין מאָמענט. כ'וועל נאָר אָנקלינגען די מיטגלידער פון ביוראָ. פאַרשטייסט דאָך, איידער איך וועל זאָגן זאַלמענען, דאַרף מען דאָך פריִער אַרויסטראָגן אַ באַשטימונג. דערנאָך וועל איך אָנקלינגען זאַלמענען. ווילסט דאָך, איך זאָל רויִק שלאָפן, האַ?

אין „נייַ לעבן" האָט ער זיך ניט געקאָנט דערקלינגען. אין „נאָווע זשיטיאַ" איז אויך קיינער ניט געווען באַם טעלעפאָן. ער האָט צוגעוואַרט עטלעכע מינוט און ווידער אָנגעקלונגען. ווידער דאָס זעלבע.

— עפּעס ענטפערט קיינער ניט. וואָס קאָן דאָס זייַן?

— וואָדען, ווי דו? די אויגן קלעפּן זיך, און דו האַלטסט אין איין דרייען דאָס טרייַבל.

— ניין, ס'איז עפּעס ניט גלאַט. פאַרשטייסט, וועראָטשקאַ...

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי. סייַווי אַליין וועל איך דיך ניט לאָזן.

— איז דאָך אוודע גוט... אינצווייען וועט גאָר זייַן פריילעך. מיט דער טאַטשאַנקע וועלן מיר זייַן פאַר צוויי שאָ. און איך וועל דערווייַל כאַפּן אַ דרעמל. עס שלאָפט זיך אַזוי גוט באַ־נאַכט אין סטעפּ.



דעם יאָמטעוו האָט מען אָנגעהויבן אַרייַנעמען פון פריִען פאַרנאַכט. פריִער ווי שטענדיק אַהיים געטריבן די טשערעדע, פאַרענדיקט דאָס אַקערן. שוין לאַנג איז פון אַלע קוימענס מיט־אַמאָל ניט געגאַנגען אַזאַ געדיכטער, אַזאַ פריילעכער רויך. ער האָט זיך געצויגן אין דער הייך. געדרייט, געשלענגלט זיך, איבערגעמישט און צונויפגעגאָסן זיך אין איין גרויסן בלויִלעך־גרויען פאַרהאַנג. און פון ביידע זייַטן פון דער פאַרנאַכטיקער גאַס האָבן זיך אַ ציִ געטאָן רייצנדיקע רייכעס פון פרישע געקעכטסן.

פון יענער זייַט באַלקע, איבער גאַנץ קאָבילנע, — אויך דאָס זעלבע. רויכעלעך פון אַלע קוימענס. צוגאַסט גייט מען ניט מיט ליידיקע הענט. כאָטש געוווּסט האָבן אַלע, אַז די גרעסטע מאָטאָנע, וואָס זיי שענקען הייַנט אוועק, איז די נאַכט אַליין. די נאַכט, וואָס מיקאָלע האָט ניט לאַנג צוגעזאָגט זאַלמענען.

די לעוואָנע האָט הייַנט פאַרשפּעטיקט. ניט דערוואַרט זיך אָף איר, האָט מען אָנגעצונדן אין סטעפּ אָן אַ שיר שייַטערלעך. דער איבערגעטריקנטער קורייַ האָט פריילעך געטראַסקעט, צו־פרידן דערמיט, וואָס פאַר אים האָט מען אויך געפונען אַן אַרבעט אָף הייַנטיקן יאָמטעוו. מע האָט געשפּאַנט איבערן פעלד — איין גרויסע מאַכנע פון הונדערטער מענער און פרויען, גע־שפּאַנט אָנגעבויגן די קעפּ צו דער ערד און געקלאַפּט מיט די סאַפּעס און לאָפּעטעס, אַ הרודע נאָך אַ הרודע.

ס'איז שווער געווען האַלטן זיך אין אַ גלייַכער שערענגע, ווען אַרום איז נאַכט און אַלע מאָל ווערט דער פוס פאַרזונקען, ווי אין אַ גרוב, און ס'טוט אַ זעץ אין פּאָנעם אַן עסעריקער און ביי־

טערלעכער רויך. זאַלמענען דוכט זיך, אַז ער שטייט אָפ פונעם אוילעם, און ער קלאַפּט וואָס אַמאָל גיכער און האַסטיקער, ביז ער דערפילט, אַז דער שוויס הייבט אָן בראָטן די אויגן. טוט ער אַ וויש דעם שוויס און נעמט ווידער האַסטיק קלאַפּן. לאַנגזאַמער קאָן ער ניט, ווי ער קאָן ניט צווינגען דאָס האַרץ קלאַפּן אַ ביסעלע לאַנגזאַמער. ער קאָן נאָך אַלץ ניט באַנעמען, וואָס איז פאַרגעקומען די לעצטע טעג.

מיט זיאַמעלען איז ער שוין אויסגעקומען. מיט עסטערן נאָך ניט. עפּעס גאָר ווי כאָסן־קאַלע, וואָס דאַרפן זיך ערשט געפעלן ווערן. נאָך יענער נאַכט, ווען עסטער איז געקומען צום פעטער עליען, איז זי דאָרט געבליבן באַלעבאַטעווען. וועטשערע עסן זיי צוזאַמען אין דעם פעטער עליעס זעמליאַנקע.

וויפל מאָל האָט זאַלמען זיך געקליבן איר זאָגן: „עסטער, עפשער וועלן מיר זיך איבער־קלייַבן אין אונדזער שטוב...“

נאָר אים איז שווער אַרויסרעדן די דאָזיקע עטלעכע ווערטער. ער האָט אַ ביסעלע מוירע פאַר דער אייגענער שטוב, לייגט ער עס אַלע מאָל אָפּ אָף אַ צווייט מאָל. ער שווייַגט אָפּ די וועטשערע און נאָך עטלעכע מינוט, ביז מע דאַרף ווידער אַרויס אין סטעפּ. קלאַפּן זיי אָפּ דרייַ שאָ מיט די סאַפּעס און קערן זיך אום אין דאָרף שרעקלעך מיד. ביידע וואַרפן אַ זייַטיקן קוק אָף זייער שטוב, וואָס שטייט שוין עטלעכע טעג צוגעשלאָסן, און סטאַרען זיך וואָס גיכער פאַר־בייַגיין. זאַלמענען ווערט ווידער שווער אָפן האַרצן, און ער קאָן קוים אַרויסרעדן: „אַ גוטע נאַכט, עסטער“.

ניין, מער אַזוי קאָן ער ניט. אָט וועט ער אָניאָגן עסטערן און וועט איר זאָגן. זי וואַרט דאָך געוויס אָף דעם. איר אַליין סטייַעט ניט קיין מוט. אָט וועט ער זי באַלד אָניאָגן... און עס דוכט זיך שוין אים, אַז די שייַטערלעך האָבן זיך צו פריילעך צעפלאַקערט און מע קאָן איבערלייענען אָף זייַן פּאָנעם אַלץ, וואָס עס טוט זיך באַ אים אין האַרצן.

אָפן ברעג פון דער האָנע שלאָפט זיאַמעלע צווישן אַ כאָפּטע קינדער. דאָס איז פּערלס אופטו. קיינער זאָל הייַנטיקע נאַכט ניט בלייַבן אין דער היים, האָט זי אָרגאַניזירט פעלד־יאַס־ליעס. אַלע קינדער שלאָפן שטאַרק, פאַרשיקערטע מיט דער סטעפּישער נאַכט. די פּאַנאַסיכע, וואָס גיט הייַנט אַכטונג אָף די קינדער, כאַפּט אויך אַ דרעמל. נאָר זאַלמען איז אָף איר ניט באַ־רויגעז. ער קאָן פרייַ זיך אָנבייגן איבער זיאַמעלען און זי אַ גלעט טאָן איבערן קעפּעלע, איינ־הערן זיך, ווי זי עטעמט.

די קאָלווירטניקעס פון „נייַ לעבן“ און „נאָווע זשיטיאַ“ האָבן שוין לאַנג זיך צונויפגעגאָסן אין איין דורכויסיקער שערענגע. אָנגעהויבן האָט זיך עס פון טראָכימען. ער האָט ניט געוווסט, אין וועלכער ריי דאַרף ער זיך שטעלן. לויטן סייכל קומט אויס, אַז וויבאַלד ער איז אַ מיטגליד פונעם קאָלווירט „נאָווע זשיטיאַ“, דאַרף ער שטיין צווישן די קאָבילנער, אָבער אָף וויפל די צייַט פון זייַן „אַרענדע“ האָט זיך נאָך ניט געענדיקט, קומט אויס, אַז ער האָט איצט מער אַ שייַכעס צום קאָלווירט „נייַ לעבן“. זיי שפּאַנען ביידע באַנאַנד, טראָכים מיט יאַנקלען. יאַנקל וויל דאַפקע פאַרפירן אַ שמועס, נאָר די יונגע כעוורע האָבן פאַרצויגן אַ ליד און דאָס שטערט אים. ער האָט זייער ליב, אַז מע זינגט. ער איז דאָך אַליין אויך עפּעס אַ שטיקל בימקוים־כאַזן. זינט מאַלקע איז געשטאָרבן, האָט ער ניט געפּרוווט די שטים, איצט ווילט זיך אים בעפּירעש אַ זונג טאָן, נאָר די מעלאָדיע איז אים עפּעס ניט באַקענט. ער קאָן אַפילע ניט דערקענען, צי איז דאָס אַ יידישע ליד, צי אַן אוקראַיִנישע. ער הייבט אָן אונטערבאָמקען, איבערדרייען דאָס לידל אָף זייַן אויפן, און ס'באַקומט זיך גאַנץ פייַן. אַן עמעסדיק יידיש לידל. דאָ דערהערט ער גאָר פּערלס שטים. זי הילכט צווישן די ייִנגלשע שטימען. ס'זינגען די קאָבילנער כעוורע. איז טאַקע די ליד גאָר אַן אוקראַיִנישע. און ער האָט געמיינט...

ווען צום באַלויכטענעם פעלד איז צוגעפאָרן אַלעקסיי ניקאָלייַעוויטשעס טאַטשאַנקע, האָט עס קיינעם ניט געוווּנדערט. דערויף איז ער דאָך אַלעקסיי ניקאָלייַעוויטש, ער זאָל ניט שלאָפן דורך די נעכט, אַרומפאָרן פון קאָלווירט צו קאָלווירט, פון טראַקטאָר צו טראַקטאָר. ווי זשע האָט ער געקאָנט דורכלאָזן הייַנטיקע נאַכט, אַזאַ נאַכט! און דאָס, וואָס ווערא פּעטראָוונא איז אויך מיט אים געקומען? איז דאָך דאָס ווערא פּעטראָוונאַ! אַלעקסיי ניקאָלייַעוויטש איז אויך ניט געווען איבעראַשט, וואָס ער האָט געטראָפן אַלעמען אין פעלד. ווי קאָן אַנדערש זייַן?! פונדעסטוועגן האָט יאַנקל געהאַלטן, אַז אויב דער סעקרעטאַר פונעם ראַיקאָם איז שוין דאָ, קומט מאַכן אַ שטיקל מיטינג און אַלעקסיי ניקאָלייַעוויטש זאָל האַלטן אַ רעדע.

— מיר זייַנען געקומען אַרבעטן, — האָט אָפגעענטפערט אַלעקסיי ניקאָלייַעוויטש. — ס'וועט זיך דען ניט געפינען באַ אייַך אַן איבעריקע סאַפּע?..

אַ סאַפּע איז אַ סאַפּע. ניטאָ קיין איבעריקע, קאָן יעדערער מעכאַבעד זייַן מיט זייַן אייגענער.

א פּאָר צענדליק מענער און פרויען האָבן ארומגערינגלט די געסט און צוגעקוקט, ווי זיי פּרוּוון די סאפּעס.

— נו, זאַלמאַן דאַווידאַוויטש, ס'קומט טאַקע אויס, ווי ס'זאָל זײַן א פריילעכע פארזאַמלונג?..

— לעקאַוועד וועלכן יאָמטעוו?..

— אבי א יאָמטעוו. א נאָמען וועלן מיר צוטראַכטן. נאָר עפּעס זע איך ניט עסטערן?!

עפּעס זעט עס אויס, אז אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש איז געקומען ניט גלאַט אזוי. ער האָט אוועקגעלייגט די סאפּע, אָפּגעטרייסלט פון די הענט דעם שטויב און ערשט איצט גענומען באַקוקן דעם אוילעם. עס טרעפן מינוטן, ווען עס שמייכלען אויך בא אים סײַ די אויגן, סײַ דאָס פּאָנעם, און דעמלט דוכט זיך אַלעמען, אז ער איז גאָרניט אזוי אלט, אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש, און פון שטרענגקײַט איז ניט שײַעך צו ריידן, ס'איז אן אויסגעטראַכטע זאַך.

אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש זוכט אויס צווישן אוילעם מיקאָלען.

— מיט דיר, מיקאָלאַ, מיין איך, איז קאָנטאַקטירן אן איבעריקע זאַך. אַלע מיטגלידער פון ביוראָ האָבן שוין געגעבן זייער האַסקאָמע...

ניט מיקאָלע און ניט זאַלמען פארשטייען ניט, וואָס ער מיינט. אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש נעמט ארויס פון דער בוזעם־קעשענע זאַלמענס פּאַרטיי־בילעט.

— נו? ליפשיץ זאַלמאַן דאַווידאַוויטש... דײַן פּאַרטיי־בילעט... געדענקסט?..

ער האָט ארומגענומען זאַלמענען, צוגעדריקט צו זיך און א קוש געטאָן איין מאָל און צוויי מאָל.

— אָט אזוי, דזשיגיט. פּאַראַן אן עמעס אַף דער וועלט!

עסטער האָט קוים זיך דורכגעשטופּט דורכן געדיכטן קרײַז, זיך ארופגעוואָרפן זאַלמענען אַפן האַלדז און צעוויינט זיך אַף א קאָל. געוויינט לאַנג, ווי געוואָלט אויסוויינען אַלץ, וואָס האָט שטיל געקליפּעט אין איר אַזויפיל צײַט. און פון אַלע ווערטער, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן אין דער דאָזיקער מינוט, האָט זי געקאָנט בלויז אויסהיכצן:

— אוי, זאַלמענקע מײַנער!

ווערא פּעטראָוונא האַלט, אז אַלעקסיי ניקאָלײַעוויטש וואָלט שוין געמעגט זיך אָפּרוען פּאָר הײַנטיקן מעסלעס, עס וועט באַלד אָנהייבן טאָגן, ווען זשע וועט ער באַווײַזן כאַפּן א דרעמל? זי גיט דעם מאַן פארשיידענע אָנצוהערענישן, נאָר צו אים דערגייט עס ניט. ער איז שוין גאָר ווײַט מיט זײַנע געדאַנקען. ער טראַכט וועגן דעם, אז אַלץ האָט אזוי גוט און גיך זיך פאַרענדיקט. ער איז גליקלעך פאַר זאַלמענען. גוט, וואָס ס'זײַנען פאַראַן אזעלכע נעכט, וועלכע זײַנען פול מיט אזא וווּנדערבאַרער שײַן, מיט מענטשלעכער ליבע, מיט מענטשלעכער פרײַנטשאַפט און מיט די סאַמע ליכטיקע טרוימען.

— אך, וועראָטשקאַ, — בעט ער זיך, — אזא נאַכט... פון איר קומט דאָך צו א שטיק געזונט.

איצט וואָלט מען שוין געקאָנט באַגיין זיך אָן די שײַטערלעך. הויך אין הימל הענגט א פולע לעוואָנע און סטאַרעט זיך מיט אַלע קויכעס באַשײַנען דעם סטעפּ, באַשיט אים בעשעפע מיט א זילבערנער שײַן. זי קוועלט אָן פון זיך אַליין, די לעוואָנע, און איר דוכט זיך געוויס, אז דאָרטן, אַף דער ערד, איז מען אויך צופרידן פון איר. און ווער ס'איז וואָך געווען הײַנטיקע נאַכט, וועט זי אַף לאַנג פאַרגעדענקען.



# עלטער

איך בין פון אײַך אזויפֿיל עלטער,
סוועטלאנא פּאוולאָוונא, ס'הייסט, סוועטע.
א העלדס א פרוי ז'אליין א העלדן,
וועגן וועלכער קיינער רעדט ניט.

איך קען אײַך גוט, כאָטש ניט פון לאנג אָן,
איך קען אפילו וויקעס ליאלקע,
דאָס פּענצטער, וואָס איז איצט פארהאנגען —
ווו ס'שלאָפֿט די טאָכטערקע אין אלקער.

איך ווייס, ווי שמייכלט איר צו וויקען,
ווען אפן דיל זי שפּילט זיך פּאָלגיק,
איך ווייס, אז איר באהאלט די בליקן,
ווען שטילער אומרו זיי פארוואָלקנט.

און וויקע שפּילט אין „טאָכטער־מוטער“,
אין קאָסמאָס, ווייסט זי, איז דער טאטע,
ער וועט א שטערנדל א בלענדיקס
פון דאָרטן ברענגען איר אוואדע.

צום קינד איר שמייכלט, נאָר צו שפּאנען
איר הערט ניט אוף אין צימער שײַנעם.
מע זאָגט: א מינהעג איז פאראנען —
א קיניגן ז'פארבאָטן ווײַנען.

איר וועט ניט דארפן ווײַנען, סוועטע,
אָט וועט איר זען, איר'ט מיך דערמאָנען,
עס מאכט ניט אויס, וואָס מיך איר זעט ניט,
וואָס איר וועט קיינמאָל מיך ניט קאָנען.

איך בין אן אלטע פרוי, אזא מין,
ווי טויזנט טויזנטער אין לאנד דאָ,
און אלע זײַנען הײַנט אײַך מאמעס,
געטרײַע מאמעס אומבאקאנטע.

א טעווע האָבן אלטע מענטשן,
אזא מין טעווע שוין, סוועטלאנע,
אף גליק און פרייד די קינדער בענטשן.
כ'בין אויך אן אלטע מאמע, —
כאנע!

# אין א מײַ־טאָג

איר פארשטייט נאָר,
איר דערמאָנט אײַך,
פּונקט אין יענעם טאָג־באגינען
אויסגעווישט כ'האָב מיט א האנטעך
פון די פּענצטער שויבן דינע.

און דערנאָך אוועקגעשמײַעט
אין א ניי־ווארשטאט באקאנטן —
איבערניצעוועץ, באנײַען,
פאר מײַן אלטן פרײַנט זײַן מאנטל.

אלץ אזוי, דוכט, פּראָסט און וואָכיק,
ס'האָט מײַן פוס אין שטראָם געטראָפן,
וואָס פון רינווע ברויזיק, קאָכיק
גלײַך צום טויער איז אנטלאָפן.

כ'האָב מיט הארץ געזאָגט: — מיסטאמע,
קאלט וועט זײַן דער טאָג דער קורצער,
גיי זשע ווייס: דער טאָג אזא מין,
אז מע דארף אים עפּשער אירצן!

אז פון דאָר צו דאָר און דוירעס
וועט דער טאָג באזונגען ווערן,
וויאזוי דער מענטש זײַן טוירע
האָט געבראכט צו זון און שטערן.

עפּשער, ווי אין נײַנטן מײַ־טאָג,
אויסקליידן דעם טאָג אין פאָנען,
אָנרופן דעם טאָג „בעליאיעווס“,
הייסן זאָל דער טאָג „לעאָנאָווס“.

אין דעם טאָג האָב איך געהײַעט
אין א ניי־ווארשטאט באקאנטן.
איבערניצעוועץ, באנײַען
פאר מײַן פרײַנט זײַן אלטן מאנטל.

אף דער לינקער זײַט — דער פרישסטער —
איבערדרייען, איבערקערן,
סארא זאָרגן — וואָכיק, נישטיק,
כ'וויל פון זיי ניט טראכטן מערער.

ריטשקעס — אויסגעמורזעט, קויטיק —
לויפן ערגעץ פריש און פריילעך,
נאָר דער ערד איז ליב און נויטיק
זייער לויפן, זייער היילעך.

אף בערעזע־צווײַגן רונדע
ציִען אָן זיך ראָזע הויטן,
און פון ערד ביז הימל־גרונטן
ז'אונדזער מענטש אי ליב, אי נויטיק.

# דאָס האַרץ

מײַן גאַסט ניט קיין געוווּנטשענער
און וויפֿל מאָל פֿאַרבעטענער,
צו אים די דלאָניע אָפֿענע
כ׳צי אויסעט, ווי אַ בעטלערן.

מײַן האַנט אין בלויע רונדעלעך
פֿון קאַמפֿאַר־שטעך פֿאַרלאָפֿענע,
כ׳צי אויסעט, גלײַך באַקומען כ׳קאָן
פֿון גאַסט אַ זשמעניע האָפֿענונג.

און ער, מײַן ניט־געוווּנטשענער,
מײַן גאַסט צו מיר פֿאַרבעטענער,
אַ כמורנער און אַ שווײַגיקער,
פֿאַרטראַכט זיצט בײַ מײַן בעטעלע.

מיט גרויען זאַמשע־לעדערל
ווישט פֿלײַסיק אויס זײַן ברילעכל,
און נאָכדעם רעדט אַנטשיידן ער,
און האַרב ער רעדט און ברידערלעך:

— דאָס האַרץ ז׳בײַ אײַך פֿאַרהאָרעוועט,
זײַן קלאַפּ איז צו אַן אײַליקער.
וואָס רוט איר ניט, וואָס ליגט איר ניט,
וואָס לויפֿט איר פֿונעם אָלקערל?

וואָס האַוועט איר, מײַן טײַערע,
די וועלט באַזאָרגט ניט, ליובינקע,
שוין צײַט צו זײַן אַ באַבע נאַר,
אַ היימישע, אַ שטוביקע.

דאָס האַרץ איז ווי אַ זייגערל,
מיט דינסטע שרײַפֿלעך־רעדעלעך.
פֿאַרשטייט איר, וואָס איך וויל פֿון אײַך?
פֿאַרשטייט איר, וואָס מע רעדט צו אײַך?.. —

— מײַן שטרענגער גאַסט און פֿרײַנט מײַנער,
איצט מיך הערט אויס אַ ווײַלינקע,
מײַן האַרץ, זאָגט איר, ז׳אַ זייגערל,
און ס׳יאָגט און יאָגט און אײַלט זיך אַלץ.

איז זאָל עס יאָגן, אײַלן זיך,
אַבי ניט אָפּגעשטאַנען זײַן,
איר האָט דאָך גוט מיך אויסגעהערט?
איר האָט דאָך גוט פֿאַרשטאַנען מיך?

## דער טאָג איז שוין מיד...

דער טאָג איז שוין מיד
און רופט דעם פארנאכט,
ער זאָל אים פארבייַטן.
גייען די טעג,
און עס גייען די נעכט,
און עס גייען די צייַטן.

דו קוקסט זיך ארום —
ס'איז דאָס לעבן פארבייַ,
נאָר ביסט נישט צעבראָכן.
אז וויל איז דייַן הארץ,
וואָס סע פילט און סע ווייסט
פון קאמף און ניצאָכן...

עס טונקלט דער יאם,
נאָר דער לייַכט־טורעם ברענט
און מע זעט שוין דעם האפן...
אז וויל איז דייַן הארץ,
ווייַל עס איז דעם באוווסט,
אז לעבן איז — שאפן.

## רוף מיך

רוף מיך ניט מער,
אליין וועל איך קומען.
כאָטש בלוטיק און שווער
איז די זאלץ פון דער טרער,
וואָס ליגט אף מייַן גומען.

די זון איז שוין מיד
און האלט באם פארגיין.
נאָר פריש איז מייַן ליד
פון דייַן לויטער געמיט,
פון דייַן זיבעטן כיין.

מייַן הארץ איז נאָך קלאָר,
און ריין דאָס געפיל —
פון טרוים און פון וואָר
די אייביקע שפיל...

* * *

דער וועג איז לאנג. דער וועג איז לאנג און שטויביק.
דער דעמב באם וועג איז פעסט. דער דעמב איז פעסט און גלויביק.
ער טראָגט דעם גאנצן דרויסן אף זייַנע שטארקע צווייַגן.
די צווייַגן זייַנע רייַסן זיך צו זונענשייַן און שטייַגן.
זאָל פאשען זיך די רו — דאָס ווייַסע שעפעלע — בא יעדנס שוועלן,
און זאָל קיין שווערער וואָלקן איר די זונשייַן נישט פארשטעלן...

יעכיעל שרײַבמאַן

# אַ קאַפּיטל ראַשקעוו

## מײַנע פיר טאַלמידים און איך — דער פינפטער


ין יענעם ווינטער בין איך געווען אַ לערערל אין אַ דאָרף סעסטאַש.

אין שטעטל באַ אונדז האָט געלעבט אַ ייִד כאַיִם סעסטאַשער, וואָס האָט געשטאַמט פון יענעם־אָ דאָרף. ער פלעגט טאָמיד ריידן אַף אַ מעסוקן־הויך קאָל, גלײַך ער וואָלט קעסיידער אַף עמעצן געשריגן. אַ קאָל האָט ער סײַוויסײַ געהאַט אַ גראָבס און אַ גרילצנ־דיקס, אַ קאָל פון אַ שאַר־האַבאָר, ווי מע פלעגט באַ אונדז אין שטעטל זאָגן. ער איז געווען אַ ייִד מיט פּלייצעס, דער דאַזיקער רעב כאַיִם. אַ הויכער, אַ לײַביקער, מיט אַ לאַנגער גראָער באָרד, וואָס פלעגט זיך אים צעשפּאָלטן אזש אונטן אַפן בויך, ערגעץ אַרום פּופּיק, ווי באַם דאָקטער מעלעגיע, לעהאוודל, — אַ פּריצישע באָרד. וויאַזוי דער דאָזיקער אַמהאָרעץ איז פּלוצעם באַ אונדז אין ראַשקעוו אוילע־ליגדולע געוואָרן, געמישט זיך אין אַלע קאָהאָלשע געשעפטן, אומעטום געהאַט די דייע, געווען פאַרזיצער פון דער לײַ־ און שפּאַר־קאַסע, פונעם עזראַס־כוילים, פון אַנדערע ראַשקעווער קאָמיטעטן — הייב איך ניט אָן צו פאַרשטיין. געשיקט זיך, אַדאַנק דער דאָזיקער ייִכעסדיקער באָרד זײַנער? פּײַנט געהאַט מערער ווי אַליץ אין דער וועלט האָט ער „די גוטע כעוורע, די סמאַרקעס, וואָס לייענען ביכלעך לייענען זיי, גייען אָן די היטלען גייען זיי, אַז אַ רועך אין זייער טאַטנס טאַטן אַרײַן!". שפּעט באַנאַכט, געדענק איך, פלעגט ער אַהיים שפּאַנען פון „אַסיפעס" מיט אַ לאַנגן שטעקן אין דער האַנט, ווי עפּעס אַ מין צוין־קאָדאָשים־פּאַסטעך. מײַן פעטער מוישע, מוישע בונקיעס, אַ באַנומען מענטשל מיט אַ קליין שפּיצעכיק פּענעמל, ווי אַ קולעקל מיט אַ פײַג, — באַנאַכט דער שוימער און באַטאָג דער שאַלאַטן־שאַמעס אין דער לײַ־ און שפּאַר־קאַסע — פלעגט שפּאַנען פון פאָרנט מיט אַ לאַמטערן אין דער האַנט און צולײַכטן רעב כאַיִמען דעם וועג. פון זינט מײַן פעטער מוישע איז באַגליקט געוואָרן מיט דער דאָזיקער שטעלע אין באַנק, האָט ער אופגעהערט לאַכן ווי אַלע מענטשן לאַכן. ער האָט אָנגעג־הויבן הירזשען אין דעם צעשאָקלטן בערדל אַרײַן, אײַדל, אַף עפּעס אַ מין דין קעלכל, ווי, ראַכ־מאָנע־ליצלאָן, אַ ציג, וואָס בעט אַ טרונק. אזא־אָ געלעכטערל, האָט מען געזאָגט, האָט מיט אים אײַנגעשטודירט רעב כאַיִם.

כאַיִם סעסטאַשער פלעגט שפּאַנען אין דער מיט גאַס, שפּאַנענדיק צוקלאַפּן זיך אין דער ערד מיטן שטעקן, ווי אַ בער, און אַלעמאָל אַ רעווע טאָן אַף קוילע־קוילעס איבערן גאַנצן שטעטל:

— ברע[1] אַמוליע!.. מוישע פערד!.. וווהין קריכסטו?.. אָסטאַראָזשנע!.. אַ רועך אין דײַן טאַטנס טאַטן אַרײַן!..

מײַן פעטערל פלעגט זיך נעבעך אַלעמאָל אויסדרייען מיטן פּאָנעם אַף צוריק, אופהייבן דעם לאַמטערן אינדערלופטן און צעלאַכן זיך מיטן ציגענעם געלעכטערל זײַנעם:

— כע־כע־כע... אָסטאַראָזשנע... אוואדע אָסטאַראָזשנע... וואָדען, ניט אָסטאַראָזשנע?..

אין שטעטל פלעגט מען זאָגן, אַז כאַיִם סעסטאַשער שטודירט אײַן מיט מײַן פעטער מוישען איידעלע ווערטער. „אָסטאַראָזשנע" האָט זיך געדעכנט אין ראַשקעוו פאַר אַן אײדל וואָרט.

סעסטאַש איז געלעגן אַ פּופצן קילאָמעטער פון ראַשקעוו. געהאַט האָב איך דאָרטן איבערגאָר גאַנצע פיר טאַלמידים: דרײַ ייִנגלעך און איין מיידל. דרײַ פון די דאָזיקע טאַלמידים מײַנע זײַנען געווען כאַיִם סעסטאַשערס אייניקלעך.

די ייִנגלעך — איינער האָט געהייסן אווראָם, דער צווייטער פּייסי און דער דריטער אור־רעמל — זײַנען אַלע געווען העכער פון מיר, האָבן נאָך דערצו געטראָגן הויכע ווײַסע קוטשמעס אַף די קעפּ. אז כ'פלעג מיט זיי זיצן און לערנען, פלעג איך צו זיי דאַרפן אַרופקוקן. כאָטש מע האָט מיר געמאַכט דעם כעזשבן, אַז זיי זײַנען מיט גאַנצע צוויי־דרײַ יאָר ייִנגער פון מיר — איך האָב דעמלט אין אַ פּאָר כאַדאָשים אַרום, פּורים־צײַט, געדאַרפט ווערן פערצן יאָר אַלט, האָב

¹ מענטש (מאָלדאַוויש).

זעכציק יאָר — איין קליינקייט, האָ? שישים שאָנים, ווי די בערן.

זעכציק יאָר פענצטער, טירן, טישלעך, שאַפּקעלעך, טאַפּטשאַנען, לאָקשנברעטלעך אוקדוימע, טאַבורעטקעס, סונדוקן, בענק (קאָלערליי: שטוב־בענק, גאָרטן־בענק, שול־בענק).

זעכציק יאָר ווירען, זעגן, בויערן, שניצן, אויסדלובען, הובלעווען, צונויפקלאַפּן, קלייען, פאַרבן.

און, מאָל זיך, קיין איין מאָל אַף קיין קוראָרט ניט געפאָרן. און קיינמאָל ניט געפלויגן אַף קיין אַעראָפּלאַן. און אין קיין רעכטן רעסטאָראַן ניט געזעסן. און אפילו קיין שניפּס, ווי בא לייטן, ניט געטראָגן.

אַן אַלט סקריפּענדיק בעט מיט שמאַטעס. אַ שוויַיגנדיק וויַיב, אַלעהאַ־האַשאָלעם. אַ פּולע שטוב, קיין איַינהאָרע, מיט קינדער. פּאָקן. מאָזלען. אַלע מינים שקאַרלאַטינעס. אַמאָל: ווו באָרגט מען נאָך ערגעץ אַן אָקע פּאַפּעשוי־מעל אַף שאַבעס? אַמאָל — פאַרקערט די סטרוזשקעס, פאַר־נומען דאָס געציַיג, פאַרצויגן די פאָרהענגלעך: שאַ, שטיל, דער מאָגן האָט קיין פענצטער ניט!.. איין מילכאָמע (אוועקגעגאַנגען און, דאַנקען גאָט, מיט ניסים, צוריקגעקומען אַ גאַנצער). אַ צווייטע מילכאָמע (אוועקגעשיקט צוויי זין און זיי מער ניט געזען). די אַלטיטשקע איבערגעלאָזט ערגעץ לעבן אַנדיזשאַן, אונטער אַ בערגל ערד, אַף אַן אוזבעקישן בעסוילעם (אַלע יאָרן געווען אַ שוויַיגערן און אַ פּאַוואָליעגייערן. קיין הויך וואָרט האָט פון איר קיינער ניט געהערט! אַ ציד־קאָניעס. דעמלט, מילכאָמע־צייַט, האָט זיך צעשפּילט אין איר עפּעס אַ מין סטראַשנע קויעך: הונגע־ריק, נעבעך, און שלעפעריק, פלעגט זי זיך אויסקריגן מיט אַלע וויַיבער אַפן סטעפּ: „וואָס שטייט איר? וואָס זיצט איר? אונדזערע קינדער ברענען אין פיַיער!" אַזוי־אָ, אַפן סטעפּ, איז זי אוועקגע־פאַלן אין אַ מעסוקן הייסן טאָג, מיטן סערפּ אין דער האַנט). די עלטערע טאָכטער, עסטער, דאָס שיַינדל אין דער מישפּאָכע, איז אומגעקומען, מאַמעש אַף קידעש־האַשעם, בא די דייַטשן (שוין געהאַט אַ מאַן, עסטערל, מיט צוויי קינדער: די ערשטע צוויי אייניקלעך. מיידלוויַיז געווען אַ ברען, פלאַם־פיַיער. אַלע יאָרן געאַרבעט אין יאַסי אין אַ וועב־פאַבריק, אַ פּאָר מאָל אפילו גע־זעסן. ערעוו דער מילכאָמע געווונט מיטן מאַן אין קאַפּרעשט: ביידע געווען מאַכערס אין אַ שנייַדער־אַרטעל. עוואַקויִרט זיך, אַפּאָנעם שפּעטלעך, נעבעך. צופּוס מיט די צוויי פּיצלעך קינ־דער אַף די הענט. אים האָבן די קוילערס געשאָסן באַלד פון יענער זיַיט דניעסטער, אין אַ וואַלד. זי, דערציילן מענטשן, איז אָנגעקומען אין בערשאַדער געטאָ אין אַ יאָר אַרום. שוין אָן די קינ־דער אויך. זי האָט אין געטאָ גענייט און געלאַטעט העמדער, גאַטיעס. לאָזט זיך אויס, אַז דאָס זיַינען געווען ניט קיין פּאַשעטע העמדער און ניט קיין פּאַשעטע גאַטיעס. מע האָט זי אַרויסגע־פירט, דערציילן מענטשן, הענגען אינמיטן שטאָט, מיט אַן אָנגעטאָנענעם בויגן קאַרטאָן אַף דער ברוסט: „אַזוי וועט זיַין מיט אַלע פּאַרטיזאַנער!" מ'האָט זי אונטער דער טליִע אַרופּגעשטעלט אַף אַ טאַבורעטל און דאָס טאַבורעטל געטאָן אַ שטופּ אַפּיר פון אונטער אירע פיס. אַ וויַיס, סטאָלע־ריש טאַבורעטל, דערציילן מענטשן). דער מיטלדיקסטער טאָכטער, זשעניען, גייט ניט אין לעבן, און אַן עק (האָט שוין כאַסענע געהאַט צום פערטן מאָל. איז געבליבן וווינען ערגעץ אין טשימ־קענט. קיין קינד ניט, קיין רינד ניט. שריַיבט אַמאָל־אַמאָל אַריַין אַ בריוול: „איר מעגט מיך שוין גראָדע אָנקוקן, — טוט זי אָן דעם אַלטן טאַטן פאַרגעניגן, — כ'זע שוין, דאַנקען גאָט, אויס על־טער פון דער מאַמען. כ'וואָלט זיך דורכגעקומען צו איַיך, שעם איך זיך פּאַשעט...") עד, טי, וועלט איינע!..

— פּע, נאַכמען. זיצסט און זינדיקסט, האָ? עפּעס מאַכסטו, ברודער־לעבן, צו אַ שנייַדערשן כעזשבן.

— אַשטייגער? אַדעראַבע.

— היַינט איז, דאַכט זיך, דער עלפטער. יוים האַפּענסיע. זיצסט און וואַרטסט אַפן פּאַטש־טאַליאָן און קרעכצסט. ניט שיין!

— איַי, גיי. צום ביסל אוילעם־האַזע האָב איך כאַלילע איצטער גאָרנישט.

— אָך, אוילעם־האַבע ווילסטו? סטאָליערוק! פלעגסט דאָך אַליין אַלע יאָרן מאַכן פון די פרומע פלעכט כוכע־אוטלולע...

— ניט דאָס. כ'מיין, עפּעס אַ שטיקל שעם הינטער זיך. אַפּגעהובלעוועט אַזאַ לעבן. עפּעס, דאַכט זיך, געגעבן דער וועלט, האָ?

— הער, הער. זינדיקסט, נאַכמען. פון דער קלענסטער טאָכטער, דער מיזינקע, פונעם גאָל־דענעם איידעם דעם אינזשעניער רעדסטו, זע איך, קיין איין וואָרט ניט. האָסט, דאַכט זיך, פון זיי גאָר קיין אומקאָוועד ניט.

— זאָג איך דאָך: צו אוילעם־האַזע האָב איך כאַלילע גאָרנישט.

— נו, און דאָס אייניקל? אַזאַ אויסגעשפּילט אייניקל! דאָס איז ניט קיין שטיקל שעם הינ־טער זיך?

— יאָ, אוואדע. נאָר דאָס איז דאָך דאָ. איך קרעכץ אף דעם, וואָס איז נישטאָ: אף די אוויי־דעס. אפן פארלוירענעם קרעכץ איך. בע, אן אלטער מענטש קרעכצט, ס׳מאכט אים גרינגער די עלטער.

— בעבעסט, נאכמען, בעבעסט.

אין דער היים איז איצט קיינער נישטאָ: אָנבייַסן עסן די קינדער אין שטאָט, בא דער אר־בעט, קומען אהיים ערשט ארום זעקס. אָט־אָט וועט אָנלויפן סאשקע. בעפירעס אָנלויפן און ניט אָנקומען: ער איז טאָמיד פאראשט, דער קליינער, קיינמאָל סטייַעט אים קיין צייַט ניט. ער לויפט טאָמיד אָן מיט די גרויסע טאָוולען זייַנע אונטערן אָרעם, טאָמיד צעקנעפלט, פארטראָגן, צעשויי־בערט. דער זיידע, קאָן מען זאָגן, האָט אופגעכאָוועט דאָס אייניקל אף זייַנע הענט: ער פלעגט אים קליינערהייט אלע גאנצפרי אָפפירן אין קינדערגאָרטן, אין די ערשטע קלאַסן. איצט איז ער, סאשקע, שוין א גרויסער. ס׳שפראָצט אים שוין, דאכט זיך, אונטער דער נאָז א שיטער מין וואָנ־צעלע; איצט וויל ער שוין אפילע ניט לייַדן, דער זיידע זאָל אים דערוואַרעמען דאָס עסן. פאר־קערט, ער וויל, דער צוציק, ס׳זאָל הייסן, אז ער דערוואַרעמט דעם זיידן דאָס עסן. דער זיידע און דאָס אייניקל כאפן טאָמיד איניינעם עפעס איבער, און אלעקסאנדערל לויפט באלד אוועק אין קאמער, צו דער לייַם צו זייַנער, צום גיפס, צו די האָלץ־קלעצלעך, צו די דאָלעטעס זייַנע און צו די שארפשטיינדלעך.

ער איז הייַנט אופגעשטאנען א גרויסן פארטאָג, נאכמען. ער האָט פאריכט דאָס פליטל אינ־וויניק אין הויף ארום אָפגעצוימטן שטיקל גאָרטן. ער האָט איבערגעבונדן אלע קוסטעס פאָמי־דאָרן און זיי דערנאָך גוט באגאָסן, ער איז אראָפ אין קעלער איבערקלייַבן דאָס ביסל פאראיאָ־ריקע קארטאָפל, וואָס האָט זיך שוין שטארק צעוואקסן. ער איז צוגעגאנגען נאָך ברויט. ער האָט זיך אוועקגעזעצט דאָ־אָ, אפן קעלער, אָפרוען זיך א ביסל, ווארטן (ווארטן, דעם עמעס געזאָגט, ניט אזוי אפן פאָטשטאליאָן, ווי טאקע אף אים, אף סאשקען).

די צוגעשטוקעוועטע ברעטלעך אפן פאריכטן פליטל זייַנען ניי־ווייַס. דער טיר־לאָך באם צעעפנטן קעלער איז שווארץ ווי די נאכט; די עטלעכע רייען פאָמידאָרן־קוסטעס, די פארפלאנצטע פּאָר ביימלעך אין די ווינקלען גאָרטן זייַנען קאָלערליי גרין; סאשקעס קאמער־דעכל אונטער דער זון איז פאָמעראנצן־געל; דער הימל איבערן קאָפ איז זומערדיק בלאָ; אף א הויכער ראָזוועער וואנט אנטקעגן שווימען אלעמאָל דורך שאָטנס פון מאשינעס, וואָס לויפן אָפ און אוף אין גאס; און אף א שטריק, צווישן א סלופ און א סלופ, שאָקלען זיך אלע פארבן פונעם רעגנבויגן.

אמאָל טוט זיך א זעץ אוועק לעבן נאכמענען אפן קעלער א שאָכן זייַנער פונעם אנדערן הויף, מאָש פאוול. די פארבן צעשפּילן זיך אף זייערע ביידנס טונקל־פארמעטענע פענעמער, אף זייערע ביידנס ווייַסע קעפ. פאוול רופט נאכמענען „לאכמען". נאכמען האָט ליב פארבעטן פאוולען אין שטוב אריַין און אוועקזעצן אים באם טיש לעבן א שעלכל איַינגעמאכטס, לעבן א קאלטן טרונק וואסער. די שטוב איז פול מיט סאשקעס „קעפ". קעפ אפן קאָמאָדל, אף דער שאפע, העט אויבן אף דער קאפלנער הרובע, אף די טישלעך, אף די פענצטער. ווייכפארביק־אויסגעקנאָטענע — ליימענע; ווייַס־ווייַסע, געפורעמטע — גיפסענע; געלבלעך־אויסגעשניצטע — הילצערנע. אנט־קעגן, אין א ווינקל, אויבנאָן אפן טעלעוויזאָר, שטייט די מומע עסטער. אלעקסאנדערל האָט זי אויסגעטעסעט א קאָפל יינגער, ווי זי איז דעמלט געווען, מיידלשער, מיט א פארגארטלט־פאר־צויגענער טאליע, אין שטיוול — אויסגעטעסעט זי פון איין שטיק, איניינעם מיטן טאבורעטל אונטער אירע פיס. זי שטייט אפן טאבורעטל, ווי אף א מין בעלעמערל, די הענט פארלייגט אפן הארצן, דער קאָפ א ביסל פאריסן ארוף, די האָר א ביסל צעפאטלט, אף די ליפן א דין צאָרנדיק שמייכעלע. זי שטייט אזוי, ווי זי וואָלט ניט געשטאנען, נאָר געגאנגען. נאכמען דרינגט פאוולען, אז מיטן טאבורעטל אונטער עסטערן מיינט, אפּאָנעם, דער קליינער אי טאקע יענץ אפירגע־שטופטע טליִע־טאבורעטל, אי טאקע, איינוועגס, דעם טאבורעטלדיק־סטאָליערישן ייִכעס עס־טערס. פאוול קנאקט מיט דער צונג, קאָן זיך גאָר ניט אָפכידעשן.

נאכמען איז עפעס צו לאנג געבליבן שטיין און שווייַגן לעבן דעם טעלעוויזאָר. פאוול טוט נאכמענען א רוף: זאָלן זיי בעסער ארויסגיין אין הויף. ביידע זיצן ווידער, איינער לעבן אנדערן, מיט זון־פארב אף זייערע טונקל־פארמעטענע פענעמער. זיי ריידן וועגן יענע שווערע צייַטן, וועגן יונג־פארלוירענע קינדער, וועגן די אייניקלעך, וואָס קאָנען הייַנט אלצדינג האָבן, אבי זיי ווילן נאָר.

— הערסט, לאכמען? — טוט אמאָל פאוול א פארצי אן אויג און א פארקנייטש דעם שטערן. — האָב איך אמאָל אויסגעטעסעט א שליטן... איך, איך, אזוי ווי דו קוקסט מיך אָן! טע, טע, איז דאָס געווען א שליטן!..

נאכמען:

— איי, דאָס איז עפעס אנדערש. א שליטן... שליטנס האָב איך אויסגעטעסעט א מיליאָן...

פאוול (שמייכלענדיק):

— שליטנס?.. א גאנצן מיליאָן?..

נאכמען:

— ס׳רעדט זיך נאָר אזוי. פענצטער, טירן, בענק... שול־בענק, פאוול, שול־בענק!.. א מיליאָן, פרעגסטו? ווער וואָלט זיי דען געקאָנט איבערציילן, ווער? ווען מע טוט זיי, לעמאָשל, א שטעל אויס, אזוי־אָ, איינס נאָכן אנדערן, ווי זיי שטייען אין די קלאסן... אהאָ!.. זיי וואָלטן זיך אוועקגע־צויגן איבער אַלע וועגן. דורך אַלע דערפער, העט־העט, אין דער לענג און אין דער ברייט, ברודער־לעבן...

פאוול:

— ע, דאָס איז דאָך אזוי זיך, א מין פאנטאזיע, א מין איבערטרייַבעכץ... איך אָף מייַן שליטן בין געפאָרן...

נאכמען (בייזלעך):

— געפאָרן?.. נאַשפּיץ?.. אָף דייַן שליטן ביסטו אליין געפאָרן, אָף מייַנע בענק איז געפאָרן א וועלט... געפאָרן און אָנגעקומען...

פאוול:

— ס׳רעדט זיך נאָר אזוי, כ׳פארשטיי... האָסט מיר אמאָל געזאָגט, לאכמען, אז ס׳שטייט ער־געץ בא אייַך געשריבן, „נוי פּעינע — נוי טוירע[1]" — אָן קיין שטיקל ברויט גייט קיין לערנען ניט אין קאָפּ אריַין... דער שליטן איז גלאַט אזוי. א גאנץ לעבן געאַקערט און געזייט... דו האָסט געגעבן בענק, לאכמען, און איך האָב געגעבן ברויט...

נאכמען:

— נו, יאָ, אוואדע. זייַנען מיר טאקע ביידע... קומט אונדז טאקע ביידע א שטיקל, ווי מע זאָגט, אוילעם־האבע!..

דער פּאָטשטאַליאָן נאכמענס איז, דאכט זיך, צו א פרייַלעכער פּאָטשטאַליאָן. א באזונדער מין סקריפּ פונעם הויף־טירל גיט צו וויסן, אז ער קומט. דער גלאַנציקער דאשעק איז אים טאָ־מיד פארוקט אָף אָרוף. די פּאָלעס מיט די מעשענע קנעפּ — צעפלויגן, דער פּאָטשטאַליאָנסקע בייַטל זייַנער איז אָנגעשטאָפּט און אויסגעקייַלעכיקט, ווי א נעגידיש בייַכל פארציַיטן. וואָס איז ער אזוי לעבעדיק, וואָס? ער טראָגט, — זאָגט ער, — א גאנצן טאָג, פון שטוב צו שטוב, גוטע בסורעס. און וואָס טוט ער מיט די שלעכטע, האַ? — פרעגט נאכמען. די שלעכטע וואַרפט ער אריַין דורך דער פּאָרטעטשקע, ער זאָל ניט זייַן דערביַי.

— און פונוואַנען ווייסטו, ברעַ, אז ס׳איז שלעכטע?

— כ׳פּיל, — זאָגט ער, — אין דער וואָג: א טראָווערדיקע בריוו איז א קאָפּעלע שווערער...

ער טוט אויס איבערן קאָפּ דעם בייַטל, טוט אָן א פּאָר ברילן, לייגט ארויס אפן טיש א פּעקל געלט און הייבט אָן רייַבן איין האנט אין דער אנדערער מיט אזא צופרידנקייַט, ווי ער וואָלט זיך געקליבן א שנעל טאָן א קינד אין פּופּיק. די נייַע, קנאַקנדיקע רובלען צעפעכערט ער קונציק צווישן די פינגער, הייסט דערוויַיל נאכמענען אונטערשרייַבן זיך און הייבט זיי אָן ציילן מיט א מין פרייַלעך־זינגענדיקער ציילעניש. פרייַלעך — איז פרייַלעך. נאכמען טוט א רוק אונטער דעם פּאָטשטאַליאָן א בענקל, ניט אזוי קעדיי ער זאָל זיך אוועקזעצן, ווי קעדיי ער, נאכמען, זאָל אויך א מאָך טאָן א שטיקל וויץ:

— אז דו זעצסט זיך אוועק אָף א בענקל, הערסט, ברעַ, איז — דא ליפני מי אטאָ אוימעד: ווייס, אז א סטאָליער האָט דאָס געמאכט!..

דער פּאָטשטאַליאָן איז אָבער ניט פון די, וואָס דאַרף זוכן אָן ענטפער אין בוזעם־קעשענע. ער טוט זיך א ציַ אויס, ווי א גענעראַל, לייגט צו די האנט צום גלאַנציקן דאשעק און טוט א קנאַק מיט די אָפּצאַסן:

— אָ!.. יעוואָ וועליטשעסטוואָ...[2] רעב נאכמען סטאָליער!..

ער נעמט צונויף די פּאַפּירן פונעם טיש, לייגט אריַין די ברילן אין שאכטל, טוט צוריק אָן דעם בייַטל, קערט איבער אין זיך דאָס גלעזל וווישניק, וואָס נאכמען האָט אים דערלאַנגט, און שפּאַנט אוועק מיט הויכע שפּאַן, ווי אָף א מאַרש:

— האָט מיר און זייַט מיר!

א שטיקל גלאַוונער אין אונדזער דערציילונג איז, פארשטייט זיך, אַלעקסאַנדערל. דער לייע־נער איז זיך מינאַסטאם אליין מעשייַער, אז זייַן וועט ער א סקולפּטאָר: ווער ווייסט, עפּשער טאקע א גרויסער, א באַרימטער סקולפּטאָר. דערוויַיל איז ער, ווי נאכמען זאָגט, אָף דער לערע.

---

[1] איין קעמאך — איין טוירע (מאָלדאוו.)

[2] אייַער עקסעלענץ (רוסיש).

זײַנע „קעפּ" שטייען דערווײַל אין שטוב אויפן קאָמאָדל, אויף דער שאַפע, העט אויבן אויף דער קאַפּלונער הרובע, אַרום־און־אַרום אויף די פענצטער. אַמאָל וועט עפּשער אַזאַ־אָ אויסגעשניצטע און אויסגעטעסעטע „טיאַטיע עסטער" שטיין מיטן טאַבורעטל אונטער אירע פיס אין אַ גרויסן גאַלעריי־זאַל, און מענטשן וועלן גיין און גיין, קוקן און קוקן...

— נו, זיידע, קום. זעץ זיך אַוועק.

אַלעקסאַנדערל רופט נאַכמענען גיין און ווידער אַוועקזעצן זיך אין הויף אויפן קעלער.

דאָס אייניקל האָט אַנומלטן געבראַכט צו טראָגן אויף די אַקסל אַ שווער שטיק נוסנהאָלץ. און אַזוי־אָ, ביסלעכווײַז, טאָג־באַ־טאָג, ווערט פון דעם דאָזיקן קלאָץ יעוואַ וועליטשעסטוואַ דער זיידע, רעב נאַכמען סטאָליער.

נאַכמען האָט זיך טכילעס ניט געגלאָזט: „איי, צו וואָס? געפונען וועמען, דעם גרויסן פּאַרנעם אויף דער וועלט!" נאָר אַלעקסאַנדערל האָט געזאָגט, אַז דאָס איז גלאַט אַזוי זיך, אַן עטיוד. מיט אַזאַ־אָ שווערלעך וואָרט טאַקע האָט ער דאָס אָנגערופן: „עטיוד". און נאַכמען האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז מינאַסטאַם אַ מין אוראָק, וואָס מע האָט אים דאָרט, אין דער דאָזיקער קונסט־שול, ווו ער לערנט, פאַרגעבן. און ער האָט זיך געלאָזט. וואָס טוט ניט אַ זיידע פון אַן אייניקלס־וועגן? פאַרקערט: דערנאָך האָט אים גאָר אָנגעהויבן געפעלן דאָס דאָזיקע זיצן שטיל קעגן סאַשקען, דאָס זיצן זיך אַזוי און טראַכטן, פילאָסאָפירן, טאָן אײנמיטנדערינגען אַ דרעמל אײַין אויף אַ רעגע־צוויי, אופכאַפּן זיך און ווײַטער זיצן זיך אַזוי און טראַכטן. ס'האָט אים שוין אַפילע אָנגעהויבן פעלן ווי אַ רעגילעס־זאַך. האָט ער, נאָך אַלע אָפּגעטאָנענע אַרבעטן, אָנגעהויבן אַוועקזעצן זיך און וואַרטן, אַרויסקוקן אויף אַלעקסאַנדערלען.

אָט דאָ־אָ אין הויף, אין דרויסן, אַ פאַרשוויצטער, אין אַ צעכראַסטעטע העמדל, מיט אַ פּאַר־אַקשנט־בייזלעך בינטל האָר אויפן שטערן, טעסעט און שניצט אַלעקסאַנדערל אַלע באַטאָג דאָס שטיק נוסנהאָלץ. דרייט זיך אַרום דעם מיט אַ דאָלעטע און מיט אַ העמערל אין די הענט, טענצלט באַלמעלאָכיש־פּראַסט אונטער, דרייט זיך, ווי, לעהאַוודל, אַ באַנדער אַרום רייפן, די פּאַס זאָל זיך קיינמאָל ניט צעפאַלן.

די פּיס אַלעקסאַנדערלס טרעטן אין אַ ראָד געלבלעכע נוסנהאָלץ־שפּענער, אויסגעדלובעט־צעדרויבלטן זעגעכץ, דינע געבלעטערטע סטרוזשקעס, וואָס צעקיצלען דעם זיידנס נאָלעכער מיט אַזעלכע שאַרף־באַקענטע סטאָליערײַ־רייכעס, מאַמעש אַ ביס צו טאָן און אַ זאָג צו טאָן אי זיך, אי דעם אייניקל: צו געזונט!

אַ טעסע און אַ קוק, אַ קוק און אַ טעסע. עס רוען ניט אַלעקסאַנדערלס פינגער, און עס רוען ניט די אויגן זײַנע. אַ בליק אויפן זיידן, וואָס זיצט זיך אַזוי, אַ מיד געוואָרענער, אַנטקעגן; און אַ בליק אויפן זיידן, וואָס פאַרטיקט זיך ביסלעכווײַז אויס אונטער דער דאָלעטע, ווערט וואָס אַמאָל מערער און מערער דער זיידע.

אַ בליק און אַ טעסע, אַ טעסע און אַ בליק.

אויפן זיידנס קני ליגט אַ פאַרגרעבט־אָדערדיקע האַנט. זי איז אַ ביסל מעגושעמדיק, דעם זיידנס האַנט, אַ ביסל צו גרויס, הילצערן, קנופּנדיק. אַ קוק און אַ טעסע. די האַנט וועט ער לאָזן אַזוי־אָ: פאַרגרעבט, סוקוואַטע, גרויס...

די נאָז דעם זיידנס איז אַ גראָבלעכע, אַ ביסעלע אַ כיטרע. די געדיכטע ברעמען — שפּיציק־צעבערשטלטע, אופגעהויקערט איבער די אויגן אַריבער. אויף די באַקן — טיפע, אײַנגעפאַלענע צוויי אײַנשניטן. דער שטערן פול מיט קאַרבן, מיט קנייטשן און קנייטשעלעך. אַ טעסע און אַ קוק: אין יעדן קנייטשל וועט ער אַרײַנטעסען רו און אומרו, פרייד און רוגזע, ערלעכקײַט, פּראָסטקײַט, ליבשאַפט...

— נו, זיידע, גיי רו זיך אַ ביסל אָפּ!

— ניין, ניין, אַלעקסאַנדערל, אַרבעט, אַרבעט!

נאַכמען זיצט מיט איין אויג אַ פאַרמאַכטס, אַן אײַנגעדרעמלטס און מיטן אַנדערן אויג אַ האַלב־אָפענס, אַ קאַפּעלע אַ פאַרשמעלערטס. אָט וועט ער אײַנגאַנצן אײַנדרעמלען, און אָט וועט ער אין אַ רעגע אַרום ווידער טאָן זיך אַ כאַפּ אויף. האַלב אין דרעמל, האַלב אויף דער וואַך פּלאָנטערן זיך די טראַכטעניש און די זעעניש. שוין קיין אײַנהאָרע אַ מענטש, אַלעקסאַנדערל, האַ? די יאָרן אויף דער עלטער פּאַטשן דורך גיך, ווי פייגל. ערשט נעכטן געפירט אים אין קינדערגאָרטן; ערשט, דאַכט זיך, אָנגעלאָפן מיט אַ רויט טיכל אויפן האַלדז; ערשט געקנאָטן, גלאַט אַזוי זיך, פּאַר אַ שפּילכל, הינטעלעך, קעצעלעך. אַ גאָלדענער קאָפּ. ס'שפּראָצט אים שוין אונטער דער נאָז אַ מין שיטער וואָנצעלע, די פינגער לויפן אַזוי קונציק מיט דער דאָלעטע: גאָלדענע פינגער. אַלע־מאָל טוט ער זיך אַ ווישׂ מיט דער אייבערשטער זײַט האַנט דעם פאַרשוויצטן שטערן אַקוראַט אַזוי, ווי ער, נאַכמען, פלעגט זיך יינגלווײַז אַ וויש טאָן דעם שוויס באַם הובלעווען. דער זעלבער

וויש, נאָר גאָר־גאָר אַן אַנדער פאַרשוויצטקייט. ווער ווייסט, ס׳זאָל שוין דעמלט געווען זײַן אַזאַ צײַט, וואָלט ער עפּשער אויך ניט געווען פאַרבליבן באַם הוילן הובל.

א נאַרישקייט געדענקט זיך, אַ נאַרישקייט, וואָס איז שוין אַלט ווייסעך וויפל: וויאַזוי האָט זי דעמלט, נאָך אַן ערשטן מײַ, אַ געשריי געטאָן, די באַלעבאָסטע, מיטן פּאָלומעסעק אין די הענט? „דאָלוי באַלעבאַטים? ווערסט עס, נאַכמעניו, ניט דערלעבן. ווערסט כראַקען מיט בלוט און ווערסט עס ניט דערלעבן!" וועגן כראַקען מיט בלוט שפּאַרט ער זיך ניט, נאָר דערלעבט האָט ער...

אויסגעגעבן אין די שווערע יאָרן, באַלד נאָך דער מילכאָמע, די מיזינקע, ריווקעלען... אַרויס פונעם פײַער מיט איין ריווקען, קאָן מען זאָגן... צאָרעס פאַרגעסן זיך. אין די אָפּגעסאַרפּעטע שטיקלעך ווענט אַרײַנגעשטעלט פענצטער, געלייגט אַ דאַך, אופגעהאַנגען פאָרהאַנגען... צו אוי־לעם־האַזע האָט ער, כאָלילע, גאָרנישט... ביז ניט לאַנג, ביז אין דער פּענסיע, געווען אין דער מעבל־פאַבריק אַ בריגאַדיר באַ די בענק... שול־בענק, ברודער, שול־בענק!.. אַ מיליאָן בענק... ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי: ווער וואָלט זיי דען געקאָנט איבערציילן, ווער?.. זיי ציִען זיך אַזוי אַוועק, שורעסווײַז, איינע נאָך דער אַנדערער. העט־העט, אין דער לענג און אין דער ברייט... אַ מיליאָן בענק... אַ גאָלדענער איידעם, אַ טײַערער... אַזאַ־אָ אויסגעשפּילט איינִיקל... עפּעס געגעבן דער וועלט, האַ?.. אַ מיליאָן בענק... אָט־אָ לויפט ער, אַלעקסאַנדערל. מיטן טיכל אָפּן האַלדז... מיט די גרויסע טאָוולען זײַנע אונטערן אָרעם... אַ מיליאָן בענק... אַ מיליאָן אַלעקסאַנדערלעך... דאָס איז ניט קיין אוילעם־האַבע?.. נאַכמעניו סטאָליערוק אַ מיליאָנשטשיק!.. אַ מיליאָן בענק...

אין שטוב זײַנען שוין דאָ די קינדער.

די טאָכטער און דער איידעם באַגעגענען זיך אַמאָל נאָך דער אַרבעט אין שטאָט, קויפן עפּעס אײַן אין די קלייטן און קומען דערנאָך, אַרום זעקס, ביידע אַהיים איניינעם.

ריווע כאַפּט אַרוף אָף זיך אַ פאַרטעך, הייבט אָן ראַשן אין קיך, פאַרבינדט זיך דעם קאָפּ מיט אַ פּאַטשיילע און קאַטשעט אַרויס אַלע קילעמלעך אין דרויסן. דאַניִעל — דײַקע אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, אַ נאַטשאַלניק אין זאַוואָד — גייט איר נאָך, ווי אַ ניונקעלע, וואַרט אַלע מאָל אָף אַן אַנדער באַפעל אירן.

פאַרבײַראַשנדיק, שטעלן זיי זיך, פאַרשטייט זיך, אַלע מאָל אָפּ לעבן סאַשקען, טוען אַ פרעג:

— נו, ווי? ס׳באַקומט זיך, אַ?..

אַלעקסאַנדערל האָט ניט ליב, אַז מע פרעגט אים פריִער. ענטפערן ענטפערט נאַכמען. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער, גאַדלעסדיקער ליפּ שטייט ער איצט אַזוי לעבן אַלעקסאַנדערלען און באַ־טראַכט פון דער נאָענט, מיט אַ דלאָניע איבער די אויגן, וואָס דער צוציק האָט געמאַכט פון דעם דאָזיקן פראָסטן שטיק נוסנהאָלץ: עפּעס איז עס שוין, אַפּאָנעם, יאָ ער און עפּעס איז עס נאָך דער־ווײַל אַ ביסל ניט ער. ענטפערן ענטפערט ער די קינדער מיט אַ מין היסלײַוועסדיק צעשאָקלען דעם קאָפּ:

— אײַ... פּס!..

שפּעטער, נאָך דעם, ווי ריווקע וועט אַ רוף טאָן: „היי, אוילעם, קומט צום טיש!", וועט מען אַלעקסאַנדערלס נײַ שטיקל אַרבעט אַרומריידן לענגער. מערער פון אַלעמען וועט, פאַרשטייט זיך, ריידן ער, נאַכמען.

האַלב ערנסט, האַלב וויציק וועט ער זיך אַזוי פּלוצעם אַ זאָג טאָן:

— זיץ איך הײַנט, הערט איר, און האָב מיר מיט אים אַ שטיקל וויקועך, האָב איך...

— אַ וויקועך? מיט אַלעקסאַנדערלען?..

— נע... מאָלט אײַך, מיט שאָלעם־אַלייכעמען!..

— ט׳האָסטו דיר אַ נײַס!..

— ס׳הייסט, ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי... ניט טאַקע, כאָלילע, מיט אים אַליין, נאָר מיט איינעם אַ זאָג זײַנעם... ווי זאָגט ער דאָרטן, ווי?.. אַ מענטש איז געגליכן, זאָגט ער, צו אַ סטאָליער, אַ סטאָליער לעבט און לעבט און שטאַרבט, און אַ מענטש לעבט און לעבט און שטאַרבט... ניע, פּאַניע שאָלעם־אַלייכעם... ניע סאָגלאַסען... אַ סטאָליער שטאַרבט ניט...

# זיאמע טעלעסין

## א צופאל אין מעטראָ

אף דעם עסקאלאטאָר פון מעטראָ
בין איך געשטאנען.
באַנאנד מיט מיר ארופגעפאָרן
איז אן אפריקאנער.

מיט דער גלאנציק־שווארצער האנט
האָט ער אָנגענומען
די באוועגלעכע פארענטש
פון דעם ווייכן גומי.

כ׳האַלט זיך אויך אָן דער פארענטש,
די הויכע לאָמפּן שײַנען.
עס האָט מײַן האנט זיך אָנגערירט
ניט ווילנדיק אָן זײַנער.

ער האָט אף מיר געטאָן א קוק
בלויז מיט די אויגן־ברעגן,
און עס האָבן זיך די בליקן
אונדזערע באַגעגנט...

מיר דוכט, אז איך דער ערשטער האָב
געטאָן צו אים א שמייכל, —
און דאָ האָט אונדזער טרעפן
צו דעם ראנד געקומען גרייכן.

מיר האָבן זיך דערלאנגט די הענט —
א „שאָלעם" אזא ברייטער!..
ער איז אין איין זײַט אוועק,
און איך בין אין א צווייטער.

## פארוואָס זאָגן מיר אזוי?

פארוואָס דארף האָניק
ערגער זײַן פון פעפער?
אף דעם די גאנצע צײַט
דעם קאָפּ מײַנעם איך ברעך.

אפן טאַם, פארשטייט זיך,
זײַנען זיי פארשידן,
נאָר דאָס ציִען זיך
איז דאָך אלצייַנס בא ביידן.

אָט דער געדאנק — ער זשומעט,
ווי א בין איינטאָניק,
און לאָזט ניט שלאָפן מיך קיין נעכט:
פארוואָס מיר זאָגן ניט

„עס ציט זיך ווי פון האָניק"
און שטענדיק נאָר —
„עס ציט זיך ווי פון פעפער".

## וואָס שטעקט דאָ פאר א מיין

עס קלינגט דאָס ווערטל זייער שיין:
„ער איז א הונט מיט אויערן!"
וואָס שטעקט אָבער אין דעם דער מיין, —
דאָס טוט מײַן מויעך בויערן.

וואָסי, ס׳האָט עמעצער געזען,
א הונט זאָל זײַן אָן אויערן?
ס׳איז עפשער ווען אזא געווען,
איך ווייס ניט, צום באדויערן.

## וועגן דעם הימל

וועז דער הימל וואָלט געווען קעסיידער בלאָוו, —
וואָלט ער פּריקרע דיר געוואָרן סאַפּקאַלסאָף.

ווען ער וואָלט אין וואָלקנס זײַן דורכויס, —
וואָלסטו פונעם טרויער קיינמאָל ניט ארויס.

דיר זאָל ניט זײַן צו ביטער און צו זיס, —
איז דארף ער זײַן אזוי אָט ווי ער איז.

## אינעם בײַשטאָט־צוג

ווען אלע ערטער זײַנען אין וואגאָן פארנומען,
פון הינטער מאָסקווע פירט מען גאנצע פּעק מיט בלומען, —
איז דעמלט סטארע איך זיך שטענדיק ווײַטער שטעלן
פון די זיצנדיקע מיידלעך, יונגע פרויען,
ניט מאכמעס לעבן זיי איז שטיין מיר ניט געפעלן,
נאָר קוים באמערקן זיי מײַן קאָפּ,
וואָס נעמט שוין גרויען, —
דאָס אָרט זיי טרעטן אָפּ.
און איך וואָלט עס ניט וועלן...

## טכיִעס־האמייסים

דעם לעצטן טשוואָק ארײַנגעהאקט,
דעם לעצטן קלאפּ געגעבן.
ס׳איז טרויעריק, נאָר ס׳איז א פאקט, —
מע האָט אין טרונע מיך פארפּאקט,
ווײַל כ׳טו שוין מער ניט לעבן.

איך ליג און גיב זיך ניט קיין ריר,
ווי אין געהאקטע ווונדן.
פארמאכט זיך האָט די שווערע טיר,
די שײַן די ליכטיקע פון מיר
אף אייביק איז פארשווונדן.

נאָר גיין צופוס דערפאר כ׳פארשפּאָר,
מע גיט מיר אָפּ דאָ קאָוועד.
מיך פירט א פריילעכער שאָפיאָר,
צו עזרע פינינבערגן כ׳פאָר,
צו אים קיין וואָסטריאקאָווע[1].

ער איז מיט א יאָר צען צוריק
אזוי ווי איך געפאָרן.
די לאסטמאשין פליט דורך א בריק,
פון רעכטס — א ציגלנע פאבריק,
פון לינקס — א פעלד מיט קאָרן.

געקאלכטע סלופּיקעס א ריי,
אנטקעגן לויפן סעדער.
און מיטאמאָל — אפן שאָסיי
א ווײַסינק ציגעלע, ווי שניי,
און שיר אונטער די רעדער.

ס׳טוט די מאשין א שארפן קער,
א שפּרונג איבער די שטיינער.
מיך טוט א וואָרף אהין, אהער,
איך האָב געמיינט, אז כ׳וועל שוין מער
ניט אופקלײַבן די ביינער.

נאָר אף דער וועלט גאנץ אָפט געשעט
אן אומגעריכטער ווונדער, —
ווען כ׳האָב דערלאנגט דעם קאָפּ א פּלעט,
ארויסגעשפּרונגען איז פון ברעט
א געלער סוק א רונדער.

און דורך דעם אייגל איז ארײַן
די זון צו מיר א הייסע
און טוט א זאָג: גענוג זאָל זײַן
צו ליגן אָן א ברעקל שײַן,
שטיי אוף טכיִעס־האמייסים!

[1] א בעסוילעם הינטער מאָסקווע.

## אזוי גוט אף דער נעשאָמע

טרעפט אמאָל בא דיר: ניטאָ מער
אפן קאָפ קיין שווערע זאָרגן,
אזוי גוט אף דער נעשאָמע
ווערט בא דיר פון דעם פרימאָרגן,
וואָס זאָגט צו א טאָג א גוטן
אָן א פגימעלע לאַכלוטן.

לויפסט ארויס אין דרויסן מונטער,
אף א זײַט פארדרייט דאָס היטל,
בא דער ווערבע — א שפרונג אונטער
און ברעכסט אָפ פון איר א ריטל,
דורכן פויסט אדורכגעצויגן
און די בלעטלעך — אָפגעפלויגן.

לאָזט זיך גיין לענגויס די פלויטן,
אלץ איז וווּנדערלעך און פּאַשעט,
מיט דעם ריטל עטוואָס רויטן
שמײַסטו זיך אָן דער קאַלאָשע,
ס׳איז דאָס שטעגל אויסגעטראָטן,
פון דער זײַט גייט נאָך דײַן שאָטן.

גייסט און גייסט. דו וואָלסט געגאנגען
אָט אזוי אין אלדי ווײַטן.
ווייכע גראָזן, הארטע זאנגען
גייען נאָך פוןביידע זײַטן.
ס׳איז די וועלט ווי אויסגעצוואָגן,
און די פיס אליין דיך טראָגן.

סארא ליכטיקער באגינען
אף דער ערד פונמיטנטוועגן!..
מײַנע איז די וועלט די גרינע
מיט די שטעגן און די וועגן.
און כ׳דערזע — אינמיטנדרינען
שפרינגט א זשאבע מיר אנטקעגן.

א געמויזעכץ איז ניט ווײַט דאָ,
כ׳הער דאָס קוואקעניש פונדאנען.
כ׳טו זי מיט דעם פוס א שלײַדער
און געלאָזט זיך ווײַטער שפאנען, —
אף א זײַט פארדרייט דאָס היטל,
און פארשײַט עס פאַכט מײַן ריטל.

## דעם קאָפ אף ארוף

פון קינדווײַז אָן געדענקט איר דאָך געוויס:
„פּאַוואָליע גיי און קוק אונטער די פיס״.

נאָר וואָס האָט מען געזען אונטער די
פיס? —

די קלאָדקע, וואָס אין בלאָטע איז
פארשוווּמען,
מע האָט געזען דאָס שוסטערישע מיסט
צעשאָטן בא די גאנעקעס די קרומע,

אָן אויסגעטריקנטע צעפּלעטשטע קאַץ,
וואָס פארן עק מע פלעגט אריבערווארפן
פון שול־הויף צו די קרעמלעך אפן פלאַץ,
ווײַל טויטע קעץ טוט קיינער ניט
באדארפן,

א שקראבע — אָפגעריסן דער אָפּצאַס,
פון שטיבעלעך דעם הויקערדיקן שאָטן,
און בעהיימע־„פלעצלעך״ אפן מיטן גאס
אין שטעכעדיקע שטרויעלעך פארקנאָטן,

א שערבל פון א טאָפּ צי פון א פלאַש,
וואָס האָט די טעווע מיט א שפּיץ צו
שטארצן,
קימאַט בא יעדער שטוב א קופּע אש,
א האָלעוועשקע מיט א ברעג א שווארצן...

דעם קאָפּ ארופצו פלעג איך טאָן א ריס, —
אין הויכן הימל קוקן נאָר דעריקער
און גיין אזוי. ניט איין מאָל זיך ספּאָטיקען,
נאָר קיינמאָל ניט געקוקט אונטער די פיס.

## אין מאַלײַעווקע

געגעבן האָט מען מיר אין מײַן רעשוס
א שרײַבטיש מיט א פאָטערשטול א ווייכן, —
איז זיץ איך זיך מיט א פארלייגטן פוס
און כ׳זאָל, כאַלילע, טאָן א מינדסטן שמייכל.

קעדיי איך זאָל ניט אויסזען אזוי פּראָסט
(א סאך, פארשטייט זיך, אָן דײַן אויסזען
ווענדט זיך), —
איז עטוואָס כ׳האָב דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזט
און אָן די אָנשפּאר־הענטלעך אנגעלענט זיך.

עס דאכט זיך, אָט אזוי־אָ אומגעפער
געהאַט געזעסן איז אליין וואָלטער.

איז זיך איך זיך אזוי. פון צײַט צו צײַט
איך טו א וויג דעם פוס, א קנײטש דעם שטערן, —
איך בין פארטאָן, מאשמאָעס, אין א טיפן קלערן,
די בליקן מײַנע בלאָנקען ערגעץ ווײַט.

מע גייט אף די שפּיץ פינגער ארום מיר,
און איך דארף זײַן מעיושעוודיק דערפאר נאָר.
מע האָט ארײַנגעבראכט א בארג פאפיר
און א פּודאָוון פרעס־פּאפּיע פון מארמאָר.

פארוויל איך — גיט מען קאווע מיר צום בעט,
איך טו א זופּ און צייל פון פערן די טראפּן.
כ׳פארגין זיך לייגן פרי און אופשטיין שפּעט, —
מע האָט מיר דאָ באדינגונגען געשאפן.

כ׳האָב אָפּגעמאטערט זיך א גאנצן כוידעש דאָרט...
כ׳זאָל כאָטשבי אָנשרײַבן אַן איינציק וואָרט.
און איצטער בין איך אין דער היים שוין ווידער,
אין ווינקל אף א קני ווי גוט זיך שרײַבן לידער.

## פון א וואָרט א קוואָרט

הערט איר, ווען איך וואָלט געקענט
מאכן פון א וואָרט א קוואָרט, —
כ׳וואָלט ניט זשאַלעווען די הענט,
לידער שרײַבן כ׳וואָלט פארשפּאָרט.

ס׳איז א קוואָרט דאָך א געשיר,
קענסט זי נעמען מיט דער האנט,
וואסער אָנשעפּן ביז ראנד
און זיך אָנטרינקען פון איר.

אָנגעגעסן זיך דו האָסט
צי מיט הערינג, צי מיט וווּרשט, —
דארפסטו טאקע פּאָשעט פּראָסט
טייקעף אײַנשטילן דעם דורשט.

אָנגעטרונקען זיך, דערפילסט,
ווי ס׳איז כײַעסדיק געווען.
ניט נאָר וואסער, — וואס דו ווילסט
טרינקען פון א קוואָרט מע קען:

קוואס און ראָסל, מילך און ווײַן,
קווערט איז דאָ פון יעדן מין:
ניקעלירט, ווי שפּיגל־שײַן,
עמאלירט אף ווײַס און גרין.

זען איז מיר געווען באשערט
קופּער־קווערט מיט הענטלעך צוויי,
אָט די נעגל־וואסער־קווערט,
מע באנוצט שוין מער ניט זיי.

עפּשער יענער איז גערעכט,
ווער עס זאָגט, אז דער געברויך
איז פון קיילים זייער הויך
און איך וואָלט געמאכט ניט שלעכט.

כ׳וואָלט פון אלץ זיך אויסגעלאכט,
פון א וואָרט א קוואָרט געמאכט,
פון קיין לידער ניט געטראכט,
רויִק שלאָפן כ׳וואָלט באנאכט.

נאָר מיט מיר איז פונקט פארקערט —
איך בין דאָך א דיכטער פאַרט,
מאכט זיך מיר א קוואָרט, איר הערט?
מאך איך פון דער קוואָרט א וואָרט.

## וועגן פעך

ווען כ׳האָב געהערט צום בלעכער־צעך,
געהאט צו טאָן האָב איך מיט בלעך,
מײַן קאָפּ געווען איז שווארץ, ווי פעך,
ס׳איז ניט קיין באָבעמײַסע.

איך האָב שוין ניט צו טאָן מיט בלעך,
ארײַן כ׳בין אינעם שרײַבער־צעך,
מײַן קאָפּ נאָך איצטער איז ווי פעך,
ניט שווארצער פעך, נאָר ווײַסער.

ס׳קען זײַן פאר אייניקע א נײַס,
נאָר פעך קען זײַן סײַ שווארץ, סײַ ווײַס.






# אויזער ווארשאווסקי

די צוויי ניט־פאַרעפנטלעכטע דערציילונגען „דער טויט פון כאַנאַניע דעם טרעגער" און „א קאָנטראַקט" פון איינעם פון די אָנגעזעענסטע יידישע פּראָזאַיקער אויזער ווארשאַווסקי, וועלכע מיר לייגן דאָ פאָר, האָט אונדז איבערגעגעבן דעם שרייבערס אַלמאָנע מאַריע וואַרשאַווסקע.

אויזער וואַרשאַווסקי איז געבוירן געוואָרן אין פּוילן אין 1898. שוין זיין ערשטער ראָמאַן „שמוגליאַרס" (1920) האָט אָנגעזאָגט, אַז אין דער יידישער ליטעראַטור איז געקומען אַן ערשט־ראַנגיקער טאַלאַנט.

אין ראָמאַן ווערט געשילדערט דער חורבן, וועלכן עס האָט געבראַכט דעם קליינעם יידישן שטעטל אין פּוילן די דייטשישע אָקופּאַציע בייס דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין טאָך איז „שמוגליאַרס" אַן אויסדרוק פון הומאַניסטישן פּראָטעסט פונעם שרייבער קעגן מלחמה און קעגן דעם בורזשואַזן סיידער, וואָס פאַרורטיילט דעם מענטשן צו פאַרדאַרבנקייט.

די זעלבע מאָטיוון פון פּראָטעסט קעגן דער קאַפּיטאַליסטישערווירקלעכקייט זיינען פאַר־קערפּערט אויך אין וואַרשאַווסקיס ווייטערדיקער שאַפונג: אין די דערציילונגען „אהיים געקומען", „א כאַסענע אין דאָרף", „ווייבעריש", אין דעם ראָמאַן „אין שניטצייט" אא.

אויזער וואַרשאַווסקי איז איינער פון די שטאַרקסטע רעאַליסטן אין דער יידישער פּראָזע פונעם XX יאָרהונדערט. אין 1943 איז ער דערמאָרדעט געוואָרן אין א פאַשיסטישן טויט־לאַגער.

# דער טויט פון כאַנאַניע דעם טרעגער

קיין הייבאַם[1] באַדאַרף ניט כיי־זלאַטע און קיין קרעכצן אויך, ס'ניט צום ערשטן מאָל...

כאַנאַניע, דער טאַטע, האָט איינגעצויגן די טרעגערישע שטריק אַרום בויך, ביז פון אים גאָר האָט זיך אַרויסגעלאָזט א קרעכצערישער וויי. אין איינע צאָרעס איז ער געשטאַנען פאַרן קעלער־פענצטערל און געטראַכט אזא זינדיקן געדאַנק:

„איי, כאַנאַניע, כאַנאַניע, ווען דו זאָלסט ניט זיין א פּאַכדן — גיי און גיב א קוועטש!.."

ניין קינדער זיינען געזעסן אין קעלער. ווען ער האָט געקוקט אף זיי, האָט זיך אים אויסגע־דאַכט: פון כיי־זלאַטעס בויך גאַנוועט מען זיך קעסיידער... ניין זיך אַרויסגעקריגן... איצט גייט דאָס צענטע... שפּעטער — דאָס עלפטע...

דער שטריק האָט געפּלאַצט אף זיין בויך. איבער איינעם פון די פיס איז אים פּליעסקענדיק אָנגעלאָפן אן אָדער און — פאַרשוואָלן געבליבן. כאַנאַניע האָט צום צווייטן מאָל א קרעכץ געגעבן.

---

[1] אקושערקע.



דעמלט האָט זיך א קאָל צעטראָגן אין די שאָטנס פונעם טאָג. פעדעם שפינוועבס זײַנען געבליבן אראָפּ־הענגען פונעם באַלקן, ווי די סמיטשקעס בא די שטאָטי־שע קלעזמער. די ווענט, כאָטש ס׳איז זומער געווען, האָבן א טרער ארויסגעלאָזן, און זי האָט אופגעגלאַנצט. דאָס בעט האָט זיך אליין פארצויגן מיט א פאַרהאַנג.

און פון אויבן זײַנען געזעסן פייגעלעך און האָבן געפּישטשעט. האָט זיך אים געדאַכט, אז זיי רופן אים:

— כאַנאַניע! כאַנאַניע!

האָט ער זיך א טאַפּ געגעבן די באָרד און ער האָט זיך געוווּנדערט: עפּעס אויסגעוואַקסן, דאַכט זיך, ברייטער א סאַך און לענגער... האָט ער זיי געענטפערט:

— שאָלעם־אַלייכעם...

און דערויף האָבן אים אַכט זײַנע קינדער זיך אָפּ־געררופן צו אים:

— מאַזלטאָוו, טאַטע!

האָט ער צוריק, ווי געהעריק, פארבונדן די שטריק און גענומען ביידע קיבליעס צו גיין נאָך פרישע וואַסער.

אפן דריטן טאָג איז כײַע־זלאַטע שוין אראָפּגעגאַנגען פון בעט. געהוידעט זיך ווי אן אונ־טערגעראַבעוועטער בוים. א שטעק געטאָן די ביידע הענט און — ווידער געוואָרן א יונגע מאַמע. באַלד גענומען אופזוכן דאָס זויג־פלעשעלע מיט דעם גומענעם פינגער. ווינדעלעך געמאַכט. און די שטוב איז שוואַרץ. און די קינדער זיצן.

— איי, וואָס איז אַזאַ זיצן?

האָבן זיי זיך אופגעשטעלט און זײַנען געשטאַנען.

נאָר לייע, אַזאַ זעקסיעריקע מויד, וואָס האָט נאָך קיין איינציק וואָרט אפן לעבן ניט אויס־גערעדט, האָט אראָפּגעוואָרפן די לאַטשן און די שטיקלעך זאָקן, ארײַנגעהויבן אין בעט ארײַן א פּאָר דאַרע פיסלעך און געזעצט זיך קוקן אין קישן ארײַן.

ווײַבער קומען אף א שאָ. זיצן זיי ווי רוישנדיקע סאָוועס און קרעכצן פאַר כײַע־זלאַטעס וועגן: א מיצווע דאָך... און וווּנדערן זיך: וואָס פארא קויכעס בא די טרעגער!..

פארנאַכט קומט מען אויך קרישמע לייענען. דאָס איז שוין פאַר כאַנאַניעס וועגן. טיילט ער צוקערקעס און טאַפּט זיך די באָרד. די גרײַזלדיקע האָר שמייכלען.

צום בריס זײַנען געקומען אַלע טרעגער מיט די ווײַבער, מיט די קינדער. האָבן זיי גאָר צעוויינט זיך, אז דער פרומער שויכעט האָט זיי דערלאַנגט א קישן און געהייסן מאַכן א בראָכע. זיי האָבן אויסגעצויגן די גרויסע הענט, און ס׳איז זיי געווען שווער צו האַלטן אַזאַ קישן.

דענסטמאָל האָט זיך כאַנאַניע געלאָזט גיין איבערן קעלער אראָפּ און ארויף. אים איז פאָר־געקומען: א קליין בעסמעדרעשל איז דאָ... ליכט ברענען, בראָכעס, א מיניען ייִדן. איז אים שטאַרק א שאָד געווען, וואָס דער פאָטער לעבט שוין ניט. ער וואָלט אים געלאָזט זיצן אויבנאָן, דעם סידער פאַר אים געהאַלטן. ער האָט דאָך געקענט!.. א שאָד געווען, וואָס די מאַמע לעבט שוין ניט. זי וואָלט אים געגלעט איבער דער פּלייצע. זי וואָלט אים אָנגערופן: כאַנאַניעשי.

די ליכט האָבן זיך צעפלאַקערט שטאַרקער. א שפּריצל בלוט האָט אופגעגלאַנצט. דער שויכעט האָט פּרום די ליפּן געצמאַקעט. א פּיצל קינדס געוויין. ווײַבערשע טרערן. א ווינ־טשרײַ. און אפן טיש ליגן שוין אויסגעסאַדערט, אָנגעגרייט א פּאָר הערינג מיט ברויט.

כאַנאַניע האָט גערוקט אין די שטיוול ארײַן שטיקער וואַלאָק, גראָבע און ווייכע. עס זאָל אים ווייך זײַן צו גיין. אָנגעשוואָלן די פיס. דער אָדער, וואָס איז זיך אים דעמלט פאַרלאָפן, איז ניט געווען מער אָנגעפילט מיט בלוט, ווי א דראָט וואָלט דאָרטן געשטעקט, און כאַנאַניע האָט געליטן יעסורים. צו מוישעלע שוסטער האָט ער אַזוי געזאָגט:

— כ׳בעט דיך, איז אין הימל אויך אָנגעצייכנט, אז אף דעם צי אף יענעם מענטש דאַרף קומען א מאַקע?

— אוודע איז אָנגעצייכנט! — האָט מוישעלע אים פאַרזיכערט.

— כ׳בעט דיך, — האָט זיך כאַנאַניע צו אים געווענדעט מיט א באַקאָשע, — איז דאָס אויך פון דאָרטן?..

און האָט אויסגעטאָן א שטיוול און אופגעוויקלט אן אָנעטשע.

מוישל איז נישטוימעם געוואָרן דורך דעם מאָדנעם גאנג פון כאנאניען, וועמען ער קען דאָך גוט שוין ניט פון נעכטן אָן.

ס'איז געווען נאָך זייער פרי, און ביידע האָבן זיך צוריקגעקערט פון ערשטן דאוונען. דער מארק איז נאָך געשלאָפן. אָף דעם פלומפ האָט כאנאניע אוועקגעלייגט טאלעס־און־טפילן און, צושפּארנדיק זיך אָף א ברעג, האָט ער געהאלטן הויך אופגעהויבן דעם נאקעטן פוס מיט א גרין־בלוילעכער ריטשקע. מוישעלע האָט אים געקוועטשט, באטאפּט, און ער האָט טייקעף באשלאָסן, אז דער דאָזיקער פוס כאנאניעס איז פּונקט ווי אופגעוירן טייג, נאָר הארט געוואָרנס...

מיילע, צום אויבן האָט כאנאניע ניט געוואָלט קיין טײַנעס האָבן, ניט געקענט די מינדסטע אויסריידעניש מאכן, וואָרעם ער האָט געטראכט: „ווו, ווו, אָבער דאָרטן ווייסט מען דאָך זיכער וואָס צו טאָן"...

האָט ער אהיים געטראָגן טאלעס־און־טפילן און, ניט צו פארלירן קיין צײַט, איז ער באלד צוריק ארויס אפן מארק מיט דער טרעגערישער פלייצע.

אז דער מארק האָט געעפנט די אויגן, האָט זיך געקענט מאכן א פעקל צו א ווײַטער גאס, צי א קעלבל דעם קאצעוו אָפּטראָגן אין יאטקע ארײַן: אזא רויטינקס, א גלאנצינקס, אָן אויסגע־טוענס... צי באלד גאָר א זעקל מעל... זײַן פלייצע, א פלאטשיקע, איז געשטאנען ווארטנדיק בא אן עק פון מארק, ווי אן „אָרעמער טיש" אָף א כאסענע.

איז דערווײַל העכער אופגעגאנגען די זון, האָט זי געוואָרעמט די אקסלען, פויל געמאכט. כאנאניע האָט זייער ליב געהאט זון, אָבער אין דער טיף האָט ער מוירע געהאט פאר איר. עפּעס איז אים פארגעקומען, אז זי פארעט אים אויס, אזוי ווי א פלעשל שפּירט, ווען מע קאָר־קעוועט עס אוף... האָט ער נאָר אונטערגעהויבן דעם קאָפּ צו איר, אזוי ווי א הונט, און גע־בליבן ווײַטער שטיין, אײַנקאָרטשענדיק דעם קראנקן פוס און צופינטלענדיק מיט די אויגן.

טיילמאָל האָט ער געטראכט: פינף זין פארמאָגט ער שוין און פינף טעכטער. די טעכטער, מיילע, ניט קיין גרויסע מעציִע, אָבער זין — מאנסלײַט!.. דער עלטסטער איז שוין זיבן יאָר אלט, און שוין צײַט צו טאָן עפּעס פאר אים. אָבער וואָס דארף ער טאָן? וואָס?..

מאכט זיך, פון א שוסטער־געוועלבעלע קריכט ארויס א קעפּל, א געל קעפּל אין שפּאקולן, און שטרעקט זיך צו אים — מוישע שוסטערס קעפּל. זעט דאָס, וויאזוי כאנאניע שטייט, ווי א פערד מיט אן אונטערגעהויבענעם גערעניטן פוס, אזוי רוקט זיך שוין ארויס דער גאנצער מוישעלע, אין גרויסן שוסטער־כאלאט, די שפּאקולן אָף די פינגער.

— הע? הע? — וועקט ער כאנאניען.

קריכט אויך כאנאניע ארויס פון די טונקעלע ראַוינעס און האָט שטארק האנאָע, וואָס מוישעלע איז צוגעקומען.

— האָסט שוין ארופגעקלאפּט פאר כאַימס וועגן די זוילן? — פרעגט ער אים.

— כ'האָב אָנגעשפּילקעוועט דערווײַל, — ענטפערט אים מוישעלע.

און אומדערווארט פאר ביידן, האָט כאנאניעס האנט אָנגעכאפּט מוישעלען אזוי, אז יענער האָט קוידעם געראטעוועט זײַנע שפּאקולן, אָנטועענדיק זיי אָף דער נאָז. דערנאָך האָט ער ערשט געעפנט ביידע אויגן און שטארק פארכידעשט זיך.

כאנאניע האָט זיך געוואקלט, זײַן קאָל האָט געציטערט:

— דו ביסט דאָך מיר א גוטערפרײַנט, וואָס?

— וואָס פרעגסטו? ווײַטער!

— טאָ זאָג מיר: וואָס זאָל איך טאָן מיט מײַנע זין?

— וועסט מיט זיי טאָן דאָס, וואָס אלע טאטעס.

— אָבער בערקען, ווייסט דאָך, איז שוין זיבן יאָר...

— אזוי? טאקע? מ...מ... ווען איז ער דאָס געוואָרן זיבן יאָר, הע?..

דערנעבן איז געשטאנען זיסל־בונים זעלצערס א ליידיקער קאסטן, האָט זיך כאנאניע אוועקגעזעצט אָף אים און געגלעט זיך די באָרד.

— וואָס איז צו ריידן? איך בין א קראנקער מענטש...

— גיי שוין און מאך דיך ניט נאריש! — האָט מוישע אים אויסגערעדט.

— טאָ גיב מיר אן אייצע: וואָס זאָל איך טאָן מיט בערקען?

— ס'הייסט, וואָס זאָלסטו טאָן, — האָט מוישעלע א מינוט געטראכט, — ס'הייסט... ברויכסט אים מאכן פאר א ליַיט...

איז דערווײַל בונים זעלצער ארויס פאר זײַן טיר און גערופן:

— כאנאניע! כאנאניע!

איז כאַנאַניע אופגעשטאַנען פון קאַסטן און, ניט ריידנדיק מער קיין וואָרט, איז ער אַרײַנ־געגאַנגען צו בונימען מיט די שטריק אין די הענט.

אַז דאָס זעקל זאַלץ איז געווען שוין בא די בעקער און כאַנאַניע האָט באַקומען די צווי זעקסערס טרעגער־געלט, איז ער מער ניט געגאַנגען אפן מאַרק, נאָר הינטן־אַרום צו זיך אין קעלער אַרײַן.

כײַע־זלאַטע האָט געגאָסן וואַסער אין א שוואַרצן טאָפּ אַרײַן און געקוקט אף א שפּיצל ציקאָריע. דערזען כאַנאַניען אַזוי פרי אין שטוב, האָט זי געפרעגט:

— וואָס איז? שוין הונגעריק געוואָרן?..

האָט ער גאָרנישט ניט געענטפערט. ער האָט זיך בלויז אַרומגעקוקט איבער זײַן הויז־געזינד. אין האַלב פּאַרפוילטן וויגל ליגט דער יינגסטער זון רעפאָעל. און לייעס האָר רײַסן זיך פון דער ערד אַרויף צו אים מיט דער טונקעלער רויטקײַט, ווי א פאַרייכערטע קופּער־פאַן. אים קומט פּלוצלינג אָן דאָס ראַכמאָנעס אף דער שטומער טאָכטער. קאַרטשעט ער זיך אײַן און נעמט גלעטן איר קאָפּ מיט זײַן שווערער האַנט.

לייע האָט גלײַך די אויגן געעפנט. דערזען, ווער עס קניַעט פאַר איר און גלעט זי, האָט זי זיך צעשמייכלט און אירע האָר זײַנען וווּנדערבאַר העל געוואָרן, ווי מעש. פון פאָטערס גע־זאַלצענע הענט איז איר רײַסיק געוואָרן אין די אויגן, אָבער זי האָט ניט געפילט קיין ווייטעק. זי האָט אים צוריק געגלעט איבערן אַרבל. א מינוט האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי שטייט אויף און קושט אים די באַקן, האָט זי זיך זייער פאַרשעמט און האָט אַוועקגעדרייט דאָס פּאָנעם.

אַז כאַנאַניע איז דערנאָך צוגעגאַנגען צום בעט, האָט ער זיך פּאַשעט פאַרוווּנדערט אף דער גרייס פון זײַן זון.

— בערקע, — האָט ער א רוף געטאָן, — שטיי אויף!

האָט זיך בערקע אופגעכאַפּט פון שלאָף און א שפּרונג געטאָן, ווי א זעלנער:

— טאַטע!

— קריך אַרויס פון בעט.

— לאָז נאָך שלאָפן, טאַטע. איך ליג דאָ עפּשער א האַלבע שאָ.

— גיי, בערקע, פון בעט אַרויס! — האָט זיך כײַע־זלאַטע צעשריגן אף אים, נישטווימעם און דערשראָקן פון דעם מאַנס קומען.

אַז בערקע איז אַרויס פון בעט, האָט זיך כאַנאַניע ערשט אַנידערגעזעצט און צוגערופן דאָס ווײַב.

— כײַע־זלאַטע, — האָט ער איר צו וויסן געטאָן, — איך גיי שטאַרבן...

האָט כײַע־זלאַטע געגעבן א קוויטש אַזוי, אַז טייקעף זײַנען אַלע נײַן גייענדיקע קינדער געשטאַנען אַרום איר, ווי נאַקעטע ליימענע פיגורלעך.

כאַנאַניע האָט אַראָפּגעשלעפּט די שטיוול. דעם מיט די שטיקער וואַילאַק האָט ער א מינוט געהאַלטן אין דער האַנט, געוויגן אים, באַטראַכט אים פון אַלע זײַטן און געוואָרפן בליקן אף זײַנע קינדער...

— כײַע־זלאַטע, — האָט ער געזאָגט, — די שטיוול וועסטו פאַרקויפן; זיי טויגן ניט פאַר קיינעם פון אונדזערע קינדער...

כײַע־זלאַטע איז געשטאַנען אין דער טיר. בערקען האָט זי געשיקט נאָכן פעלדשער; דאָ־ווידקען — נאָך מוישעלע שוסטער. געפינענדיק, אַז אַלץ, וואָס מע דאַרף, איז געטאָן געוואָרן, האָט זי אָנגעגאָסן אין א טעפּל שוואַרצע קאַווע און צוגעטראָגן צום מאַן.

ער האָט א זופּ געטאָן.

— נו, ווי שמעקט דיר, מײַן מאַן? — האָט זי אים געפרעגט.

— זייער גוט, — האָט ער געענטפערט.

זי האָט אופגעהויבן א שטיק שוואַרצן שירץ צו די אויגן. און דערווײַל האָט זיך צעוויינט דאָס קינד.

אַז דער פעלדשער איז אַוועקגעגאַנגען פון שטוב, האָט כאַנאַניע אַזוי געזאָגט צו זײַן ווײַב און צו מוישעלען:

— זעט איר, דאָס העמד איז דאָס איינציקע, וואָס איך האָב פון דער וועלט...

מוישעלע האָט געפּרוּווט זיך בייזערן:

— דו! רייד נישט אַזעלכע נאַרישע רייד!..

האָט כאַנאַניע אים צוגערופן נעענטער:

— קום אהער, מוישעלע, זעץ דיך אפן בעט. איך בין געווען א טרעגער. טויזנט זעק זאלץ און טויזנט זעק מעל און טויזנט קעלבער האָב איך אויסגעטראָגן אף מײַנע פּלייצעס. אָבער די ערד וויל מיך אליין שוין מער ניט טראָגן אף זיך... וואָס קאָן איך טאָן?.. מוישעלע, וואָס קאָן איך טאָן...

דערנאָך האָט ער געהייסן צוקומען בערקען צום בעט, איז בערקע צוגעגאנגען און געקוקט אפן פּאָטער. כאנאניע האָט זיך געטרייסט:

— א שטארקער יונג... א שטארקער יונג... ביסט שוין זיבן יאָר אלט, ס'אכטע גייט שוין אויכעט... וועסטו מיטגיין מיט מוישעלען. מוישעלע, וועסט אים מאכן פאר א לײַט...

דערנאָך האָט ער געהייסן צוקומען די קלענערע קינדער, וועמען ער האָט איבערגעגעבן אף כײַע־זלאטעס הענט. ער האָט איר געזאָגט:

— וואָס קאָן איך טאָן... וואָס קאָן איך טאָן...

און צולעצט האָט ער געהייסן צורופן די שטומע. לייע האָט זיך צוגערוקט מיטן וויגל. זיי ביידן האָט כאנאניע גאָרנישט געזאָגט. ער האָט נאָר געקוקט אף זיי און געגלעט די לופט. לייע האָט אומגעוויינלעך אופגעריסן די אויגן. זי האָט אײַנגעזאפּט דורך זיי אומבאקאנטע פארבן און רייכעס.

קוקנדיק אף זײַן שטומער טאָכטער און אפן יינגסטן זון, האָט כאנאניע זיך צעוויינט.

# א קאָנטראַקט

א פײַן אָנגעטאָנען מענטשל, קוים נאָך די שלוישים, צוגעקעמט מיט א זײַט־שרונט, רעדט מיט אן אָנגענעם קאָל: דאָס איז ציניײַדעק, פאליע ציניײַדעקס ברודער, דער זעלבער, וועלכן איך האָב געזען און מיט וועלכן איך האָב גערעדט בלויז איין מאָל אין לעבן.

ס'איז דער פון „קאָנטראַקט"... דאָס האָט פאליע ציניײַדעק מיר צוגעשטעלט א ראנדעוווּ מיט איר ברודער. „ער האָט פאר אײַך א פאָרשלאָג, — האָט זי געזאָגט, — א ברילִיאנטענעם פאָרשלאָג בא הײַנטיקע צײַטן!"

און אליין איז זי אויך א ברילִיאנטן מיידל, די פאליע. בא אכט און צוואנציק — נײַן און צוואנציק יאָר. זעט אָבער אויס ניט מער ווי פון זעקס און צוואנציק, העכסטנס זיבן און צוואנציק. אָבער — א ברילִיאנטן מיידל! אפן צײַג־פינגער פון דער רעכטער האנט טראָגט זי א ברילִיאנט, ווי א פלאָסטער, און אף ביידע כופּע־פינגער — פינגערלעך מיט ברילִיאנטלעך, געגוג פאר פיר כאסאנים. דאָס האָט, זאָגט זי, איר ברודערל „אופגעטריבן" פאר די קאַרגע צוויי מילכאָמע־יאָרן.

אופגעטריבן? פאר קאַרגע צוויי יאָר? ס'לאָזט זיך ריידן. בא אייניקע „טרײַבט" זיך צײַטנווײַז אוף אן אפּטיטעקע לויטן ווויסנשאפטלעכן געזעץ פון טאָפּלונג. איר ווייסט דאָך, אזוי ווי בא די מיקראָבן, באצילן. נעמט, לעמאָשל, א סומע, זאָל מען זאָגן, פון צען פראנק, און לאָזט זי טאָפּלען איבערן טאָג. האָט איר צומאָרגנס צוואנציק. איר לאָזט זיי ווײַטער טאָפּלען. האָט איר צומאָרגנס פערציק. און וויפל, מיינט איר, קאָן ווערן נאָך צוואנציק טאָג, הא, וויפל? איר וועט גאָרנישט קענען אויסרעכענען... א קינד אין כיידער קאָן שוין די דאָזיקע קונץ. ב. ציניײַדעק איז געווען א מיליאָנער. א מולטימיליאָנער! זײַן שוועסטער פאליע איז אָבער געווען מײַן ווײַבלס א באקאנטע. דאָס הייסט, אז ביז דער מילכאָמע האָט זי, ווי אלע יידישע אײַנגעוואנדערטע מיידלעך, געארבעט בא נייטערײַ. און דער נעס איז געווען, וואָס אפילע מיט ברילִיאנטן איז זי קיין גרויסהאלטערקע ניט געוואָרן. דאָס האָט אפילע געקרענקט מײַן ווײַבל. „די פאליע? שוין פאר דער מילכאָמע איז דאָס געווען א פוצערקע און א פּלוידערזאק. קינסטלער? דער קינסטלער האָט בא איר געהאט א פּאָנעם פון כויזעק. זי האָט געשטרעבט צו קומען צווישן אונדזערע יונגע דאָקטוירימלעך אין פאריזש אָדער צווישן סאָכרים", — אזוי האָט מיר געזאָגט מײַן ווײַבל, און זי האָט געקענט פאליען אזוי, ווי מ'קען זיך צווישן קרוווים.

איך וווין מיט מײַן ווײַבל און ביידע קינדערלעך, וואָס האָבן אינײנעם דרײַ מיט א האלבן יאָר, — אין איין צימערל, און דאָס איינע צימערל האָב איך געפונען אויך דורך א נעס. איין קלייניקײַט, געפינען א פרײַ כיידער אין ג.[1]

וואָס זאָל איך אײַך ברײַען? ס'איז זומער. פירט מײַן ווײַבל די קינדער אין סקווער ארײַן אף לופט. האָט זי דאָרטן געזען פאליען, אָבער א פאליע מיט ברילִיאנטן!

---

[1] עס רעדט זיך דאָ וועגן א שטאָט אין דעם ווישי־פראנקרײַך.

„זי האָט אַפילו געמאַכט אַ מינע, ווי זי דערקענט מיך ניט, — האָט מײַן ווײַבל מיר געזאָגט, — נאָר ווי זי האָט דערזען די צוויי קינדער, האָט זי אויסגעשטעקט אַ פּאָר אויגן, ווי זי וואָלט נאָך קיינמאָל אַזוינס ניט געזען".

דאָ ליגט טאַקע דער קעלעוו באַגראָבן... זי האָט זיך פּאַשעט צוגעכאַפּט צו אונדזערע קינדער. זי איז געוואָרן אַ טעגלעכע אַרײַנגייערן. איין טאָג צוקערלעך פאַר דער גרעסערער, אַן אַנדער טאָג אַ קליידל (פון זיך) פאַר מײַנער (נאָך אַ יאָר לאַגערן איז דאָך פון אונדזער מישטיינס־געזאָגט באַלעבאַטישקײַט גאָר געוואָרן אַ טעל!) און אַן אַנדערש מאָל אַ פּאָר ברויט־טאַלאָנען... (איר קענט זיך עפּעס אָף בריליאַנטן?) און דער איקער האָט זי אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע צום וויקל־קינד, ס׳הייסט פון וויקעלעך איז אַפילו קיין סימען ניטאָ, נאָר ס׳רעדט זיך שוין אַזוי.

דרײַ כאַדאָשים איז הײַנט אַלט דאָס פאַרשווינדל, און פיר ווערט, אַז מײַנע איז אַרויס פון לאַגער. מאַזל געהאַט, עס זאָל נישט זײַן קיין לאַגער־קינד... נאָך דאָס האָט מיר געפעלט! קורץ, בעמעשעך פון אַ פּאָר טעג קומט די פּאַליע צו און ברענגט מיר די יעדיִע וועגן דעם „ראַנדעוווּ" מיט איר ברודער. איר פאַרשטייט? ב. ציניײַדעק וויל זיך אַליין מיט מיר זען. ער האָט מיר צו מאַכן אַ פאָרשלאָג, אַ בריליאַנטענעם פאָרשלאָג, ווי פּאַליע זאָגט. קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, וואָס עס האָט זיך געטאָן בײַ אונדז אין קאָפּ! די פּאָר טעג ביז צו דער „זעונג" האָבן מיר זיך געפּונען אין אַן עמעסדיקן פיבער, איך און מײַן ווײַבל. פּראָיעקטן האָבן געבליט בײַ אונדז אונטערן קאָפּשיידל אַזוי, ווי די... כ׳וויל גאָרנישט אויסריידן... און מע איז געשפּרונגען ראָש פון די קליינע האָפענונגען צו די גרויסע אַריבער... גאָרנישט איז פאַר אונדז געוואָרן אַ זאַך. און אַלץ איז אונדז פאַרגעקומען פאַר מעגלעך און פון מעגלעך — ווירקלעך! וואָרעם וואָס איר ווילט, נאָר קיין פאַנטאַזיע פעלט בײַ אונדז, קינסטלער, ניט אויס...

יאָ, איך בין אַ קינסטלער, אַ קונסט־מאָלער. האָט ניט קיין פאַריבל, וואָס כ׳שטעל מיך פאַר אומגעבעטענערהייט... ס׳איז אָבער צום איניען, שטאַרק צום איניען.

ב. ציניײַדעק, דער מיליאָנער, באַשטעלט מיר אַ ראַנדעוווּ! ב. ציניײַדעק האָט פאַר מיר אַ פאָרשלאָג און אַ בריליאַנטענעם פאָרשלאָג, טאָ וואָס קאָן זײַן אַנדערש, ווי אַ קאָנטראַקט? אַ קאָנטראַקט, ווי ס׳פלעגט זיך פירן אין פּאַריזש פאַר דער מילכאָמע. אַ קאָנטראַקט צווישן אַ גוויר, אַן אַמאַטאָר אָף קונסט־ווערק, מיט אַ מאָלער, אָדער אַ צייכנער, אָדער אַ גראַווירער, אָדער אַ סקולפּטאָר, אָדער סטאַם אַ קינסטלער. און זיי ווייסן, וואָס זיי טוען, די גווירים! קונסט־ווערק זײַנען שטענדיק געלט, בעשעאַס געלט האָט אַמאָל גאָר קיין ווערט ניט! לעמאַשל, הײַנטיקע צײַטן... בײַ זיי, נאַטירלעך, בײַ די גווירים! בײַ אַ ייִדישן קינסטלער אָבער — יאָ. ווי שטאַרק געלט איז געפאַלן אין יאָר 43, איז עס אָבער בײַ אַזאַ שטייגער, ווי אונדזערער, גאָר נאָך מער כאָשעווו ווי פאַר דער מילכאָמע... באַרעכנט נאָר: זיבן און דרײַסיק פראַנק אַ טאָג מוז איך צאָלן בלויז פאַר אונדזער צימערל, יעדן טאָג זיבן און דרײַסיק פראַנק! קענט איר שוין האָבן אַ פאָרשטעלונג וועגן די בריליאַנטענע פּלענער, וואָס זײַנען אונדז געלאָפן אונטערן שטערן און איבערן שטערן? טייל־מאָל האָט מען זיך אופגעכאַפּט פון שלאָף אָפגעטונקען אין שוויס. מיר האָבן שוין געשוויצט, ווי די נעגידים, איר מעגט לאַכן...

וואָרעם ס׳איז ניט לײַכט אַרויסצודערציילן אַלץ, וואָס דעם מענטשן קוועטשט... פּאַראַיאָרן האָט מען מיך געכאַפּט אין אַ לאַגער, מיך צום ערשטן איינעם אַליין. איז נאָך, ווי איינער זאָגט, אַ האַלבע צאָרע, אָבער אַז מע האָט שפּעטער געגעבן אַ כאַפּ מײַן ווײַבל מיט אונדזער דרײַיאָריקער טאָכטער און, אַ כאַרפּע אויסצוזאָגן, מיט אַ זעקסכאָדאָשימדיקס אונטערן נאָפּל, איז שוין געוואָרן גאָר ביטער. קיין באַנקירן זײַנען מיר ניט געוועזן, דאָס איז דאָך קלאָר; קיין גוטע, איבערגעגעבענע, געטרײַע אָדער סטאַם אידעאַליסטישע פרײַנט, וואָס זאָלן, ווי ס׳איז דער מינהעג, צושיקן דעם אומגליקלעכן לאַגערניק אַלע וואָך אַ פּעקל מיט ווורשט, פּוטער, ברויט, צוקער אָדער סאַכאַרין, האָבן מיר ניט געהאַט, איז מען געוואָרן אַזוי, אַז דער ערגסטער מענטשנפרעסער וואָלט אונדז זיכער ניט געוואָלט טויעם זײַן. איר קענט נאָך, דוכט זיך, דערקענען די סימאָנים...

ווי אָבער מײַן ווײַבל איז אַרײַן אין די הויכקײַטן, האָט מען זי אין איין שיינעם טאָג אַרויסגעלאָזט צוזאַמען מיט אונדזער דרײַיאָריק קינד, און ווען איך האָב זיך שפּעטער אַליין „אַרויסגעלאָזט", האָב איך זי שוין געטראָפן מיט צוויי... איר פאַרשטייט עפּעס אין די סוידעס פון דער נאַטור? אָבער שפּאַס־רייד אין אַ זײַט: ס׳איז ניט מעגלעך צו לעבן. לעמאַשל, דער קאָמיטעט גיט[1]. אָבער וויפל גיט ער? וויפל קאָן ער אײַנגאַנצן געבן, אַז הײַנט זײַנען הונדערט פראַנק עפּשער צוויי פראַנק, עפּשער דרײַ און עפּשער אַכט. ווייס איך? אַוודע איז עס ניט מײַן זאַך. איך בין דאָך אַ קינסטלער! לעבן מוז דאָך אָבער אַ סטאָליער אויך!

[1] אַ פילאַנטראָפּישער קאָמיטעט.

בא אזעלכע לעבנס־באַדינגונגען איז געקומען מײַן װײַבלס באַקאַנטע פֿון פֿאַר דער מילכאָמע און אַרײַנגעבראַכט אין אונדזער ענג צימערל אַ בוקעט מיט האָפֿענונגען.

װען איר װאָלט אױך געװען אַ קינסטלער, װאָלט איר זיך געקענט אױסמאָלן אונדזער אומ־געדולדיקײַט, מײַנע און מײַן װײַבלס.

דער טאָג פֿון ראַנדעװו איז געקומען. און די שאָ האָט געשלאָגן. איך בין געװען אָפּן אָפּגע־רעדטן אָרט אַ שטיק פֿאַר דער צײַט און זיך פֿאַרגענומען צו װאַרטן, אױב עס װעט אױסקומען, אַזױ לאַנג, װיפֿל כ׳װעל נאָר קאָנען פֿאַרטראָגן. נײַן, ער איז געקומען ריכטיק צו דער מינוט. אַ פֿײַן אָנגעטאָנענער יונגערמאַנטשיק, צוגעקעמט מיט אַ זײַט־שרונט, און האָט זיך פֿאָרגעשטעלט מיט אַן אָנגענעם קאָל: ב. ציניײַדעק, פֿאַליעס ברודער.

נאָך די פֿאָרמאַליטעטן פֿון פֿאָרשטעלן זיך אײנס דעם אַנדערן האָט ער מיך אַרײַנגעבעטן אין אַ קאַפֿע און געצאָלט פֿאַר אַ פֿלעשל סאַכאַרין־װאַסער. מע איז געזעסן אַזױ בא אַ טישל און געשמועסט סטאַם אין דער װעלט אַרײַן. און פּלוצעם איז ער אױפֿגעשטאַנען:

— קומט אַרױס אין שטאָט. דאָ קאָן מען ניט רײדן װעגן ערנסטע זאַכן. אַ קאַפֿע האָט טױזנט אױגן...

איז מען נאָכן פֿלעשל סאַכאַרין־סאָדע געגאַנגען אין שטאָט. און אױפֿן װעג האָט ער מיך אױס־געפֿרעגט װעגן מײַן לעבן אין דער הײם, אין פּאַריז, און דאָ, אין ג. כ׳האָב געמײנט, ער קלײַבט זיך שרײַבן אַן אָפּהאַנדלונג װעגן מיר, אַ מאָנאָגראַפֿיע! כ׳בין זיך מודה, אַז מײַן לעבן ביז אַהער איז עפּעס ניט רײַך געװען אין פֿלעשלעך שאַמפּאַניער און נאָך װינציקער אין האַרצרײַסנדיקע עפּיזאָדן. פֿונדעסטװעגן האָב איך אָפּגעמאַכט בא זיך טײַער צו פֿאַרקױפֿן מײַן קאָנטראַקט. ניט פֿאַר קײן טעפּל לינדזן. עס װעט אים שױן קאָסטן, דעם פֿריש־געבאַרענעם מיליאָנערוק. און צוריק געשמועסט, דאָס גוטע געשעפֿט מאַכט ער. װאָרעם ער קריגט דאָך מײַן גאַנצע פּראָדוק־ציע! איר פֿאַרשטײט עפּעס אין בריליאַנטן? קונסט־װערק זײַנען טײלמאָל נאָך טײַערער פֿון בריליאַנטן... דעהײַנע, איך װער באַרימט, נעמט מען שרײַבן װעגן מיר אַרטיקלען אין די צײַ־טונגען, מע דרוקט װעגן מיר ביכער, לױפֿט מען קוקן אױף מײַנע אױסשטעלונגען און מע שלאָגט זיך פֿאָשעט אין די ליציטאַציעס פֿאַר מײַנס אַ בילד! ס׳איז אַ פֿאַנטאַזיע? נעמט אָן אַ װײַלע, ס׳איז די װירקלעכקײַט, װאָרעם ס׳זײַנען שױן געשען אַזעלכע זאַכן. איז װאָס? איז ב. ציניײַדעק שױן ניט קײן מיליאָנער, נאָר אַ מיליאַרדער. איך, איך, קאַפּצן און שנאָרער, איך װעל ב. ציני־דעקן, דעם גרױסן מילכאָמע־צולײגער, מאַכן פֿאַר אַ מיליאַרדער! איך און מײַן קאָנטראַקט...

איר זעט מיך, איר קוקט מיך אָן, איר האָט שױן אװדאי טױפֿעס געװען, אַז איך בין ניט פֿון יענע קינסטלער, װאָס מע רופֿט זײ באָהעמע. איך בין ניט קײן פֿרינץ צװישן שיקורים. איך בין ניט קײן לײב צװישן מײדלעך, װאָס פֿאַזירן נאַקעטערהײט פֿאַרן מאָלער און סקולפּטאָר. אין קאַפֿע, אַז איך קום אַרײַן, שטײט מען ניט אױף פֿון די טישלעך און אײנער דעם צװײטן שטױסט ניט מיטן עלנבױגן: זעסט, דער דאָ איז מוסיע אָדער ד״ר עלימײלעך. איך בין אַ פּראָסטער װײַ־צידקאָסקאָ. אַזאַ װי איר אַלע. נאָר בעשאַס איר אַלע נײט, און שטעפּט, און זעגט, און קלאַפּט, און קלעפּט, און רײַבט, און פֿײַלט — מאָל איך. װײַטער — גאָרנישט. דערפֿאַר װיל איך אײַך זאָגן קורץ: דאָס לעצטע מאָל טו איך דאָ אױסמאָלן, װי בא מיר און בא מײַן װײַבל האָט זיך שיר דער קאָפּ ניט פֿאַרדרײט פֿאַר די פֿאַר טעג פֿון ציניײַדעקס באַשטעלונג ביז דער זעונג.

...איז מען געגאַנגען איבער דער שטאָט. ב. ציניײַדעק פֿרעגט, און איך ענטפֿער. צום פֿינ־טעלע איז מען אָבער אַלץ ניט דערגאַנגען. האָט געטראָפֿן, אַז אױף אײן עק גאַס איז געװען צוגע־קלעפּט אַן אַפֿישע, אַ קאָלירטע אַפֿישע פֿון דער נאַציאָנאַלער לאָטערײ. ב. ציניײַדעק איז געבליבן שטײן צו איר מיטן פּאָנעם. איך האָב דאָס דעמאָלט ניט געהאַט געזען, ניט באַמערקט אַפֿילע. און אױב יאָ, װאָלט עס אױך געװען גאָלע גאָרנישט. װאָרעם װיפֿל, קלערט איר, האָב איך שױן געזען אַזעלכע אַפֿישעס אין מײַן לעבן?

איצט אָבער, הײַנט אָבער, װי נאָר איך דערמאָן זיך אין יענעם טאָג, אַזױ שפּרינגט מיר טײקעף אַנטקעגן קוידעמקאָל יענע אַפֿישע. אַזױ װי פֿײַערדיקע װערטער אין דער פֿינצטערער נאַכט, װי אַ שרעקלעכער סימבאָל.

איצטער... קורץ, פֿאַר דער אַפֿישע פֿון דער נאַציאָנאַלער לאָטערײ איז דער דאָװראַכער געבליבן שטײן און זיך אָפּגערופֿן צו מיר אַזױ:

— װיפֿל װילט איר פֿאַר אײַער קינד?

כ׳קאָן אײַך פֿאַרזיכערן, אַז װי נאָר ער האָט אַרױסגערעדט די װערטער, האָב איך דערזען מײַן באָבע פֿאַר די אױגן און דערהערט איר קאָל: „אַ דונער פֿון הימל״, בעשאַס איך אַלײן האָב אים אָנגעקוקט, װי אַ גױלעם קוקט אָן דעם קלאָרן באַרדאַס און מײנט, ס׳איז אַ ציבעלע...

— פֿאַרן קלענערן, — האָט דער דאָװראַכער װײַטער גערעדט, — כ׳װאָלט אַפֿילע געקױפֿט ס׳גרעסערע, ס׳איז באַקװעמער. אָבער ס׳קלענערע איז פּראַקטישער...

— און דער קאָנטראַקט? — האָב איך, גוילעם, קוים געקענט אַרויסברענגען אַף מײַנע ליפּן.

מיט אַ שמייכל אַף זײַנע, נעמט ער מיך גאָר אונטערן אָרעם און פירט מיך אַרײַן אין אַ גרויסאַרטיקן באַר. ער האָט שוין מער ניט מוירע געהאַט פאַר די טויזנט אויגן! און לייגט מיר פאָר, סאַכריש־מעסיק, אָרנטלעך און אופריכטיק, כ׳זאָל אים פאַרקויפן, אָפּטרעטן, אויסבאָרגן, פאַרלײַען מײַן פּיצל אין דריטן כוידעש... בײַשער ער, ב. ציניײַדעק, איז היײַנטיקן זומער צוגלײַך מיט אַלע ייִדן שוין אויך געווען אין לאַגער... איז נאָך צוגעקומען די מוירע פאַר דעפּאָרטאַציע! נו, איז ער אַנטלאָפן און מיט דער שוועסטער געקומען קיין ג. אין ג. איז מען שוין זיכער? זיכער ניט... האָט ער אַ פּלאַן: העיויס מיט אַ קליין קינד שיקט מען ניט צוריק פון דער שווייץ, בלײַבט כאַסענע צו האָבן מיט דער שוועסטער און „באָרגן" אַ קינד... „באָרגן" אַ קינד — גאָט אין הימל!

גאָט אין הימל, פאַרוואָס זאָל ער טאַקע ניט טאָרן באָרגן אַ קינד? אַז ער איז גרייט צו פינאַנסירן פאַר דער גאַנצער מישפּאָכע אַ רײַזע אין דער שווייץ און דאָס זײַן דאָרט ביזן סאָף מילכאָמע, דאָס אַלץ אונטער איין באַדינג: איין קינד זאָל ווערן אָפּגעשריבן אַף זײַן נאָמען... ער האָט שוין אַפילע אַזאַ מישפּאָכע, וואָס וויל אים „געבן" צוויי קינדער, אַפילע דרײַ, אויב ער וויל. איז עס אָבער אַ מישפּאָכע פון נײַן קינדער, דערצו ביידע עלטערן, מאַכט אויס עלף... עלף מענטשן!

פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס ער האָט געהאַלטן אָפּן זײַן האַרץ, בין איך געזעסן ווי אַן אידיאָט, אָן דעם קלענסטן ראַיען. כ׳האָב ניט געשפּירט, אַז די זוילן ברענען מיר. ס׳איז מיר ניט פאַרגעקומען, אַז כ׳שטעק צווישן הימל און ערד, אַז כ׳שטיי אָפּן שפּיץ פון אַ שניי־באַרג, בעשאַס פאַר די פיס איז אָפּן אַ טיפער, שוואַרצער טהאָם.

גאָרנישט איז מיט מיר געשען. ס׳האָט ניט געהאַלטן באַם רופן אַ דאָקטער, כ׳האָב ניט געכאַלעשט. כ׳האָב ניט געקריגן קיין פּאַטש אין פּאָנעם פון וויס איך וואָס פאַר אַ מעשוגענעם דאָרטן. נאָר ס׳איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן. און באַלד דערויף האָב איך געמיינט, אַז אַ רויציײַעך שטייט איבער מיר מיט אַ מעסער: דײַן לעבן אָדער דײַן קינד!

פאַרוואָס האָב איך עפּעס אַזוי געמיינט? איך געהער בעטעווע ניט צו דער קאַסטע נעוויִים: איך קאָן קיינמאָל ניט זאָגן היײַנט, וואָס מאָרגן וועט זײַן. אין יענער מינוט אָבער, וואָס רייד איך, — אין איין סעקונדע האָב איך געזען, באַשײַמפּערלעך געזען — די גרענעץ. מיר גייען, צוויי פאַרפּאַלק גייען מיר. מיר גייען אַלע בעשאָלעם אַריבער די גרענעץ. מײַן ווײַבל טראָגט ס׳עלטערע קינד, און פאַליע ציניײַדעק, איר אייגענעם ברודערס ווײַב, האַלט ס׳אַנדערע, דאָס פּיצל. בעשאָלעם אַריבערגעקומען אַף יענער זײַט איז מען. מע פירט אונדז אָפּ צו דער וואַך. „ווי הייסט איר און ווער זײַט איר?" — פרעגט מען באַ אונדז. און מע צעטיילט אונדז: די מיטן עלטערן קינד בלײַבן דאָ און יענע מיטן זויגלינג פירט מען אָפּ ווײַטער. טוישט זיך די וואַך, און די נײַע נעמט אונדז און פירט אונדז. וווּהין? שטוינט און הערט: צוריק צו דער גרענעץ. מע וויינט, מע בעט זיך, מע שרײַט. די נײַע וואַך ווייסט אָבער גאָרנישט צו זאָגן וועגן אַ מישפּאָכע ציניײַדעק מיט אַ זויגלינג. איך ברעך די הענט. נאָר מײַן ווײַב, אין איר האָט אופגעוואַכט די לייבן, די וועלפן, די לעמפּערטן, מיט איין וואָרט: די מאַמע. „ווער וועט עס אָנזויגן, די שוועסטער פאַליע?" — ברומט זי. נאָר די וואַך איז וואַך. און די וואַך שטופּט אונדז צוריק, צוריק אַף דער זײַט גרענעץ, ווו, כ׳בין זיכער, מע וועט אונדז כאַפּן, ברענגען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער און פון דאָרטן וועט מען אונדז שוין דעפּאָרטירן...

אין ראַיען, אָדער בלויז אין די דימיויִנעס, אָדער עפּשער אין די מענטשעלעך פון די אויגן זײַנען די אַלע בילדער מיר אַדורכגעלאָפן בעמעשעך פון איין הונדערטכיילעך פון אַ סעקונדע! כ׳בין אָבער דערפון, ווי איר זעט, ניט געפאַלן טויט. כ׳האָב זיך ניט געזידלט אויך. און ניט געשפּיגן קלעק. כ׳האָב נאָר געלאָזן זיצן דאָס מילכאָמע־גווירל אָדער געלאָזט אים שטיין, כ׳געדענק שוין ניט, פאַר די פינף מיליאָן פון הער באַציאָנאַלער לאָטעריי, און דאָס — גאָר.

— און דאָס גאָר?

— יאָ, און דאָס גאָר.

ארן ווערגעליס

# רייזעס

## וועגן וואָס שמועסט מען אין פאַריזש



וידעמקאָל, וווּ שמועסט מען אין פאַריזש: אף דער גאַס? אין די הויפן? אין די סקווערן? אף די פּריזבעס?

אין פאַריזש שמועסט מען געוויינלעך אין קאַפע.

מע טרינקט שוואַרצע קאַווע אָדער א גלאָז רויטן ווײַן — און מע שמועסט. קאַווע אָדער ווײַן איז די געלעגנהײַט; דער שמועס — די נויטווענדיקײַט. איך זאָג עס דערפאַר, ווײַל אין אונדזער ווילער צײַט, לאָמיר זיך מוידע זײַן, טרעפט אָפט דאָס פאַרקערטע: א בוטל בראַנפן מיט צובײַסעכץ איז די נויטווענדיקײַט און א שמועס דערבײַ — די געלעגנהײַט.

אין א פאַריזשער קאַפע דאַרפסטו ניט זוכן קיין פרײַ אָרט בא א טישל, אויך ניט אויסקוקן די אויגן, וואַרטנ־דיק אף דער קעלנערשע. גייסט ארײַן מיט דײַן פרײַנט אָדער פרײַנדן, באַקומסט אין איין אויגנבליק א בוטל מיט קעלישעקלעך און — שמועס וויפל דאָס האַרץ גלוסט.

אָפטער פון אַלץ זײַנען מיר אַהין, אין קאַפע, געגאַנגען זאַלבעדריט: טאַקע זי, די פאַריזשער, די אָפּשטאַ־מיקע פון מאָסקווע זשעניע פײַערמאַן, און מיר, צוויי אַלטע פרײַנט: שאַרל שטיינמאַן, דער קולטור־סעקרעטאַר פון „אוניאָן“, און איך.

שאַרל איז א מעכײַעדיקער, א ביז גאָר פאַשעטער פאָלקס־מענטש. צווישן עטלעכע פענעמער איז זײַן פּאָנעם ניט דאָס שרײַענדיקסטע, צווישן עטלעכע מיינונגען איז זײַן מיינונג ניט די קאַטעגאָרישסטע, ער איז ווי א ריפּטל ברויט לעבן דעם גאַנצן לעבל. בלײַבסטו מיט אים אַליין, איז דיר מיט אים גוט.

מיר באַשליסן, לעמאָשל, גיין זאַלבעדריט א קוק טאָן דעם לעצטן קינאָ־פילם. קעדיי זיך צונויפריידן, וווּהין צו גיין, קומט מען ארײַן אין א קאַפע. מע זופּט פּאַמעלעך אויס די קאַווע, ריידנדיק וועגן אַלץ, אָבער ניט וועגן דעם איניען גופע, — און עס הייסט, מע האָט זיך צונויפגערעדט: מע וועט גיין אין יענעם קינאָ־זאַל, וואָס איז אַנטקעגן דער קאַפע; וווּהין דען זאָל מען גיין? דאָרט, אף דער צווייטער זײַט גאַס, וועט שאַרל נעמען די בילעטן, און ביז וואָס־ווען זעצט מען זיך דערווײַל צו בא א טישל אין דער דערבײַיִקער קאַפע. נאָכן פילם דאַרף מען א שמועס טאָן וועגן דעם פילם, און וווּ מע שמועסט אין פאַריזש, ווייסן מיר שוין...

צי אָט א צווייטער בײַשפּיל פון דעם מין. זײַענדיק אין רעדאַקציע פון דער „נײַער פּרעסע“, אין קאַבינעט בא מ. ווילנערן[1], וואָס איז שטענדיק מאַמעש פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, זאָג איך אים, אז עס וואָלט שוין עפּשער צײַט געווען א שמועס טאָן. ווילנער טראַכט ניט לאַנג און לייגט פאָר, מיר זאָלן אַראָפּגיין (פאַראַן אף רי פאַראַדי א קאַפע, וווּהין עס קומען געוויינלעך ארײַן די מיטאַרבעטער פון „אוניאָן“ און פון דער „נײַער פּרעסע“). גייען מיר, הייסט עס, אַראָפּ, קעדיי אין א רויִק אָרט זיך דורכשמועסן. מיר זיצן בא א טעפּעלע קאַווע. די באַלעבאָסטע פרעגט זיך אָן בא ווילנערן, צי האָט ער הײַנט שוין דורכגעמאַכט די מעדיצינישע פּראָצעדור, וועלכע דער דאָקטער האָט אים מיט א וואָכן צוויי צוריק צוגעשריבן אף יעדן טאָג. דערנאָך הייבן מיר זיך אויף פון די ערטער און גייען צוריק אין רעדאַקציע, אין ווילנערס אַרבעטס־קאַבינעט, און דאָרט שמועסן מיר זיך ערשט דורך.

און אז עס איז שוין געקומען צו רייד וועגן שמועסן, וועל איך דערציילן, וועגן וואָס און וויאַזוי מע האָט אין פאַריזש געפירט א שמועס אין אן אַנדער אָרט, ניט אין קאַפע, נאָר צווישן הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקײַטן, אף א צונויפקום אין „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל“.

אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל? וואָס איז עס?

אַמאָל־אַמאָל איז געווען די אַזויגערופענע קאָנסיסטאָריע פון די פראַנצויזישע ייִדן. מיט א יאָר פינף פאַר דעם מאַרש אף מאָסקווע האָט נאַפּאָלעאָן געשאַפן די דאָזיקע ייִדישע רעליגיעז־וועלטלעכע אַדמיניסטראַציע אַלס א באַקוועם געצײַג צו האַלטן מיט איר הילף אין געהאָרכזאַמקײַט די ייִדן פון פאַריזש. די אידיי צו שאַפן גראָד א קאָנסיסטאָריע נעמט זיך פון דעם, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געזען אין די ייִדן בלויז א רעליגיעזע גרופּע. דערפאַר טאַקע איז לויט א געזעץ, אן אונטערגעזאָגטן פון דער רעגירונג, דער נאָמען „ייִד“ פאַרביטן געוואָרן אף „איז־

---

פאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 7.

[1] מיטרעדאַקטאָר פון „נײַע פּרעסע“.

ראַעליט", ווײַל „דער נאָמען ייִד דערמאָנט גיכער אַ נאַציע, איידער אַ רעליגיע", שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס מיט דעם דאָזיקן נאָמען זײַנען פֿאַרבונדן „אומגליקלעכע פֿאַרורטיילן"...

אין הונדערט יאָר אַרום (נעמלעך, אין 1905), ווען אין פֿראַנקרײַך איז די רעליגיע אָפּגעטיילט געוואָרן פון דער מעלוכע, איז אויך די קאָנסיסטאָריאַלע סיסטעם פֿאַרשוווּנדן, כאָטש ביז הײַנטיקן טאָג פֿאַרבלײַבט דער רודימענט, וואָס הייסט קאָנסיסטאָריע, אָבער איצט איז דאָס שוין אַ געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, אַ מין „לאַזשע" פון פֿראַנצויזיש־ריידנדיקע ייִדן.

אַדמיראַל לוי קאַן איז פּרעזידענט פון דער קאָנסיסטאָריע און אײנצײַטיק פון דעם „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל", וואָס, אייגנטלעך, איז עס איינס און דאָס זעלבע. געשאַפן געוואָרן איז דער אַליאַנס דאַן, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די פֿראַנצויזישע קאָלאָניזאַציע פון די אַראַבישע לענדער און פון מיטעלן מיזרעך. דערלויבנדיק שאַפן אין יענע געביטן יודאַיִסטישע שולן מיט דער פֿראַנצויזישער אונטעריכט־שפּראַך, האָט מען אויסגערעכנט, אַז די אַביטוריִענטן פון אָט די שולן וועלן אונטערהאַלטן און פֿאַרשפּרייטן די פֿראַנצויזישע ווירקונג. ביז הײַנט האָט דער „אַליאַנס איזראַעליט" נאָך פֿאַרהיט ניט ווייניק שולן אין סיריע, ליבאַן, אַפילו אין אינדיע. דער אידיישער אינהאַלט פונעם אַליאַנס איז אַ יודאַיִסטישער (ייִדישע רעליגיע, טראַדיציאָנעלע דערציִונג), די פּראָגראַם — פֿילאַנטראָפּיע און אַקציעס אַף צו פֿאַרטיידיקן די ייִדן פון דיסקרימינאַציע.

„אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל" פֿאַרייניקט אַסימילירטע ייִדן — „פֿראַנצויזן פון מוישעס גלויבן", ייִדן, וועלכע לעבן זיך אויס אין דער פֿראַנצויזישער קולטור. זיי שעמען זיך אַ ביסל אונטער מיטן „טכום־ייִד". ייִדיש אַלס שפּראַך גייט זיי ניט אָן. זיי זײַנען פֿראַנצויזן! צו יִסראָעל באַציִען זיי זיך מיט סימפּאַטיע — ניט ווי ציִוניסטן, פֿאַרשטייט זיך, נאָר, ווי מע זאָגט: וואָס עס איז, איז עס. נאָר אַ מעדינע איז עס. אַנטיסאָוועטיש זײַנען זיי ניט.

איז פֿאַרוואָס דערצייל איך וועגן דעם? אַך, יאָ, עס איז געקומען צו רייד, אַז אין פּאַריזש, ווען מע וויל זיך דורכשמועסן, קומט מען אַרײַן אין אַ קאַפע, אָבער דאָס איז ניט דאָס אײנציקע אָרט. אָט בין איך געווען אַף אַן אופנאַם (געווידמעט דער אויסשטעלונג פון ייִדישן מאַרטירער און ייִדישן ווידערשטאַנד) אין דעם אַריסטאָקראַטישן „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל", און דאָרט...

נאָר איך האָב צוגעזאָגט, אַז וועגן די עפּיזאָדן פון מײַן רײַזע קיין פּאַריזש וועל איך דערציילן אינקורצן, און דאָ האָט זיך (זאָל דער לייענער מיר מויכל זײַן) אַ קאָפּעטשקע פֿאַרצויגן.

לאָמיר מאַכן אַן איבעררײַס און דערווײַל דערציילן וועגן עפּעס אַנדערש.

## אַ דיִאַלאָג דורך אַ מאָנאַלאָג

אַפילו אַ קינד ווייסט הײַנטיקע צײַטן, וויִאַזוי עס קומט פֿאָר אַ פּרעסע־קאָנפֿערענץ. מע שטעלט פֿראַגן און מע באַקומט אַף זיי אַן ענטפֿער. און אַז ייִדן האָבן ליב צו שטעלן פֿראַגן, ווייסט אויך אַפילו אַ קינד אין וויג. איז ניין, כאַפּט זיך ניט, ס'איז ווי עס מאַכט זיך.

אַשטייגער, עס מאַכט זיך, אַז אויב די פּרעסע־קאָנפֿערענץ איז אַ ייִדישע, דה. אַ „היימישע", באַגייט מען זיך אַף איר אָן פֿראַגן, ווײַל גופא די פֿראַגע, וואָס מע פֿרעגט פון זאַל, איז שוין גאָר קיין פֿראַגע ניט, נאָר אַ גרייטער ענטפֿער.

וויִאַזוי דאָס קומט פֿאָר? זייער פּאָשעט. עס הייבט זיך אויף דער מענטש, וואָס זאָגט, אַז ער וויל שטעלן אַ פֿראַגע, און אָנשטאָט פֿרעגן „ענטפֿערט" ער זיך אַליין, און דערצו אַזוי, ווי אים גלוסט זיך. און עס באַקומט זיך אַ דיִאַלאָג דורך אַ מאָנאַלאָג. אַ מאָנאַלאָג אָנשטאָט אַ דיִאַלאָג.

דערנאָך קומט דער פֿראַגע־שטעלער (דה. דער ענטפֿער־זאָגער) אַהיים און דערציילט: „איך בין געווען אַף אַ פּרעסע־קאָנפֿערענץ; פֿרעגט ניט, איך האָב זיי דאָרט גוט אַרײַנגעזאָגט"...

דאָס איז געווען בײַם מײַן ערשטן באַזוך אין פּאַריזש אין איינעם פון די זאַלן פון האָטעל „מאָדערן". אַף דער פּרעסע־קאָנפֿערענץ זײַנען בײַגעווען פֿאַרשטייער פון די ייִדישע צײַטונגען, אויך — שרײַבער, געזעלשאַפטלעכע טוער.

דער דיקטער מוישע שולשטיין האָט אָנגעהויבן דעם דיִאַלאָג מיט האַלטן אַ רעדע אָנשטאָט שטעלן אַ פֿראַגע. נאָך אים האָבן דאָס זעלבע געטאָן ב. שלעווין און מ. ליטווין. אַלע דרײַ זײַנען, ווי באַוווּסט, אַוועקגעגאַנגענע פונעם פּראָגרעסיוון לאַגער.

דערזען אַזאַ זאַך, האָבן סײַ דער פּאָרזיצער (ש. לעדערמאַן, פּרעזידענט פון „אוניִאָן"), סײַ דער זאַל גענומען זיך באַומרויִקן. וואָס איז שײַעך מיר, בין איך האַרט פֿאַרן קומען קיין פּאַריזש דורכגעגאַנגען די שול פון פּרעסע־קאָנפֿערענצן אין אַמעריקע, און ס'איז מיר אַפילו געפֿעלן, וואָס גלײַך פון אָנהייב אָן האָט זיך אין „מאָדערן" אײַנגעשטעלט אַ רעאַלע אַטמאָספֿער.

איך האָב געזאָגט:

— לאָזט זיי זיך אויסריידן דאָס האַרץ. ס'איז, מיינט איר, אַזוי גרינג דאָס אומקערן זיך אַהיים, אויב באַם אַוועקגיין האָסטו אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר?

יאָ, די ערנסטע שרײַבער צווישן די אַנטלאָפֿענע וועלן אַזוי אָדער אַנדערש זיך מוזן „אומקערן אַהיים", — אויב ניט, וועלן זיי פֿאַרשאַכנעט ווערן. ווען שולשטיין, שלעווין, ליטווין האָבן באַ דער געלעגנהײַט, ווען מע קאָן ווידער זיך צונויפֿזאַמלען אין איין צימער מיט די געוועזענע קאַמפֿס־כאַווײרים, גענומען מיט איבערגעטריבענער היץ אַרויסשטעלן דראַמאַטישע טײַנעס, — איז עס דאָך, אין לעצטן סאַכאַקל, געווען אַ מין באַוואָרעניש: „זאָל מען זען, אַז מיר ווייטיקן פֿאַר דעם, וואָס עס טוט זיך אין דער היים".

איך האָב געדולדיק אף די טײַנעס געענטפערט.

מ. שולשטיין, לעמאַשל, האָט זיך באַקלאָגט אף דעם, אז אין מײַן אַרטיקל „די גאָלדענע קייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור" האָב איך פאַרגעוואָרפן גראַדען, סוצקעווערן, העלערן, שלעווינען פּאַכדאַנעס און אידייען־לאָזיקײַט.

מיר וואַרפן ניט אַרײַן אַלע איבערלויפער אין איין זאַק, — האָב איך זיך באַמיט צו דערקלערן אונדזער שטאַנדפּונקט. — איך וואָלט ניט צונויפגעמישט אוראַם סוצקעווערן מיט בינעם העלערן אָדער ביניאָמין שלעווי־נען. יעדערער פון זיי האָט זיך זײַן גאַנג. דאָס, וואָס העלער, שלעווין און טאַקע שולשטיין אַליין אויך האָבן געשאַפן אין זייער רעוואָליוציאָנערן פּעריאָד, שאַצן מיר. סוצקעווער, גראַדע אאַ. האָבן, אַוועקגייענדיק, געמאַכט קליינמוטיקע ספּעקוליאַציעס. אַלע געדענקען נאָך, וואָס גראַדע, סוצקעווער, עמיאָט האָבן גערעדט וועגן זייערע סאָוועטישע רעטער, בייס זיי זײַנען געווען בא אונדז; און וואָס זיי זאָגן הײַנט, ווייסט מען דאָך אַוודע. פרעגט זיך: וואָס פאַרא מאָטיוון האָבן זיי אַזוי זיך אופצופירן? אידייִשע?! עס איז ברייט אָנגענומען, אז מע פאַרלאָזט ביט דאָס פעלד אינמיטן שלאַכט. א מענטש קאָן דען אָט אַזוי־אָ, אף איין פוס, בײַטן זײַן אידעאָלאָגיע?

ווײַטער האָט עמעצער אין זאַל אויסגערופן פּאַטעטיש: „צי האָט דאָס דערמאָרדן אומשולדיקע ייִדישע שרײַ־בער מיצאַד בעריאַן ניט געקאָנט דערשיטערן?" געוויס. אָבער דער אויסדרוק פון אומגליק דאַרף ניט מעלאָדראַ־מאַטיזירט ווערן, דער מענטש, וואָס טרויערט, דאַרף ניט אויסרעכענען אף דעם, אז מע וועט אים באַצאָלן פאַר זײַן טרויער, יעדערער האָט זײַן אויפן פון אויסדריקן ליידן. מיר אין „סאָוועטיש היימלאַנד" האַלטן, אז דער ווירדיקסטער און ווירקזאַמסטער אויפן פון רעאַליזירן אונדזער באַציִונג צו דער ירושע פון די אומגעבראַכטע גרויסע שרײַבער איז — פאַרזעצן זייער גרויסע אַרבעט. מיר האָבן גלײַך אין ערשטן נומער פון אונדזער זשורנאַל געמאָלדן, פונוואַנען מיר קומען, און גענומען דרוקן די ווערק פון די אומגעקומענע.

אף דער טײַנע, פאַרוואָס עס גייען ניט אַרויס אין סאָוועטנפאַרבאַנד קיין ביכער אף ייִדיש, האָב איך גע־ענטפערט קורץ: מיר טרעטן צו אַרויסצוגעבן אונדזערע ביכער. אינגיכן וועט דער לייענער באַקומען די ערשטע מאַטאָנעס פונעם טאַלאַנטפולן אַטריאַד ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

ווי באַוווּסט, האָט איצט, ווען די דאָזיקע נאָטיצן ווערן געדרוקט, דאָס לעבן באַשטעטיקט דעם דאָזיקן ענטפער: די ערשטע ביכער אונדזערע זײַנען שוין אָנגעקומען צום לייענער.

זינט יענער פּרעסע־קאָנפערענץ איז אַריבער ניט ווייניק צײַט, אָבער אויך הײַנט קאָן איך איבערכאַזערן דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט דעמלט:

איך בין צופרידן, וואָס כ'האָב זיך געטראָפן מיט שולשטיינען, שלעווינען, ליטווינען. די „אין קאַס געוואָרענע מיליק־יוישערס" זעען אויס אין לעבן אַנדערש, איידער איך האָב זיך זיי פאַרגעשטעלט פונדערווײַטנס. אין לעבן זײַנען זיי מענטשלעכער, איידער אפן פּאַפּיר, דה. ניט אַזוי פײַערלעך־אַפּאָסטאָליש, פיל־פיל שוואַכער און מיט מער זוכעניש. ס'איז עמעס, אז די, וועלכע זײַנען אַנטלאָפן פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, האָבן ליב אַרויס־צושטעלן די פּילבאַרקײַט פון זייער געוויסן. דאָס ווערט בא זיי מיט דער צײַט פאַרוואַנדלט אין אַן אײַנרעדעניש, וואָס האָט (צי ווילן זיי עס יאָ, צי ווילן זיי עס ניט) א ספּעקוליאַטיוון בײַטאַם. „איך, דער לײַטישער מענטש"... — האַלט אַזאַ שרײַבער אין איין אײַנבילדן דעם לייענער. ס'איז קלאָר, אז יענע פון זיי, וואָס האָבן טאַקע אַפּגעמעסן פאַרהיט דאָס געוויסן, וועלן פריִער אָדער שפּעטער „אומקערן זיך אהיים".

און דעמלט וועט מוישע שולשטיין צי ביניאָמין שלעווין ניט זײַן ענלעך אפן שעפּעלע אין שולשטיינס מאָשל אין זײַן לעצטער זאַמלונג „גאָלד און פײַער" — אפן שעפּעלע, וואָס איז געטראָפן געוואָרן דורך א דונער און גענומען ברענען. דאָס שעפּעלע איז אומגעקומען, ווײַל קיינער פון דער סטאַדע האָט ניט געהאָלפן לעשן דאָס פײַער. מענטשן זײַנען אָבער ניט קיין שאָף, און די ייִדישע ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקײַט איז ניט קיין סטאַדע...

## וועגן וואָס שמועסט מען פאַרט אין פּאַריזש

פאַזע די ווענט — טישן מיט קיבעד. לעבן די טישן — א צוואַנציק—דרײַסיק מאַנצבלען. זיי האַלטן אין איין אײַנרידן איינער דעם צווייטן: נעמט עפּעס אין מויל אַרײַן.

ווען מע נעמט א טרונק, אויב דאָס איז שוין ניט דער ערשטער, קוקט מען אף די שכיינים אַזוי, ווי מע וואָלט זיך פאַרענטפערט פאַר עפּעס; ווען מע בײַסט צו, איז — ווי מע וואָלט געטאָן עמעצן א טויווע.

עס האָבן שוין געהאַלטן אָפיציעלע רעדעס רענע קאַסען — ערן־פּרעזידענט פון „אַליאַנס איזראַעליט אוני־ווערסעל" און מיטגליד פונעם מעלוכע־ראַט פון פראַנקרײַך, אַדמיראַל לוי קאַן און צוויי מיניסטאָרן: סענטעני און טריבולע.

איצט פירן צווישן זיך די צוואַנציק—דרײַסיק מאַנצבלען א היימישן שמועס. מע גייט איבער פון גרופּע צו גרופּע און מע וואַרפט אַרײַן א וואָרט.

א מינוט צען נאָכאַנאַנד רעדט צו מיר אף רוסיש, ניט לאָזנדיק מיך אַרײַנשטעלן א וואָרט, מײַן שאָכן, א גרײַז־גרויער גיגאַנט, ענלעך אף א לייב:

— מיט א פערטל יאָרהונדערט צוריק זײַנען אין פּאַריזש געווען פאַרעגיסטרירט זיבן טויזנט מוזיקאַנטן, איצט זײַנען פאַרבליבן — איר ווייסט וויפל? — צוויי טויזנט!

— קומט קיין באָרדאָ, וועט איר זען. אין דאָרטיקן אָפּערע־טעאַטער זײַנען געווען פינף און זעכציק זינגער און הונדערט אָרקעסטראַנטן. איצט אַרבעטן דאָרט אַרום און אַרום פינף און פערציק מענטשן!

— אין פּאַריז, אויפֿן פּלאַץ פּיגאַל... אַלע פּרײַטיק אָוונט־צײַט שטעלט זיך דאָ אַ בירזשע פֿון פּויקער, פֿידלער, אַקאָרדעאָניסטן, גיטאַריסטן.

דער שאָכן מײַנער מיינט אַוודאי, אַז איך בין אַ מוזיקאַנט. און ער? ווער ער איז, ווייס איך ניט. דערווײַל האַלט ער מיך שוין פֿאַרן עלנבויגן און גייט זיך דורך מיט מיר איבערן צימער:

— אַליקס קאָמבעל — בעסטער סאַקסאָפֿאָניסט פֿון אייראָפּע! — שפּילט שוין ניט עטלעכע יאָר!

דער דירעקטאָר פֿונעם ייִדישן מעמאָריאַל יִצחאָק שנייערסאָן איז מיר געקומען צוהילף פּונקט דאַן, ווען עס האָט מיך שוין אָנגעהויבן באַשלאָגן אַ קאַלטער שווייס.

— רענע קאַסען קאָן אײַך ניט אָפּשטעלן, — האָט געזאָגט שנייערסאָן, — אַזוי שנעל לויפֿט איר איבערן צימער...

קאַסען, אַ באַיאָרטער, פֿעסט־געבויטער מענטש מיט אַ גרויער, לויטן אויסזען האַרטלעכער, קורץ־געשוירענער באָרד, איז געווען גוט געשטימט. ווען איך בין צוגעגאַנגען צו אים, האָט ער געהאַלטן אינמיטן דערציילן דעם מיניסטער פֿון קאָאָפּעראַציע טריבולע וועגן אַן אַרטיקל אין דער צײַטונג פֿון די פֿראַנצויזישע קאַצאָוים:

— קאַלעגע זשיסקאַר ד'עסטען[1] ווערט דאָרט געקרוינט מיטן נאָמען „העגקער"... איר ווייסט פֿאַרוואָס?

דער מיניסטער האָט פֿאַרזשמורעט די אויגן, און דאָס האָט באַטײַט נײַגעריקײַט.

— ווײַזט זיך אַרויס, אַז פֿאַר דעם קאַרגן יאָר, זינט ד'עסטען האָט אײַנגעפֿירט סטאַבילע פּרײַזן אויף פֿלייש, זײַנען זיבן קאַצאָווים באַגאַנגען זעלבסטמאָרד...

דערזען מיך, האָט רענע קאַסען אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף שנייערסאָנען:

— מײַן פֿרײַנט און אַלטער כאַווער האָט מיר ערשט דערציילט, אַז ער האָט אײַך אײַנגעלאַדן צו זיך אויף מאָרגן, אויף אַ פֿרײַטיק־צונאַכטס... עסן געפֿילטע פֿיש און הערן, ווי מע זינגט זמירעס... און איר האָט אָנגענומען די אײַנלאַדונג... עס געפֿעלט מיר, וואָס באָלשעוויקעס זײַנען געוואָרן אַזוי בייגעוודיק!

— די באָלשעוויקעס האָבן דען אַמאָל זיך אָפּגעזאָגט עסן געפֿילטע פֿיש?

— נו, און הערן זמירעס?

— פּרעזידענט, איר רעדט וועגן דעטאַלן, וואָס אַזעלכע האָט מען שטענדיק אויסגענוצט צו מאַכן פּאַראַדיעס אויף אונדזער לעבן...

— דאָס מיינט איר „שוידערלעכע" געשיכטעס וועגן דעם, אַז בא די באָלשעוויקעס זײַנען נאַציאָנאַליזירט די פֿרויען, אָדער אַז לויטן פּאַרטיי־סטאַטוט איז ראַזירן זיך — אַן איבערבלײַבעכץ פֿון קאַפּיטאַליזם?

— אַן ערעך...

— דעריבער איז טאַקע גוט, וואָס באָלשעוויקעס קומען קיין פּאַריז און זיי מײַדן ניט אויס אַ ייִדישן מעמאָריאַל, אַן „אַליאַנס איזראַעליט" און אַנדערע אַזעלכע אינסטיטוציעס.

— איך בעט אײַך זאָגן מיר, צי האָב איך אַ טאָעס. עס דוכט זיך מיר אויס, אַז די איצטיקע קאַמפּאַניע פֿון זיך אײַנשטעלן פֿאַר דער קריוודע פֿון די סאָוועטישע ייִדן איז מערסטנטייל געבויט אויף אומוויסנהײַט און קוריאָזן, ווי לעכע דערמאָנען דאָס טיפּשעס וועגן נאַציאָנאַליזירטע פֿרויען.

— עס קאָן זײַן... עס קאָן זײַן...

אין אָט דער רעגע האָט מיך ווידער אונטערגעכאַפּט דער „לייב". דאָס מאָל האָט ער זיך צערעדט וועגן די „שאַנסאָניע" — די פּאָפּולערע אין פּאַריז זינגער־קאָמפּאָזיטאָרן.

— זיי האָבן אײַנגענומען אַלע קאָנצערט־זאַלן אין פּאַריז! אין „אָלימפּיע", אויפֿן בולוואַר פֿון די קאַפּוצינען, האָט זיך ווידער באַוויזן שאַרל אַזנאַוור, דער סאַמע באַליבטער זינגער אין איצטיקן פֿראַנקרײַך... אין צוועלף מיליאָן קאָפּיעס זײַנען זיך צעגאַנגען זײַנע גראַמאָפֿאָן־פּלאַטן.

— איצט טוט אַ קוק אויפֿן מאָנפּאַרנאַס. דאָרט, אין „באָבינאָ", האָט ערשט אויפֿגעהערט צו קיצלען דעם עולם מיט זײַן שטילער שטים זשאָרזש בראַסאַנס, און עס רעוועט שוין אונטערן אַקאָמפּאַנעמענט פֿון פֿינף דזשאַז־מעשוגאָים דער ראָק־נ־ראָליסט עדי מיטשעל...

— מע שמועסט...

— וואָס שמועסט מען? — האָב איך קימאַט אויסגעשריִען. — וואָס שמועסט מען אין פּאַריז?

דער „לייב" האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט צאַרטקייט:

— קומט אויסטרינקען אַ גלעזל... איך האָב אײַך פֿאַרמוטשעט.

## „סאַווא?" — „סאַווא"

אין דער האַקדאָמע צו אָט די נאָטיצן האָב איך, פֿאַרבײַגייענדיק, שוין באַוויזן, וויִאַזוי דאָקטאָר פּאָל הירשמאַן באַנוצט דעם אויסרוף „אָ־לאַ־לאַ". מיט „אָ־לאַ־לאַ" קאָן ער איבערגעבן אַלע מענטשלעכע געפֿילן: גלויבן, צווייפֿל, אַנציקונג, אײַנשטימיקײַט, פֿאַרדראָס, צופֿרידנקײַט, פֿאַריבל, געדולד, אומגעדולד, צאַרטקײַט, בייזקײַט, אויפֿרעגונג, קאַס... ס'איז אָפּהענגיק, וויִאַזוי ער זאָגט אַרויס דעם „אָ־לאַ־לאַ"...

און אָט איז נאָך אַ וואָרט פֿון דאָקטאָר פּאָלס לעקסיק.

באַגעגענענדיק מיך, ווען מיר קלײַבן זיך מאַכן אַ שפּאַציר איבער פּאַריז, טוט ער אַ פֿרעג:

— סאַווא?

און איך ענטפֿער:

---

[1] פֿינאַנץ־מיניסטער פֿון פֿראַנקרײַך.

— סאווא.

„סאווא", ווען מע זאָגט עס אַרויס פּרעגנדיק, באַטײַט: „וואָס מאַכט איר?" אָדער „ווי גייט עס?". „סאווא" אין טאָן פון אַן ענטפער באַטײַט: „אַלץ איז אין אָרדענונג". איך טראַכט, אַז ווען די פראַנצויזישע שפּראַך זאָל באַשטיין דורכויס פון אַזעלכע ווערטער, ווי „אָ־לאַ־לאַ" און „סאווא", וואָלט איך עפּשער געקאָנט בײַס מײַן זײַן דאָ זיך אויסלערנען ריידן אויף פראַנצויזיש...

פאָרנדיק איבער דער שטאָט, קוק איך אַרײַן אין אַ צײַטונג, אין וועלכער עס ווערן אויף אַן אָריגינעלן אופן געבראַכט אייניקע ציפערן. לעמאַשל: „אַכוץ די מענטשן און היימישע באַשעפענישן (הינט, קעץ, אויפּעס), ציילט מען אין פאַריז אָן 4 מיליאָן מיקראָבן אין יעדן קובישן מעטער לופט"... אָדער: „די פאַריזשער אײַנוווינער עסן אויף יעדעס יאָר 450 מיליאָן קילאָגראַם פלייש, לויט דער וואָג — 64 אייפעל־טורעמס; דאָס מיסט אין פאַריז פאַר אַ יאָר צײַט וועגט 1 מיליאָן 300 טויזנט טאָן — 183 אייפעל־טורעמס..." איך דערוויס זיך פון דער צײַטונג, אַז אויף יעדן קוואַדראַטן קילאָמעטער פון פאַריז ציילט מען אָן 3 טויזנט קאָמערסאַנטן און אַז אין דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט זײַנען דאָ 90 טויזנט געבײַדעס און 4 טויזנט פײַערלעשער...

דאָקטאָר פאָל באַווײַזט מיר פאַריז מיט אַזאַ לײַכטקײַט, פּונקט ווי ער וואָלט אַרויסגערוקט און אַרײַנגערוקט פאַרשיידענערליי שופלאָדן פון אַ קאָמאָד. אָפּגעשטעלט די מאַשין, טאַנצט ער אַרויס פון איר און זאָגט:

— דאָס איז נאָטער־דאַם...

ער קערעוועט זיך אויס צו נאָטער־דאַם מיט דער פּלייצע, געפינט אויפן אַספאַלט עפּעס אַ צייכן און מעלדעט פײַערלעך:

— מיר געפינען זיך אין געאָגראַפישן צענטער פון פאַריז!

מיר פאָרן ווײַטער. מײַן באַגלייטער רעדט מיט ענטוזיאַזם:

— אַ פּאַראַדאָקס, אָ־לאַ־לאַ! אין די בורזשואַזע הויפּטשטעט לאָנדאָן, בערלין און אויך פאַריז וווינט די בורזשואַזיע אין דעם מײַרעוו־טייל שטאָט, און די אָרעמשאַפט — אין די מיזרעך־קוואַרטאַלן. אויב באַנוצן אַן אַלטן באַגריף, באַקומט זיך, אַז, בויענדיק די שטעט, האָבן די פּראָלעטאַריער „אָפּגעשפּאָרט" פאַר זיך די מיזרעך־וואַנט, דעם אויבנאָן...

— ייִדן דאַרפן אַלץ פאַרייִדישן...

— וואָס זשע מיינט איר, אָ־לאַ־לאַ? אָט פאָרן מיר איצט איבער אַ גאַס... זי הייסט רי דע ריוואָלי. די מער־הײַט קראָמען געהערן דאָ צו ייִדן. איז ווייסט איר, וויאַזוי מע רופט זי, די גאַס?

און ער צעלאַכט זיך:

— ריוועלע! אָ־לאַ־לאַ! פון ריוואָלי איז געוואָרן ריוועלע... און אויפן „פּלעצל" זײַט איר געווען? אָ, אָ! לאָ־מיר צופאָרן צום „פּלעצל".

דאָס „פּלעצל", די רי דע ראָזיע, איז אַ מין פאַריזשער ווײַטשעפּל אָדער ברוקלין[1]. דאָ הערט מען ייִדיש לשון; דאָ קאָן מען טרעפן הונדערטער פּוילישע ייִדן, וואָס האָבן אויפן אוראַל זיך געראַטעוועט פון היטלערן...

ווען מיר פאָרן אָפּצוריקוועגס פאַרבײַ דעם לוווער, ווערט דאָס פּאָנעם באַם דאָקטאָר פאָל אַ ביסל פאַרוואָלקנט. וואָס איז געשען? מײַן באַגלייטער באַווײַזט מיר מיט אַ ווונק, „וואָס מע מאַכט מיטן לוווער". מע רייניקט זײַנע ווענט, און פון אַ שוואַרץ־גרײַזן סימבאָל פון דעם עלטער פון פאַריז איז דער לוווער איצט געוואָרן קימאַט „אַ ווײַסע צאַצקע". די פאַריזשער אײַנוווינער קאָנען זיך ניט צוגעוווינען צו אַן אויסגעפּוצט־ריינעם בורבאָנער פּאַ־לאַץ, צו אַ ווײַס־לײַביקן לוווער...

פאָרנדיק מיט מיר איבער די יעליסייער פעלדער, איבער די „גרויסע בולוואַרן", צוקומענדיק צו דעם הויז פון די אינוואַלידן אויפן לינקן ברעג פון דער סענע, צום קאָלעדזש דע פראַנס, צו דער אָפּערע, צום פּאַנטעאָן, שטייענדיק בא דער טריִומפאַלער אַרקע אויפן „פּלאַס עטואַל" און בא דעם אייפעל־טורעם, — האָט דאָקטאָר פאָל ניט געוווּסט, אַז אַלס שרײַבער זוך איך אין פאַריז עפּעס אַזוינס, וואָס ליגט גראָד ניט אויף זײַן געניאַל־שיינעם פּאַסאַד. איך וויל זיך באַמיִען פאַר געציילטע טעג דערזען אויך עפּעס אַזוינס, וואָס פאַריז אַנטפּלעקט ניט גלײַך דעם אָנגעפאָרענעם. איך זאָג עס ניט דעם דאָקטאָר פאָל, ווײַל סאַפּקאָלאָסאָף דאַרף דאָך, אָן צווייפל, יעדערער, ווער עס קומט קיין פאַריז, זען דאָס, וואָס דער דאָקטאָר פאָל באַווײַזט מיר. קאָדיי זען נאָך עפּעס, לויף איך אַוועק — אײן מאָל מיט איינעם, אַ צווייטן מאָל מיט אַ צווייטן פון מײַנע פאַריזשער פרײַנט, אַמאָל גאָר־גאָר אינדערפרי, אַן אַנדערשמאָל טיף־טיף באַנאַכט, — איך לויף אַוועק, ניט וויסנדיק אַליין וווהין, פאָלגנדיק דעם אײַנגעבוירענעם שרײַבערישן געפיל צו דעם, וואָס ס׳איז דיר נאָך ניט באַקאַנט.

עס האָט זיך פאַרגעדענקט איינער אַ באַנאַכטיקער שפּאַציר (בעשאַס מײַן ערשטן באַזוך אין פאַריז) צוזאַ־מען מיט מ. ווילנערן, כאַים סלאָוועסן, ג. קעניגן, אַנאַ ווילנער, שאַרל שטיימאַן. סלאָוועס, וואָס האָט ניט געקאָנט מיט אונדז פאַרבלײַבן ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט געײַלט צו ווײַזן מיר אַ פּאָר „געסלעך פונעם זיקאָרן פון פאַריז".

אין איינעם אַ הויף, אַזאַ ווי אַלע הויפן, אין וועלכן עס איז געשטאַנען אַן אַלט הויז, אַזאַ ווי אַלע אַלטע הײַזער, האָט ער געזאָגט מיט אַ צוגעדעמפּט קאָל:

— דאָ האָט געוווינט אַ מענטש מיטן נאָמען גיליאָטען... ער האָט געבראַכט דעם פראַנצויזישן פאָלק אַ געוויסן אינסטרומענט...

דערנאָך זײַנען מיר ביז אינדערפרי געזעסן אין אַ קעלער אויפן מאָנמאַרטער, אויף רי דע סאָל, וואָס אויף ייִדיש איז דאָס, דוכט זיך, „די גאַס פון די ווערבעס", — געזעסן אין קאַבאַרע „לאַ פּאַן אַזשיל", וואָס אויף ייִדיש איז עס, דוכט זיך, „דער רירעוודיקער קראָליק".

[1] ווײַטשעפּל איז אַמאָל אין לאָנדאָן געווען אַ דורכויס ייִדישער קוואַרטאַל; אין ראַיאָן פון ברוקלין (ניו־יאָרק) איז קאָנצענטרירט אַ גרויסער טייל ייִדישע באַפעלקערונג פון שטאָט.

פרעגט זיך: פאַרוואָס עפּעס אין א קאַבאַרע, באַנאַכט?..

אהער קומט מען זינגען אַלטע פּראָנצויזישע לידער. מער גאָרנישט. אין א גרויסן צימער, ווו די ווענט זײַנען באַפּוצט מיט גראַווירן און קופּערנע באַרעליעפן, זיצן אַרבעטער און אינטעליגענטן, באַיאָרטע און יונגע. צווישן זיך איז מען, פּאַרשטייט זיך, ניט באַקאַנט. געבראַכט האָט זיי אהער אין א באַנאַכטיקער שאָ און צונויפגענומען אַלעמען אינײנעם דער נײַגער און דער אָפּשײַ צו דער פאַרגאַנגענהײַט פונעם פאָלק.

פאַרן אַרײַנגאַנג נעמט מען ניט קיין געלט. טו אויס דעם מאַנטל און זעץ זיך צו אף א פרײַע אָרט. א מיידל אין א העל־גרויער בלוזע איז מעכאַבעד יעדן מיט א גלעזל ווײַנטרויבן־ווײַן. ווען דו גייסט אוועק באַ דער שײַן פון פאַרטאָג, קאַנסטו, אויב דו ווילסט, איבערלאָזן עטלעכע פראַנק אַפן טישל, וואָס שטייט באַם אַרויסגאַנג.

א זינגער — פון דעם איבעריקן אוילעם שיידט אים אונטער בלויז די גיטאַרע, אף וועלכער ער אַקאָמפּאַנירט זיך אַליין, — פאַרציט מיט א פאַרטרויליכער אינטאָנאַציע, ווי באַ א היימישן טיש, די ליד פון א ווײַטן יאָרהונדערט, און אַלע בײַוועזנדיקע זינגען מיט...

צוזאַמען מיט יענע מענטשן אין פאַריזש, וועלכע כאַפּן זיך אויף פון שלאָף די ערשטע, — מיט די, וואָס וואַשן באַגינען די גאַסן, וואָס ראַמען אויף דאָס מיסט, מיט גאַרסאָנען פון די קאַפעען און מיט שאָפערן פון די ערשטע אווטאָבוסן — בין איך אין אַ העלן פּעווראַל־טאָג (אין פאַריזש איז דער וועטער אין אָט דער צײַט א לינדער) אַרויס אין גאַס און נאָכגעשפּירט, וויאַזוי די פאָליציי־לײַט, אַנגעטאָן אין פעלערינעס, וועקן אויף מיט רעספּעקט די קלאָשאַרן¹, זיי זאָלן זיך מאַטריען זײַן און באַפרײַען דאָס אָרט אף די וואַרעמע ווענטילאַציע־אַרויסגאַנגען פון מעטראָ, ווו זיי שלאָפן. צו איינער א קאָמפּאַניע פון דרײַ שטאַרק פאַרשלאָפענע קלאָשאַרן האָב איך זיך צוגעזעצט און דערפאַר באַקומען א פּאָר שלונג פון א בוטל. דער עלטערער צווישן מײַנע נײַע באַקאַנטע האָט, גענעצנדיק, א שילט געטאָן די „פינפטע רעפּובליק" און מאַיעסטעטיש מיטגעטיילט, אַז ער האָט זיך נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן ספּעציאַליזירט אף „אַריסטאָקראַטן" פאַלש געלט. אויך ער ווייסט אייניקע ציפערן וועגן זײַן לאַנד: לעמאָשל, אַז אין פראַנקרײַך זײַנען באַוואוסט 1300 מוסטערן פון נאָכמאַכן דעם דאָלער...

אין א פרײַער שאָ בלאָנדזשע איך אַרום איבער פאַריזש. אָט איז דער אַלטער „רוימישער וועג". די פאַרצײַטיקע גאַס סען־זשאַק מיט אַרײַנגעוואַקסענע אײַנע אין צווייטן געבײַען און מיט היסטאָרישע קלויסטערס. איך בין געקומען אהער אף א ראַנדעוווּ מיט מײַן באַליבטן העפּקער־יונגערישן דיכטער פראַנסוא וויאָן. דאָ האָט ער מיט א יאָר פינף הונדערט צוריק געוואָרפן א שטיין אין א כוצפּעדיקן גאַלעך, און יענער האָט נעבעך אויסגעהויכט די נעשאָמע. ווען מע האָט וויאָנען פאַרמישפּעט צום הענגען, האָט ער אָנגעשריבן א ליד, ניט אינגאַנצן קיין פרייליכע, נאָר אויך ניט אינגאַנצן קיין אומעטיקע:

> אָ, פראַנסוא, ניט לאַך, נאָר קלאָג,
> דער טויט — ער לאָזט דיר גריסן,
> און וויפל ס'האָט דײַן הינטן וואָג,
> וועט באַלד דײַן האַלדז שוין וויסן.

און אָט איז דער „בולוואַר אַווגוסט בלאַנקי". דער נאָמען פון דער גאַס האָט מיך צוגעצויגן, און כ'האָב קיין טאָעס ניט געהאַט. „די 40 יאָר טפיסע, — איז אויסגעקריצט באַם אַרײַנגאַנג אין הויז נומ. 25, — האָבן קיינמאָל ניט געבראָכן זײַן מוט און טרײַשאַפט דעם אַרבעטער־קלאַס..."

אף דער באַרימטער און זייער באַשיידענער רי מאַרי־ראָז, לעבן דעם פּאַרק מאַנסורי, גיי איך אַרום א פאַרגאַפטער. דאָ האָט געוווינט לענין, דאָ האָט געאָטעמט איליטש...

יאָ, איז ווו האָבן מיר איבערגעלאָזט דעם דאָקטאָר פאָל, צוזאַמען טאַקע מיט מיר, ווען מיר זײַנען אַרומגעפאָרן איבער דער שטאָט פאַריזש צו באַקוקן אירע שיינע דענקמעלער?

מיר פאָרן און פאָרן, און קומען צום דאָקטאָר פאָלס וווינונג, און דאָרט וואַרט אף אונדז א געשמאַקער מיטיק, וועלכן ס'האָט צוגעגרייט עטל אַליין, דעם דאָקטאָרס פרוי.

דערזעענדיק מיך, פרעגט עטל אף פראַנצויזיש:

— סאַווא?

— און איך ענטפער אויך אף פראַנצויזיש:

— סאַווא.

## נאָר ניט אום שאַבעס

ס'האָט זיך באַקומען אַזוי, אַז פרײַטיק־צונאַכטס בין איך געקומען צוגאַסט צו יִיצכאָק שנייערסאָנען גלײַך נאָך דעם, ווי איך האָב געזען א נײַעם פראַנצויזיש־יִיסראָעלדיקן פילם „נאָר ניט אום שאַבעס".

דאָס איז א מײַסע, וויאַזוי קיין טעל־אַוויוו, ווו עס האַלט באַם שטאַרבן א זאָקן א באַל־אַווירעניק, אײַלן זיך פון פאַרשיידענע מעקוימעס אף צו באַקומען א כיילעק פון דער יערושע זײַנע אומגעזעצלעכע באָנים. נאַטירלעך, אַז די מאַמזיירים ווילן לעמאַן־האַשעם קומען צום טערמין, נאָר אין וועג שטייען זיי פאַר א סאַך שוועריקײַטן, און איינע פון זיי איז דאָס, וואָס אין יִיסראָעל איז א סאַך זאַכן פאַרבאָטן צו טאָן אום שאַבעס...

אף וויפל איך בין געקומען צו יִיצכאָק שנייערסאָנען, ווען פאַריזש איז שוין, אַזוי צו זאָגן, אַרײַנגעפאָרן אין שאַבעס, האָב איך זיך באַמת ניט ריידן וועגן פאָליטישע איניאָנים. איינעם פון די געסט, אַן אַווסטראַליער

¹ שלעפּער, היימלאָזע.

ראַוו, וואָס האָט געוואָלט טאַקע דאָ, בא שנייערסאָנען אין שטוב, זיך דערוויסן, וויאַזוי איך קוק אף דער פראַגע וועגן „ארויסלאָזן אלע סאָוועטישע יידן קיין יִשׂראל“, האָב איך געזאָגט:

— רעב ראַוו, נאָר ניט אום שאבעס. וועגן פּאָליטיק לאָמיר ריידן אינדערוואָכן...

שטייענדיק אינמיטן צימער צווישן מיר און בער מאַרקן[1], האָט דער דאָזיקער ראַוו דאָך דורכגעשמוגלט א ביסל פּאָליטיק:

— אין אוסטראַליע וועל איך דערציילן, אז בא האַראַוו שנייערסאָנען אין שטוב בין איך געשטאַנען צווישן צוויי באָלשעוויקעס, און ס'האָט מיר ניט פאַרשאַט...

באם טיש איז געווען אַלץ, וואָס עס דאַרף זײַן בא א פרײַטיקצונאַכטס־טיש אין א באַלעבאַטיש־טראַדיציאָנעלער יִדישער שטוב: פינקלענדיקע לײַכטער, געפילטע פיש, וואַרעמער קוילעטש.

ווען דערצו האָט זיך נאָך באַוויזן א יויך מיט קניידלעך, האָב איך געפּרוּווט ארויסווײַזן מײַן קאָמפּעטענטקײַט, פרעגנדיק בא בער מאַרקן:

— פאַרוואָס מיטאמאָל קניידלעך? ס'איז דאָך הײַנט ניט פּייסעך...

מאַרק האָט געלאָזט אין גאַנג א סאָלידן אַרגומענט:

— אז מע גיט, עסט מען...

ייִצכאָק שנייערסאָן, וואָס איז בײַגעווען בא אונדזער קורצן סימפּאָזיום וועגן קניידלעך, האָט ארײַנגעשטעלט א וואָרט:

— עפּשער מיינט איר, אז מע האָט געמאַכט קניידלעך, קעדיי פירן, אַזוי צו זאָגן, אן אַגיטאַציע פאַר מאַצע?

איך האָב געענטפערט:

— באַלד וועט איר זען, וואָס איך מיין.

און גענומען עסן יויך מיט קניידלעך.

נאָך דער וועטשערע זײַנען מיר געזעסן אין א גרויסן זײַטיקן צימער, און דער באַלעבאָס האָט דערציילט בער מאַרקן, דעם פּראָפעסאָר קיווילִיאָוויטש (א פּאַריזשער מאַטעמאַטיקער) און מיר וועגן איינעם אן עפּיזאָד פון זײַן לעבן אין טשערניגאָוו. איך האָב זיך ספּעציעל צוגעמאָסטעט עטוואָס אין א זײַט, קעדיי, פאָרשטעלנדיק זיך מיט עמעצנס א פּלייצע, פאַרשרײַבן אפן אָרט שנייערסאָנס דערציילונג ווי זי שטייט און גייט...

— באם צאַר־באַטיושקאַ, ייִמאַך שמוי וועזיכרוי[2], איז געווען אזא פּאַסקודסטווע — מאַקלאַקאָוו, ניקאָלײַ אַלעקסייעוויטש. פאַר מײַן צײַט האָט ער געהאַלטן די גענעראַל־גובערנאַטאָרסטווע פון טשערניגאָוו, שפּעטער איז ער געוואָרן מיניסטער וונוטרעניך דיעל.

מיט אָט דעם מאַקלאַקאָוון איז, שטעלט אײַך פאָר, מיר אויסגעקומען צו פירן מילכאָמע.

איר דאַרפט וויסן, אז זײַן ברודער, וואַסילי אַלעקסייעוויטש, איז געווען א באַוווּסטער קאַדעט[3]. בייסן ביילִיס־פּראָצעס האָט ער געפירט די זאַשטשיטע. מעהײַ־טײַמע[4] האָט ניקאָלײַ אַלעקסייעוויטש זיך געסטאַרעט צו באַווײַזן, אז ער שטייט ניט אף איין ברעט מיט וואַסילי אַלעקסייעוויטשן. אין איין שיינעם טאָג נעמט ער און גיט אָפּ א פּריקאַז ארויסצושיקן די ייִדן פון די דערפער, וואָס גייען ארײַן אין טשערניגאָווער גובערניע.

און דאָ הייבט זיך אָן די מילכאָמע צווישן דעם קאַזיאָנעם ראַבינער און דעם גובערנאַטאָר. ווען עס קומען פאָר די וויבאָרעס אין דער דומע, טו איך אייניקע אַרבעטן לעטויוועס די קאַדעטן, דאָס הייסט אין וואַסילי אַלעקסייעוויטשעס נוץ. מיטאמאָל באַקום איך א קוויטל, אז מע שיקט מיך ארויס פון טשערניגאָוו! נו, ווי־ס'ניט־איז האָב איך דאָס מאָל זיך אויסגעדרייט, און מיינט ניט, אז איך האָב זיך באַרויִקט. כ'האָב גענומען שרײַבן אין די גאַזעטן אַזוינס, וואָס דעם גובערנאַטאָר איז ניט געווען צום האַרצן. דערווײַל האָט ער באַפוילן אַראָפּנעמען די פענצטער פון די הײַזער, ווו ייִדן וווינען, קעדיי זיי זאָלן מוזן זיך ארויסקלײַבן פון דאָרטן. מיך רופט ער ארויס, און ווײַל איך בין געווען צווישן די יעכידע־סגולע[5] אין שטאָט, רעדט ער מיט מיר איידל:

— גאָספּאָדין קאַזיאָני ראַווין, — זאָגט ער מיט א זיס קעלכל, — אויב איר ווילט וויסן, זײַט איר, אַלס יעוורײ, בא אונדז אין דער רוסלענדישער אימפּעריע א מין אינאָסטראַניעץ, אן עטראַנזשע, הייסט עס.

(צו אונדז אפן דיוואַן האָט זיך צוגעזעצט נאָך איינער פון די געסט, א פּאַריזשער, וואָס פאַרשטייט קיין רוסיש ניט, און שנייערסאָן האָט גלײַך גענומען איבערזעצן אייניקע רוסישע ווערטער אף פראַנצויזיש).

דערהערט אַזעלכע רייד, האָב איך ארויסגעשטאַמלט, אז איך ווייס ניט, וואָס זײַן וויסאָקאָפּרעוואָסכאָדיטעלסטווע וויל פון מיר. מאַקלאַקאָוו האָט צעפירט מיט די הענט:

— עפּעס געדענק איך ניט, איך זאָל אײַך געבן א ראַזרעשעניע — א פּערמיסיאָן, הייסט עס — צו שטופּן די נאָז אין אונדזערע גאָסודאַרסטווענע איניאַנים... — און מיטאמאָל, אויפשטייענדיק, א וואָרף געטאָן אין מײַן זײַט: — גאָספּאָדין קאַזיאָני ראַווין, פאַרנעמט זיך מיט מעטריקעס און מיט אַנדערע אַזעלכע זאַכן און ניט מיט פּאָליטיק. אויב ניט...

איך האָב נאָר באַוויזן זאָגן „זשע רעגרעט, מעסיע“[6], — גערעדט האָב איך, נאַטירלעך אף רוסיש; איך וויל, אז איר זאָלט פּאָשעט פאַרשטיין, וואָס איך האָב גערעדט... סאָזשאַלעיו, וואַשע וויסאָקאָפּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, — האָב איך באַוויזן אים ארײַנזאָגן וועגן זײַן גראָבקײַט. איך האָב אפילע זיך צעקאָכט באם ארויסגיין אף דער גאַס און אויסגעשריִען גלאַט אין דער וועלט ארײַן: „בא אזא גובערנאַטאָר וויל איך ניט זײַן קיין ראַבי־

---

[1] פּראָפ. בער מאַרק, דירעקטאָר פונעם וואַרשעווער ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, האָט אף דער עפענונג פון דער אויסשטעלונג פון ייִדישן ווידערשטאַנד פאָרגעשטעלט די פּוילישע פאָלקס־רעפּובליק.

[2] זײַן נאָמען און זײַן אָנדענק זאָלן אָפּגעמעקט ווערן; [3] א בורזשואַז־ליבעראַלע פּאַרטיי אין צאַרישן רוסלאַנד; [4] צוליב דעם מאָטיוו; [5] אויסדערוויילטע; [6] איך באַדויער, אײַער הויכווילגעבורט (אף פראַנצויזיש — איך באַדויער, מײַן הער).

נער!..״ האקלאל, לאנג האָט מײַן גוידערן זיך ניט געדווערט. מע האָט מיך, ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן, פאר־נומען אין כאדגאדיע, און איך האָב געמוזט פארבײַסן די צונג...

דער אווסטראליער ראָוו, וואָס איז געזעסן אין א זײַט און, ווי איך האָב געמיינט, קלאל ניט געהערט, וועגן וואָס דאָ גייט א רייד, האָט זיך צוגערוקט נעענטער צו מיר און, אָנעמענדיק א פולע ברוסט מיט אָטעם, געפרעגט:

— הײַנט לאָזט מען בא אײַך אויך ניט ווינען די יידן אין די דערפער?

האָב איך געענטפערט:

— רעב ראָוו, נאָר ניט אום שאבעס. מיט פּאָליטיק לאָמיר זיך פארנעמען אינדערוואָכן...

## אין לוווּר

אויב איר זײַט נאָך ניט געווען אין לוווּר צוזאמען מיט כיל אראַנסאָנען[1], אייצע איך אײַך ספּעציעל צוליב דעם צופאָרן קיין פאריזש. איך האָב אָט דאָס פארגעניגן געהאַט, וועל איך אינקורצן וועגן דעם אײַך דערציילן.

קוידעמקאל אליין דאָס פאָרן צום לוווּר.

אינמיטן וועג בעט אראָנסאָן אָפּשטעלן די מאשין:

— איך האָב אין אָט דעם הויז א פּײַנעם קוינע.. דרײַ עקזעמפּליארן פון מײַן בוך האָט ער שוין אײַנגע־שאפן פאר זײַנע קרויווים! וואַרט צו א רעגע, איך וועל אָפּנעמען דאָס געלט...

כיל אראָן איז אליין דער פארקויפער פון זײַן וווּנדערלעכן קונסטווערק „בילדער פון מאָנפּארנאַס״. ווען איך דערצייל אים, בא דער געלעגנהײַט, וויאַזוי עס ווערן פארקויפט די ווערק פון די יידישע שרײַבער אין סאָ־וועטנפארבאנד, שרײַט ער אויס, שטייענדיק שוין אָפן טראָטואר לעבן דעם הויז פון זײַן קוינע:

— קלוגיטשקע!.. פּרוּווט לעבן א שטיקל צײַט אין א קאפּיטאליסטיש לאנד, וועט איר ניט נאָר זיך ניט כידעשן, וואָס די היגע יידישע שרײַבער ליגן נײַן איילן אין דר׳ערד, נאָר איר וועט שוין זײַן צוגעוווינט צו די געשריייען, אז מע דארף ראַטעווען די יידישע שרײַבער אין סאָוועטנרוסלאנד...

אין א מינוט צען ארום קערט ער זיך אום מאמעש א שײַנענדיקער:

— טאקע א פּײַנער קוינע, געזונט זאָל ער מיר זײַן... ער האָט א סאך קרויווים... די פראנקן וועלן מיר צוניץ קומען...

ווי נאָר עס עפנט זיך די טיר פונעם לוווּר, הער איך אויף צו דערקענען דעם אזוי אויך אומיטלבאר־עקספּאנ־סיוון, צעשטרייטן, ווי אלע קינסטלערישע נאטורן, כיל אראָנסאָנען. ער איז דאָ געוואָרן עפּעס אזוי פרײַ פון אלע טאַרמאַזן, אז עס איז א מוירע אים איבערצולאָזן איינעם אליין. און עס באקומט זיך שוין שיר ניט, אז ניט כיל אראָן וועט מיך ארומפירן איבערן לוווּר, נאָר אז איך וועל אָף אים דאָ אכטונג געבן.

איך שטעל זיך פאָר, אז דאָס זעלבע וואָלט זיך געטאָן מיט אונדז, פּאָעטן, ווען עס געשעט אזא נעס, און עס דערשײַנען פאר אונדז — מיט זייערע אומשטערבלעכע ווערטער אף די ליפּן — אליין די שעפער פון „שיר־האשירים״, „איליאַדע״, „פאוסט״...

אין לוווּר זעט כיל אראָנסאָן אויס, ווי ער וואָלט אליין אראָפּ פון עפּעס א בילד און ווייסט אלע סוידעס פון דאָרטן. ווען איך שטיי בא לעאָנאַרדאָ דא ווינטשיס „דזשאָקאָנדע״, טוט ער מיך א טרייסל באם אקסל און פרעגט:

— הינטער איר פּלייצע שפּילט מוזיק, איר הערט?

איך שעם זיך צו זאָגן, אז איך הער ניט.

דערנאָך, דערמאָנענדיק זיך אין דעם גרויסן כעט, וואָס עס איז ערשט ניט לאנג באגאנגען דער קולטור־מיניסטער פון פראנקרײַך אנדרע מאלראָ, אוועקשיקנדיק מאָנאַ ליזאַן, מע זאָל זי אָנקוקן אין אמעריקע, צעשרײַט זיך כיל אראָן אף מיר:

— וואָס פארשטייט איר?! מיר זײַנען געשטאנען פאר דער געפאר פון א נאציאָנאלן אומגליק! די 500 מיליאָן נײַע פראנקן, אף וועלכע מע האָט פארסטראכירט „דזשאָקאָנדע״, האָבן די ווערט א שפּײַ אנטקעגן דעם, וואָס עס האָט געקאָנט מיט איר געשען... יאָ, יאָ! גאנץ פראנקרײַך האָט געפּאָדערט אן אלפּאָלקישן רעפערענדום וועגן דער פראגע, צי עס איז דערלאָזבאר צו פירן מאָנאַ ליזאַן איבערן אָקעאַן!

און ער ענדיקט מיט א שטאָלץ פּײַערל אין די אויגן:

— מיר, פראנצויזן, האלטן פאר אומטאקטיש צו פּאָדערן, אז א שיינע פרוי זאָל ערגעץ גיין. דער, וואָס וויל זי זען, דארף אליין צו איר קומען.

ווען מיר קומען צו צו ראפאעלס פּאָרנארינא, רוימט כיל אראָן מיר אײַן א סאָד מיט אזא היימישער פאר־טרוילעכקײַט, פּונקט ווי ער וואָלט גערעדט וועגן מענטשן, וואָס ווינען א טיר בא א טיר מיט אונדז:

— מע זאָגט, זי איז געווען זײַן געליבטע... ע, מע מעג ניט אין אלץ גלייבן...

אין איינעם א זאל הייסט ער אוועקגיין אין א זײַט א יונגן קינסטלער, וואָס קאָפּירט א בילד. יענער פאָלגט אים און קוקט אים נאָך מיט פארערונג. ווײַזט אויס, מע קען דאָ כיל אראָנסאָנען.

ער שטעלט מיך אוועק אין א פּאָזיציע, וואָס ער געפינט פאר דער בעסטער אף צו באקוקן דעם גאנצן זאל, און האלט פאר מיר אזא רעדע:

— רובענס האָט געהאַט אמווייניקסטנס פופציק טאלמידים, צווישן זיי אָט דער־אָ וואַן־דייק. אָפּט ווייס איך ניט, צי ער, רובענס, צי זײַנער א טאלמיד האָט אָנגעשריבן דאָס אָדער יענץ בילד. עפּשער האָט ער טאקע צוגע־לייגט א האנט. אָבער זײַן ווײַב עלען פורמאַן, — קוקט זיך גוט אײַן אין איר! — איר בילד האָט ער געמאָלט אליין. פאר דעם קאָן איך קאווירן! ער האָט פאר איר כאַסענע געהאַט, ווען זי איז אלט געווען זעכצן יאָר און אים איז געגאנגען דאָס פינף־און־פופציקסטע. צען יאָר האָט ער מיט איר געלעבט, ביזן טויט...

---

[1] כיל אראָנסאָן (כיל אראָן) — א באוווּסטער קונסט־קענער און פובליציסט.

װען מיר גײען אַרױס פֿונעם לוװר, װוּ מיר זײַנען פֿאַר עטלעכע שאָ דורכגעגאַנגען — נײן, דורכגעלאָפֿן — עפּשער צװאַנציק זאַלן, זאָגט כײל אַראַנסאָן:

— פּ־פּ־ו, זיך אָפּגערוט אַ ביסל...

## רי פּאַראַדי, 14

„פּאַראַדי" הײסט גאַניידן. רי פּאַראַדי — די גאַס פֿון גאַניידן.

אַ גאַס, װי אַלע גאַסן, אַ סך קראָמען מיט פּאַרפֿאָר, פֿאַיאַנס און קאָלערלײ געפֿעס.

זײַט זיך מאַטריַע און קוקט אַרײַן אין רי פּאַראַדי, 14, אין אָט דעם הױף, װאָס שאַפֿט אַ מין געסעלע. גײט אַרײַן, שעמט זיך ניט. אױב איר זײַט אַ מענטש פֿון פֿאָלק, אַ מענטש פֿון גוטן װילן, זײַט איר דאָ באַ זיך אין דער הײם. גײט אַרײַן, טײַערע.

דאָ איז דער שטאַב פֿונעם ייִדישן פֿאַרבאַנד פֿון װידערשטאַנד און קעגנזײַטיקער הילף („אוניאָן"), דאָ קלאַפּט דאָס האַרץ פֿון דער „נײַער פּרעסע", װעלכע איז אַף שטענדיק פֿאַרבליבן אין דער געשיכטע פֿון דעם אַנטיפֿאַשיסטישן קאַמף מיט אירע 90 שלאַכט־נומערן, דערשינענע אומלעגאַל אין אָקופּירטן פֿראַנקרײַך...

יאָ, דער פּראָגרעסיװער ייִדישער פּאַריז איז אַ העראָיִשע פּאָעמע, און רי פּאַראַדי, 14 — די ערשטע שורע אין אָט דער פּאָעמע.

אַ לױב צו דיר, פּראָגרעסיװער ייִדישער פּאַריז!

אַ לױב צו דיר, רי פּאַראַדי, 14!

װען איך האָב אַמאָל אַ פֿרעג געטאָן אַלבערט יודינען, דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון „אוניאָן": „אַף װאָסער פּלאַטפֿאָרם שטײט אײַער אָרגאַניזאַציע?", האָט יודין געענטפֿערט: „מיר שטײען אַף דער פּלאַטפֿאָרם פֿון 120 טױזנט דעפּאָרטירטע בײַס דער היטלערישער גזירע פֿראַנצױזישע ייִדן, צװישן זײ 25 טױזנט קינדער. מיר שטײען אַף דער פּלאַטפֿאָרם פֿון די 7 טױזנט ייִדן, װעלכע מע האָט דעם 21 אױגוסט 1941 אַראָפּגעשלעפּט פֿון די בעטן אין 11־טן אַראָנדיסמאַן פֿון פּאַריז און אָפּגעשיקט אין דעם געגנעם פֿונעם קאָנצענטראַציע־לאַגער „דראַנסי"[1]; פֿון די 30 טױזנט מענער, פֿרױען און קינדער, װעלכע מע האָט אין מעשך פֿון אײן נאַכט, דאָנערשטיק דעם 16 יוני 1942, אַרײַנגעװאָרפֿן אין װינטער־װעלאָדראָם און דערנאָך — צו טױזנט מענטשן אין אַ עשעלאָן — אָפּגעשיקט אין די קרעמאַטאָריעס. מיר שטײען אַף דער פּלאַטפֿאָרם פֿון דעם יונגן מאַרסעל רײַמאַן (דעם פּאַריזשער טשאַפּײַעװ), װעלכער האָט אָנטײל גענומען אין עקזעקוטירן דעם „מיליטערבעפֿעלסהאָבער פֿון גראָס פּאַריז" גענעראַל פֿאָן שאַומבערג; פֿונעם ערשטן פּאַריזשער אָטריאַד פֿרײַשיסער און פּאַרטיזאַנער, פֿונעם צװײטן אָטריאַד מיטן נאָמען „סטאַלינגראַד", פֿונעם דריטן „עליטאַ־אָטריאַד", פֿון די פּאַרטיזאַנישע באַטאַליאָנען „קאַרמאַניאָל" אין ליאָן, „פֿרײַהײַט" („ליבערטע") אין גרענאָבל און „מענדל לאַנגער" (אָפּן נאָמען פֿון איר גרינדער) אין טולוז. מיר גײען ניט אַראָפּ פֿון דער פּלאַטפֿאָרם פֿון די ייִדישע קאַמפֿס־גרופּן באַם „אוניאָן" אַף אַ שפּעטערן עטאַפּ פֿון דער מילכאָמע; פֿון די 35 גרופּעס פֿון דער ייִדישער פּאַטריאָטישער מיליץ אין פּאַריז בײַס דעם פֿאָלקס־אױפֿשטאַנד אין דער פֿראַנצױזישער הױפּטשטאָט. מיר װעלן קײנמאָל ניט אַראָפּגײן פֿון דער פּלאַטפֿאָרם פֿון מוני נאַדלער און מױשע בורשטין — די גרינדער פֿון דער אומלעגאַלער „נײַער פּרעסע", װעלכע זײַנען דערשאָסן געװאָרן פֿונעם אָקופּאַנט, און פֿון אַ סך אַנדערע פֿאָלקס־העלדן, פֿון די, װעגן װעלכע מאָריס טאָרעז האָט געשריבן (אין צוזאַמענהאַנג מיטן דערשײַנען פֿון דאָװיד דיאַמאַנטס[2] דערשיטערנדיקן בוך „ייִדישע העלדן אין דעם פֿראַנצױזישן װידערשטאַנדס־קאַמף"): „בײַס די פֿינצטערע יאָרן פֿון דער אָקופּאַציע און דער װישי־הערשאַפֿט האָבן זײ, פּונקט װי אַלע פֿראַנצױזן, װאָס זײַנען געבליבן טרײַ דעם פֿאָטערלאַנד, געשטעלט העכער פֿון אַלץ דעם גײַסט פֿון איבערגעגעבנקײַט און מעסירעס־נעפֿעש..."

אַ לױב צו דיר, פּראָגרעסיװער ייִדישער פּאַריז!

אַ לױב צו דיר, רי פּאַראַדי, 14!

אַ לױב צו די נאָכפֿאָלגער פֿונעם לעגענדאַרן עלי װאַלאַך, װעלכער האָט געטרוימט צו װערן אַ דיכטער. זײַנע הימנען צום לעבן, װאָס ער האָט פֿאַרן טױט איבערגעלאָזט אין אײביקן אוצר פֿון דער פּאָעזיע, זײַנען אָנגעשריבן אין דער פֿאָרם פֿון בריװ צו ראָמען ראָלאַנען. אָט װאָס מיר לײענען אין דעם לעצטן פֿון זײַנע בריװ, — עלי װאַלאַך האָט אים אָנגעשריבן אין עלטער פֿון קאַרגע אײן און צװאַנציק יאָר, גרײטנדיק זיך גײן צו דער װאַנט אָפּן מאָן־װאַלעריאַן, באַ װעלכער די געסטאַפּאָװצעס האָבן אים דעם 27 יולי 1942 דערשאָסן:

„לײדן דאַרפֿן ניט אָפּהאַלטן פֿון שמײכלען. איך לאַך. איך קען ניט אַלע מעגלעכע לײדן... װען איך גײ, קוק איך ניט די גאַנצע צײַט אַף מײַנע פֿיס, איך װענד מײַן בליק אָפּן װעג. דער װעג איז אַ שװערער און אַ פֿײַנלעכער. מע גײט באַרג־אַרוף, באַרג־אַראָפּ, אָבער דאָס װיכטיקסטע איז גײן פֿאָרױס, טאָמיד גײן פֿאָרױס..."

און פֿרײדיק איז צו װיסן, אַז הײַנט איז דער ייִדישער פּאַריז אין גרונט גענומען אַ פּראָגרעסיװער ייִשעװ. אַרום דעם „אוניאָן" און אַרום אַנדערע רומפֿולע פֿאָלקס־אָרגאַניזאַציעס גרופּירט זיך אױך דאָס בעסטע און ערלעכסטע, װאָס איז, צוליב די אָדער יענע טײַמים, דערװײַל פֿאַרבונדן מיט אַן אַנדער סװיװע.

אַ לױב צו דיר, פּראָגרעסיװער ייִדישער פּאַריז!

אַ דאַנק פֿאַר דײַן גאַסטפֿרײַנטלעכקײַט!

(פֿ אָ ר ז ע צ ו נ ג   ק ו מ ט)

---

[1] אַ ראַיאָן אין פּאַריז.

[2] דאָװיד דיאַמאַנט איז אַ באַװוּסטער ייִדישער מאַרקסיסטישער היסטאָריקער. אין אײנעם פֿון די נאָענטסטע נומערן „סאָװעטיש הײמלאַנד" װעלן מיר פֿאַרעפֿנטלעכן זײַנע מאַטעריאַלן װעגן העלדן פֿונעם פֿראַנצױזישן װידערשטאַנד — ייִדן, אָפּשטאַמיקע פֿון סאָװעטנפֿאַרבאַנד.

מאָטל סאַקציִער

# מוישע אַלטמאַן

## (אַ ביסל ביִאָגראַפיע און אָפּשאַצונג)

### 1

ווילסטו דעם דיכטער קענען, גיי אין זײַן לאַנד", — האָט געייצעט דער גרויסער געטע. איך האָב מיך דעריבער אָנגעכאַפּט אין דער מעגלעכקײַט צו גיין אין „לאַנד" פון מוישע אַלטמאַן. די דאָזיקע מעג־לעכקײַט האָט מיר פאַרשאַפט זײַן בען־איר און לעבנס־לאַנגער כאַווער, דער דיכטער יאַנקעוו שטערנבערג. פאַר־ברענגענדיק צוריק מיט אַ פּאָר יאָר אין טשערנאָוויץ, האָט ער, שטערנבערג, אַרויסגעזאָגט זײַן פאַרלאַנג אַרײַנצוכאַפּן זיך אין זײַן געבוירן־שטעטל ליפּקאַן, וואָס ליגט ניט ווײַט פון דער בוקאָווינער הויפּטשטאָט.

אַף מאָרגן, איידער ס'האָט נאָך אָנגעהויבן שאַריִען, זײַנען מיר שוין געזעסן אין דער מאַשין, וואָס האָט אונדז באַדאַרפט אָפּפירן אַהין. „מיר" הייסט: כוץ שטערנבערגן, אויך דער שרײַבער פון אָט די שורעס און די אַקטריסע סידי טאַל.

פון דעם צאָפן־בעסאַראַבער שטעטל ליפּקאַן, ווי באַ־ווּסט, שטאַמען יעהודע שטיינבערג און עליִעזער שטיינ־באַרג. מיט דער דיכטער־לופט פון אָט דעם שטעטל האָבן געאָטעמט די ייִנגערע יאַנקעוו שטערנבערג און מוישע אַלטמאַן, וואָס האָבן זיך געײַלט — יעדערער מיט זײַנע שרײַבערישע און כאַראַקטער־אייגנשאַפטן — צו מעלדן זיך צוערשט ווי פּראָקלאַמירערס פון די ערשטע צוויי און דערנאָך ווי זייערע ווירדיקע דערגאַנצערס. אויך דער באַ־קאַנטער ייִדישער אַמעריקאַנער דיכטער און עסייִסט עליִעזער גרינבערג קומט אַרויס פון דעם זעלבן שטעטל.

דער אווטאָמאָביל אונדזערער האָט זיך שנעל אַרויסגע־דרייט פון די טשערנאָוויצער גאַסן און געסלעך און פאַר־קערעוועט צום שאָסיי, וואָס איז געלאָפן אָט דערווײַ־טערנדיק זיך און אָט לענגויס דעם ביסטרע טײַך פּרוט מיט זײַנע „זיסע וואַסערן", ווי עס זינגט זיך אין די מאָלדאַווישע דוינעס.

איך קוק מיך אײַן אין די וועגן צווישן סטעפּישע פעל־דער, אין די זעלבע, אַף וועלכע מוישע אַלטמאַן, אַלס יונג באָכערל, האָט איינמאָל געפירט פּאַסאַזשירן פון ליפּקאַן קיין כאָטין אַף זײַן טאַטנס פערד־און־וועגעלע (אין אַ צײַט, ווען דעם פּאָטערס מיסכאָרים זײַנען געגאַנ־גען מיט דער פּוטער אַראָפּ) און ער האָט אַזוי אַ גאַנצע נאַכט געבלאָנדזעט, וואָס איז מיט אַזאַ צאַרט־פּאָעטישן אומפאַרגעסלעכן טרויער באַשריבן אין זײַן ערשטער גרעסערער דערציילונג „בלענדעניש". און האַגאַם די דערפלעך, וואָס טרעפן זיך אונדז אין וועג, האָבן שוין אויסגעטאָן די אַמאָליקע שטרויענע דעכער און זיך אויס־געפּוצט אין שינדל און בלעך און אין שיין־געשניצטע און געפאַרבטע פענצטער, טירן און גאַנעקלעך, וואָס פריִער, איידער מאָלדאַוויע איז געוואָרן סאָוועטיש, האָט מען עס ניט געזען, — באַגעגנט מען נאָך אַמאָל לעבן אַ קרענעצע אויך דעם געקרייציקטן אַף זײַן ציילעם... אָט די לאַנדשאַפט האָט דאָך איר אינספּיראַציע־כיילעק אין יונגן שטערנבערגס נויצרי־מאָטיוון, וועלכע ער האָט דער ערשטער אַרײַנגעבראַכט אין דער מאָדערנער ייִדישער פּאָעזיע.

די רײַזע, וואָס האָט אַזוי שיין זיך אָנגעהויבן, האָט דאָך, צו אונדזער גרויסן פאַרדראָס, זיך ניט אײַנגעגעבן אין דער פולער מאָס. ליפּקאַן גופע, דער „בעסאַראַבער אָלימפּ", וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אין דערווירקלעכ־קײַט אַ גרוב, אַ טיפן טאָל, האָט אונדז, אַפּאָנעם, ניט געוואָלט אויפנעמען. ער האָט אונדז באַגעגנט מיט מוירע־דיקע דונערן און בליצן. פון דער העלער הויט — אַ וואָלקן־בראָך. רוישיק און מיט אומגעצוימטער האַסטיקײַט האָט אַ כליאַפּע געטאָן אַ שלאַקסרעגן. דער הימל האָט סטיכיש אופגעבראָכן אַלע זײַנע פאַרשפּונטעוועטע רעזערוואַרן. אַ מאַבל, ניט אַנדערש! און מיר זײַנען געבליבן זיצן אין אווטאָמאָביל, ווי נויעך אין דער טייווע — ניט אַרויסצושטעקן אַ פוס. זיצנדיק אין מאַשין, האָב איך מיך דערמאָנט, ווי מוישע אַלטמאַן האָט יונגער־הייט זיך צערעדט וועגן זײַן שטעטל:

דער בייזער גוירל האָט געוואָלט,
כ'זאָל קומען אַף דער וועלט
אין אַ פאַרומערט שטעטל,
וואָס האָט זיך מיט האַנאָע אויסגעלייגט
אין בלאָטע...

ניין, מיר האָבן ניט געקאָנט צוקומען נישט צו דער סטרעלסקער קלויז, פון וועלכער עס שטאַמען אַלע באַ־רימט־געוואָרענע געשטאַלטן, פאַראַלעל מיט די פּערע־צישע, פון יעהודע שטיינבערגס „ספּורי חסידים"[1], און

---

[1] סיפּוריי כאַסידים — כסידישע דערציילונגען.

נישט צום בעסמעדרעש (אויב ער איז אלפּי־נעס גאַנץ געבליבן פון דער מילכאָמע־סרייפע), ווו דער יונגער עליִעזער שטיינבארג, נאָך אלס מאסמיד, האָט געלערנט באטאָג און באנאכט. מיר זײַנען אָבער ווי צוגעשווומען ביז צום הויז פון שטיינבארגס עלטערן — צום הויז מיט זײַן איינציקן פענצטער גלײַך אין מארק אריַין. דאָ, אין דעם הויז, אף וועלכן עס ווילט זיך קוקן און קוקן, האָט דער גרויסער אָנעוו פילאָסאָפיש באזיניקט זײַנע ערשטע דערפארונגען און אויסגעמײַסטערט זײַן גלאָבאל, וואָלט איך געזאָגט, געווער — דעם סאָציִאל־פארשארפטן מאָשל, וועלכער זאָל אין זיך אריַינעמען דעם אופּרײַס־שטאָף פון אונדזער עפּאָכע. אהער פלעגן דאָך אלטמאן און שטערנבערג קומען לייענען שטיינבארגן זייערע ערשטע פּאָעטישע פּרוּוון. אונדז איז אויך געלונגען צוצושלאָגן זיך ביז צו דער אמאָליקער „טאמאָזשנע גאס“, ווו עס האָבן געלעבט שטערנבערגס עלטערן. אָנשטאָט זייער הויז האָבן מיר אָבער געטראָפן בלויז ערד און גראָז. אפילו פונעם גאָרטן איז קיין סימען ניט געבליבן. דורכן פארשווּנקטן שײַבל פון דער מאשין האָבן מיר אויך געקאָנט דערנאָך זען דעם „בארג־אראָפּ“ צום פּרוט, וועגן וועלכן מיר האָבן געלייענט בא אלטמאנען אין זײַן וווּנדערלעכער מײַסע, וואָס דערציילט פון פאָרן און פון גיין זיך באָדן... די דאָזיקע מײַסע איז אזוי הייס אָנגעשריבן, אז עס האָט זיך איצט געוואָלט אויסטאָן באָרוועס און א לויף טאָן צום טײַך, ווו אונדזערע „אָלימפּיִאנער“ האָבן אין די גאָלדענע טאמעז־טעג שאָענלאנג געפּראוועט זייערע קונדייסים־שטיק. עס האָט זיך געוואָלט דערפילן דעם טאם פון זייער יוגנט אויך ריין־פיזיש, מיט די כושים, הייסט עס. פונדאנען, נאָך דעם, ווי דער רעגן האָט זיך א ביסל געשטילט, זײַנען מיר צוגעפאָרן ביז צו דער „ציגײַנערשער גאס“, ווו מוישע אלטמאן איז אויסגעוואקסן בישכיינעס מיט דער „מאהאלא“[1], וואָס איין העלפט האָט פארנומען די מאָלדאווישע און אוקראַיִנישע באפעלקערונג, און די צווייטע — די ציגײַנערישע, וועלכע האָט נאָך געארבעט „פאנשטשינע“ אפן פאָרעץ דעם באראָן פאָן ראָזען (ליפקאַן מיט אלע פעלדער ארום און ארום האָט אים געהערט). אָט דאָס איז די טעריטאָריע, אף וועלכער ס׳האָבן זיך באוועגט, זיך אויסגעלעבט דעם יונגן אלטמאנס פארשווינען. אָט דאָ איז געזעסן בא זײַן מעל־קלייטל זײַן פארהאָרעווטער טאטע, אליין דער איינציקער ניט יודייע־נאגן צווישן א מישפּאָכע פון לאמדאָנים, וועלכער האָט אָבער לײַדנשאפטלעך געוואָלט, אז זײַן זון זאָל אים רעוואנשירן אין לאמדאָנעס, און ער האָט פארפינצטערט זײַן קינדהײַט, פארמאטערט אים פון זעקס־זיבן יאָר אָן מיט אופשטיין פארטאָג קנעלן.

דאָ האָבן ארומגעהאוועט אויך אלע פון אלטמאנען מיט ליבשאפט געשילדערטע פעטערס און מומעס זײַנע, די פארומערטע פון וואָכעדיקן אָל, זײַן טאטנס גוטער־ברודער, דער ווערטלזאָגער און לעצאָנעסטרײַבער „שלוימע דער לאנגער“ און „מענדל שרײַבער“, וואָס זײַן ווערט האָט שלוימע דער לאנגער, כאָטש ער איז געווען א פראָסטער כײַ־וועקײַעם, דאָך פארשטאנען און ער האָט צו דער שײַן, וואָס יענער האָט אין זיך געטראָגן, זיך געטוליעט מיט דערעכערעץ און מיט שטאָלץ: „איך זאָל זיך בארימען פאר אײַך, רעב מענדל, אז איך בין א קענער — האָב איך פײַנט צו זאָגן א ליגן, ווער שמועסט א ליגן, וואָס מע קאָן אים דערקענען. נאָר דער אייבערשטער האָט מיר געגעבן סייכל צום פארשטיין און צו וויסן די ווערט פון א מענטשן. זאָג איך אײַך, רעב מענדל, אז ס׳טוט מיר ווי דאָס הארץ, וואָס אזא מענטשעלע, ווי איר, ווערט פארפאלן אין אָט דער בלאָטע“... („בלענדעניש“).

דער לעצטער וויזיט, וואָס מיר האָבן געמאכט, איז געווען אין צווייטן עק שטעטל. זײַנען מיר אהער געפאָרן כאפּן א קוק אף „פרענקלס זאל“, ווו שטערנבערג האָט שוין אין זײַנע יוגנט־יאָרן אופגעפירט טעאטער־פאָרשטעלונגען, און מיר האָבן אומבאדינגט געוואָלט אויך זען דאָס שטיבל, אין וועלכן ס׳האָט געוווינט דער קאזיאָנער ראבינער ציסין. בא אָט דעם קאזיאָנעם ראבינער, וועלכער איז באשריבן אין אלטמאנס „פעטער טאָמס שטיבל“, האָט מוישע אלטמאן זיך געלערנט רוסיש. אדאנק אים איז דער קומענדיקער שרײַבער ארײַנגעבראכט געוואָרן פון דער געמאָרע אין דער נײַער וועלט, וואָס ס׳האָט צעפראלט פאר אים די גרויסע רוסישע ליטעראטור. אין איר האָט אלטמאן, לויט זײַן אייגענער גוויִעס־איידעס, געזען א בײַשפּיל פון עטישער באציִונג צום לעבן, שטרעבונג צום עמעס און סינע צו די פארקריפלונגען, וואָס זײַנען א פויעל־יויצע פון סאָציִאלן אומרעכט. לויט איר וועט זיך פאָרמירן זײַן וועלט־באנעם, זײַן קוק אף ליטעראטור און זײַן געפיל פון אכרײַעס.

## 2

קלערן מיר וועגן מוישע אלטמאנס טעמאטיק, וואָס איז ליב זײַן געמיט און צו וועלכער ער קערט זיך אלעמאָל אום, וועגן די פּראָבלעמען, פילאָסאָפיש־עטישע און סאָציִאלע, וואָס האָבן אים באומרויִקט און באומרויִקן ביז הײַנט, — שווימען אוף אין זיקאָרן פּראָטים פון זײַן ביִאָגראפיע, וואָס איז א קייט פון פארשיידנסטע גילגולים און באמיִונגען נאָך באמיִונגען צו שאפן זיך א מער אָדער ווייניקער שטאנדהאפטיקע לעבנס־פּאָזיציע. די פילצאָליקע אנטוישונגען, גריבלערײַען אין די סיבעס, וואָס האָבן אים געבראכט צו אָט די פארשיידענע גילגולים, — אָט די מאָטיוון זײַנען געוואָרן שפּעטער די שטאנגען, אף וועלכע ס׳האָבן זיך ארופגעפלאָכטן זײַנע ראָמאנען „מעדרעש פּינכעס“ און „שמעטערלינגען“, וועמעס העלד מאָטל אומרו איז דער פּערסאָניפיצירטער מעכאבער גופע. פאר־נאָסע־דײַגעס האָבן מ. אלטמאנען געשלײַדערט אוף און אָפּ. די בושעווענדיקע צײַט פון נאָכן ערשטן אימפּעריִאליסטישן וועלט־קריג איז געווען א צעשויבערטע פון קריזיסן — עקאָנאָמישע און גײַסטיקע. אָט דעמלט קומט מ. אלטמאן קיין טשערנאָוויץ, די שטאָט, אין וועלכער די ארבעטער־באוועגונג האָט אין יענע יאָרן דערגרייכט א שטארקע דינאמיק. ס׳איז אָנגעגאנגען דער דעמלטיקער קאמף צווישן רעכטס און לינקס — פאר אָדער קעגן דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. אלטמאן איז אף דער זײַט פון די לינקע, דאָרט, ווו אויך שטיינבארג און שטערנבערג זײַנען געווען. עס ווערט געשאפן די פּראָגרעסיווע „יִדישע קולטור־פעדעראציע“, און אלטמאן לאָזט זיך אוועק אף די מאסאָעס איבערן רומענישן יִישעוו אלס אינסטרוקטאָר און לעקטאָר פון דער „קולטור־פעדעראציע“. צו יענער צײַט דערשײַנט אויך אין פארלאג פון אָט דער „פעדעראציע“ אלטמאנס ערשטער בוך „בלענדעניש“, אין וועלכן עס צייכענען זיך שוין אָן די הויפּט־מײַלעס פון זײַן אייגנארטיקער פּראָזע. די באָיאריש־רומענישע רעאקציע האָט אָבער אלץ געטאָן, אז מע זאָל די פּראָגרעסיווע קולטור־פעדעראציע צעשמעטערן, ארײַנטרײַבן זי

[1] פּעריפעריע (מאָלדאוויש).

אין אומלעגאלקייַט. אין א צייַט ארום זעען מיר אלטמאנען, וואָס איז שוין געווען א באל־מישפּאָכע, א מעגולגל געוואָרענעם אין אן אָנגעשטעלטן פון א צוקערפאבריק. אין דער דאָזיקער פאבריק האָבן געארבעט אויך פראנצויזישע אינזשעניערן, און אלטמאן, דער אייביקער לערנער און מאסמיד, דערלערנט פראנצויזיש, באקענט זיך אין אָריגינאל מיט דער פראנצויזישער קלאסישער און מאָדערנער ליטעראטור, וואָס וועט זיך בא אים אין א פרוכטבארן סינטעז פארייניקן מיט די פון לאנג פארייגנטע פון אים יידישע און רוסישע קולטור־קוואלן.

נאָר אָט ווערן מיר געווירע, אז אלטמאנען האָט דערעסן די אָפּהענגיקייַט פונעם באלעבאָס דעם נאָגיד אדיר, וועלכער האָט דאפקע געוווּסט, ווער אלטמאן איז. מעוואטער זייַענדיק אף דער מער־ווייניקער בעסערער מאטעריעלער אייַנגעאָרדנטקייַט, עמיגרירט אלטמאן קיין ארגענטינע. אָבער אין א יאָר ארום קערט ער זיך אום קיין רומעניע. און דאָ הייבן זיך אָן נייַע גילגולים. ווערנדיק דורכגענומען מיט וויי און ביטל צום האנדל־וואנדל, וואָס האָט פארזויגן די ארומיקע יונגעלייַטלעך אין דעמלטיקן בעסאראבישן שטעטל, ווי א זומפּ; זייַענדיק פארכאפּט מיט דער אידיי פון ארבעט — „פון טיפענישן פון דער נעשאָמע איז עס אים געקומען — א רוף פונעם בלוט: ארבעט. א מענטש איז מעכויעוו צו ארבעטן" („שמעטערלינגען"), — ווערט אלטמאן א מיטארבעטער פון קעשענעווער יידישן זשורנאל „דאָס קאָאָפּעראטיווע וואָרט". ער שרייַבט נומער נאָך נומער זייַנע אינטערעסאנטע ארטיקלען, אין וועלכע ער האָט געפּריידיקט פּראָדוקטיווע ארבעט, אנאליזירט עקאָנאָמישע פּראָבלעמען — ארטיקלען, אף וועלכע דער לייענער פלעגט ארויסקוקן מיט גרויס נייַגער. צי האָט אלטמאן געגלייבט, אז מיט קאָאָפּעראטיווער ארבעט אין בורזשואזע באדינגונגען קאָנען געלייזט ווערן סאָציאלע פּראָבלעמען? געוויס ניט. אין אלטמאנען דעם דיכטער האָט אָבער געלעבט א ניט געשטילטע יערושעדיקע פארליבטקייַט אין ערד־ארבעט, א יערושעדיקע שוואכקייַט צו אווידעס־אדאָמע, א שוואכקייַט, וואָס איז אים געקומען פון זייַן טאטן דעם האָרעפּאשניק, וועלכער איז „א גאנץ לעבן מעקאנע געווען דעם פּאָשעטן דאָרפס־מענטש און ער איז גרייט געווען צו מאכן א בייַט מיט זייַן גוטנברודער איוואנען, אוועקגעבן אים זייַן שטוב אין שטעטל און זייַן מיסכער, און אפילע צוגעבן פון אויבן זייַן „שטאָט" אין קלויז..." („שמעטערלינגען"). און אלטמאן האָט געפּרוווּט זייַן גוירל, געדונגען א שטיקל ערד, זיך גענומען האָפּערדיק צו דער ארבעט, דערצו אריינגעלייגט נאָך אלץ, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פון זייַן סלוזשבע אף דער צוקערפאבריק. און דער רעזולטאט, ווי טאָמיד, איז געווען — ניט פארגלעטע יעסורים, אנטוישונגען.

נאָך אָט דעם לעצטן דורכפאל איז אלטמאן ענדלעך געקומען קיין בוקארעשט. קיין גליקן האָט אים קיינער דאָ ניט צוגעזאָגט. און ער האָט זיך קיין אילויזיעס ניט געמאכט. וואָרעם וואָס פארא אינסטיטוציעס האָט פארמאָגט די דעמלטיקע יידיש־מעדינע אין די ראמען פון רומעניעס מאלכעס, אז אין זיי זאָל אויסגענוצט ווערן די אינטעלעקטועלע ענערגיע און די באגאבונג פון א יידישן שרייַבער, פארזיכערנדיק אים זייַן „לאכמאָ דעאניאָ"? אלס לינקע, האָבן די יידישע בוקארעשטער שרייַבער ניט דערלויבט זיך מיטארבעטן אין די אלע אנשטאלטן, וואָס האָבן געהערט צו דער יידישער בורזשואזיע אָדער צו דער מענשעוויסטישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע און אויך צו דער יידיש־נאציאָנאליסטישער באוועגונג. האָט מען אָן האָנאָראר געשריבן און באדינט די אלע וואָכנבלעטער, וואָס זייַנען פאקטיש געווען דער אָרגאן פון דער בוקארעשטער „קולטור־ליגע". א בוך אן אייגענעם פלעגט מען אויך ארויסגעבן בלויז מיט דער הילף פון אידייִשע פרייַנט און סימפּאטיקער. און אָט אזוי, קעדיי צו פארשאפן זיך די מינימאלסטע לעבנס־מיטלען, אז מע זאָל קאָנען טאָן דאָס, צו וואָס מ'איז בארופן, האָט שטיינבארג אין טשערנאָוויץ זיך געווידמעט דער פּעדאגאָגישער ארבעט, ארויסווייַזנדיק אויך אף דעם געביט גרויסע באגאבונג. יאנקעוו שטערנבערג האָט אלעמאָל צוריק אופגעהויבן דעם טעאטער־שטורקאץ, וואָס ער האָט אים איבערגעכאפּט נאָך אין 1917 יאָר, ווען די גאָלדפאדן־טראדיציעס האָבן נאָך ניט אויסגעצאנקט. און מוישע אלטמאנס „מעלקנדיקע ציג" איז געווען — ליטערארישע פּאָרטראָגן איבערן גאנצן לאנד.

אָט שטייט פאר אונדזערע אויגן אלטמאן אף דער בינע, ווי מיר האָבן אים געזען דאָס ערשטע מאָל אין דאָרעמבעסאראבער שטעטל ליאָווע צוריק מיט 35 יאָר. דער פּאָרטראָג איז געווען, זעלבסטפארשטענדלעך, אָרגאניזירט פון אונדזער „קולטור־ליגע". דער זאל איז געפּאקט. אלטמאן, זעט מען, האָט האנאָע. דער באגייַסטערטער אופנעם באפליגלט דעם שרייַבער. און אָט הייבט ער אָן צו ריידן. ער פארזשמורעט די אויגן. ער פארבייַסט עטוואָס די ליפּן. ער טוט א שמייכל. דאָס הייסט: אהא... אָט האָט ער אים אָנגעכאפּט, דעם פאָדעם פון געדאנק. ער שפּינט אים, ער דרייט אים, ווי א קונצנמאכער. ער רעדט פונדעסטוועגן פּאָשעט, אומיטלבאר, ניט שליידערנדיק קיין פייַערווערק, נאָר אזוי ווי ער וואָלט געפירט א שמועס. דאָס, וואָס ער זאָגט, זעט מען, איז שוין אָבער גוט דורכגעטראכט פון פריִער. א סימען: די טעזיסן — אויסגעשטעלט אין א סיידער, גוט געקייטלט. נאָר דאָס געפיל איז, אז דאָס אלץ איז אים ערשט אָט דאָ, שמועסנדיק מיטן אוילעם, אייַנגעפאלן. דאָס איז, אייגנטלעך, אלטמאנס סטיל ביכלאל. אויך אין שרייַבן. בעסער געזאָגט — אין זייַן דערציילן. ווייַל אלטמאן איז אן עכטער דערציילער. ער באשרייַבט ניט, ער דערציילט. געוויינלעכע מייַסעס וועגן געוויינלעכע מענטשן מיט געוויינלעכע סוזשעטן און קאָליזיעס, און דאָך, אין סאכאקל — אומגעוויינלעך און פארכאפּנדיק. ער האָט אין זינען טאָמיד דאָס וויכטיקסטע, דעם איקער, דעם „צוליב וואָס". דערפאר זייַנען סייַ זייַנע נאָוועלן, סייַ זייַנע גרעסערע ווערק פרייַ פון וועלכע־ניט־איז באשרייַבנדיקע איבעריקע פּראָטים, וואָס קאָנען האמעווען דעם ריטם און דאָס דורכרייַסן זיך צו דעם ציל. אלטמאנען איז גענוג א וואָרט, א שטריך — סייַ ווען ער צייכנט א פּאָרטרעט, סייַ ווען ער שילדערט די נאטור.

מוישע אלטמאן איז א מייַסטער פון דער לאקאָנישער פּראָזע. און דאָס זאָגן מיר, האָבנדיק אין זין אויך אזא גרעסערע דערציילונג בא אים, לעמאָשל, ווי „ווינער קארעטע". זי איז פון אזא געדיכטקייַט, אזא קאָנדענסירטקייַט, אז עס וואָלט אן אנדערן געקלעקט אף א דיקן ראָמאן. נאָר ניט געקוקט אף דער געפּרעסטקייַט, קומט אוף בוילעט די צייַט, די סוויווע, דער שטייגער. מיר האָבן אין דער דאָזיקער דערציילונג דעם אונטערגאנג און די גסיסע פון א באלעבאטישער מישפּאָכע — די לייוויקלעך. עכט רעאליסטיש. עס טיילט זיך אויס, פון איין זייַט, דאָס ביטערע אויסקומעניש פון מענטשן אין די קלעמען פון נויט, דער דאלעס־אָפּגרונט, און פון דער צווייטער זייַט —

אייגננוציקייַט און זאָאָלאָגישער עגאָיִזם. עס בלײַבן שוין אָף שטענדיק אין זיקאָרן דער אופגעקומענער גוויר מיכל, וועלכער ווערט אכזאָריעסדיק־אומענטשלעך אין זײַן טאקיפעס, אומענטשלעך אפילע בענעגייע דער אייגענער מוטער, און זי — באסיע לייוויס, א סטאָיִשע, מאָראַליש־דערהויבענע נאטור, אַן אומפשאָרעסדיקע און אומבייגזאמע אין איר קאמף. זי וואקסט נאָך מער אויס אין איר אומבאהאָלפנקייַט, צוועקלאָזן מעסירעסנעפעש, פאסיוון דראמאטישן ווידעראנאנד מיטן זון דעם אכזער.

מיר וועלן זיך נאָך באגעגענען בא אלטמאנען מיט די דאָזיקע באלעגופיש־פאריסענע, זשעדנע, ניט־געזעטיקטע, רויבערישע נאטורן, וואָס קלאמערן זיך אין זייערע נאכלעס, אין זייער אייגנטום מיט כײַיִשן גיר, ניט וועלנדיק אָפּגעבן זייערע פּאָזיציעס. אָט איז דער זעלבער מיכל אין דער דערציילונג „אין סטעפּ". עס ווערט דערציילט וועגן זיי אויך אין „שמעטערלינגען". און כאָטש אלטמאן ווײַזט ניט אָן אָף די געזעלשאפטלעכע פאקטאָרן, וואָס האָבן ארויסגערופן צום לעבן אָ־די קאטעגאָריע מענטשן, איז אָבער זײַן פארורטיילן זיי כאל אויך אָף יענעם סיידער.

מיר לייענען הײַנט נאָכאמאָל איבער אלטמאנס ווערק, און כאָטש אייניקע שפּילן זיך אָפּ סוזשעטיש אין אַן אנדער עפּאָכע, איז דער אינטערעס און נײַגער צו זיי ביז גאָר גרויס. און דאָס איז ניט נאָר דערפאר, ווײַל די דערציילונגען און מײַסעס קלינגען דאָקומענטאל־עמעסדיק און מע לערנט אזויפיל אָפּ פון זיי, ווי פון א גוט אָנגעשריבענער היסטאָרישער כראָניק, וועלכע גיט א שעפע פינקטלעכע סימאָנים פון דער צײַט, נאָר אויך ווײַל זיי האָבן פארהיט זייער קינסטלערישן קויעך, זייער צויבער.

אין לעבן פון אלטמאנס העלדן קומען ניט פאָר קיין שום סוידעספולע דערשײַנונגען. זײַנע סוזשעטן זײַנען ניט קיין פאנטאסטישע, מיט שארפע, פארכאפנדיקע ווענדונגען. די סוויִווע, אין וועלכער זיי לעבן זיך אויס, — א רעאליסטישע, א וואָכעדיק־גראָע. אָבער ערגעץ אין דער טיף פון דער דאָזיקער וועלט קומט פאָר עפּעס מעשונעדיקס. דאָס מעשונעדיקע שיילט אלטמאן אויס פון די איבערלעבענישן, מיט וועלכע זײַנע העלדן פיבערן, פון זייערע ראנגלענישן — פון זייער פסיכיק. אָבער דאָס אַלץ — אין פארבינדונג מיט קאָנקרעטע אומשטענדן, מיט דער רעאלער וועלט. דאָס קאָל באם דערציילער איז עטוואָס געדעמפּט, די אויגן — איראָניש־פארזשמורעטע, דאָס שמייכעלע — א פארגאפטס פון זײַן אייגענעם ריידן, פון דעם, „וויִאזוי" און „פון וואָס" ער דערציילט. יאָ, יאָ. ער האָט אליין האנאָע פון דעם. ער ווייסט, וואָס ער וויל. און ווען ער זעצט זיך צום ווארשטאט, וועלן בא אים ניט זײַן קיין שום סורפריזן. דער סוזשעטישער מאטעריאל איז שוין גוט אופגעאקערט פון די גראָב־אײַזנס פון זײַן געדאנק. דערציילט ער דעריבער פּאָשעט, אָבער — ניט גלאטיק. ניטאָ בא אים קיין גלײַכע ליניע. און עפשער איז דאָס זײַן קאָמפּאָזיציאָנעל פּאָרטל? זײַן גאנג איז מיט לירישע זײַטן־שפרונגען, מיט געדאנקלעך־עסייִסטישע אָפּווײַכונגען.

די לירישע זײַטן־שפרונגען דערמאָנען, אז אלטמאן איז געקומען צום דערציילן דורך דער דיכטונג, ווי עס זײַנען געקומען, דערעך־אגעוו, א סאך פראָזאיִקער. אָבער די דיכטונג איז פאר אלטמאנען ניט בלויז א פרויזדויר. אירע עלעמענטן זײַנען טאָמיד אָנווענדבאר אין זײַן פראָזע, ווײַל אלטמאן איז אַן אײַנגעבוירענער ל י ר י ק ע ר. זײַן טאָן — א באזאכטער, א מימאאמאקים־טאָן.

עפשער איז דאָס דער שליסל, מיט וועלכן, ניט געקוקט אָף דער קלוימערשטער געוויינלעכקייַט פון זײַנע פאבולעס, ער עפנט אוף אונדזערע נעשאָמע־טירלעך, ווי מיט א שפרונג. א ליריקער, נאָר א שארף־דענקענדיקער. דער אינטעלעקט — דאָס איז דער קאָמפּאס, וועלכער העלפט אים זיך אָריִענטירן אין ווילדוואלד פון לעבן און זיך ארויסקלײַבן פון פלאָנטערנישן און סטירעס.

## 3

ווי געזאָגט, איז דער גרעסטער טייל פון מ. אלטמאנס קלענערע און גרעסערע שאפונגען אווטאָביִאָגראפיש. אמאָל שטעלט זיך דער מעכאבער אוועק פאר אונדז אָפן מיט זײַן אייגענעם פּאָנעם, אָן מינדסטן סימען פון גרים, א צווייט מאָל טוט ער אָן די מאסקע, ווי פון מאָטל אומרו, לעמאָשל, אין „מעדרעש פינכעס", און ער מישט זיך ארײַן אין דער האנדלונג, מאכנדיק זײַנע רעפלעקסיעס, זײַנע עסייִסטישע באטראכטונגען וועגן די פארשיידענע פראָבלעמען און דערשײַנונגען. כאָטש מאָטל אומרו איז א צאד, א נעגייע־בעדאָווער, און א סאך פון זײַנע הישטאפכעס־האנעפעשדיקע ארויסזאָגונגען זײַנען ליריש־סוביעקטיוו, — גלייבן מיר אים, און מעדרעש פינכעס איז א קינסטלעריש־אָביעקטיווע רעסטאווראציע פונעם שטייגער, פון די מידעס, פון די שטרעבונגען, האָפענונגען אין יענעם צײַט־אָפשניט, וואָס איז ארײַנגעפרעסט אין ראָמאן.

איבערדערציילן דעם סוזשעט פון „מעדרעש פינכעס"? עס לאָזט זיך יאָ און לאָזט זיך ניט, ווײַל מע קאָן ניט איבערגעבן יענעם טיפן לירישן שטראָם, וואָס טריפט דורך אלע בלעטלעך, אָנזאפנדיק זיי מיט טיפן דראמאטיזם.

די האנדלונג וויקלט זיך פאנאנדער אין א שטאָט אין הינטערלאנד בייס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, וועגן וועלכער מ'האָט געמיינט, אז זי וועט שוין זײַן די לעצטע. עס לעבט אוף איינינעם מיט מאָטל אומרוס לײַדנדיקן און צעשפּאָלטענעם וועזן אויך די פארבלאָזע, פראָזאיִשע, בירגערלעכע סוויווע, וואָס האָט געטראָגן אין זיך די צעשויבערטקייַט פון דער צײַט מיט דעם קידער־ווידער פון סאָציִאלער אומײַנגעאָרדנטקייַט אין אַן אומהיימלעכער וועלט.

מוישע אלטמאן גליטשט זיך ניט אָף דער אויבערפלאך פון די געשעענישן. אים ווייט אינעם אויספאָרשן די מענטשן אין אלע אומשטענדן, אין אלע זייערע אנטוויקלונגען. ער גראָבט אין דער טיף, באמיִענדיק זיך צו אנטהילן זייער מאָראליש־גײַסטיקע וועלט. געדולדיק גייט ער זיי נאָך און קנעט זיי. ער קוקט נאָך מיט א געניט אויג נאָך זייער פסיכאָלאָגישער אופירונג. ער איז אויסגעשפראָכן אנאליטיש. די געשטאלטן באקומען זיך לעבעדיקע, מיט אלע זייערע שוואכקײַטן, לײַדנשאפטן, יעדער מיט זײַן אינדיווידועלן כויסעם.

אָט איז באָרעך — בענעדיקט. דאָס איז א פארענדיקטער טיפ פון אַן אָרנטלעכן באאמטן, אַן אָפשטאמיקן פון מאסקילים. די אופטרייסלונגען, וואָס ס'האָט געבראכט די מילכאָמע, די נײַע אומשטענדן און אויך, אפּאָנעם, די סינע צו זײַן פרוי, א פיל יִנגערע פון אים, א סאנגוויניקערן (זי זאָגט טילים באנאכט מיט יאָמערנדיקע קוילעס, ווען זי בראָט דעם כאזער...), ברענגען אים אינגאנצן ארויס פון גלײַכגעוויכט. ער פאלט ארײַן אין מאָרעשכוירע. ער פילט דעם אָפגאנג פון זײַן בירגערלעכער

וועלט, און ער זונדערט זיך אָפּ פון איר, פון די מענטשן מיט זייערע זיטן. ער באַזעצט זיך אין פליגל פון זײַן דירע — אָן האָפענונגען, אָן גלויבן, א פּאַרעש. די באַציִונגען צווישן די עלטערן, די אומהיימלעך־מאָדנע אַטמאָספער אין דער מישפּאָכע ליִגן, פאַרשטייט זיך, אַרויף א שטעמפּל אַף דער נעשאָמע פון זייער טעכטערל ריטע. דאָס איז א צניִעסדיק מיידל, א גוטע נעשאָמע, אַן אָפּפער־פייִקע — די פאַרקערפּערונג פון אַלע שענסטע טוגנטן. און פּלוצעם, אַלפּי־צופאַל, אַנטדעקט זי... דער מאַמעס פאַראַט. די דאָזיקע אַנטדעקונג איז פאַר איר א דערשיטערנדיקע איבערלעבונג. זי דערפילט זיך אַליין א באַשמוצטע אין איר צניִעס, א פאַרלעצטע אין איר ווירדע. זי ווערט באַהערשט טכילעס פון פאַראַכטונג צו דער מוטער, וואָס איז פאַרפּלאָנטערט אין שפּינוועבס פון ליגן. דערנאָך גייט דאָס אַריבער אין מיטגעפיל צו איר. דאָס אויפגעוועקטע פרוייִשע אין איר איז גוייווער. נאָר סײַווי האָט די באַגעגעניש מיט דעם ליגן איר געעפנט די אויגן אַף דעם זאַמדיקן, ניט זיכערן יעסאָד פון דער בירגערלעכער מאָראַל.

און אָט איז דער שרײַבער, וועמען מאָטל אומרו האָט אי ליב, אי מעקאַנע, אי ער אייפערט אים פאַר זײַן אינערלעכער גאַנצקײַט, פאַר זײַן צילגעווענדטקײַט און כאַראַקטער. מאָטל אומרו אַליין — אַן אָנגעבראָכן געמיט, א צעריסנס פון סטירעס, פון א קרענקלעכן דואַליזם, וואָס פאַרשאַפט אים ליידן, און העלפן זיך איז ער ניט בעקויעך.

און מאַריאַנע!.. די זינדיקע, די ניט־יִדישע פרוי, וואָס הייבט זיך אויף איבער אַלעמען געוועלטעריש, ווי אַן אָבעליסק. „די בעסטע און פײַנסטע פון אַלע מאַריאַנעס" — א ראַפינירטע, עקסצענטרישע פרוי, וואָס טוליעט זיך דאַפקע צום יִדישן מיידל, צו ריטען, צוגעצויגן פון איר צניִעס, פּונקט ווי עס ציט זי די מאָראַלישקײַט פון יויסעפן.

און יויסעף... יויסעף איז אין צענטער פון ראָמאַן. ער רעדט ווייניקער פון יעדן און האַנדלט ווייניקער פון יעדן. א קראַנקער, אײַנגעטריקנט־מאָגערער יִדישער יונגערמאַן, פאַרשלײַדערט אין דער פרעמד פון מילכאָמע־ציקלאָן. די אַטמאָספער אַרום אים איז פול מיט ליבשאַפט און דערעכערעץ. מאָטל אומרו שפּינט אים אַרום מיט אַן אָרעאָל פון סוידעספולקײַט און פאַרערונג. ער האָט ווייניקער קערפּער פון אַלע אין בוכשטעבלעכן און אויך אין קינסטלערישן געשטאַלטונגס־זין, נאָר צו אים ציִען זיך אַלע, ווי ער וואָלט געווען זייער געוויסן. דער שווײַגנדיקער מאָנער און דערמאָנער. עס גייט פון אים א מין גײַסטיקע אויסשטראַלונג. ער איז, ניט געקוקט אַף זײַן קרענקלעכקײַט, דער אַמײנסטן ווײַטזעעוודיקער, די פאַרקערפּערונג פון טיפער עטישער זויבערקײַט, פון פּרינציפּיעלקײַט, פון גלויבן — דער וויזיע־טרעגער פון א בעסערער יוישערדיקער וועלט.

און דאָך איז זיך מוידע מאָטל אומרו אין זײַנע בלעטלעך, ווענדנדיק זיך צו יויסעפס אָנדענק: „ניט דײַן שולד איז עס, און איך ווייס ניט, צי מײַנע, אויב איך קאָן ניט אויפברענגען דײַן גאַנץ פּאָנעם, דײַן גאַנץ ליכט. ווי ס'איז אויך נישט דײַן שולד, וואָס דו אַליין האָסט ניט געקאָנט אַרויסברענגען דײַן גאַנץ ליכט..."

צו אָט דעם ליכט יויסעפס, צו זײַן געלײַטערטקײַט טוליעט זיך, פאַרברענט פון גלוסטונג, מאַריאַנע — גרייט פאַר אים אפן גרעסטן קאָרבן.

אוואַדע איז אין דעם נוסעך פון דערציילן, אין דער אויפגעשרויפטקײַט אויך פון די עראָטישע מאָטיוון, ווי אין גײַסטרײַכן, פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון די העלדן, מיט וואָס אַלטמאַן שלאָגט אַרויס א שטאַרקן שרײַבערישן עפעקט, — אוואַדע איז פאַראַן דאָ קרויווישעס מיט דער מאַניר פון די פראַנצויזישע וואָרט־מײַסטער. אָבער אַלטמאַן זוכט ניט דעם שליסל צום כאַדריי־כאַדאָרים פון די נעשאָמעס, איבערהויפּט צו מאַריאַנעס אויפירונג, אין די פּרוידיסטישע טעאָריעס, וואָס זײַנען שוין געווען דעמלט אין דער מאָדע. די „באַל־אוויירעניצע", וועמעס לעבן איז פאַרקריפּלט געוואָרן קעגן איר ווילן, ווערט ניט פאַרורטיילט פון איר באַשעפער. פאַרקערט, ער זינגט איר א לויבגעזאַנג. איר צעכראַסטעט־עקסטראַוואַגאַנט לעבן איז ווי אַן אַרויסרוף קעגן איר סוויווע, קעגן דער צוויִעסדיקער געזעלשאַפט. ס'איז א נעקאָמע־אַקט פאַר דעם פאַרשלייערן זי מיט אַן אַלטן מאַן, א רײַכן גוטבאַזיצער, מיט וועמען זי האָט זיך געגעט און זיך אַפילע אָפּגעזאָגט פון דער פּענסיע, אַף וועלכער זי האָט געהאַט רעכט פאַר דעם קינד. דאָס איז א הויכע מאַדרייגע. מאָטל אומרו באַזינגט איר פאַנטערע־קערפּער, אָבער ער האָט אויך א כוש פאַר איר גײַסט. ער באַשענקט זי מיט גרויסער אינטעליגענץ, מיט כאַראַקטער, מיט געשמאַק און געפיל פאַר דערהויבענעם. ניט ווילנדיק דערמאָנט מען זיך אין פּערעצעס „אַראָפּגעלאָזטע אויגן". מאַריאַנע איז זינדיק מיטן קערפּער, אָבער די נעשאָמע...

און מאַריאַנע ציט זיך דאַפקע צו יויסעפן, צו דעם מאָגערן, קראַנקן יונגערמאַן. זי שטעלט זיך אײַן פאַר אים. זי ראַטעוועט אים. זי וויל מיט אים אַוועק אין דער וועלט. אָבער באַוועגן אים, ער זאָל אַוועקפאָרן מיט איר, גיט זיך איר ניט אײַן. יויסעף האָט אַן אַנדער ציל: „אַלעמענס בליקן זײַנען געווען געווענדט אַהין, צו יענעם גרויסן לאַנד, וואָס איבער איין נאַכט פון א סאָף ווינטער איז עס געוואָרן דאָס לאַנד פון אויסלייזונג".

און דער שטאַרבנדיקער יויסעף ווייסט נאָר איינס: ער מוז זײַן דאָרטן. ער מוז פאָרן אַהין.

דאָס איז דער לעצטער אַקאָרד. דאָס אָנעמען די רעוואָליוציע. די אויסלייזונגס־אידיי.

## 4

„אַהין", אין לאַנד, הייסט עס, פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, איז מוישע אַלטמאַן אַליין אָנגעקומען א סאַך שפּעטער. אין 1940.

אין אַלטמאַנס קורצע נאָכמילכאָמע־דערציילונגען ווערן אָפּגעשפּיגלט די טראַגישע געשעענישן, וואָס האָבן צעטרייסלט די וועלט. סרייפעס. געטאָס. עוואַקואַציע. עלנט. צאָרעס. און אין דער צעבויטעטקײַט פון לעבן זוכט אַלטמאַן אַלץ די מענטשלעכע גוטסקײַט, אין וועלכער ער גלייבט. און ווידער דערציילט ער וועגן פרײַנטשאַפט... און מער ניט קיין שרעק פאַרן גוירל. און מער ניט די פאַטאַלע טראַגישקײַט, וואָס באַגלייט מאָטל אומרו פון דער פריִער יוגנט אָן.

מאָטל אומרו איז געווען א שפּיל פון אַלע ווינטן. אוואַדע, דאָס איז אָפּהענגיק געווען פון די אָביעקטיווע אומשטענדן. דאָס איז מעגלעך געווען אין א וועלט, וועמעס אומפולקומענקײַט און אומגערעכטן סיידער ער האָט שטאַרק געפילט. דאָס איז געווען א וועלט, וווּ דער מענטש איז איבערגעלאָזט אַף אייגענעם באַראָט, א וועלט אָן ראַכמאָנעס, וווּ די בלינדע ענגהאַרציקײַט צעטרעט די שענסטע, איבערמענטשלעכע באַמיִונגען, וווּ די אכזאָריעס

„שטויסט מיט פרומקײַט נאָך טיפער אין אָפּגרונט אראָפּ דעם זינקענדיקן, ווי זי וואָלט אויספילן א הייליקע מיסיע“.

אנדערש איז באשערט דעם העלד פון דער דערציילונג „וואָרצלען“[1]. די אבסטראקטע פּראָבלעמען, וואָס האָבן געפּלאָגט מאָטלען, עקזיסטירן ניט פאר ביניאָמין אקערמאנען. ער איז אליין באלעבאָס אף זײַן גורל. ער קערעוועט דעם גורל אליין לויט זײַן ווילן. ער פילט זײַנע וואָרצלען טיף־אײַנגעגעסענע אין דער דאָזיקער אויסגעלייזטער ערד. זײַן געראנגל איז שוין ניט קיין יעכידישער. די נײַע ווירקלעכקײַט האָט אופגעעפנט אין אים נײַע קוואלן פון ענערגיע און פון שעפערישקײַט. ער איז א מענטש פון קאָלעקטיוו. זײַנע דײַגעס זײַנען דײַגעס פונעם קלאַל.

אומקערנדיק זיך פונעם פראָנט מיט נאָגנדיקע, ניט־פארהיילטע ווונדן, האָט ביניאָמין געטראָפן אין זײַן כאָרעווער היים נאָר זײַן זיידן, דעם איינציקן פון דער גרויסער מישפּאָכע פויערים, גערטנער, וואלד־מענטשן, וואָס איז אָפּגעראטעוועט געוואָרן אלפּי־נעס. צו אים טרליעט ער זיך, ווי א צווײַגל צו זײַן שטאם.

ס׳איז שוין דאָס צווייטע יאָר, אז די ערד איז געלעגן אן אקאָרעדיקע, צעשפּאָלטן פון טריקעניש. און ביניאָמין וואַרפט זיך מיט יונגן אימפּעט ארײַן אין דער ארבעט. א קינד פון ערד־ארבעטער, שוינט זיך ניט ביניאָמין. די שווערסטע אָנלאָדונגען נעמט ער אָן מיט פרייד, מיט ליבשאפט צו דער ערד, מיט וועמעס זאפטן ס׳האָט זיך אויסגעמישט דער שווייס פון זײַנע אָוועס, און מיט לײַדנשאפט, פילנדיק די גרויסע אכרײַעס פארן קלאַל און פאר דער אנדערשדיקײַט, אין וועלכער ס׳איז ארײַנגעטראָטן דאָס לעבן.

אכרײַעס — דאָס איז אויך דאָס געפיל פונעם מעכאַבער פארן מענטשן און פאר דער געזעלשאפט. „ליב האָבן בעעמעס הייסט: טראָגן א גרויס אכרײַעס־געפיל. אכרײַעס פארן לעבן! און ניט נאָר פארן אייגענעם. ליבע הייסט: ניט נאָר פרייד און געניוס, נאָר א סאך און נאָך מער ליידן...“

[1] מיט דעם נאָמען ווערט באטיטלט אלטמאנס באנד דערציילונגען, פארלאג „עמעס“, 1948.

דאָס זײַנען די רייד פונעם אלטן שוישפּילער אין אלטמאנס דערציילונג „א געשיכטע פון ליבע“. אָבער דאָס זײַנען אויך אלטמאנס רייד. אף דער פראגע, וואָס עס שטעלט דער פּסיכיאַטער אין פארצווייפלונג: וווהין גייט די מענטשהײַט? ווער וועט זי ראטעווען? ענטפערט אים זײַן פרײַנט, דער שרײַבער: „איר זײַט מוזיקאליש. האָט איר שוין פון לאנג געהערט די אפּאסיאָנאטא? הערט זי אָפּ. הערט גוט! עס איז די אנטפּלעקונג פון א געני. געדענקט איר דעם צוזאמענשטויס? פון איין זײַט, אלע סטיכיישע קרעפטן שטורעמען די וועלט, אָט קומט די גרויסע קאטאסטראָפע, דער אפּאָקאליפּסיס. אָבער אנטקעגן ענטפערט רויִק און קינדיש־גלייביק א „קול דממה דקה (קויל דמאָמאָ דאקאָ — גאָר א דין קאָל) — דער גרויסער גלויבן, דאָס שעפערישע, און איז מענאַצייעך“[1]. און כאָטש אלטמאַן קומט ווידער צו דער פּראָבלעם ליידן, איז עס דאָך נאָר פון זאָרג און פון ליבע צום לעבן, פון דער ליבע צום מענטשלעכן שאפן און געדאנק. „דורך ליידן, דורך פּײַן גייט דער וועג צו ליכט, צו וווּקס, צו שיינקײַט“... און דאָ קומט צום בולעטסטן אויסדרוק אלטמאנס הומאניסטישע קאָנצעפּציע.

אין הײַנטיקן פּעריאָד פון אלטמאנס שאפן זעט מען, ווי די געדאנקלעכקײַט באהערשט מאמעש זײַן פּראָזע. דאָס מערקט מען באזונדערס אין אלטמאנס „בלאָקנאָטן“. פילנדיק דאָס באדערפעניש צו טיילן מיט מענטשן דאָס גרויסע וויסן, דערציילן זיי, וואָס ער טראכט וועגן זיי, וועגן לעבן און טויט, וועגן קונסט און פּאָעזיע, האָט דער עסייִסט, וואָס זיצט אין אלטמאנען, אלעמאָל זיך ארײַנגעמישט אין זײַנע נאָוועלן, פּונקט ווי דער נאָוועליסט פאלט אים שטענדיק ארײַן אין זײַנע עסייִסטישע רייד, קעדיי בעסער, איבערצײַגעוודיקער צו אילוסטרירן זײַנע אײַנשטעלונגען, קאוואָנעס. און טאקע דערפאר, וואָס אלטמאַן איז אין טאָך א פּראָבלעמען־שרײַבער, זײַנען זײַנע העלדן, אין גרעסטן טייל, מענטשן טיף דענקעדיקע. אָפּשפּיגלענדיק די באוועגונג פון זייערע עמאָציעס און פּסיכאָלאָגיע, אנטפּלעקט דער שרײַבער זייער אינטעלעקטועלע וועלט, ארויסזאָגנדיק מיט זייערע ליפּן דאָס, וואָס ליגט אים אפן הארצן און אפן געדאנק.

[1] זע „אין דער טיף פון שפּיגל“, „סאָוועטיש היימלאנד“ נומ. 2 פארן 1964 יאָר.

ל. פּאָדריאַדטשיק

# צו דער פראגע וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור

אינעם צווייטן באנד פון דער קורצער ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע איז אָפּגעגעבן א סאך אָרט דער העברעיִשער און ייִדישער ליטעראטור. אין אים גייען אריַין העכער צוואנציק ארטיקלען און ביאָ־ביבליאָגראפישע נאָטיצן וועגן פארשיידענע שרייַבער, אויך א גרעסערע איבערזיכט, וואָס כאפּט ארום די געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראטור, אָנהייבנדיק פון די אוראַלטע צייַטן ביזן הייַנטיקן טאָג.

קלאָר, אז אין א קורצן ענציקלאָפּעדיע־ארטיקל איז ניט לייַכט איבערצוגעבן דעם גאנצן היסטאָרישן וועג פון א ליטעראטור, וואָס האָט הינטער זיך א געשיכטע פון עטלעכע טויזנט יאָר. אָבער אירע הויפּט־עטאַפּן און די גרונט־ווערק, ווי אויך דער היסטאָרישער באטייַט און דאָס אָרט, וואָס די דאָזיקע ווערק פארנעמען אין דער וועלט־ליטעראטור, זייַנען אָנגעצייכנט.

דערמיט איז ניט געזאָגט, אז די ארבעט איז פריַי פון פעלערן און בלויזן, גרעסערע און קלענערע. אַף אָט די פעלערן וועלן מיר דאָ אָנווייַזן.

האלטנדיק זיך באם היסטאָרישן און כראָנאָלאָגישן סיידער, וועלן מיר זיך קוידעמקאָל אָפּשטעלן אַף דעם ארטיקל וועגן דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראטור פון אלטערטום און מיטלאלטער (אווטאָר מ. בעלענקי).

דער „גאָלעס באָוול" איז באשטימט א וויכטיקע און אנטשיידנדיקע געשעניש אין לעבן פון די אלטע העברייער. אָבער בלויז לויט אָט דעם סימען אייַנטיילן די אלטע העברעיִשע ליטעראטור אין צוויי פעריאָדן הייסט אריַינלייגן מער ווי אָנדערהאלבן טויזנט יאָר ליטעראריש שאפן אין א סדאָם־בעטל. דער וועג פון דער אלטער העברעיִשער ליטעראטור צו אן אנטוויקלטער הומאניסטישער פאָלקס־ליטעראטור ווייסט צו דערציילן פון א רייַכער און קאָמפּליצירטער פעריאָדיזאציע.

בעערעך אין יאָר 1500 ביז אונדזער צייַט־רעכענונג קומען די אלטע העברייער אין בארירונג מיט די אין יענער צייַט הויך־אנטוויקלטע קולטורן פון די פיניקייער, פון די מיצרים און אנדערע מיזרעך־פעלקער.

מע קאָן שוין אין די יאָרן 900—800 ביז אונדזער צייַט־רעכענונג אָנווייַזן אַף וויכטיקע ליטעראריש־קינסטלערישע שאפונגען. „דאָס גרויסארטיקע דווירע־ליד", ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט ליאָן פויכטוואנגער, איז א פארגאנצט קינסטלעריש ווערק, איינער פון די עלטסטע ליטעראַרישע דענקמעלער אין דער וועלט־ליטעראטור. אין דעם ארטיקל פון מ. בעלענקי ווערט עס אָבער בלויז אגעוווּרכעדיק דערמאָנט ווי „א פראגמענט" פון פאָלקלאָריסטישער שאפונג. די זאמלונג פונ הונדערט פופציק טהילים־געזאנגען, די פּאַטעטיש־דראמאטישע פאָעמע „אייכאָ" זייַנען ביכלאל ניט פארצייכנט. אויך די נעוויִים־ביכער, רייַכע מיט סאָציאלן פּאַטאָס, הומאניסטישע טענדענצן און מיט א שעפע לידער, מעשאָלים און אלעגאָריעס, זייַנען אין ארטיקל ניט זויכע געווען ווי עס געהער צו זייַן דערמאָנט צו ווערן. נאָר פארשווייַגן אזעלכע ווערק באטייַט פארזען דאָס סאמע כאראקטעריסטישע פון דער אלטער העברעיִשער ליטעראטור, וואָס האָט באשייַמפערלעך געהאט א באפרוכפּערנדיקע ווירקונג אַף דער גאנצער וועלט־קולטור, אָפּגערעדט שוין פון דער ייִדישער, פון די עלטסטע צייַטן אָן ביז דער הייַנטצייַטיקער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

אָנהייבנדיק פון ווו יה. ביז אונדזער צייַט־רעכענונג, מיט דער אנטשטייונג פון דער סעפּטואגינטע (גריכישע ביבל־איבערזעצונג), קומט אוף א העלעניסטישע שטרעמונג אין דער אלטער העברעיִשער ליטעראטור. אַף דער גרענעץ פונעם אלטערטום און דעם אָנהייב פון דער נייַער צייַט־רעכענונג ווערן באשאפן ניט נאָר די אזויגערופענע אפּאָקריפישע, נאָר אויך די פּסעוודאָ־אפּאָקריפישע ביכער. אין די דאָזיקע פעריאָדן ווערן באשאפן ווערק, וואָס וואקסן אריבער די צייַטלעכע און נאציאָנאלע ראמען. אין א שפּעטערדיקן היסטאָרישן עטאַפּ וועבן זיי זיך אריַין אין דער נייַער אופקומענדיקער אייראָפּעיִשער קולטור. ניט דערמאָנען אזעלכע ליטעראַרישע שטרעמונגען באטייַט פארשמעלערן דעם היסטאָרישן אינהאלט פון דער אלטער העברעיִשער ליטעראטור.

דאָס פעלן פון א קאָנקרעטן געשיכטלעכן צוגאנג צו ליטעראַרישע דערשייַנונגען באמערקט זיך אויך אין דער אָפּשאצונג פון דעם טאלמוד.

דער טאלמוד באשטייט, ווי באוווּסט, פון צוויי זעלבשטענדיקע גרויסע זאמל־ווערק: מישנע און געמאָרע, וועלכע זייַנען אנטשטאנען אין פארשיידענע צייַטן, אין פארשיידענע שפּראַך־ספערן און שפּיגלען אָפּ באזונדערע טקופעס (די מישנע איז צונויפגעזאמלט און רעדאקטירט געוואָרן ארום די יאָרן 200—210 פון דער נייַער צייַט און איז געשריבן אין העברעיִש, די געמאָרע איז קאָנאָניזירט געוואָרן ארום דעם יאָר 500 און איז געשריבן אין אראמיש).

אופנעמען דעם טאלמוד ווי אן אייַנהייַטלעך פארגאנצט ווערק, ניט אָפּמערקן זייַנע פארשיידענע שפּראַכלעכע און ליטעראַרישע נוסכאָעס באטייַט — ניט געבן קיין עלעמענטארע פאָרשטעלונג וועגן זייַן געבוי, סטיל און כאראקטער.

נאָך דעם, אזוי צו זאָגן, מיזרעכדיקן צייַט־אָפּשניט פון דער ייִדישער געשיכטע טראָגט זיך, צוליב פארשיידענע היסטאָרישע סיבעס, דער שווערפּונקט פון דער ייִדישער ליטעראטור אריבער קיין אייראָפּע. אפּן אָרט פון די גרויסע קאָלעקטיווע און אנאָנימע שאפונגען קומען אוף ווערק פון קאָנקרעטע שעפערישע פערזענ־

---

דער ארטיקל פון ל. פּאָדריאַדטשיק ווערט געדרוקט אין סיידער פון באהאנדלונג (רעד.).

לעכקײַטן. וועגן אָט דעם וויכטיקן גײַסטיקן איבערבראָך, וועגן דעם אָנהייב פון א נײַער טקופע אין דער ייִדישער קולטור־געשיכטע, קומט מ. בעלענקי אָפּ נאָר מיט א פּאָר מאָגערע פראַזן וועגן דער פאַרמיטלונגס־ראָליע פון די ייִדן באַם אריבערפלאַנצן די גריכישע און אראַבישע קולטורן אין דער אייראָפּעיִשער מיטלאַלטערלעכער ליטעראַטור.

אויך דאָרט, ווו עס ווערן כאראַקטעריזירט די נײַע שפּער, פעלט דער ערנסטער וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג. צי וועט דעם לייענער געבן א וועלכן־ניט־איז באַגריף וועגן מוישע איבן־עזראַ, דעם גרויסן ליריקער, וואָס האָט געשריבן פּרעכטיקע נאַטור־ און ליבע־לידער, אַזאַ מין כאַראַקטעריסטיק: „אַן אויסגעצייכנטער סטיליסט. ארויסגעטראָטן ווי דער אווטאָר פון א בוך וועגן דער געשיכטע פון דער העברעיִשער פּאָעזיע און טעכניק פון ליד...“ וועגן דעם גרעסטן העברעיִשן דיכטער פון מיטלאַלטער, יעהודע האַלייווי, דעם אווטאָר פון קלאַסישע נאַטור־ און יאַם־לידער, פון וועלכן דער געוינישער געטע איז באַצויבערט געווען, ווערט אין אַרטיקל געזאָגט: „מיט קינסטלערישער שליימעס טיילן זיך אויס זײַנע פּיוטים, אָנגעשריבן אין מאַניר פון וועלטלעכער פּאָעזיע. מיט מעשיכיזם זײַנען באַפאַרבט זײַנע ציִען־לידער“. אויך דער „היינריך היינע פינף הונדערט יאָר ביז היינען“, — דער גרויסער רענעסאַנס־דיכטער, אימאַנועל האָרומי, דער פאַרפאַסער פון די באַרימטע אַכט און צוואַנציק „מחברות“ (מאַכבאָרויס — העפטן), ווו עס „זײַנען פאַראַן פּערלען פון הומאַניסטישער דיכטונג“ (מייער ווינער), ווערט אין טאָך פאַרגעשטעלט ווי אַן עפּיגאָן, וואָס האָט געשריבן סאָנעטן לויטן מוסטער פון דער איטאַליענישער פּאָעזיע. דערפאַר אָבער ווייסט דער אווטאָר אָנצוּװײַזן, אַז „דער הויכפּונקט פון דער ייִדישער פּראָזע אין מיטלאַלטער“ איז יעהודאָ אַלכאַריזעס „תחכמוני“ (טאַכקעמוני), כאָטש ביז הײַנט צו טאָג האָט עס נאָך קיין איין ערנסטער ליטעראַטור־פאָרשער ניט באַשטעטיקט.

עס איז אויך שווער צו וויסן, פונוואַנען האָט מ. בעלענקי גענומען, אַז קלוינימוס בען קלוינימוס האָט אָנגעשריבן „א פּרעכטיקע פּאַראָדיע אפן טאַלמוד“? צו אונדז זײַנען דערגאַנגען בלויז זײַנע דרײַ געדרוקטע ווערק: „אבן בוחן“ (עווען בויכן — דער פּרוּוושטיין), „מסכת פורים“ (מעסעכעס פּורים — פּורים־טראַקטאַט) און איבערזעצונגען פון אַראַבישע מעשאָלים אונטערן נאָמען „אגרת צער בעלי חיים“ (איגערעס צאַר באַלע־כאַיִם). זײַנע א פּאַראָדיע אפן טאַלמוד איז פון קיין איין ביבליִאָגראַף און ליטעראַטור־פאָרשער, אַף וויפל אונדז איז באַוווּסט, ניט פאַרצייכנט געוואָרן.

דאָס בילד פון דער מיטלאַלטערלעכער העברעיִשער ליטעראַטור קאָן אויך ניט געמאָלט זײַן אָן עליִעזער האַקאַליר, וואָס האָט געשאַפן א גאַנצע פּאָעטישע שול, אָן דעם פילפאַרביקן און גײַסטרײַכן געשטאַלט פון אַוורהאָם איבן־עזראָ, דעם אווטאָר פון „גראַציִעזע הומאָריסטיש־עפּיגראַמאַטישע לידער“ (מ. ווינער), און אָן דער גליִענדיקער דיכטונג פון ייִסראָעל נאַגאַראַ און שלוימע אַלקאַבעץ אאַ. שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס עס פעלן אין איבערזיכט גאַנצע ליטעראַרישע זשאַנרען: די דראַמאַטישע ליטעראַטור און דער מאַשל.

עס האָט, פאַרשטייט זיך, ניט באַדאַרפט ארויספאַלן אַזאַ באַדײַטנדיקער מעשאָלים־שרײַבער, ווי ברעכיע האַנאַקדן, „איינער פון די טאַלאַנטפולסטע דיכטער פון אייראָפּעיִשן מיטלאַלטער“ (י. צינבערג, ב. 1, 290), און אויך די אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקײַט יעהודע אַבאַרבאַנעל.

אונטערן נאָמען לעאָ העברעאָ איז אַבאַרבאַנעל זייער פּאָפּולער געווען אויך אין דער הומאַניסטישער וועלט. זײַנע „דיִאַלאָגן וועגן ליבע“ — א באַגײַסטערטער הימן דעם מענטשן — איז פון די באַדײַטנדיקסטע ווערק אין דעם איטאַליענישן רענעסאַנס. „באַרירסטו די ליבע־פּראָבלעם, — האָט וועגן די דיִאַלאָגן געשריבן דער געניִאַלער סערוואַנטעס, — ווענד זיך צו לעאָ העברעאָ, ער וועט דיך באַלערנען אין א פולער מאָס“.

די ייִדישע מיטלאַלטערלעכע ליטעראַטור, סײַ אין העברעיִש, סײַ אין ייִדיש, האָט זיך אַנטוויקלט ניט איזאָלירט פון דער אַלגעמיינער אייראָפּעיִשער קולטור און ליטעראַטור, ווי עס קאָן זיך באַקומען פון דעם דערמאָנטן אַרטיקל. די ווירקונגען פון די רענעסאַנס־אידייען אַף דער ייִדישער קולטור און, פאַרקערט, די ראָליע פון דער העברעיִשער שפּראַך און ליטעראַטור אין דער טעטיקײַט פון א סאַך אָנגעזעענע הומאַניסטן איז באַהאַנדלט געוואָרן פון פיל ליטעראַטור־פאָרשער.

אין דעם זעלבן אַרטיקל ווערט אויך געמאַכט א פּרוּוו צו אינפאָרמירן וועגן דעם אויפקום און דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור. דער אווטאָר איז דאָ שוין אַזוי קאַרג און שפּאָרעוודיק, אַז מער ווי וועגן איבערגעזעצטע דײַטשישע ריטער־ראָמאַנען און אייניקע פּאָעמעס אַף ביבלישע טעמעס האָט ער ניט אויסגעפונען צו דערציילן.

צו יענער צײַט האָבן מיר שוין אָבער א פאַרצווײַגטע פאָלקסטימלעכע ליטעראַטור, וואָס איז רײַך מיט פאַרשיידענע זשאַנרען. בלויז איין אײַזיק וואַליכס לידער־אַנטאָלאָגיע זאָגט איידעס וועגן א פילפאַרביקן ייִדישן פּאָעטישן וואָרט. די רײַכע זאַמלונג פון נאָוועלן און דערציילונגען אין דעם „מײַסע־בוך“ שטייען ווײַט ניט אָפּ פון דעם „געסטום ראָמאַנאָרום“ און אַנדערע ווערק, וואָס זײַנען זייער פאַרשפּרייט געווען אין דער דעמלטיקער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. „אין דער דאָזיקער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור זײַנען פאַראַן ביבלישער און וועלטלעכער עפּאָס, אָריגינעלער און איבערגעזעצטער, ריטער־ראָמאַנען און אַנדערע דערציילערישע פּראָזע, פּאָעטישע שאַפונגען אַף פאַרשיידענע זשאַנרען, אייגנאַרטיקע ליטעראַריש־פאָלקלאָרישע טעאַטער־שפּילן, א ריזיקער שלאַל מײַסעס און לעגענדעס, נאָוועלן און דערציילונגען“... (מ. ווינער).

אין דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור געפינען מיר, אַגעוו, מאָטיוון און טעמעס, וואָס האָבן באַקומען א ווײַטערדיקע קינסטלערישע אַנטוויקלונג אין דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור: אין דעם ניסטערס „געדאַכט“, ד. איגנאַטאָווס „וווּנדער־מײַסעס פון אַלטן פּראָג“, י. אָפּאַטאָשוס „א טאָג אין רעגענסבורג“, „עליִאַהו באָכער“ אאַ. צי האָבן מיר ניט אין א טייל נאָוועלן פונעם „מײַסע־בוך“ א ווײַטן אָנדײַט אַף אייניקע מעקוירים צו י.־ל. פּערעצעס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“? געוויסע מאָטיוו־ענלעכקײַטן פון דער צווייטער נאָוועלע אין דעם „מײַסע־בוך“ מיט פּערעצעס „באַם גויסעס צוקאָפּנס“ זײַנען, ווי מיר דוכט זיך, אַן איידעס דערפון.

אין דעם אַרטיקל ווערן אויך דערמאָנט עליִאַהו באָכערס איבערזעצונגען פון דעם „באָווע־בוך“ און „פּאַריז און וויענע“ (אַגעוו, פאַרוואָס באָכער און ניט לעוויטאַ, ווי אין אַלע ענציקלאָפּעדיעס פון דער וועלט?). עס ווערן אָבער ניט דערמאָנט זײַנע אָרי־

גינעלע בײַסיקע פּאַמפלעטן, זײַנע ערנסטע פילאָלאָגישע און לעקסיקאָלאָגישע פאָרשונגען. מיר האָבן ניט פאַר זיך דעם עליִאָהו לעוויטא, וואָס איז געווען פּאָפּולער אין די הומאַניסטישע קרײַזן פון זײַן דאָר.

פון דעם געזאָגטן איז, ווײַזט זיך אונדז אויס, אײַנצוזען, אַז פון מ. בעלענקיס אַרטיקל אין דער ענציקלאָפּעדיע, געווידמעט דער אַלטער און מיטלאַלטערלעכער ייִדישער ליטעראַטור, קאָן מען קיין ריכטיקע און פולע פאָרשטעלונג וועגן איר היסטאָרישער און ליטעראַרישער באַדײַטונג ניט באַקומען.

דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור זײַנען אין דער ענציקלאָפּעדיע געווידמעט דרײַ אַרטיקלען: „די ייִדישע ליטעראַטור אין רוסלאַנד“ (אײַנשליסנדיק דעם סאָוועטישן פּעריאָד, אַוטאָר ה. רעמעניק), „די ייִדישע ליטעראַטור אין די פאַרייניקטע שטאַטן“ (בער גרין) און „די ייִדישע ליטעראַטור אין פּוילן“ (בער מאַרק). אין טאָך שטעלן זיי מיט זיך פאָר ערנסטע און קוואַליטאַטיווע אַרבעטן. עס זײַנען אין זיי פאַראַן אַ רײַכער פאַקטישער מאַטעריאַל, אינטערעסאַנטע אַנאַלאַגיעס און ליטעראַטור־היסטאָרישע פּאַראַלגעמיינערונגען. עס זײַנען אָבער אויך אין די דאָזיקע אַרטיקלען פאַראַן אייניקע בלויזן.

ס'איז באַשטימט ה. רעמעניקס פאַרדינסט, וואָס ער האָט אין דעם קורצן אַרײַנפיר צום איבערזיכט־אַרטיקל אין דער ענציקלאָפּעדיע פאָרמולירט דעם נײַעם צוגאַנג צו אונדזער קולטור־ירושע, וואָס האָט זיך היסטאָריש אויסגעפורעמט אין דער העברעיִשער און ייִדישער שפּראַך. זיכער זײַנען ניט געווען גערעכט יענע ליטעראַטור־פאָרשער, וואָס האָבן ניט אײַנגעזען, אַז די קולטור־ירושע אין געוויסע פּעריאָדן פון דער געשיכטע איז „וואָס שײַך דערקענטעניש און קולטור ביכלאַל און וואָס שײַך דער אויפקלערערישער וועלט־אָנשויונג, ביפּראַט אין דער ייִדישער סוויווע, פאָרמולירט געוועז אין העברעיִש“... (מ. ווינער). אין דעם איבערזיכט־אַרטיקל באַקומט זיך אָבער אַ געוויסער וואַקוום צווישן דעם XIII און XVIII יה. עס זײַנען אַרויסגעפאַלן די קינסטלערישע און ליטעראַטור־היסטאָרישע שאַפונגען פון מוישע זאַקוטא, מוישע־כאַיִם לוצאַטאָ, דער סאָנעטן־דיכטער שימשון מעדאָנע, די סאַטיריקער יאַקאָוו און אימאַנועל פראַנסיס אאַ.

אַ שאָד, וואָס אין די אַרבעטן פון ב. גרין און ב. מאַרק איז ניט אײַנגעשלאָסן געוואָרן אויך די מאָדערנע העברעיִשע ליטעראַטור. די שאַפונג פון די העברעיִשע שרײַבער פון פּוילן און פון אַמעריקע וואָלט באַשטימט פולער געמאַכט דאָס בילד פון דער קולטור פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן צווישן ביידע לעצטע וועלט־מילכאָמעס.

די ליטעראַטור אָף ביידע שפּראַכן איז אויפגעבאָוועט געוואָרן אָף דעם באָדן פון ייִדישן פאָלקסלעבן. ביידע ליטעראַטורן האָבן יאָרנלאַנג געהויזט צוזאַמען און זיך קעגנזײַטיק באַווירקט.

דער אַנטאַגאָניזם צווישן ביידע שפּראַכן איז אויפגעקומען אָף אַ געוויסן היסטאָרישן עטאַפּ און איז געווען אַן אויסדרוק פון באַשטימטע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טענדענצן אין דעם ייִדישן לעבן.

עס איז דאָך אַ היסטאָרישער פאַקט, אַז די סאָציאַליסטישע אידייען אין דער ייִדישער סוויווע זײַנען צוערשט אויפגעקומען אין העברעיִש — (מ.־ל. לילינבלום, יעהאַלאַל י.־ל. לעווין, א. שערעשעווסקי, א. ראַבינאָוויטש, ל. צוקערמאַן אאַ.). י. קאַמינער האָט קונציק אויסגענוצט „דעם העברעיִשן מיטלאַלטערלעכן פּיזמען, קעדיי אויסצודריקן הײַנטיקע אונדזערע ליידן און קאַמף און האָפענונג“... און א. ליבערמאַן „האָט דער ערשטער גענומען ריידן סאָציאַליזם צו די ייִדן אין דעם לאָשן פון יעשײַעס בען אַמויץ“ (מ. ווינטשעווסקי), אַליין דער זיידע פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, מאָריס ווינטשעווסקי, האָט זײַן ליטעראַרישע טעטיקײַט אָנגעהויבן אין העברעיִש.

עס איז צווייפלהאַפט ה. רעמעניקס באַהויפּטונג, אַז אין דער מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור איז קיין באַדײַטנדיקע פּראָזע ניט פאַראַן. מע קאָן דאָך, כוץ די ווערק פון א. מאַפּו, פּ. סמאָלענסקין, ר.־אַ. בראָוידעס, אָנווײַזן אויך אָף די שאַפונגען פון מ.־ד. בראַנדשטעטער, מ.־ז. פײַערבערג, יעהודע שטיינבערג, מ.־י. בערדיטשעווסקי, א.־נ. גנעסין, י.־כ. ברענער, ג. שאָפמאַן, ש.־י. אַגנאָן אאַ.

די קעגנזײַטיקע האַשפּאָעס פון ביידע ליטעראַטורן אין XIX, אָנהייב XX יה. איז אַ באַזונדערס רײַך און אינטערעסאַנט קאַפּיטל אין אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע. ביז הײַנט איז נאָך, לעמאָשל, ניט ווי געהעריק אויסגעפאָרשט אַלץ, וואָס האָט געווירקט אָף דער אויספאָרמירונג פון ד. בערגעלסאָנס סטיל אין ערשטן פּעריאָד פון זײַן שאַפן. כוץ די רוסישע און ייִדישע, זײַנען אויך קענטיק די אײַנפלוסן פון דער מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור (לעמאָשל, פון אורי־ניסן גנעסין, וואָס איז, אַגעוו, דער פּראָטאָטיפּ פונעם הערץ־געשטאַלט אין ד. בערגעלסאָנס ראָמאַן „נאָך אַלעמען“).

אין איבערזיכט־אַרטיקל פעלט, לויט אונדזער מיינונג, דער אײנהײַטלעכער ברייטער היסטאָרישער פּאַן פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור. באַהאַנדלען נאָר דאָס ליטעראַרישע שאַפן אין צאַרישן רוסלאַנד, פּוילן און אַמעריקע הייסט פונדעסטוועגן באַגרענעצן די געאָגראַפיע פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור. דאָס האָט אין דער ערשטער ריי געבראַכט דערצו, אַז עס פאַלן אַרויס אייניקע באַדײַטנדיקע רינגען, וואָס זײַנען אויפגעקומען גראָד אין די קלענערע קולטור־צענטרען.

עליִעזער שטיינבאַרג, לעמאָשל, „דער פאַבוליסט־נאָוואַטאָר, וועלכער האָט סײַ אין דער פאָרם, סײַ אידייִש ראַדיקאַל איבערגעשטאַלטיקט דעם מאָשל“ (י. שטערנבערג), איז צווישן ביידע וועלט־מילכאָמעס פאַרבונדן געווען מיט דער ייִדישער ליטעראַטור פון רומעניע. דערפאַר מיסטאָמע איז ער אַרויסגעפאַלן פון דער אויפמערקזאַמקײַט פון די מעכאַבערים פון די אַרטיקלען אין דער ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע. צוליב די זעלבע סיבעס, זעט אויס, איז אין איבערזיכט גאָרנישט ניט געזאָגט וועגן דעם ייִדיש־ליטעראַרישן שאַפן אין פראַנקרײַך (כ. סלאָוועס אאַ.), אין דאָרעם־אַמעריקע (י. באָטאָשאַנסקי אאַ.). עס איז אינגאַנצן דורכגעלאָזט געוואָרן די אינטערעסאַנטע פּלעיאַדע שרײַבער פון גאַליציע און די קאָמפּליצירטע און ווידערשפּרעכלעכע גרופּע „יונג־ווילנע“.

דאָס אײַנקלאַמערן זיך אין ענגע געאָגראַפישע ראַמען האָט אומפאַרמײַדלעך געבראַכט צו איבעריקע פּאַראַלעליזמען און ניט נייטיקע איבערכאַזערונגען. וועגן די מאַסקילישע שרײַבער פון רוסלאַנד, וועגן דעם ערשטן דאָר רעוואָלוציאָנערע דיכטער, וועגן די שרײַבער ביאַליק, פּערעץ, אַש, ווײַסענבערג, א. רייזען, ד. פּינסקי ווערט באַ אַלע דרײַ מעכאַבערים איינס און דאָס זעלבע אייניקע מאָל איבערגעכאַזערט. וועגן

שאָמערן ווערט צוויי מאָל דערציילט דאָס זעלבע. אין דער זעלבער צייַט זייַנען אזעלכע שרייַבער, ווי מ. ספעקטאָר, מארק ווארשאווסקי, עליאָקום צונזער, ביכלאל ניט דערמאָנט געוואָרן.

עס פעלן אויך ניט קיין ווידערשפּרוכן. אזוי, לעמאָשל, ווערט ש. אנ־סקי בא ה. רעמעניקן צוגערעכנט צו די יידישע שרייַבער פון רוסלאנד, וואָס האָבן געשריבן אין רוסיש, און בא בער מארקן איז ער פארעכנט פאר א יידישן שרייַבער פון פוילן, פּערעצעס מיטצייַטלער און טאלמיד.

דאָס אופשטעלן שטרענגע געאָגראפישע גרענעצן פאר דער יידישער ליטעראטור האָט באשאפן קינסטלעכע באריערן פאר די פּראָבלעמען, וואָס האָבן אין יענער צייַט אָן פּעסער געוואנדערט פון איין קולטור־צענטער אין צווייטן. געהערט דען דאָס שאפן פון י.־ל. פּערעץ, נאָמבערג, ווייַסענבערג, א. רייזען נאָר צו דער יידישער ליטעראטור פון פוילן? און מענדעלע, שאָלעם־אַלייכעם, בערגעלסאָן, דער ניסטער צו דער יידישער ליטעראטור פון רוסלאנד? האָט דען ניט אין „ניו־יאָרקער געטאָ“ י. אָפּאטאָשו דערהערט דעם אומרו פון „די פוילישע וועלדער“? אף איסט־סייַד האָט דאָך לייוויק אויסגעטראָגן זייַנע דיכטערישע וויזיעס פון די „סיבירער שנייען“ און מאני לייב זייַנע „סלאווישע מאָטיוון“.

די ערשטע יידישע עמיגראנטן אין אמעריקע האָבן אין זייערע וואליזעס מיטגענומען ניט נאָר די שנייַדער־צודאטן און שטעפּ־מאשינעס פון די אלטע היימען, נאָר אויך דעם גאנצן רעוואָליוציאָנערן אופברויז פון רוסלאנד, וואָס האָט יאָרנלאנג ארופגעלייגט זייַן שטעמפּל אף דער נייַער אופקומענדיקער יידישער ליטעראטור אין אמעריקע.

און צום סאָף נאָך איין באמערקונג. אין דעם אָפּטייל „נייַע און נייַסטע יידישע ליטעראטור“ זייַנען דערמאָנט נעמען פון שרייַבער, וואָס זייַנען געווען אין איר טעטיק. דערבייַ זייַנען די נעמען געבראכט ניט אין שייַכעס מיט די פּראָבלעמען און זשאנרען פון דער ליטעראטור, נאָר פּאָשעט לויט די יאָרן, ווען די שרייַבער האָבן אָנגעהויבן זייער ליטערארישע טעטיקייַט.

אגעוו, איז די רעשימע אויך ווייַט ניט קיין אויסשעפּנדיקע, און עס איז פּאָשעט ניט מעגלעך אלעמען אויסצורעכענען אין א קורצן איבערזיכט־ארטיקל. עס איז אָבער שווער צו פארשטיין, לויט וועלכן פּרינציפּ זייַנען די אָדער יענע שרייַבער יאָ דערמאָנט געוואָרן און אנדערע ניט.

לויט אונדזער מיינונג, פעלן אויס, לעמאָשל, די שרייַבער ליפּע רעזניק, מ. פּינטשעווסקי, כ. מאלטינסקי אא. צי זייַנען דען, צום בייַשפּיל, די קריטיקער און ליטעראטור־פאָרשער ש. בילאָוו, דובילעט, א. וועוויאָרקע, ש. עפּשטיין, אורי פינקעל, ד. קורלאנד, א. ראָזנצווייַג ווייניקער געווען טעטיק, ווי אנדערע, וואָס ווערן יאָ דערמאָנט אין דעם ארטיקל?

מיט אונדזערע קורצע, ווייַט ניט אויסשעפּנדיקע באמערקונגען וועגן דעם איבערזיכט־ארטיקל וועגן דער יידישער ליטעראטור אין דער קורצער ליטערארישער ענציקלאָפּעדיע זייַנען מיר אויסן, ערשטנס, אָנצווייַזן די בלויזן, וואָס זייַנען דאָרט, לויט אונדזער מיינונג, פאראן; צווייטנס, אזוי ווי די רעדאקציע פון דער ליטערארישער ענציקלאָפּעדיע זאָגט צו א צוגאָב־באנד, ווו עס וועט פארפילט ווערן דאָס דורכגעלאָזטע און אויסגעבעסערט ווערן דאָס פּארזעענע, וואָלט געווען א יוישער, אז דאָס זאָל כאל זייַן אויך אף דער יידישער ליטעראטור.

ליובע טשערניאַק

# מיט אָפֿענער ברוסט אין אטאקע

(צום 75־טן געבורטסטאָג פון שמועל ראָסין)

אין צענטראַלן הויז פון די סאָוועטישע שרײַבער וואַרפט זיך אין די אויגן א מירמל־טאָוול, אף וועלכן עס זײַנען מיט גאָלדענע אויסיעס אויסגעקריצט די נעמען פון מאָסקווער שרײַבער, וואָס זײַנען אומגעקומען אף די פראָנטן פון דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע. צווישן פיל אנדערע זעען מיר דעם נאָמען פונעם דיכטער שמועל ראָסין. האיאַר וואָלט ער אלט געוואָרן פינף און זיבעציק יאָר.

שמועל ראָסין איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל שומיאטש (געוו. מאָהילעווער גובערניע). זײַן פאָטער איז געווען א באַלעגאָלע. „די מוטער, — דערציילט ראָסין אין זײַן אווטאָביאָגראַפיע, — א קלוגע, א שאַרפזיניקע, — האָט פאַרמאָגט פון דער נאַטור א לוסטיקן, באַהאַרצטן הומאָר. זי האָט די ערשטע געוועקט מײַן פאַנטאַזיע און דראַנג צו וועלן זיך אַרויסזאָגן, צו וועלן דורך בילד און וואָרט דערהערט ווערן“.

— איך וויל זײַן א באַלמעלאָכע, — האָט געטײַנעט דער פערצניאַריקער שמועל, און ער האָט געפויעלט. די עלטערן האָבן אים געשיקט אין דער פרעמד לערנען זיך א פאַך. אינגיכן איז ער געוואָרן א מאַליער און בלעכער.

עס איז געגאַנגען דער רוסיש־יאַפּאַנישער קריג. ס׳האָט זיך שוין געפילט דער אָטעם פון דער אָנקומענדיקער רעוואָליוציע.

ראָסין קערט זיך אום אהיים, ווו ער טרעפט די מומע קאַטיע, די באָלשעוויטשקע, וועלכע איז געקומען צוגאַסט פון בריאַנסק.

קאַטיע — אן ארבעטער־מיידל, א לעבעדיקע און ענערגישע — איז געווען פאַרכאַפּט פון די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן. און דאָס איז געווען די טעמע פון אירע שמועסן מיטן פלעמעניק, מיט שמועלן.

די פאַקטן און עפּיזאָדן פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג זײַנען באַזונגען געוואָרן אין די ארבעטער־לידער פון יענער צײַט — אין רוסישע און יידישע. דער יונגער ראָסין האָט גוט געקענט די לידער פון די ערשטע פּראָלעטאַרישע יידישע דיכטער — ווינטשעווסקי, באָוושאָווער, עדעלשטאַט, מאָריס ראָזענפעלד, כאָטש אָפט האָט ער ניט געוווּסט, ווער עס איז דער אווטאָר פון דער אָדער יענער ליד.

צו פופצן יאָר האָט שמועל זיך באַזעצט אין קאַטערינאָסלאַוו, געאַרבעט דאָרט אלס מאַליער און בלעכער, צוערשט אף דער אײַזנבאַן, שפּעטער בא פּריוואַטע אונטערנעמער. אין יענע יאָרן האָט ער שוין אליין אָנגעהויבן שרײַבן לידער.

אין יאַנוואַר 1908 איז פון א האַרצשלאַג פּלוצעם געשטאָרבן זײַן טאַטע, איבערלאָזנדיק די פאַמיליע אין גרויסער אָרעמקייט. ראָסין האָט שטאַרק ליב געהאַט זײַן פאָטער, דאָס געשטאַלט פון אָט דעם גוואַר איז געוואָרן פאַר אים די טעמע פון אזעלכע ליריש־פּאַטריאַטישע ווערק, ווי „שײַן“, „ליכטיקע בעריאָזעס“, „זע נאָר, סאַראַ ווײַטן“, „ווען פון מײַן באַגינען“, „בין איך ניט א קינד“, „די פּראָסטע פאַרמאַטערטע טאַטעס“.

צום ערשטן עטאַפּ פון ראָסינס שאַפונג (1907—1918) געהערן אייניקע ציקלען לידער, וועלכע ער האָט שפּעטער אַרײַנגענומען אין די זאַמלונגען „עלנטע ווײַטן“ און „ערעוו פרילינג“. דאָס זײַנען לידער, געשאַפענע אין דער צײַט פון דער סטאָליפּינישער רעאַקציע, בייס דעם אופשטײַג פון דער ארבעטער־באַוועגונג און אין פאַריאָד פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע.

כאַראַקטעריסטיש איז די אַרײַנפיר־ליד צו דער זאַמלונג „ערעוו פרילינג“:

ליגט די נאַכט מיר אף די וועגן
און פאַרצוימט מיר שטעג און וועג
צו די גאָלדענע פאַרטאָגן,
צו די העלע זונען־טעג.

זײַנען אויסגעמעקט די ווײַטן,
ערד און הימל אין איין שטיק...
בלאָנדזשע איך אַרום אין פינצטער
און איך זוך דעם וועג צום גליק.

צו דעם ליכטיקן באַגינען,
צו די גאָלדן־העלע טעג
העלפט מיר, ווינטן, העלפט געפינען
מיר, פאַרבלאָנדזשעטן, דעם וועג.

ראָסין האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן און איז געוואָרן ברייט באַקאַנט נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, כאָטש שרײַבן האָט ער אָנגעהויבן מיט א סאַך יאָרן פריער. אלס דיכטער פון דער רעוואָליוציע האָט ער געהאַט פיל וואָס צו זאָגן און דערציילן:

פון מײַן לעבן, פון מײַן ליידן,
פון מײַן וואָגלען אָן א ברעג...

פון איין זײַט, האָט ער זיך געפילט אין די מאַרשירנדיקע רייען פון פאָלק, וואָס שפּאַנט צו נײַע טעג, פון דער צווייטער — „ווי א נײַער א פאַרקלערטער איך גיי דורך אצינד פאַר זיך אליין“...

אין 1918 דערשײַנט זײַן ערשט בוך „באָבע־מײַסעס“, אין וועלכן עס זײַנען אַרײַן די מײַסעלעך אין פערזן: „די בלינדע מירל“, „דער אויצער“, „דער בריווטרעגער“.

א שטאַרקן אײַנפלוס אף ראָסינס שאַפן האָט געהאַט די ליטעראַרישע סוויווע, מיט וועלכער ער האָט זיך אזוי ענג צוזאַמענגעלעבט נאָך דער רעוואָליוציע. דאָס איז געווען דער עלטערער דאָר סאָוועטישע יידישע דיכטער, כאַווײרים און פרײַנט זײַנע, די דעמלט נאָך גאָר יונגע, ערשט אופגייענדיקע טאַלאַנטן קושניראָוו, האַלקין, מאַר־

קיש און אנד. מיט זיי איז ראַסין געווען ענג פאַרבונדן זײַן גאַנץ לעבן, אָנהייבנדיק פון דער צײַט, ווען זײַן ווין־אָרט איז געווען קאַטערינאָסלאַוו און כאַרקאָוו, און ענדיקנדיק מיט מאָסקווע.

אין 1919 איז אין כאַרקאָוו דערשינען ראַסינס בוך ליריק אונטערן נאָמען „מויער־קאָפּלעך". צו די יאָרן 1918—1920 געהערט אויך די פּיעסע „די אופוואַכונג", וואָס עס האָט אופגעפירט אין כאַרקאָווער „זשאַטקינס טעאַטער" דער ערשטער יידישער דראַמאַטישער אַרבע־טער־קרײַז.

אין 1921 פאָרט ראַסין אריבער פון כאַרקאָוו קיין מאָס־קווע. דאָ הייבט זיך אָן דער באַדײַטנדיקסטער עטאַפּ פון זײַן לעבן און שאַפן.

אין 1922 איז דערשינען די פּאָעמע „שײַן" — דאָס ערשטע באַדײַטנדיקע ווערק ראַסינס אף דער טעמע פון קאַמף פאַר דער סאָוועטנמאַכט. די בירגערקריג־טעמע רעגט נאָך לאַנג דעם דיכטער. באַזונדערס געלונגען האָט ער אָט די טעמע פאַרקערפּערט אין זײַן באַוווסטער באַ־לאַדע „בערל בעקער". אלס פּראָטאָטיפּ פונעם העלד האָט דאָ דעם דיכטער געדינט זײַן אייגענער ברודער ביניע, וואָס איז אומגעקומען אין בירגערקריג. די באַלאַדע איז דאָס ערשטע מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין קאָמיוגישן זשורנאַל „יונגוואַלד".

צו די ווערק וועגן בירגערקריג געהערן אויך ראַסינס דערציילונגען „אין רויש פון געשלעגן" (אַלמאַנאַך „נײַ־ערד"), „אָרן נומער 109" („יונגוואַלד", 1924) א. אנד.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן שאַפט ראַסין זײַנע פּאַטריאָ־טישע לידער „רוסלאַנד", „היימלאַנד", די לידער וועגן לענינען, וועגן מאָסקווע. אין 1929 דערשײַנט אין צענטער־פאַרלאַג זײַן זאַמלונג לידער און פּאָעמעס „צו אַלע צו אונדז". אין איר זײַנען אַרײַן די פּאָעמעס „יוגנט" און „היים", ווי אויך אייניקע ציקלען פון זײַנע לידער פאַר די יאָרן 1921—1928.

אין די דרײַסיקער יאָרן האָט ראַסין באַרײַכערט די יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור מיט א ריי נײַע ווערק. דאָס זײַנען די פּאָעמעס און לידער־ציקלען „זין און טעכטער" (1934), „עס גייט דער שניט" (1935), „פאַר־ליבטערהייט" (1938), „צו דער צײַט" (1939) און אנד. א באַזונדער אָרט פאַרנעמט דאָ די פּאָעמע „זין און טעכ־טער". דאָס איז א ווערק וועגן 1905. ראַסין האָט, ווי ער אַליין האָט אָנגעוויזן, „ניט פּרעטענדירט אף א גע־שיכטלעכער פּאָעמע". ער איז נאָר אויסן געווען צו באַ־ווײַזן אייניקע לעבעדיקע מענטשן, אַנטיילנעמער פון די געשעענישן, ערשטע באָלשעוויקעס, וועלכע ער האָט פּער־זענלעך געקענט.

א גרויס אָרט אין זײַנע ווערק פון די דרײַסיקער יאָרן פאַרנעמט דאָס לענין־געשטאַלט („לענינס גײַסט", „מיט לענינען", „ווי די זון"); א ריי לידער זײַנען געווידמעט פּושקינען, שאָלעם־אַליי כעמען, שוואַרצמאַנען, נעקראַסאָווען.

אין דער ליד „אין אָנהייב יאַנוואַר" (1935) שטעלט ראַסין די פּראָבלעם וועגן שאַפן העלדן־געשטאַלטן פון אונדזער עפּאָכע. שטייענדיק פאַר פּושקינס דענקמאָל, טראַכט ער, אין טיפסטער לירישער רעגונג, וועגן דעם כויוו פון אונדזער דיכטונג צו שאַפן דעם עפּאָס פון דער סאָוועטישער העראָיק.

אין 1941 איז דערשינען די טרילאָגיע „טרײַהײַט", אי־בער וועלכער ראַסין האָט געאַרבעט עלף יאָר (1930—1941).

די פּאָעמע „זין און טעכטער" גייט אין דער טרילאָגיע אַרײַן אלס ערשטער טייל. אין די איבעריקע צוויי טיילן — „טרײַהײַט" און „ניצאָכן" ווערט פאָרגעזעצט די שילדע־רונג פונעם לעבנס־וועג פון ראַסינס העלדן — באָלשע־וויקעס — ביז צו אונדזער אָקטיאַבער־עפּאָכע.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די גרויסע פּאַטערלענדישע מילכאָמע, איז שמואל ראַסין געווען צווישן די ערשטע, וואָס זײַנען פרײַוויליק אוועק זיך שלאָגן קעגן סוינע — „מיט אָפענער ברוסט אין אַטאַקע", פּונקט ווי די העלדן פון זײַן ליריש־עפּישן ראָמאַן אין פערזן „טרײַהײַט".

לויט די ידיעס, וואָס מיר פאַרמאָגן, איז ראַסין העל־דיש אומגעקומען אין אָקטיאַבער 1941.

אין די לעצטע לידער, וועלכע ראַסין האָט אָנגעשריבן סאָף 1940 — אָנהייב 1941, זײַנען שוין פאַרויסגעזען די גרוילן פון דער פאַשיסטישער אָנשיקעניש. אין יענער צײַט זײַנען ברייט באַוווסט געוואָרן שמואל ראַסינס פּלאַ־מיקע שורעס:

ווען די שטורעם־שאָ וועט שלאָגן,
איז מײַן איינציקער באַגער,
כ׳זאָל, ווי דו, זיך, אַשער, שלאָגן
מיט דער ליד און מיטן שווערד...

(„אַשער שוואַרצמאַן").

בעשאַס דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע האָט דער דיכטער דער שלאַכטמאַן פולשטענדיק פאַרווירקלעכט זײַן „איינציקן באַגער" — מיטן ריינסטן געוויסן און באַ־וווסטזײַן האָט ער, „אָנגורטנדיק זײַן ווילן", זיך געלאָזט „דעם פײַנט אנטקעגן".

מאָלנדיק די זין און טעכטער פון אונדזער פילנאַציאָ־נאַלן אַרבעטס־פאָלק טיף רעאַליסטיש, דערציילנדיק, אז „דורך אומרו, דורך פּײַן און דורך וואָגל — ווען טויט האָט אף וועגן געלויערט, — זיי האָבן דאָס לעבן גע־טראָגן אקעגן געפאַר און ניסאָיען", — באַשטעטיקט דער זינגער דעם סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם ווי א נאַטירלעכע דערשײַנונג:

ניט קיין גיבוירים און ריזן
פון טויזנט איין נאַכט דאָ דערוואַכן,
דאָך האָבן זיי ווונדער באַוויזן
און אויסערגעוויינלעכע זאַכן.
זיי האָבן קיין נעכט ניט דערשלאָפן —
הונגעריק, באָרוועס און נאַקעט,
זיי האָבן דעם סוינע געטראָפן
מיט אָפענער ברוסט אין אַטאַקע...

מיט אָפענער ברוסט אין אַטאַקע האָט אויך ראַסין, צוזאַמען מיטן גאַנצן סאָוועטישן פאָלק, באַגעגנט דעם סוינע. און ניט בלויז באַגעגנט, נאָר צעשמעטערט אים, באַזיגט.

ראַסין האָט געטרוימט וועגן דעם, אז די דוירעס די ווײַטע זאָלן שטענדיק דערמאָנען מיט ליבשאַפט די נע־מען פון די העלדן, שאַפן נײַע פּאָעמעס וועגן זיי. ער איז שטענדיק געווען גרייט צו שטאַרבן אין שלאַכט, און אין דער זעלבער צײַט — „אף דער גרויסער ערד באַ־זונטער וויל איך לעבן טויזנט יאָר..." (פון דער ליד „יוגנט").

פּאָעטן שטאַרבן ניט. ראַסינס פאַרלאַנג וועט מעקוייעם ווערן, ווי ס׳איז מעקוייעם געוואָרן זײַן באַגער צו שלאָגן זיך אזוי, ווי אַשער, „מיט דער ליד און מיטן שווערד".

## 50־טער יאָרצײַט פון י.־ל. פּערעץ

נ. אויסלענדער

# פּערעצעס פּאָעמעס

נ. אויסלענדערס ארבעט „פּערעצעס פּאָעמעס", וועלכע מיר לייגן דאָ פאָר אונדזערע לייענער, איז דערווײַל, אַף וויפל אונדז איז באַוווּסט, די איינציקע מאָנאָגראַפישע פאָרשונג פון פּערעצעס פּאָעמע־זשאַנער. איבער דער מאָנאָגראַפיע האָט דער אַווטאָר געאַרבעט א ריי יאָרן. צום ערשטן מאָל האָט ער זי פאָרגע־לייענט, ווי א רעפעראַט, אַף דער וויסנשאַפטלעכער סעסיע אין מאָסקווע, געווידמעט דעם דרײַסיקסטן יאָרצײַט פון י.־ל. פּערעצן אין 1945 (זע דעם באַריכט וועגן דער סעסיע אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 5, 1965). אין פּראָצעס פון דער ווײַטערדיקער ארבעט איז די מאָנאָגראַפיע דערפירט געוואָרן צו א פאַרגאַנצטער ליטעראַטור־פאָרשערישער קאָנצעפּציע, וואָס שטעלט פאָר א באַדײַטנדיקן אינטע־רעס פאַר דער פּערעץ־פאָרשונג.

די ארבעט ווערט געדרוקט מיט אייניקע קירצונגען.

דער ערשטער שטריך פון פּערעצעס דיכטערישער אייגנאַרט:

ער איז דער שעפער פון גרעסערע פּאָעטישע געבײַען, ער טרעט אויף אין דער ייִדישער דיכטונג ווי דער אַווטאָר פון פינף גרויסע פּאָעמעס: „מאָניש", „ער און זי", „רעב יאָסל", „דער באַלעגאָלע", „באַם פערמדן כופּע־קלייד".

די דאָזיקע ווערק זײַנען דערשינען אין דער עפּנטלעכ־קײַט אין פאַרלויף פון א גאַנץ קורצן פּעריאָד: 1888—1895. צו דער זעלבער צײַט געהערט אויך די זעקסטע פּאָעמע פּערעצעס, וועלכע איז פאַרלאָרן געגאַנגען. גע־הייסן האָט זי: „ווו נעם איך א העלד?". ד. פּינסקי שרײַבט אין זײַנע זיכרוינעס, אַז פּערעצעס פּאָעמע „ווו נעם איך א העלד?" איז געווען א ווערק אין בײַראָנישן גײַסט, געשריבן אין סטיל פון „טשײַלד האַראָלד". אין יאַקאָוו דינעזאָנס בריוו צו שאָלעם־אליייכעמען (1888) ווערט אויך אונטערגעשטראָכן, אַז פּערעצעס פּאָעמע „ווו נעם איך א העלד?" האָט אין זיך עפּעס בײַראָנישעס.

ווײַזט אויס, אַז דאָס בײַראָנישע איז דאָ געלעגן ניט נאָר אין דער שרײַב־מאַניר. ס'איז געלעגן אין דער שטי־מונג פון נעם ווערק, וואָס האָט שאַרף אַטאַקירט די אָרו־מיקע ווירקלעכקײַט. ווענדיק פּערעץ טיילט מיט אין זײַן בריוו צו שאָלעם־אליייכעמען, איז די דאָזיקע אַטאַקע געווען געווענדט ניט בלויז קעגן דעם קליינעם שטעטל טשאַכנאָווקע, ווו די האַנדלונג הייבט זיך אָן. אין צענטער פון דער האַנדלונג שטייט דאָס געשטאַלט פון א דיכטער, וואָס וואַנדערט אַריבער אין דער גרויסער שטאָט. אומע־טום זוכט ער פאַר זיך א פּאַסיקן העלד און געפינט אים ניט.

וואָס איז עס פאַר א העלד, וואָס פּערעץ זוכט אים און קאָן ניט געפינען? דערויף ענטפערט פּערעץ אין זעלבן בריוו גאַנץ אויסדריקלעך: „דער העלד פון דער פּאָעמע איז א לעבעדיקער מענטש, א געזונטער, מונטערער און אַקטיווער".

אין זעלבן שניט זײַנען, ווי באַוווּסט, געשריבן אויך די איבעריקע פינף פּאָעמעס פּערעצעס. פּרווּט זיי באַ־טראַכטן אַלע צוזאַמען, און איר וועט זיך איבערצײַגן, אַז אַלע זײַנען זיי דורכגעדרונגען מיט איין גרויסן פּראָ־טעסט קעגן סאָציאַלן אומרעכט, אַלע ווילן זיי אָנטרויען דער דיכטונג די האַרבסטע און אַקטועלסטע פּראָבלעמען און צוגיין צו זיי ניט מיטן וועג פון פּובליציסטיק אָדער מאָראַל־פּריידיקערײַ, נאָר דורך א ברייט־פאַרמאָסטענער געשטאַלטן־שילדערונג.

פּערעץ איז ווירקלעך געווען אַן איבערצײַגטער אָנהענ־גער פון דער פּאָעמע־פאָרם. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס איז די אידעאַלע פאָרם פון א דיכטעריש ווערק, אָבער די דאָזיקע אידעאַלע פאָרם האָט געפאָדערט, לויט זײַן מיינונג, אַז אין איר זאָל אײַנגעפּאַסט ווערן אַן אידעאַל געשטאַלט. און אָט אָ־דאָס געשטאַלט האָט פּערעץ יאָרנ־לאַנג געזוכט.

די ארבעט אַף דער ברייט־פאַרמאָסטענער פּאָעמע האָט אויפגעשטעלט זייער שאַרף די פראַגע וועגן דעם סאָ־ציאַלן אַדרעסאַט פון פּערעצעס דיכטונג. די דאָזיקע פראַ־גע לאָזט דערמלט פּערעצן ניט צורו.

ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש אין דער הינזיכט איז פּע־רעצעס ליד „מײַנע לעזער". צום באַדויערן, איז די דאָזיקע ליד ביז צו דער לעצטער צײַט ניט געווען באַוווּסט. זי

וואָלט פאַרשפּאַרט עמעץ־וועמען צו דראַפּען זיך אַף די גלײַכע ווענט און זוכן פּרעצעס סאָציאַלן אַדרעסאַט דאָרטן, וווהין פּרעץ האָט קיינמאָל זײַנע בליקן ניט געוואָלט ווענדן. פּרעץ שרײַבט:

אין סאַלאָנען עלעגאַנטע
מיט די שפּיגלען און פּאָרטרעטן,
מיט דיוואַנען, פּאָרטעפּיאַנען,
זשיראַנדעלן און קינקעטן,

צווישן שוואַרץ־געפּרעקטע מענער,
אַלעבאַסטער־ווײַסע דאַמען —
קיינמאָל וועלן דאָרט ניט קלינגען
מײַנע ייִדיש־פּראָסטע גראַמען.

און איך דאַרף עס אויך ניט נייטיק...
צו דעם רידל, צו דער שער,
צו דעם שמײַסער אַף דער קעלניע,
ווען דער וואָגן שלעפּט זיך שווער,

צו דעם קראַנקן ייִנגלס מוטער,
מיט דער אויסגעדאַרטער ברוסט —
צו אים ציט מיך ווי א מאַגנעט...

מע קאָן מיט פולן רעכט זאָגן, אַז דאָ האָבן מיר פאַר זיך פּרעצעס ערשטע ליטעראַטור־פּראָגראַם, וואָרעם דאָס אַלץ, וואָס פּרעץ האָט געשריבן אין זײַנע דעמלטיקע דעקלאַראַטיווע אַרטיקלען מיקויעך ליטעראַטור, איז געווען הויפּטזאַכלעך א פּראָגראַם פון בילדונגס־אַרבעט. די ליד „מײַנע לעזער“ איז שוין געווען א פּראָגראַם פון שעפעריש־קינסטלערישער אַרבעט. פּרעץ שילדערט אין דער ליד די שעפערישע אופווירקונג פון דער דיכטונג אַף דעם מאַסן־מענטשן, אַף דעם מענטשן פון דעם רידל און דער שער; מיט דער פולער אַנטשיידנקײַט מעלדעט פּרעץ, אַז נאָר אַף דעם דאָזיקן מענטשן אָריענטירט זיך דאָס „וווּנדער־וואָרט“ (פּרעצעס אויסדרוק) פון זײַן דיכטונג.

לויט פּרעצעס מיינונג, איז ניטאָ אין דער וועלט אַזא אַרט דיכטונג — אויב נאָר דאָס איז עמעסע דיכטונג,— וואָס זאָל ניט געפינען דעם שטאַרקסטן אָפּקלאַנג אין דער טיף פון פאָלק.

פּרעץ איז טיף איבערצײַגט, אַז, גייענדיק אין פאָלק אַרײַן, דאַרף דער דיכטער ניט צעשיידן זיך מיט זיך אַליין, ניט אײַנרײַסן מיטן גאָרן ווידעראַנאַנד פון זײַן אינערלעכן לעבן, מיט דער גאָרער קאָמפּליצירטקײַט פון זײַן אָנגעזאַמלטער קולטור. גיין צום פאָלק דורך זיך, דורך אייגענער לעבנס־דערפאַרונג, דורך אייגענער נעשאָמע־דערפאַרונג,— דאָס איז דער דעוויז, מיט וועלכן פּרעץ טרעט אַרײַן אין דער ייִדישער דיכטונג. און דאָס ערשטע גרעסערע ווערק, ווו ער פּרוּווט פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן דעוויז, איז געווען די פּאָעמע „מאָניש“.

אין זײַן בוך „מײַנע זיכרוינאָס“ דערציילט פּרעץ:

„אין „מאָניש“, צווישן אונדז גערעדט, האָב איך געוואָלט מיך אַליין קאַפּירן, האָב איך זיך אָבער פאַרשענערט“...

דער פּרוּוו צו „קאַפּירן“ זיך אַליין איז אין דער ייִדישער דיכטונג פון דעמלטיקן רוסלאַנד געווען א זעלטנהײַט, מאַמעש אַן אויסנאַם־דערשײַנונג. עמעס, עס האָט געלעבט די מעסירעס וועגן עטינגערס און וועלוול זבאַרזשערס פּרוּוון צו שרײַבן לירישע לידער, אָבער ניט עטינגער, ניט זבאַרזשער האָבן דאָך קיינמאָל ניט געהאַט בעדייע צו שטעלן די לירישע ליד אין צענטער פון דער ייִדישער דיכטונג. פאַר עטינגערן, פאַר וועלוול זבאַרזשערן און אויך פאַר א גאַנצן דאָר שפּעטערדיקע ייִדישע דיכטער איז דער שווערפּונקט געווען אין דער זשאַנער־מאָלערײַ, אין דעם פּראָצעס פון מאָלן זשאַנער־פּאָרטרעטן. און מע מוז אָנערקענען: די ייִדישע דיכטונג האָט אין דעם פּראַט טאַקע גאַנץ היפּש געהאַט אויפגעטאָן. די פּאָרטרעטן־גאַלעריי, וואָס זי האָט געשאַפן, איז געווען גאַנץ רײַך. איינס נאָר האָט געפעלט דאָ: דעם דיכטערס פּאָרטרעט, דה. דער אויטאָפּאָרטרעט. און גראָד דערפון הייבט אָן פּרעץ: אין צענטער פון „מאָניש“ האָט ער געשטעלט זיך אַליין, זײַן אויטאָפּאָרטרעט.

פּרעצעס העלד מאָניש — דאָס איז דאָס ערשטע עכטע יוגנט־געשטאַלט אין דער ייִדישער דיכטונג, א געשטאַלט, וואָס איז אויסן צו זאָגן, אַז ס'איז נאָך פאַראַן יוגנט און יוגנטלעכס אין דעם ייִדישן פאָלק. וועגן מאָנישן ווערט דערציילט:

יעדעס ביינדל אין אים לעבט,
און ער גייט ניט — נאָר ער שוועבט.
אָנצוקוקן איז א פרייד!
מיידלעך ווערן רויט און בלאַס,
אַז ער ווײַזט זיך אַף דער גאַס,
אַז דער שיינער מאָניש גייט...

דער „שיינער מאָניש“, דער שיינער מענטש — דאָס איז דאָס ערשטע, מיט וואָס פּרעץ טרעט אַרײַן אין דער ייִדישער דיכטונג. איז דאָ פאַראַן א פאַרשענערונג לעגאַבע דעם דורכשניטלעכן טיפּ פון דער דעמלטיקער ייִדישער יוגנט? מעגלעך, אַז יאָ. אָבער ווו שטייט עס געשריבן, אַז א דיכטער איז מעכויעוו זיך צו אָריענטירן אַפן דורכשניט פון זײַן צײַט און זײַן סוויווע? ווער־ווער, אָבער פּרעץ האַלט עס ניט אַלס אָבליגאַטאָריש פאַר זיך. קוים האָט ער גענומען שרײַבן זײַן אויטאָפּאָרטרעט, „קאַפּירן זיך אַליין“, אַזוי באַלד האָט זיך דערוועקט אין אים די אידעאַלע פאַרשטעלונג וועגן דעם „מעכטיקן מענטשן“, וועלכן ער האָט געטראָגן טיף אין האַרצן. דאָס מעכטיקע אין מאָנישן — דאָס איז זײַן שיינקײַט. מעכטיק איז זײַן יוגנטלעכער פרײַ־גײַסט, פאַר וועלכן עס שטייט אָפן די גאָרע וועלט. מעכטיק איז זײַן ליבע־געפיל, וואָס באַהערשט זײַן גאַנצן וועזן.

פּרעץ פאַרשטאַרקט אומגעהייער דעם קאָנטראַסט צווישן מאָנישן און זײַן סוויווע. אויב וועגן דער פּאָעמע „ווו נעם איך א העלד?“ האָט פּרעץ געשריבן, אַז זײַן העלד איז איינזאַם, ווײַל „אין זײַן קליינשטעטל איז דאָס לעבן קיין לעבן ניט, די פרויען פאַרנעמען זיך אין קיך, די מענער ווערן אַלט פאַר דער צײַט“, איז דאָס אַלץ אָנגעמאָסטן אויך פאַר מאָנישן. פון יעדן אופטריט מאָנישעס איז צו זען, אַז ער איז מיט א קאָפּ העכער פון דער סוויווע, וואָס רינגלט אים אַרום.

און ווײַל מאָניש האָט אין זיך אָט אַזא קראַפט פון ליבע, אָן וואַקלעניש, אָן קוואַנקלעניש, — דערפאַר איז ער געוואָרן דער העלד פון פּרעצעס ערשטער פּאָעמע.

די פּאָעמע „מאָניש“ איז געווען דאָס ערשטע רײַפע ווערק, ווו פּרעץ האָט געפּרוּווט פאַרקערפּערן זײַן אידעאַלע פאַרשטעלונג וועגן דעם „מעכטיקן מענטשן“. די דאָזיקע פאַרשטעלונג טראָגט נאָך דערווײַל א גאַנץ באַגרענעצטן כאַראַקטער. דער „מעכטיקער מענטש“ טרעט דאָ אויף ווי דער טרעגער פון א גרויסער לעבנס־קראַפט. ס'איז אָבער א קראַפט, וואָס באַוועגט זיך אַף זייער א שמאָלן

שטעטך. זי איז ניט ארויס פונעם ענגן קרײַז אינטימע ליבע־איבערלעבונגען. א נײַעם שריט פאָרויס מאכט פערעץ אין דער פּאָעמע „ער און זי“.

די פּאָעמע „ער און זי“ איז בא אונדז ביטער ניט דערשאצט געוואָרן. מע האָט זי אָף טויט פארשוויגן, כאָטש דאָס איז א ווערק, וואָס דארף פארנעמען דאָס אָנגעזעענסטע אָרט אין פערעצעס דיכטערישער ירושה. אפן ערשטן בליק קאָן זיך דוכטן, אז „ער און זי“ האָט א סאך געמיינזאמס מיט „מאָנישן“. דער נאָמען „ער און זי“ מאכט אן אײַנדרוק, אז דער גרונט־מאָטיוו פון דעם ווערק איז ווידער דער ליבע־מאָטיוו. אָבער אזוי דוכט זיך עס בלויז אפן ערשטן בליק. וואָרעם זייער גיך ווערט קלאָר, אז דער ליבע־מאָטיוו איז דאָ ניט מער ווי א זײַטיקער מאָטיוו. מע קאָן אפילע זאָגן, אז אויב „מאָניש“ איז א ליבע־פּאָעמע, איז „ער און זי“ א פּאָעמע פון האס.

געקומען איז פערעץ צו אזא מין האס־פּאָעמע מיטן וועג פון א גאנץ היפשן בינטל לידער, וועלכע ער האָט פארעפנטלעכט אין דער „יידישער ביבליאָטעק“ פון 1891 אונטערן נאָמען „צײַט־געדיכטע“. נאָך א מער בולטן אויסדרוק האָט דער האס־מאָטיוו באקומען אין פערעצעס גרעסערער ליד „יוכעוועד“ (געדרוקט אין זעלבן יאָר 1891). „יוכעוועד“ איז געשריבן ווי א מין וויגליד, וואָס עס זינגט די מוטער פון דעם קינפטיקן פאָלקס־פירער מוישע בא דער וויג פון איר קינד. ס'איז אָבער א גאנץ מערקווירדיקע וויגליד. די מוטער רעדט דאָ ניט אזויפיל וועגן איר ליבע צו איר קינד, ווי וועגן האס צום אונטערדריקער פון איר קינד, צו פאַרען. די מוטער פרעגט:

איך זויג דיך מיט מײַן בלוט, מײַן קינד,
זויג איך טעג און נעכט,
צי זויג איך אויס א פרײַען מענטש?
צי זויג איך אויס א קנעכט?

די ליד „יוכעוועד“ ווײַזט אונדז, ווי עס קומט פאָר דער קער אין פערעצעס פריִער דיכטונג. נאָרוואָס האָבן מיר געקאָנט מיינען, אז דער „מעכטיקער מענטש“ אין פערעצעס פאָרשטעלונג איז בלויז דער שיינער מענטש, וואָס באוועגט זיך אין ענגן קרײַז אינטים־לירישע איבערלעבונגען. איצט הייבט אָן פאלן אָף דעם „מעכטיקן מענטשן“ גאָר א נײַע שײַן, — ס'איז דער „פרײַער מענטש“, א מענטש, וואָס זײַן לעבנס־קראפט גייט ארויס אפן ברייטן וועג פון זעלבסטבאפרײַונג און פאָלקס־באפרײַונג. אָבער קיין געשטאלט איז עס דערווײַל נאָך ניט. אזא געשטאלט פרווט פערעץ צום ערשטן מאָל שאפן אין דער פּאָעמע „ער און זי“.

באצייכנט איז די פּאָעמע ווי „אן אלט־הישפאנישע פאבעל“. די האנדלונג קומט פאָר אין דער שטאָט טאָלעדאָ אין די אינקוויזיציע־צײַטן. ניט אומזיסט אָבער האָט פערעץ פאר אן עפיגראף דאָ געגעבן די ווערטער: „עס איז אן אלטע געשיכטע, דאָך בלײַבט זי אימער נײַ“. פערעץ איז געווען איבערצײַגט, אז זײַן פּאָעמע „ער און זי“ האָט אן אקטועלן באטײַט. און ער האָט קיין טאָעס ניט געהאט. „ער און זי“ איז געווען א ווערק, וואָס האָט באריִרט די סאמע אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמס פון יענער צײַט — דער צײַט פון פאָגראָמען און בלוטיקע פארפאָלגונגען, — די פּראָבלעם פון ווידערשטאנד.

איז צו יענער צײַט אין דער יידישער דיכטונג אין רוסלאנד אזא פּראָבלעם שוין געשטעלט געוואָרן? ניין. פערעץ איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט עס געטאָן. נאָר געשטעלט האָט ער די פּראָבלעם אף זײַן אופן: ער האָט ווידער זיך א צי געטאָן צום אווטאָפּאָרטרעט. דער העלד פון דער פּאָעמע איז א דיכטער, און מע קאָן מיט געוויסן רעכט זאָגן, אז דאָ האָט פערעץ ווידער געפרווט „קאָפירן זיך אליין“.

אָבער פון פארשענערונג איז דאָס מאָל פערעץ געווען שוין גאנץ ווײַט. עס גלייבט זיך מאמעש ניט, אז בלויז דרײַ יאָר טיילן אָפּ די פּאָעמע „מאָניש“ (1888) פון דער פּאָעמע „ער און זי“ (1891) — אזוי ווײַט איז שוין דאָ פערעץ פון דער נייגונג צו פארשענערן זיך. אין דער פּאָעמע „ער און זי“ זעען מיר פערעצן גראָד אין דעם מאָמענט, ווען ער קומט צו זאָגן וועגן זיך אליין דאָס גרויזאמסטע וואָרט. פערעץ קומט דאָ צו מישפּטן זיך אליין פארן מאנגל פון ווידערשטאנד־קראפט, און מע מוז זאָגן, אז קיינמאָל, אין קיינע צײַטן איז פערעץ ניט געווען אזוי גרויזאם אין זײַן מישפּט איבער זיך אליין; אָבער גראָד די דאָזיקע גרויזאמקײַט צו זיך גיט פערעצן דאָס רעכט זײַן גרויזאם צו אנדערע. און דערין ליגט דער פארדינסט פון דער פּאָעמע „ער און זי“: ס'איז די פּאָעמע פון גרויזאמען מישפּט איבער א גאנצן דאָר.

די פאבולע פון פערעצעס פּאָעמע איז ניט קאָמפליצירט. עס דערציילט זיך וועגן א דיכטער, וואָס האָט ביז א געוויסער צײַט געוווּסט נאָר איין בארוף: זינגען וועגן דער שיינער וועלט שיינע לידער. פלוצעם האָט צו דעם אלעמען גענומען א סאָף, ווײַל

מיט אים איז גאָר זעלטנס געשען:
ער האָט דאָס געהענעם טאָלעדאָ,
ער האָט הישפאניען דערזען...

פערעץ הייבט אָן שילדערן „הישפאניען“. מיט זײַן שטענדיקער מײַסטערשאפט צו געבן ברייטע היסטאָרישע סאכאקלען גיט ער א שטעל אוועק דאָס בילד פון די אינקוויזיציע־צײַטן. נאָר דערבײַ וואָרפט זיך אין די אויגן, אז פערעץ וויל בעשום־אופן ניט האלטן זיך בא דער טראדיציִאָנעלער אײַנטיילונג פון דעם אווטאָרס געפילן: האס — צו די אינקוויזיטאָרס, ראכמאָנעס — צו זייערע קאָרבאָנעס. האס איז אין פערעצעס פּאָעמע פאראן גאָר א סאך, נאָר ראכמאָנעס — אָט דאָס געפיל איז אינגאנצן באזײַטיקט פון פערעצעס פּאָעמע. זײַן באציִונג צו די קאָרבאָנעס איז גאָר אן אנדערע. ס'איז דאָס צווייענדיקע געפיל פון צאַר און צאָרן: צאַר פונעם צוזען דעם מאסן־אומקום פון זײַנע ברידער, צאָרן — פונעם צוזען, אז דער דאָזיקער אומקום טראָגט אזא פאסיוון כאראקטער. און דאָ מאכט פערעץ דעם אנטשיידענעם שריט: ער פרווט צום ערשטן מאָל קלאָר און דײַטלעך פאָרמולירן זײַן רוף צו ווידערשטאנד.

דאָס, וואָס אין אנדערע לידער זײַנע איז געזאָגט געוואָרן האלב־פארשטעלט, אף א לירישן אופן, ווערט איצט ביז לעצט אנטבלויזט. פערעץ רעדט שוין מיט דער שפראך פון נאקעטע לאָזונגען:

פּראָטעסט קעגן שאָף, קעגן לעמער פּראָטעסט,
וואָס זאָגן נאָר ווידע, וואָס קניִען...
פּראָטעסט קעגן גויסען און שטארבן פאר שרעק,
פּראָטעסט קעגן שלעסער, וואָס רוען...

פון בליק פונעם כאַלעף דערוואכן זיי ערשט,
אום באלד צו פארגיין אינעם בלוט...
פּראָטעסט קעגן הימל, וואָס בלאַנקט אזוי בלוי
און שמייכלט אנטקעגן דער רוט!..

פּראָטעסט — אויך דער ערד! וואָס זאַפּט זי דאָס בלוט?
און ער דאָרט — וואָס מאַכט ער א שווײַג?..
דער פויגל פאַרשאָלטן — וואָס זינגט ער זײַן ליד,
זײַן ליבע־ליד אױף דער צווײַג?..

א מאָדנעם גורל האָבן געהאַט די דאָזיקע שורות פּערעצעס. מיט אָנדערהאַלבן צענדליק יאָר שפּעטער האָט דער אינהאַלט פון די דאָזיקע שורות — אין א באַרײַכערטער פאָרם — א קלונג געטאָן אין ביאַליקס פּאָעמע וועגן דער שכיטע־שטאָט, און דאָס האָט אופגערודערט די גאַנצע ייִדישע קולטור־סוויווע. אין יאָר 1891, ווען די אָקאָרשט ציטירטע שורות האָבן צום ערשטן מאָל געבראַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון רוסלאַנד דעם רוף צו ווידערשטאַנד, האָט זיך ניט געפונען קײנער, וואָס זאָל וועגן פּערעצעס פּאָעמע אָנשרײַבן די מינדסטע עטלעכע ווערטער. אָבער דאָס האָט ניט אָפּגעשוואַכט בא פּערעצן די זיכערקײַט, אז זײַן פּאָעמע האָט א באַשטימטן אַקטועלן באַטײַט. פּערעץ איז אזוי זיכער געווען דעריין, אז צום סאָף פון דער פּאָעמע לאָזט ער אפילו דעם העלד זײַנעם דעם דיכטער אויסרופן:

עס איז ניט קיין פאַבעל, מאַדאַם!
פאַר מײַנע אויגן טאָלעדאָ!..

פּערעץ האָט געהאַט דאָס פולע רעכט אזוי צו זאָגן, פאַר אים איז די פּאָעמע „ער און זי“ ווירקלעך ניט געווען קיין פאַבל פון ווײַטע פאַרצײַטנס. ס׳איז געווען ניט בלויז א דערמאָנונג, נאָר גיכער א מאָנונג, אז דער דיכטער, וואָס אָריִענטירט זיך אױפן „מעכטיקן מענטשן“, זאָל שטענדיק געדענקען: ניט אין דעם ליגט די גרויסקײַט פונעם „מעכטיקן מענטשן“, וואָס ער טראָגט אין זיך די קראַפט פון דער ליבע, נאָר דעריין, וואָס די זעלבע קראַפט אַנטפּלעקט זיך אויך אין זײַן גערעכטן האַס, אין זײַן גערעכטן ווידערשטאַנד.

ווי גרויס ס׳איז ניט געווען פּערעצעס נייגונג צום אווטאָפּאָרטרעט, האָט ער דאָך ניט געקאָנט זיך דערלויבן צו בויען זײַנע פּאָעמעס אויסשליסלעך אױפן „קאָפּירן זיך אַליין“. געווען איז — אויסער דעם דיכטער־געשטאַלט — נאָך איין געשטאַלט, וואָס האָט דעמלט שטאַרק צוגעצויגן פּערעצן, — דאָס געשטאַלט פונעם מאַסן־מענטש; דעם מענטש פון דעם רידל און דער שער, ווי פּערעץ דריקט זיך אויס. דעם דאָזיקן העלד ווידמעט פּערעץ זײַן פּאָעמע „רעב יאָסל“.

אויך דאָס מאָל וויל פּערעץ בלײַבן טרײַ דער פאָדערונג, וואָס ער האָט פאָרמולירט אין זײַן בריוו צו שאָלעם־אַליי‌כעמען. „דער העלד פון דער פּאָעמע דאַרף זײַן א לעבעדיקער מענטש, א געזונטער, מונטערער און אַקטיווער“, — אזוי האָט דעמלט געשריבן פּערעץ. גאַווריִעל, דער הויפּט־העלד פון דער פּאָעמע „רעב יאָסל“, געהערט צו דעם אַרט העלדן. גאַווריִעל, „דער שוסטער באַטאָג און וועכטער באַנאַכט“, קומט אויך אַלס דער טרעגער פון קראַפט, נאָר דאָס איז א באַזונדער מין קראַפט — די פאָלקס־קראַפט. און אין דעם באַשטייט טאַקע דאָס נײַע אין פּערעצעס פּאָעמע „רעב יאָסל“: דאָס געשטאַלט פון דעם מעכטיקן מענטשן, וואָס גייט בא פּערעצן פון פּאָעמע צו פּאָעמע, ווערט דאָ באַוויזן צום ערשטן מאָל אין אַספּעקט פונעם פאָלקס־לעבן, מיט אַלע זײַנע וואָרצלען, וואָס גייען אַוועק טיף אין דער פאָלקס־מאַסע.

אין העסקעם דערמיט קומט דאָ פאָר א גרינטלעכע ענדערונג אין דער פּלאַנירונג פון דער גאַנצער פּאָעמע. דאָס, וואָס פּערעץ זאָגט אין „מאָניש“ אין נאָמען פונעם אווטאָר, ווערט אין דער פּאָעמע „רעב יאָסל“ געזאָגט אין נאָמען פונעם פאָלק. דעם שוסטערס פּרוי, ציפּע, וואָס איז פול מיט פאַראַכטונג צו איר שאָכן, דעם אויסגעווייקטן מעלאַמעד רעב יאָסל, זאָגט:

איך בין א שנײַדערס א טאָכטער, מעגסט לאַכן,
מײַן סייכל וועט אייביק שוין שנײַדעריש בלײַבן,
מע זאָל באַדײַ פּעקל־פלייש דאָרט פון מיר מאַכן,
הערסטו, גאַווריִעל, קאַסטרוי זאָל מען טרײַבן,

איך וויל קיין געוויי‌קטן, קיין הערינג, קיין גוילעם,
איך קאָן ניט לײַדן, און מעג דיך פאַרדריסן,
עס שלאָגט מיר קאַפּויר, דערזע איך דעם אוילעם,
די וואָנצעס מיט טאַבעק, דאָס הוסטן, דאָס ניסן...

דאָ פילט זיך דער אײַנרײַס מיטן דויר־דוירעסדיקן אַסקעטיזם, דער פּראָטעסט קעגן מאַכטלאָזיקײַט, די אַפּאָלאָגיע פון ליבע, אַלס אויסדרוק פון מענטשלעכער לעבנס־קראַפט. איר הערט אין די אָקאָרשט ציטירטע שורעס דעם זעלבן טאָן, די זעלבע דיכטערישע שטים, נאָר דאָס מאָל לאָזט זיך דאָ הערן נאָך עפּעס א מיטשטים, די פאָלקס־שטים, וואָס האָט א קלונג געטאָן אין די רייד פון דעם שנײַדערס טאָכטער. און אין דעם ליגט פּערעצעס טריִומף: זײַן אידעאַלע פּאָ׳שטעלונג, וועלכע ער האָט אויסגעטראָגן אין זיך פון זײַנע יוגנט־יאָרן אָן, — דער אידעאַל פון א „מעכטיקן מענטשן“ קריגט אין דער פּאָעמע „רעב יאָסל“ די באַווּיליקונג פון פאָלק. אױף פּערעצעס יוגנט־אידעאַל פאַלט די שײַן פונעם פאָלקס־אידעאַל.

דעם „באַלעגאָלע“ האָט פּערעץ באַצייכנט ניט ווי א פּאָעמע, נאָר בלויז ווי א „שמועס“. ווײַזט אויס, אז דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט פּערעצעס דעמלטיקע באַגריפן וועגן דעם מעהוס פון א פּאָעמע. דאָס רעכט צו הייסן א פּאָעמע האָט, לויט פּערעצעס מיינונג, געשטאַמט ניט אזוי פון דעם כאַראַקטער, וואָס עס האָט דאָס ווערק, ווי פונעם כאַראַקטער, וואָס עס האָט דער הויפּט־העלד פונעם ווערק. און קוים איז אָט דער העלד בלויז איינער פון טויזנטער, איז ניט קיין אויסנאַם־געשטאַלט, עס פאַלט אױף אים ניט דער אָפּגלאַנץ פון דעם „מעכטיקן מענטשן“, — דעמלט, האַלט פּערעץ, קאָן אזא ווערק קיינמאָל ניט קריגן דאָס רעכט צו הייסן א פּאָעמע.

אָט אזוי, מיט א קנאַפּער זיכערקײַט אין דעם העלד פון זײַן ווערק, האָט פּערעץ גענומען שרײַבן זײַן פּאָעמע „דער באַלעגאָלע“. די דאָזיקע אומזיכערקײַט אינעם העלד פון זײַן ווערק האָט געלייגט א באַזונדער קענטלעכן שטעמפּל אױף דעם אָנהייב פון דער פּאָעמע...

...און אויבן, און אונטן
אַלץ גרוילעך, אַלץ שיטער...

די דאָזיקע ווערטער שטייען אין סאַמע אָנהייב ווערק ווי א מין עפּיגראַף צו דער גאַנצער פּאָעמע. פּערעצן דוכט זיך, אז אין איר ווײַטערדיקן גאַנג וועט די פּאָעמע זײַן דורכויס טרײַ דעם דאָזיקן עפּיגראַף. צום גליק, האָט זיך עס באַקומען אַנדערש. אין איר ווײַטערדיקן גאַנג האָט די פּאָעמע זיך אַרויסגעריסן פון דעם „גרוילעך שיטערן“ קאָלאָריט, זי האָט באַקומען א געוויסע דראַמאַטישע שפּאַנונג און פון קאַפּיטל צו קאַפּיטל האָט אָנגעהויבן וואַקסן אויך דאָס געשטאַלט פונעם הויפּט־העלד.

ווי אַלעמאָל, האָט דאָ פּערעצן געהאָלפן די אומגעהייערע פאַרברייטערונג פונעם מאַסשטאַב, וועלכן ער האָט אָנגעווענדט אויך אין דער דאָזיקער פּאָעמע. עמעס,

די איינפאַכע לעבנס־געשיכטע פונעם באַלעגאַלע איז געווען ווייניק צוגעפאסט פאר אזא גרויסן מאסשטאב. האָט אָבער פּערעץ פאַרשטאַנען, וויאַזוי צו פאַרבינדן דעם גורל פונעם אַרעמען באַלעגאַלע מיט דעם גורל פון א גאַנץ שטעטל.

און נישט נאָר מיר ביידע —
אַלע גייען טאַנצן:
עס זינגט, גאָט זאָל היטן,
דאָס שטעטל אינגאַנצן...

דאָס איז בא פּערעצעס באַלעגאַלע ניט קיין צופעליק וואָרט, אַזוי נעמט ער אויף אַלץ, וואָס מיט אים קומט פאָר. בייס ער דערציילט זײַן לעבנס־געשיכטע, ווייסט ער ניט, וואָס קער זיך דאָ אָן מיט אים און וואָס קער זיך אָן מיטן „שטעטל אינגאַנצן". אַלץ, וואָס אין זײַן אייגן לעבן האָט פּאַסירט, קומט ווי א מין העמשעך פון די געשעענישן, וואָס האָבן דערשיטערט די גאַנצע סוויווע ארום אים. די לעבנס־געשיכטע ווערט פול מיט אָפּקלאַנגען פון געשיכטע, און אָט אַף אזא אויפן פירט עס פּערעץ ארײַן דעם גרויסן מאסשטאב אין דער פּאָעמע וועגן א געוויינלעכן אַרעמען באַלעגאַלע.

קענטיק, אַז פּערעץ האָט דאָך ניט פאַרזען די געפאַר, וואָס האָט זיך דערבײַ געשאַפן: די אומגעהייערע פאַרברייטערונג פונעם מאסשטאב האָט געקאָנט אָפּרײַסן דעם הויפּט־העלד פון זײַן קאָנקרעטן באָדן, עס האָט געקאָנט פירן דערצו, אַז אין דעם מאַנאָלאָג פונעם באַלעגאַלע זאָל זיך מער לאָזן הערן די שטים פונעם אויטאָר, איידער די שטים פון זײַן העלד. קעדיי אויסצומײַדן די דאָזיקע געפאַר, האָט פּערעץ געשטרעבט דאָ צו דער מאקסימאַלער אינדיווידואַליזירונג פון זײַן העלד. ניט אין „מאָניש", ניט אין „ער און זי", ניט אין „רעב יאָסל" איז פּערעצעס שטרעבן צו דער אינדיווידואַליזירונג ניט געווען אַזוי שטאַרק, ווי אין „באַלעגאַלע".

„א מענטש איז דערשלאָגן", — זאָגט וועגן זיך דער באַלעגאַלע, און דאָס איז, אין פּלוג, אַלץ, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם געמיט־צושטאַנד פון פּערעצעס העלד. פּערעץ האָט אָבער געשטרעבט צו ווײַזן ניט בלויז דעם געמיט־צושטאַנד, נאָר דעריקער — דעם כאַראַקטער פון זײַן העלד. און אָט דעמלט איז ער געקומען צו איינער זייער א וויכטיקער פעסטשטעלונג. ער האָט פּלוצעם דערזען, אַז דער באַלעגאַלע איז לויטן כאַראַקטער ווײַט ניט גענגלעכן צום שטעטלשן אוילעם. פאַרקערט, עס זײַנען פאַראַן פאַלן, ווען דער באַלעגאַלע טרעט אויף ווי א מין קאָנטראַסט בענעגייע דעם איבעריקן שטעטל־אוילעם. אָט איז איינער אזא פאַל. דער שטעטל־אוילעם האָט אָנגעהויבן זיך צעלויפן. עס לויפן יונג און אַלט, מע לויפט קיין ערעץ־ייסראָעל, מע לויפט קיין אַמעריקע. אָבער אים, דעם באַלעגאַלע, ציט עס ניט אַהין. „איך וועל דאָ בלײַבן", — זאָגט ער וועגן זיך, און ער גיט אונדז צו פאַרשטיין, אַז ער קען טאַקע פונדאַנען ניט אוועקפאָרן:

איך ווייס ניט, עס ציט דאָך
דער הימל, דער וואַלד...
...עס ציט מיך מײַן הײַזל,
עס איז דאָך א ווייטעק!
כאָטש עס פאַלט קוירים —
א שינדלדאַך נייטיק!
עס דאַרף אין די צײַטן
אי קאַלעך, אי לײם...

איך פיל מיך דאָך אינעם
בא מיר אין דער היים!

די דאָזיקע שורעס רופן ארויס אין זיקאָרן טעוויע דעם מילכיקן מיט זײַנע רייד וועגן „באַטקאָוושטשינע". פּערעצעס באַלעגאַלע איז אין דער הינזיכט געווען טעוויעס א פּאַרגייער. ניט פאַרמאַגנדיק טעוויעס נעשאָמע־רײַכקײַט און מעכטיקן פאַרשטאַנד, איז פּערעצעס באַלעגאַלע דאָך באַשאָנקען מיט דער זעלבער מענטשלעכער שטאַנדהאַפטיקײַט, וואָס לאָזט אים ניט פאַלן אונטער די שווערסטע קלעפּ. פּערעץ זוכט דעם קוואַל פון דער דאָזיקער שטאַנדהאַפטיקײַט, און ער געפינט אים אין דעם באַלעגאַלעס גרויסער צוגעבונדנקײַט צו דער ערד, אַף וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן, אינעם שטענדיקן פילן דעם פעסטן באָדן אונטער די פיס, אין אָט יענעם געפיל פון אייגענעם „שווירעש", וואָס האָט דעמלט צום ערשטן מאָל אין דער יידישער דיכטונג א קלונג געטאָן בא פּערעצן אין דער פּאָעמע.

דעריבער איז עס אַזוי נאַטירלעך: וואָס ווײַטער עס אַנטוויקלט זיך די פּאָעמע, אַלץ מער פאַרגעסט מען אין דעם עפּיגראַף, וועלכן פּערעץ האָט אוועקגעשטעלט אין אָנהייב פון זײַן ווערק. דער „גרוילעך־שיטערער" קאָלאָריט ווערט פאַרשוווּנדן, פאַר אונדזערע אויגן שטעלט זיך אוועק דאָס בוילעטע געשטאַלט פונעם לײַדנדיקן באַלעגאַלע, און דעמלט קומט שוין אונדז ניט אַפן זינען צו צווייפלען אין דעם, אַז דאָס איז בעעמעס א פּאָעמע. נאָך מער: מיר הייבן דעמלט אָן צו פאַרשטיין, אַז די פּאָעמע „דער באַלעגאַלע" איז געווען דאָס ערשטע דיכטערישע ווערק, ווו פּערעץ האָט געוואַגט באַאנאַנד מיט דעם „מעכטיקן מענטשן" אוועקשטעלן דאָס געשטאַלט פונעם לײַדנדיקן מענטשן, און דאָס האָט ביז גאָר באַרײַכערט פּערעצעס דיכטערישע אַנטוויקלונג.

אין א בריוו צו ראַזע יאַקובאָוויטש (אין 1909), אָנווײַזנדיק אַף איינעקע פעלערן אין דער שפּראַך פון איר ווערק, האָט פּערעץ געשריבן: „סאָציאַלע לײדן דריקן זיך אַנדערש אויס". דער דאָזיקער געדאַנק פּערעצעס, אַז „סאָציאַלע לײדן" באַקומען אין א קינסטלעריש ווערק זייער באַזונדערן אויסדרוק, האָט געהאַט גאָר א ווײַטע אָפּשטאַמונג. ער האָט געשטאַמט נאָך פון די 90־ער יאָרן, ווען פּערעץ האָט צום ערשטן מאָל געווענדט זײַנע בליקן צו דער „קעלער־שטוב", גענומען שילדערן די יידישע אָרעמשאַפט, אירע אומגעהייערע „סאָציאַלע לײדן". אָט אין דער צײַט האָט עס פּערעץ אָנגעשריבן זײַן פּאָעמע „באַם פּרעמדן כופּע־קלייד".

ס'פאַרשטייט זיך, אַז אויך אין די פריִער דערמאָנטע פּאָעמעס האָט פּערעץ צײַטנווײַז זיך דערנענטערט צו דער שילדערונג פון „סאָציאַלע לײדן", אָבער אין דער פּאָעמע „באַם פּרעמדן כופּע־קלייד" איז פּערעצעס וועג צו דער דאָזיקער שילדערונג א דירעקטער. די גאַנצע פּאָעמע באַוועגט זיך לויט איין גראַדער ליניע. אזא ליניע, וואָס וויל ניט און קאָן ניט ווײַכן פון שווערקײַטן.

די ערשטע שווערקײַט, וועלכע פּערעץ האָט דאָ באַגעגנט, איז געווען די מאַסן־שילדערונג. „סאָציאַלע לײדן" — אַזוי האָט פּערעץ געפילט — זײַנען פריִער פאַר אַלץ מאַסן־לײדן. דעריבער האָט ער אין דער פּאָעמע „באַם פּרעמדן כופּע־קלייד" אויסגעמיטן אַלץ, וואָס קאָן אָפּווענדן פון דער מאַסן־שילדערונג. קוקט זיך צו, ווי פּלײַסיק פּערעץ שטרײַכט אונטער יעדעס מאָל, ווען עס טרעטן אויף די האַנט־מיידלעך, אַז זיי טרעטן אויף ווי א

כאָר. דער כאָר־אופטריט איז דאָ בארופן צו שאפן דעם אײַנדרוק פון א מאסן־אופטריט. און אָט דעם אײַנדרוק וויל פּערעץ אומבאדינגט פארשטארקן.

צום סאָף פּאָעמע צייכנט פּערעץ אין דער רעמארקע שוין ניט „כאָר“, נאָר „אלע“, דה. ער שליסט אײַן אינעם כאָר פון די האנט־מיידלעך אויך די צוויי מאָדיסטקעס, וואָס זײַנען ביז דעמלט אופגעטראָטן באזונדער. ער טוט אזוי, ווײַל אים דוכט זיך, אז אלץ, וואָס טראָגט אן אינדיווידועלן כאראקטער, שוואכט אָפּ די שילדערונג פון די „סאָציִאלע לײַדן“. און קוים איז אזא געפאר פאראן — וויל ער זי אומבאדינגט באזײַטיקן.

גייענדיק נאָכן מוסטער פונעם פאָלקלאָר, האָט פּערעץ ארײַנגעפירט אין דער פּאָעמע „באם פרעמדן כופּע־קלייד“ ניט בלויז דעם וואָרט־נוסעך פון דער פאָלקסליד, נאָר אויך איר קלאנג־נוסעך: די לידער אין דער פּאָעמע ווערן געזונגען, און פּערעץ פלײַסט זיך אין זיי צו פארהיטן דעם גאנצן נוסעך פון א זינגליד. דערבײַ אָבער איז פּערעץ געווען גאנץ ווײַט פון מעכאנישן קאָפּירן די פאָלקסליד.

ווי באוווסט, האָט פּערעץ אין 1895, דה. פּונקט דעמלט, ווען ער האָט געארבעט אף דער פּאָעמע „באם פרעמדן כופּע־קלייד“, צוגעגרייט צום דרוק א זאמלבוך ייִדישע פאָלקסלידער, א טייל פון די לידער — געזאמלט פון אים אליין — האָט ער דעמלט פארעפנטלעכט אין א דײַטשישן זשורנאל — „אורקוועל“. פּרוווט פארגלײַכן אָט אָ־די פאָלקסלידער מיט דער פּאָעמע „באם פרעמדן כופּע־קלייד“, און איר וועט גלײַך זיך איבערצײַגן, וואָס פאר א טיפע ווירקונג עס האָט געהאט אף פּערעצעס פּאָעמע די ייִדישע פאָלקסליד.

דאָס מערקווירדיקע אין דער ייִדישער פאָלקסליד איז אלעמאָל באשטאנען דערין, וואָס זי האָט ניט געוואָלט גיין מיטן וועג פון קרעכצערײַ און טרערן־גיסערײַ. בא דער גאָרער דראמאטישקײַט פון די סיטואציעס, וואָס מיר באגעגענען אין דער פאָלקסליד, זעען מיר אָבער זייער זעלטן, אז זי זאָל פארוואנדלט ווערן אין אן עלעגיע. דאָס עלעגישע, וואָס קומט געוויינלעך אלס אויסדרוק פון א געוויסער פּאסיווקײַט, איז דורכויס פרעמד דער ייִדישער פאָלקסליד. דער דראמאטיזם פון דער ליד איז אָנגעזעטיקט מיט א באשטימטער לײַדנשאפטלעכקײַט, דער ענערגישער טאָן זאָגט איידעס וועגן א סאך פארבאָרגענע קרעפטן, וואָס ברויזן אינעם געמיט פונעם לײַדנדיקן מענטשן. פונדאנען דער אָפּטער אריבערגאנג פון טרויער צו פארביטערונג — אָט דער דאָפּלטער געמיט־צושטאנד, וואָס הערשט אזוי אָפּט אין דער ייִדישער פאָלקסליד. און גראָד דאָס אימפּאָנירט אמערסטן פּערעצן.

וואָס איז פאראן מער אין די לידער, וועלכע עס זינגען בא פּערעצן די האנט־מיידלעך: טרויער צי פארביטערונג? דערוף איז זייער שווער צו ענטפערן, ווײַל ביידע געפילן גייען דאָ באנאנד און עס דוכט זיך, אז זיי זײַנען אנטשטאנען גלײַכצײַטיק. דערפאר פרעגט אין דער פּאָעמע די „מאדאם“:

וואָס האָט איר פון די לידער?
דריקעניש — ניט מער!..

אף די האנט־מיידלעך ווירקט ניט אָט דער אויסרוף פון דער „מאדאם“. און ס׳איז פארשטענדלעך, וואָרעם ניט בלויז „דריקעניש“ גיט זיי די ליד, וואָס זיי זינגען, זיי שעפּן פון איר עפּעס מער, זיי פילן דאַ עפּעס א טיף אינערלעכע קראפט. הערט זיך אײַן אין די ריטמען פון דער פּאָעמע, אינעם געשפּאנטן גאנג פון די לידער, וואָס ווערן דאָ געזונגען, און איר וועט דײַטלעך דערשפּירן דאָס פאָרגעפיל פון דער קומענדיקער דערוואכונג פון די מאסן. מיט אָט דעם פאָרגעפיל איז פול פּערעצעס פּאָעמע. פונדאנען נעמט זיך די שלאָגעוודיקײַט פון וואָרט און קלאנג. זעלטן־ווען אין פּערעצעס פּאָעמעס — סײַדן אין דער פּאָעמע „ער און זי“ — איז דאָס וואָרט געווען אזוי שלאָגעוודיק, ווי גראָד דאָ „באם פרעמדן כופּע־קלייד“, ווו פּערעץ האָט צו טאָן בלויז מיט געשלאָגענע. אָבער אזא איז דאָך געווען פּערעץ אלעמאָל: אין די סאמע שווערע צײַטן, ווען ער האָט געזען פאר די אויגן טאָלעדאָ, האָט ער פאָרויסגעזען דעם „מעכטיקן מענטשן“, וואָס וועט קומען מיטן רוף צו ווידערשטאנד. און אויך דאָס מאָל, ווען פּערעץ האָט זיך אראָפּגעלאָזט אפן סאמע דעק פון דער אָרעמשאפט און דערזען אירע אומגעהייערע „סאָציִאלע לײַדן“, האָט ער ניט פארזען, ווי די דאָזיקע לײַדן וועקן אוף די מאסן און פילן אָן זייערע הערצער מיט דער אומרויִקײַט פון דערוואכונג.

די אידייען־רײַכקײַט פון פּערעצעס פּאָעמעס האָט גלײַך, ווי זיי זײַנען דערשינען, געשטעלט זיי אין דער שפּיץ פון דער ייִדישער דיכטונג. יעדע נײַע פּאָעמע איז געווען א רעזולטאט פון א שטארקער אידייִשער אָנשטרענגונג, פון גרויסע אידייִשע זוכונגען, צו וואָס ער האָט גערופן אויך אנדערע. ניט קיין קלענערן באטײַט האָבן אָבער געהאט אויך די זוכונגען אין געביט פון דער קינסטלערישער פאָרם, ווי ווײַט זיי האָבן זיך געלאָזט פילן אין פּערעצעס פּאָעמעס. לעכאטכילע, אין „מאָניש“, האָט עס אויסגעזען ניט מער ווי אן אייגנארטיקע שרײַב־מאניר. שפּעטער אָבער, אין די ווײַטערדיקע פּאָעמעס, האָט עס גענומען זיך אויספורעמען אין אן אייגענעם סטיל. און אין דעם דאָזיקן סטיל איז געווען א סאך אזוינס, וואָס האָט געקאָנט אין גרונט איבערבויען די דעמלטיקע ייִדישע דיכטונג. באזונדערס גרויס איז געווען דער פארדינסט פון פּערעצעס פּאָעמעס פאר דער אויסבילדונג פון דער רעאליסטישער שטרעמונג אין דער ייִדישער דיכטונג.

„אין זײַן קליינשטעטל איז דאָס לעבן קיין לעבן ניט“, — אזוי האָט פּערעץ געשריבן אין א בריוו וועגן דער פּאָעמע „ווו נעם איך א העלד?“. די דאָזיקע ווערטער גילטן אויך פאר זײַנע איבעריקע פּאָעמעס, און זיי שטרײַכן אונטער די גרונט־טענדענץ פון פּערעצעס רעאליזם: זײַן קריטישע שטעלונג צו דער ארומיקער ווירקלעכקײַט.

מיט דער זעלבער טענדענץ ווערט, ווי באוווסט, כאראקטעריזירט אויך פּערעצעס פּראָזע פון דעם זעלבן פּעריִאָד — סאָף 80־ער — אָנהייב 90־ער יאָרן. אָבער אין די פּאָעמעס באמערקט זיך דאָך איינע א דערשײַנונג, וואָס איז אין זײַן פּראָזע דעמלט ניט אזוי קענטיק: דאָס זוכן א העלד.

דאָס וואָרט „העלד“ ווערט בא פּערעצן אין אזא פאל געבראכט ניט בלויז ווי א ליטערארישער טערמין, וואָס באצייכנט דעם הויפּט־פּערסאָנאזש פון א ווערק. זוכן א העלד הייסט בא אים זוכן העלדישעס. און דערמיט צייכענען זיך אויס פּערעצעס פּאָעמעס.

גייענדיק מיט אָט דעם וועג, האָט פּערעץ דער ערשטער אנטקרוינט דעם נאטוראליזם, וואָס האָט אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן געהערשט אין דער ייִדישער דיכטונג. ער האָט ענדגילטיק באפרײַט דערפון די ייִדישע דיכטונג. און דאָס ערשטע, וואָס ער האָט דערבײַ געטאָן: פּראָקלאמירט די רעכט פון דיכטערישער פאנטאזיִע.

האָט עס געזאָלט הייסן, אַז פּערעץ דערווייַטערט זיך פון דעם רעאַליזם? ניין, קיין שום דערווייַטערונג איז דאָ ניט געווען. דאָס אייגנטימלעכע אין פּערעצעס פאַנטאַזיע, ווי מיר זעען זי אין די פּאָעמעס, באַשטייט דערין, וואָס זי איז אויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון אַ געזונטן שפּעפערישן קאָנטאַקט מיט דעם רעאַלן לעבן, זי איז אַנטשטאַנען פון דער ווירקלעכקייט און אין נאָמען פון דער ווירקלעכקייט. פּערעצעס דיכטערישע פאַנטאַזיע איז ניט קעגנגעשטעלט דער ווירקלעכקייט. זי איז ניט מער ווי נאָך אַ מיטל צו באַנעמען די דאָזיקע ווירקלעכקייט, באַלויכטן זי מיט אַ פלוצעמדיק־אומגעריכטער שייַן. דערפאַר האָט פּערעצעס פאַנטאַזיע ניט אָפּגעשוואַכט דאָס רעאַליסטישע אין זייַן דיכטונג, נאָר, פאַרקערט, אָפּטמאָל געשטאַרקט עס.

פאַרשטייט זיך, ניט אַלץ, וואָס איז פאַראַן פאַנטאַסטישעס אין פּערעצעס דיכטונג, שטייט אויף איינער און דער זעלבער הייך. זייַן דיכטונג האָט בכלל ניט אויסגעצייכנט זיך מיט אַ גלייַכמעסיקער אַנטוויקלונג. דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן אויך וועגן דעם עלעמענט פון פאַנטאַסטיק אין זייַנע פּאָעמעס. אָבער, ווי אָפט טרעפט, אַז איר דערפילט: דאָס פאַנטאַסטישע אין פּערעצעס פּאָעמעס איז — אופרייַס־מאַטעריאַל, דינאַמיט, וואָס רייַסט אויף דעם באַלעבעסלדיקן שניט פון דער אַזויגערופענער „פּסיכאָלאָגיע", די עטנאָגראַפישקייט פון דער אַזויגערופענער „לעבנס־באַשרייַבונג", די נעבעכדיקייט פון דער אַזויגערופענער „מאַראַל", — אָט דאָס אַלץ, וואָס איז אין מעשׂך פון לאַנגע יאָרן, ווי שימל, זיך צעוואַקסן אויפן זומפּיקן באָדן פונעם נאַטוראַליזם אין דער עלטערער יידישער דיכטונג אין רוסלאַנד.

דער צוזאַמענשטויס מיט דער טראַדיציע פון דער עלטערער יידישער דיכטונג אין רוסלאַנד לאָזט זיך פילן אין פּערעצעס פּאָעמעס אויף שריט און טריט. וועלכע פּאָעמע פּערעץ זאָל ניט נעמען שרייַבן, פילט ער אַלעמאָל, ווי די פאַרעלטערטע פּאָעטישע טראַדיציע פאַרצאַמט אים דעם וועג, און מיט דער גאַרער לייַדנשאַפט, וואָס ער פאַרמאָגט, הייבט ער אָן זיך ראַנגלען.

ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש איז פּערעצעס שטעלונג צו די פּובליציסטישע עלעמענטן אין דער עלטערער יידישער דיכטונג.

אויב די עלטערע יידישע דיכטונג אין רוסלאַנד האָט מיט עפּעס־וואָס געמעגט שטאָלצירן, איז עס פריער פאַר אַלץ מיט איר קריגערישקייט, מיט דער שטאַרקער פּובליציסטישער אַקטיווקייט, וואָס לאָזט זיך אין איר מערקן זייער אָפט. אָבער דערבייַ האָט ווייניק־וועער פון די עלטערע יידישע דיכטער אין רוסלאַנד געזאָרגט וועגן דעם, אַז די פּובליציסטישע ענערגיע, וואָס פליסט אין אַ ליד אָדער אַ פּאָעמע, זאָל זיך אונטערוואַרפן דעם געזעץ פון אַ פּאָעטיש ווערק. זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי עס דערגייט צומאָל אַזוי ווייַט, אַז דאָס פּובליציסטישע און דאָס דיכטערישע טרעטן אַרייַן אין אַ מין אַנטאַגאָניזם, זיי קאָנען שוין מער ניט צוזאַמענלעבן אויף אַזאַ אופן, און דאָס רייַסט אַרונטער די דיכטערישע שליימעס פונעם ווערק.

פּערעץ איז קלאָל ניט געווען גענייגט אָפּצוזאָגן זיך פון פּובליציסטישער אַקטיווקייט. פאַרקערט, דער דראַנג צו געבן אין יעדער פּאָעמע אַ „רוף־סיגנאַל", האָט איידעס געזאָגט, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ שטאַרקן פּובליציסטישן טעמפּעראַמענט, וואָס מוז קומען צום וואָרט. אָבער דאָס דאָזיקע וואָרט — אַזוי האָט פּערעץ געפּאָדערט — דאַרף אומבאַדינגט זייַן אַ דיכטעריש וואָרט. און נאָר אָט דאָס וואָרט האָט ער אין זייַנע פּאָעמעס געזוכט. אָט איז איינער אַ ביישפּיל.

אין דעם אור־וואַריאַנט פון „מאָניש" איז געווען אַזאַ סטראָפע:

אין קיניגרייַך פּוילן,
הארט בא דער גרענעץ,
ליגט דאָרט אַ שטעטל,
גרויס ווי אַ גענעץ...

מער ניט ווי אָט אָ־די איינציקע סטראָפע האָט פּערעץ אין דעם וואַריאַנט פון 1887 געהאַלטן פאַר נייטיק צו ווידמען דער שילדערונג פון מאָנישעס געבורט־שטעטל. אינעם שפּעטערדיקן וואַריאַנט זעט אויס די שילדערונג פון דעם זעלבן שטעטל שוין גאָר אַנדערש.

אין קיניגרייַך פּוילן,
הארט בא דער גרענעץ,
ליגט דאָרט אַ שטעטעלע,
גרויס ווי אַ גענעץ...

און קוים וואָס מע זעט עס,
מע הערט עס אויך זעלטן:
הייזלעך, ווי ניסלעך,
פון שיימעס געצעלטן...

אינגאַנצן אַ צענדליק
צו ציילן אויף פינגער:
עס רייַסן די ציגן
די דעכער פאַר הונגער!

און שטיל, ווי אַ קוואָרעס,
מענטשן, ווי מייסים:
קיין גייווע, קיין טייווע,
מע לעבט פון טאַנייסים...

קיין כסידים, קיין דייַטשן —
האָט טוירע אַ קיום:
וואַקסן ראַבאָנים,
מע פּאַשעט אילוים...

מער ניט ווי איין יאָר טיילט אָפּ די צווי וואַריאַנטן, אָבער סאַרא גרינטלעכער אונטערשייד, סאַרא שטאַרקער שטראָם פּובליציסטישע ענערגיע עס האָט זיך דאָ אַרייַנגעריסן אין אָט דער פאַרברייטערטער שטעטל־שילדערונג!

די שטעטל־שילדערונג איז אויסגעוואַקסן אין דער ברייט, זי האָט באַקומען אַן אידיייִשע פּערספּעקטיוו, אָבער דערבייַ האָט זי קלאָל ניט אָנגעוואָרן איר שלאָגעוודיקייט.

שטעלט אוועק אָט די עטלעכע קאַפּיטלען פון דער פּאָעמע נעבנאַנאַנד און פרוווט זיי פאַרגלייַכן מיט די שטעטל־שילדערונגען, וואָס האָבן ביז דעמלט פיגורירט אין די ווערק פון עלטערע יידישע דיכטער, און איר וועט קומען צום אויספיר: פּערעצעס אופטו איז דאָס מאָל געווען פון זעלבן באַטייַט, ווי דער אופטו פון מענדעלען, בייס ער האָט פון די אַלע שטעטלעך, וואָס האָבן פיגורירט בא דיקן, אַקסענפעלדן, אופגעבויט די קלאַסישע שילדערונג פון דער שטאָט קאַפּצאַנסק. איינס פון די זיכערסטע מיטלען, וואָס פּערעץ ווענדט אָן דערבייַ, איז דער ריטם.

ווי אָפט פלעגט עס טרעפן אין דער מאַסקילישער דיכטונג, אַז דער שוואַך־אַנטוויקלטער, קוים־קוים עטעמענדיקער ריטם פלעגט אַרונטעררייַסן די קריגערישקייט פון

א ליד, צונישט מאכן די קעמפערישע מאָטיוון פון א פאָעמע. בא פערעצן זעען מיר א פאַרקערטע דערשייַנונג. דער ריטם שטאַרקט די קעמפערישע שטימונג פון דעם ווערק. פערעצעס ריטם איז פול מיט ענערגיע און שלאָגעוודיקייַט, אין אים פילט זיך דער אָטעם פון אן אָנגרייַפנדיקער קראַפט, וואָס איז זיכער אין איר גערעכטיקייַט און שטרעבט צו ווייַטע צילן.

דער ריטם אין „מאָניש" איז טאַקע געווען דאָס ערשטע, וואָס האָט באַשטימט די אייגנאַרט פון דעם ווערק. ווי בוילעט עס זייַנען ניט די בילדער, וואָס ווערן דאָ געצייכנט, זייַנען זיי געוואָרן נאָך דאָפּלט שטאַרק דערפון, וואָס מע האָט זיי ניט בלויז ג ע ז ע ן, נאָר אויך ג ע ה ע ר ט. מע האָט אין זיי פאַרנומען דעם „רוף־סיגנאַל", וואָס ווערט בא פערעצן פאַרקערפּערט פריִער פאַר אַלץ אינעם ריטם פון דער פאָעמע. דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן אויך וועגן דער פאָעמע „ער און זי" און וועגן אַנדערע פאָעמעס, וווּ עס האָט געפונען אַן עמעס דיכטערישן אויסדרוק פערעצעס שטאַרקער פובליציסטישער טעמפּעראַמענט.

אין די פאָעמעס האָט זיך אַנטפּלעקט איינע אַן אייגנשאַפט פערעצעס, וועלכע איז דעמאָלט נאָך געווען ווייניק באַוווּסט, — דאָס איז זייַן נייגונג צו אָפּערירן מיט ברייטע היסטאָרישע סאַכאַקלען.

אז פערעצן ציט שטענדיק צו ברייטע היסטאָרישע סאַכאַקלען, אז אין זייַנע אויערן קלינגט שטענדיק דער טראָט פון דורות, — דאָס האָט די קריטיק באַמערקט נאָך אין פערעצעס צייַטן, נאָר באַמערקט האָט מען עס ערשט דעמאָלט, ווען דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין פערעצעס פּראָזע־ווערק און אין זייַן דראַמאַטורגיע. אין דער ווירקלעכקייַט אָבער האָט זיך די דאָזיקע אייגנשאַפט פון פערעצעס שאַפן אַנטפּלעקט א סאַך פריִער.

אין דער פּראָזע האָט פערעץ ערשט העט־העט שפּעטער אָנגעשריבן זייַנע „פיר דורות — פיר צוואָעס" — דאָס ערשטע ווערק, ווו ער ניצט זיך מיט דער קאַטעגאָריע „דורות". אין דער דיכטונג הייבט פערעץ דערמיט אָן פון סאַמע ערשטן שריט. אין וואָס דען ליגט די אייגנאַרט פון „מאָניש", אויב ניט אין דער דורות־שילדערונג, וואָס הייבט זיך אָן מיט די באַוווּסטע שורות „געלעבט האָבן דעמאָלט נאָך די אַלטע באַלעבאַטים" און ציט זיך נאָכדעם ווי א רויטער פאָדעם דורך דעם גאַנצן ווערק?

פונקט אַזוי איז אויך די פאָעמע „דער באַלעגאָלע" שטאַרק דערמיט, וואָס דאָ ווערט געגעבן א ברייטער היסטאָרישער סאַכאַקל פון א תקופה, וועלכע איז פאַרבייַ און צייכנט זיך אין דער פּערספּעקטיוו אַזוי בוילעט און קלאָר.

דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן אויך וועגן דער פאָעמע „רעב יאָסל". פערעץ גיט דאָ אַפילע א ספּעציעלן אַרייַנפיר, וואָס האָט צו דער האַנדלונג פון דער פאָעמע קיין שום שייַכעס ניט. דער דאָזיקער אַרייַנפיר איז בלויז באַרופן אונטערצושטרייַכן, אז דאָ גייט די רייד ניט וועגן איינעם א רעב יאָסל אָדער זייַן טאַטן רעב בערל — עס גייט די רייד וועגן א גאַנצן דאָר, וואָס איז „שוואַך אין אָטעם", ווי פערעץ דריקט זיך אויס.

צי זאָל מען שוין נאָך דעם אַלעמען וווּנדערן זיך, וואָס די נייגונג צו ברייטע היסטאָרישע סאַכאַקלען איז אַזוי שטאַרק אין דער פאָעמע „ער און זי", וועלכע איז לעכאַטכילע געשריבן ווי „אַן אַלט־היִשפּאַנישע פאַבעל", ד.ה. ווי א היסטאָריש ווערק.

מיט א סאַך יאָרן שפּעטער, אין 1912, האָט פערעץ אין זייַנער א רעדע געזאָגט: „אין דער ייִדישער ליטעראַטור פעלן מאסן, צייַט, עפּאָכן". סאָף 80־ער יאָרן האָט פערעץ דעם דאָזיקן געדאַנק אַזוי קלאָר פאָרמולירן ניט געקענט, אָבער געטראָגן אין זיך אַזאַ געדאַנק האָט ער שוין, אַלנפאַלס די זוימען פון אַזאַ געדאַנק. שוין דעמאָלט האָט פערעץ געפאָדערט — אויב ניט פון אַנדערע, איז פון זיך, — אַז זייַן ווערק זאָל געבן „צייַט, עפּאָכע". געמיינט האָט דערמיט פערעץ ניט בלויז די שילדערונג פון א פאַרגאַנגענער עפּאָכע. די עפּאָכע האָט נאָך געמעגט דויערן, נאָר דער דיכטער האָט שוין געדאַרפט אָפּנעמען זי ווי א פאַרגאַנצטע עפּאָכע, ד.ה. זען ניט בלויז איינצלנע, אָפּגעזונדערטע דערשייַנונגען, נאָר די גאַנצע קייט דערשייַנונגען, וואָס האַלטן זיך באַנאַנד אַדאַנק דער קראַפט פון זייער טיפן אינערלעכן צוזאַמענהאַנג. אָט אָ־דעם צוזאַמענהאַנג האָט דעמאָלט פערעץ געהאַלטן פאַר מעגלעך צו געבן בלויז אין דער פאָעמע. דער מאַסשטאַב פון א גאַנצן דאָר, פון א גאַנצער עפּאָכע — דאָס איז דער איינציקער מאַסשטאַב, וועלכן פערעץ האַלט אָנגעמאָסטן פאַר דעם גרעסערן דיכטערישן ווערק, פאַר דער פאָעמע.

נאָך איין אייגנשאַפט פערעצעס אַנטפּלעקט זיך אין זייַנע פאָעמעס. די פאָעמע־פאָרם איז טייַער פערעצן דערפאַר, ווייַל דאָ געפינט ער א מעגלעכקייַט זייַן שטענדיקן דראַנג צו לירישע מאָטיוון באַהעפטן מיט דער שילדערונג פון שטייגער, פון וועלכן ער קאָן קיינמאָל ניט אָפּווענדן זייַן בליק. די דאָזיקע צוויי וויכטיקסטע באַשטאַנדטיילן פון פערעצעס דיכטונג ווערן אין דער פאָעמע צונויפגעשמאָלצן אין איין איינהייַטלעכן פאָעטישן שטאָף. דער דיכטער טרעט אויף ניט ווי א ליריש־געשטימטער באַגלייטער פון דער ווירקלעכקייַט, ער טרעט אַרייַן אין דער ווירקלעכקייַט גופא, זייַן לירישע שטים קלינגט ווי איינע פון די שטימען, וואָס קומען פון אָט דער ווירקלעכקייַט.

און נאָך איין אייגנשאַפט וואַרפט זיך אין די אויגן אין פערעצעס פאָעמעס. זיי האָבן א סאַך צו טאָן מיט שטייגער, מיט פעסט אייַנגעפונדעוועטע מינהאָגים, וואָס לייגן זיך צומאָל אַוועק ווי גאָר שווערע פלאַסטן, אָבער קיינמאָל, בא קיינע אומשטענדן פאַרלירט ניט פערעץ פון אויג דעם מענטש און דאָס מענטשלעכע, וואָס שלאָגט זיך דורך דורך אָט די שווערע אָנשיכטונגען פון שטייגער.

אין דער הינזיכט האָבן פערעצעס פאָעמעס באַטייַט מאַמעש אַן איבערקערעניש אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער דיכטונג.

מיט זייַנע פאָעמעס האָט פערעץ אָנגעצייכנט פאַר דער ייִדישער דיכטונג א וועג צו ווייַטע און גרויסע צילן.

# 50 יאָר אַף דער בינע

דעם 4 יוֹלי 1965 ווערט 70 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע דער טאַלאַנטפולער רעזשיסער מאָריס נאַרוויד.

פאַרענדיקט אין 1915 א טעאַטראַלע שוּל אין וואַרשע, הייבט אָן נאַרוויד זײַנע ערשטע טעאַטער־שריט אין א טעאַטראַלער סטודיע אונטער דער אָנפירונג פון דאַוויד הערמאַן, און שפּעטער מיט א יאָר טרעט ער אַרײַן, אַלס אַקטיאָר, אין דער ווילנער טרופּע.

אין 1920, ווען די רויטע אַרמיי האָט באַפרײַט ווילנע, איז נאַרוויד אָנגעקומען אין מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער.

די פּינפּיאַריקע אַרבעט אין מאָסקווער גאָסעט, ווי אויך די ווירקונג פון דער רוסישער טעאַטראַלער קולטור, וועלכע האָט זיך אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אזוי פּילפּאַרביק צעבליט, פאַרברייטערט נאַרווידס אידייִשע און קינסטלערישע האָריזאָנטן. אין 1925 הייבט ער אָן זײַן זעלבשטענדיקן וועג אַלס רעזשיסער. די ערשטע פאָרשטעלונג זײַנע — שאָלעם־אַלייכעמס „מענטשן", געשטעלט מיט אַן אַרבעטער־קאָלעקטיוו אין מינסק, האָט צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער קולטור־געזעלשאַפטלעכקייט מיט דער אָריגינעלקייט פון די רעזשיסערישע לייזונגען.

אין ספּעקטאַקל האָט נאַרוויד, אָן באַזונדערע טעאַטראַלע עפעקטן, קימאַט אָן שום דעקאָראַציעס, מיט ריין אַקטיאָרישע און רעזשיסערישע מיטלען, שאַרף אונטערגעשטראָכן דעם סאָציאַלן אינהאַלט פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק, דעם ווידערשפּרוך צווישן „באַלעבאַטים" און „מענטשן".

אין 1927, לויט דער איניציאַטיוו פון נאַרווידן, — מיט דער הילף פון דער קולטור־געזעלשאַפטלעכקייט — ווערט געשאַפן אין אָדעס א ייִדישע טעאַטראַלע סטודיע באַם מוזיקאַליש־דראַמאַטישן אינסטיטוט. דאָ פירט דורך נאַרוויד א גרויסע פּעדאַגאָגישע אַרבעט מיט די סטודענטן.

אין 1928 ווערט ער אײַנגעלאַדן אַלס רעזשיסער פון כאַרקאָווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער. ער הייבט אָן ערנסטע אַרבעט צו שאַפן נײַעם סאָוועטישן רעפּערטואַר. נאַרווידס ספּעקטאַקלען „ריסטאָקראַטן" (שאָלעם־אַלייכעם), „אַמעריקאַנער געטער" (ד. האָפּשטיינס אינסצענירונג פון סינקלערס ווערק), „הירש לעקערט" (קושניראָוו), „ראָמאַן צאַט" (אַלבערטאָן), „די שלאַכט אַף מײַרעוו" (ווישניעווסקי) טראָגן אַרײַן אין ייִדישן טעאַטער א פרישן שטראָם.

אין די אָפּשאַצונגען וועגן דער שטעלונג פון „הירש לעקערט" האָבן אזעלכע רעצענזענטן, ווי בילאָוו, ה. קאַזאַקעוויטש, דאַניעל, יוזאָווסקי און אַנדערע, כאַראַקטעריזירט נאַרווידס שעפערישע אַרבעט ווי א ביז גאָר טאַלאַנטפולע. דער ספּעקטאַקל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן מאָנומענטאַלער דערהויבנקייט און רעוואָליוציאָנערער ראָמאַנטיק.

די שפּעטערדיקע שטעלונגען נאַרווידס אין אַנדערע ייִדישע טעאַטערן ברענגען אים נײַע דערפאָלגן. א הויכע



אָפּשאַצונג האָבן באַקומען אין דער פּרעסע די ספּעקטאַקלען „200.000" (שאָלעם־אַלייכעם) אין קיִעווער ייִדישן טעאַטער פאַרן יונגן צושויער, „שפּאַניער" (לערמאָנטאָוו) אין ביאַליסטאָקער ייִדישן טעאַטער.

די באַזונדערע אייגנשאַפט פון נאַרווידס קינסטלערישער אַרבעט אין טעאַטער, אָדער, ווי מיר רופן עס אָן, דער רעזשיסערישער קסאַוו זײַנער, דריקט זיך אויס דערין, וואָס ער אַנטפּלעקט אין דער גאַנצער טיפקייט דעם אידייִשן און פּסיכאָלאָגישן טאָך פון דער פּיעסע, רעאַליזירט דעם דראַמאַטורגישן און רעזשיסערישן פאַרטראַכט.

נאַרווידס אַרבעט אין ייִדישן טעאַטער האָט זיך איבערגעריסן צוזאַמען מיטן אָנהייב פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. פון דאַן און ביז הײַנטיקן טאָג אַרבעט ער אַלס קינסטלערישער אָנפירער פריִער אין רוסישן טעאַטער אין טשערעמכאָוו, דערנאָך — אין אירקוטסקער טעאַטער פאַרן יונגן צושויער.

זײַן טעטיקייט אין רוסישן טעאַטער איז הויך אָפּגעשאַצט אין דער אָרטיקער און צענטראַלער פּרעסע.

ניט געקוקט אַף זײַנע זיבעציק יאָר, געפינט זיך מ. נאַרוויד אין סאַמע בלי פון זײַן שאַפן. צוזאַמען מיטן סאָוועטישן צושויער ווינטשן מיר אים געזונט און נײַע שעפערישע דערגרייכונגען.

כ. אָסטראָווסקי

בלעטערנדיק
זשורנאלן
און צײַטונגען

יִצחק גרינפעלד

# דער עלטסטער פערז אין יִדיש

באם טײַך ריין האָבן זיך די יִדן אָנגעהויבן צו באַזעצן נאָך אין אלטערטום. דאָ איז אדורך א טייל פון די גרענעצן פון דער מעכטיקער רוימישער אימפעריע, און דאָ, צו די זעלנערישע לאגערן, האָבן זיך צווישן אנדערע אויך געצויגן סאָכרים — יִדן, וועלכע זײַנען שוין דעמלט געזעסן אין פארשיידענע מעקוימעס פון דער גרויסער אימפעריע. מיט דער צײַט זײַנען די רוימישע לעגיִאָנען פונדאנען אוועק און עס זײַנען געקומען די גערמאנישע שוואָטים אף זייער אָרט, אָבער די שטעט, וואָס זײַנען אנטשטאנען אפן געוועזענעם גרענעץ־פאס, זײַנען געבליבן מיט זייערע אײַנוווינער, און בעסויכעם אויך די יִדן. אהער האָבן זיך געצויגן דעריקער יִדן פון שכייניסדיקן פראנקרײַך און אויך איטאליע. דאָ, בא די ברעגן פון ריין, איז אין X יאָרהונדערט געבוירן געוואָרן יִדיש.




די אנטוויקלונג פון יִדיש פארנעמט אזויארום א מעהאלעך פון א טויזנט יאָר. דעם דאָזיקן מעשעך־האזמאן טיילן די פאָרשער (מ. ווײַנרײַך, ל. פוקס) אין פיר פעריִאָדן:

א) דאָס עלטסטע יִדיש, ביזן יאָר 1250 (מ. ווײַנרײַך רופט אָן דעם דאָזיקן פעריִאָד „ברייִשיס־יִדיש“);

ב) אלט־יִדיש, 1250—1500;

ג) מיטל־יִדיש, 1500—1700;

ד) נײַ־יִדיש, פון 1700 ביזן הײַנטיקן טאָג.

די גרענעץ צווישן איינצלנע שפראַך־אָפשניטן גייט ניט אדורך אין שארפע ליניעס. אָפטמאָל איז זייער שווער צו פאָרמולירן די דאָזיקע גרענעץ. ביזן XVI יאָרהונדערט איז יִדיש געווען געקניפט און געבונדן מיט דײַטש. ערשט אוועקגייענדיק פונעם מאָקער ווײַטער אף מיזרעך, אין אן אנדער שפראכלעכער סוויווע, צווישן די סלאווישע פעלקער, הייבט זיך אָן די ברייטע אנטוויקלונג פון יִדיש.

מע קאָן זיך מעשאער זײַן, אז אינעם ערשטן פעריִאָד לעכאָל־האפּאָכעס האָט זיך דאָס יִדישע לעבן, און בעמיילע אויך די שפראך, אנטוויקלט ניט איזאָלירט פון דער ארומיקער סוויווע און שכיינים. די ערשטע 500 יאָר פונעם קיִעם פון יִדיש זײַנען זייער אָרעם אין ליטעראַטור־דענקמעלער. אויב מיר פארמאָגן אזעלכע, געהערן זיי קימאט אינגאנצן צו די לעצטע צוויי יאָרהונדערטער פונעם דאָזיקן צײַט־אָפשניט. אכוץ געציילטע גלאָסעס[1] בא די העברעיִש־שרײַבנדיקע, האָבן מיר ביז איצט ניט געהאט קיין שום ליטעראטור אין יִדיש ביזן סאָף פון XIV יאָרהונדערט.

סאָף 1963 יאָר האָט זיך אינעם ביבליִאָגראפישן פערטליאָר־זשורנאל פון דער נאציִאָנאלער און אוניווערסיטעט־ביבליִאָטעק אין יערושאָלאיִם „קרית ספר“ (יאָרגאנג 38, נומ. 4, סענטיאבער 1963) באוויזן א קורץ ארטיקל פון פראָפעסאָר דאָוו סאדאן אונטערן נאָמען „כתובת ראשונה ביידיש קדומה במחזור וורמייזא מאת דב סדן“ („די ערשטע אופשריפט אין אלט־יִדיש אין וואָרמסער מאכזער פון דאָוו סאדאן“)[2]. מאלאכי בייס־אריע, מיטארבעטער פון דער מאנוסקריפטן־אָפטיילונג פון דער אויבן־דערמאָנטער ביבליִאָטעק, זיצנדיק איבער א העברעיִשן קסאָוויאד פון XIII יאָרהונדערט, דעם מאכזער פון וואָרמס, האָט באמערקט אינעם פוסטן כאָלעל פון די גרויסע אויסיעס פונעם ערשטן וואָרט פון פיִוט צו דעם פייסעכדיקן טפילעס־טייל אן ארײַנגעשריבענעם זאץ. אינעם כאָלעל פון די אויסיעס פונעם העברעיִשן וואָרט „בדעתו“ האָבן זיך געפונען רויט און ברוין געשריבן די דאָזיקע ווערטער:

גוט טק אים בטגא שויר דיש מחזור אין בית הכנסת טרגא.

די שטאָט וואָרמס (אין יִדישע מעקוירים באקאנט אלס וורמשא, ווירמיישא און אנד.) איז איינע פון די עלטסטע קעהילעס אין דײַטשלאנד. א סאך לעגענדעס זײַנען פארבונדן מיט איר. איינע פון זיי דערציילט, אז אין די טעג פון עזרא האָט די דאָזיקע קעהילע באקומען אן אײַנלאדונג צו קומען אין דעם בייס־האמיקדעש אין יערושאָלאיִם צו די דרײַ יאָמטויווים — פייסעך, שוועס און סוקעס. דער ענטפער איז געווען, אז אין דײַטשלאנד איז אופגעבויט געוואָרן א נײַ יערושאָלאיִם... די ערשטע קאָנקרעטע יעדיִע פונעם היגן יִדישן יִישעוו ציט זיך פונעם יאָר 1034, ווען ס'איז אופגעבויט געוואָרן דער עלטסטער טייל פון דער שול.

---

[1] וואָרט־איינסן.

[2] דאָס זעלבע ארטיקל פונעם דערמאָנטן מעכאבער אונטערן נאָמען „דער עלטסטער גראם אין יִדיש“ איז דערשינען אין דער יִדישער שפראך אין 47־טן נומער פון „די גאָלדענע קייט“ (זז. 158—159).

אויב מע וועט נעמען אין אכט די דאטע פונעם אָנשרײַבן דעם דאָזיקן קסאוויאד — דאָס יאָר 1272, איז גלײַך צו פארשטיין די גרויסע באדײַטונג פון די עטלעכע געפונענע ווערטער. ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ד״ר ל. פוקס, א פאָרשער פון ייִדיש, אגעוו אן אָפּשטאַמיקער פון פוילן, ארויסגעגעבן אין 1957 יאָר אין ליידען (האָלאנד) דאָס עלטסטע ביז הײַנט באקאנטע ווערק פון דער ייִדישער ליטעראטור, וואָס שטאמט פונעם יאָר 1382. דאָס אנטשטיין פון ייִדיש, ווי מיר האָבן שוין געזען, דאטירט זיך מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק, און אכוץ איינציקע גלאָסעס (לעמאָשל, באם בארימטן ביבל־קאָמענטאטאָר ראשע, וואָס האָט געלעבט אין די יאָרן 1040—1105) האָבן מיר ביזן אָנגעוויזענעם יאָר ניט געהאט קיין אנדערע ייִדישע שריפטלעכע דאָקומענטן.

וואָס באטײַט דער קורצער נײַ־אנטדעקטער זאץ? דאָס איז א בראָכע פאר דעם, וועלכער וועט טראָגן מיט זיך דעם דאָזיקן מאכזער. דער טײַטש איז: א יאָמטעוו וועט זיך באשערן דער, וואָס וועט טראָגן מיט זיך דעם מאכזער אין שול ארײַן.

מיקויעך דער שפּראך פונעם זאץ, וואָס איז געשריבן אין א פאָרם פון א פערז, ווארפט זיך גלײַך אין די אויגן די פארמישונג פון די צוויי יעסוידעס פונעם עלטסטן ייִדיש־לאָשן, אשקענאז און העברעיִש, וואָס איז א באַווײַז פון „שמעלץ־כאראקטער" פון דער ייִדישער שפּראך, לויט מ. ווײַנרײַכס אויסדרוק. אויב מיר דערמאָנען די דאָזיקע צוויי יעסוידעס פון ייִדיש, איז קעדײַ צו זאָגן א פאָר ווערטער וועגן די סימאָנים, וואָס נאָך הײַנט זײַנען זיי כאראקטעריסטיש פאר ייִדיש אין קעגנזאץ צו דײַטש. לויט דעם באקאנטן ייִדיש־פאָרשער ד״ר מאקס ווײַנרײַך, זײַנען פאראן דרײַ אזעלכע סימאָנים:

א) דאָס אוועקגיין פון דעם דײַטשישן דיִאלעקט;

ב) דאָס ארײַננעמען אין ייִדיש העברעיִשע עלעמענטן און זייער צונויפוואקסן זיך מיט די דײַטשישע עלעמענטן פון ייִדיש;

ג) די לײַ־ווערטער פון אנדערע שפּראכן[1].

אין ייִדיש און אין יעדן זײַנעם א דיִאלעקט האָבן זיך באהאָפטן די סאמע קאָלערליי עלעמענטן פון פארשיידענע דײַטשישע דיִאלעקטן. עס איז זיכער, אז אזא מין פארמישונג איז פאָרגעקומען שוין אין דײַטשלאנד גופע און ניט שפּעטער ווי אין דער צײַט פון מיטל־ייִדיש[2].

[1] ד״ר מאקס ווײַנרײַך. בילדער פון דער ייִדישער ליטעראטור־געשיכטע פון די אָנהייבן ביז מענדעלע מויכער־ספאָרים. ווילנע, 1928, ז. 20.

[2] דאָרטן, ז. 20—21.

דאָס קעסיידערדיקע באפרײַען זיך פונעם דײַטשישן דיִאלעקט שאפט איינעם פון די וויכטיקסטע שטראָמען אין דער געשיכטע פון ייִדיש.

דער צווייטער, ניט ווייניקער וויכטיקער, און גרונטלייגנדיקער פראָצעס אין דער אנטוויקלונג פון ייִדיש איז דער זיווג פון דײַטש מיט העברעיִש[1]. דאָס זײַנען אלפּיראָוו ווערטער, וואָס האָבן א שײַכעס צו דער רעליגיע. וויכטיק איז דאָ דאָס צונויפגיסן זיך פון דײַטשישע און העברעיִשע עלעמענטן. פארן דריטן סימען פון ייִדיש זײַנען נאָך זייער כאראקטעריסטיש די לײַ־ווערטער, וואָס שטאמען, ריישיס־קאָל, פון די ראָמאנישע און סלאווישע שפּראכן. באזונדערס די ראָמאנישע שפּראכן זײַנען ארײַן אין ייִדיש אין די פריִערדיקע יאָרהונדערטער, און די סלאווישע דעריקער א סאך שפּעטער. אָבער וואָס שײַך דעם צײַט־אָפּשניט, וואָס אינטערעסירט אונדז דאָ אמיינסטן — די סאמע עלטסטע טקופע פון ייִדיש, איז זי צום ווייניקסטן דערלערנט געוואָרן, ריישיס־קאָל, צוליבן מאנגל אין מעקוירים פון יענע צײַטן.

פארן זאץ איז זייער כאראקטעריסטיש דער אָס אלעף צום סאָף פון די ווערטער „בטגא" און „טרגא". דאָס באצייכענען פונעם אָס גימל מיט א האָריזאָנטאלן פּאסיקל אויבן אין די אשקענאזישע ווערטער, פּונקט ווי דעם אָס טאָוו, באווײַזט אף דער גרויסער האשפּאָע פונעם העברעיִש אף ייִדיש ניט נאָר אין דער לעקסיק.

דער דאָזיקער פערז איז אָן קיין שום סאָפעק געשריבן אין א שפּראך, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר ייִדיש פון דער ווײַטער פארגאנגענער טקופע, דה. דײַטשישע ווערטער, געשריבן מיט העברעיִשע אויסיעס, און אויך העברעיִשע ווערטער. דאָס איז א דאָקומענט פון יענער צײַט, ווען ייִדיש האָט זיך אָנגעהויבן זייער פּאמעלעך און לאנגזאם פארזעלבשטענדיקן. דער פערז שטאמט פונעם אָנהייב פונעם אלט־ייִדישן פעריאָד פון דער שפּראך. איר פאנאנדערבלי האָט געזאָלט קומען, ווי שוין געזאָגט, א סאך שפּעטער און אין אן אנדער סוויווע.

די נײַע אנטדעקונג איז א נײַער, זייער וויכטיקער צושטײַער צום פאָרשן דעם עלטסטן פּעריאָד פון ייִדיש און אזויארום העלפן אין א געוויסער מאָס צו פארווישן איינקע ווײַסע פלעקן פון זײַן עלטסטער געשיכטע.

„ייִדישע שריפטן", נומ. 5, 1965, ווארשע.

[1] דאָרטן, ז. 22.

## פון דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע

מענדל ליפשיץ:

# עס ווערט געבאָרן דער ניגון...

דער מענטש האָט אין מעשעך פון טויזנטער יאָרן געטרוימט מאכן גיכער דאָס לעבן, מאכן דאָס ליכטיקער, שענקען אים פליגלען. און אלע זייַנע טרוימען האָט ער אויסגעדריקט דורכן וואָרט — אין לידער און אין מייַסעלעך.

מער ליכט, ווי פראָמעטיי, טראָגט אונדז דער צעשפּאָלטענער אטאָם, פלינקער פון יעטווידן „קאָוויאָר־סאמאָליאָט" פליִען אונדזערע לופט־שיפן.

איז וואָס, זייַנען אלע טרוימען שוין פארווירקלעכט? און די פאנטאזיע איז געבליבן פון הינטן? פארשטייט זיך, ניט, און אוואדע ניין. דאָ הייבט זיך ערשט אָן די נייַע פאנטאסטיק. און וואָס קומט פאָר מיטן וואָרט? בלייַבט עס ניט געענדערט? קלאָר, ווי דער טאָג, אז דאָס וואָרט ענדערט זיך אויך. נאָר זייַן ענדערונג איז, אזוי צו זאָגן, אן אינערלעכע, ניט קיין אויסערלעכע — קיין נייַע שפראך וועסטו ניט צוטראכטן, נאָר גופע די אלטע שפראך דערפרישסטו און באהויכסט מיט נייַעם אָטעם, מיט יונגן געפיל.

אָט די נייַקייַט, ליכטיקייַט, די שנעלקייַט ווילסטו באזינגען. וויִאזוי זשע מאכסטו עס?

קוידעמקאָל, קעדיי צו זינגען, דארפסטו האָבן שטימונג. און שטימונג בא א מענטשן, וואָס די שאפונג איז גאָר זייַן לעבן, הייסט צייַט. און ווען דו האָסט צייַט, האָסטו שטימונג.

דאָס וויכטיקסטע איז, וויִאזוי דו אָרגאניזירסט דייַן שטימונג, ווי דו אסימילירסט זיך אין איר. איינעם, צום בייַשפּיל, איז קלאָר פון אָנהייב, וויִאזוי ס'וועט זיך ענדיקן זייַן ליד. בא אים איז דער גאנצער פארטראכט ווי א נוס, וואָס אונטער זייַן שאָלעכץ געפינט זיך שוין גרייט דער יאָדער. פאר אים שטייט נאָר איין פראגע, וויִאזוי צוצוגעבן דעם אינהאלט די געהעריקע פאָרם. און פארקערט, אן אנדערער, ווען ס'איז פון אָנהייב ניט קלאָר, ווי וועט זיך אנטפּלעקן זייַן מאָטיוו, בא וועמען דער פארטראכט איז ווי א פלאנץ, וואָס דארף אפריִער לאָזן אין דער ערד די וואָרצלען, קעדיי אליין זיך אופהייבן פון דער ערד, — בא אים איז די ליד ווי א בילד, וואָס וואקסט אויס אין פּראָצעס פון קאָמבינירן די פארבן אפן לייַוונט.

איך, צום בייַשפּיל, קאָן ניט זאָגן פון אָנהייב פון דער ליד, וויִאזוי עס וועט אויסזען דער סאָף.

איינס איז מיר נאָר קלאָר: ווי פארשיידן דער מעטאָד פון שאפן זאָל ניט זייַן, דארף יעדער שעפער פון סאמע אָנהייב ביזן סאָף עטעמען מיטן אָטעם פון אלע זייַנע שורעס, אָנהייבנדיק פון דער ערשטער און ענדיקנדיק מיט דער לעצטער.

וואָס באטייַט עס? עס באטייַט, אז דער דיכטער ווייסט, וואָס ער וויל זאָגן מיט דער ליד. ער ווייסט, וואָס אים רעגט און צווינגט אים זיך נעמען צו דער פען.

איך האָב, צום בייַשפּיל, פייַנט „באשיידענע" מענטשן. דערפאר באמי איך זיך אין מייַנע לידער זייַן פראָסט, ווי ברויט. מייַנע שורעס זאָלן אָטעמען מיט ערד און מיט עמעס.

איך האָב, צום בייַשפּיל, זייער פייַנט בארימער. דערפאר באמי איך זיך אין מייַנע לידער זייַן שארף און קריגעריש, ווי די יוגנט, האָבנדיק אין זינען קאָנקרעטע טרעגער פון אָט דעם כאלאס, פון בארימערייַ.

איך האָב זייער האָלט נאטירלעכקייַט אין לידער און אין מענטשן.

איך האָב א סאך זאכן נאָך האָלט און פייַנט. און דעריבער, אז איך שרייַב אָן די ליד, פּרוּוו איך זיך א פרעג טאָן: ווי ענטפערט דאָס אָנגעשריבענע אף מייַן „האָלט" און „פייַנט"? זינג איך מיט מייַן שטים צי ניט מיט מייַנער? קוק איך מיט מייַן בליק צי ניט? אויב מיט מייַן בליק, האלט איך די ליד פאר געבוירן. אויב ניט — דארף זי ערשט געבוירן ווערן.

פאר ארויסלאָזן ניט קיין פארענדיקט ווערק, פאר פריַישפרעכן דעם העלד, אויב ער איז לויט אלע באווייַזן שולדיק, צי פאר טייטן אים לויטן פארלאנג פונעם אוטאָר אָן קיין שום גרונט וואָלט מען באדארפט צוציִען צו פאראנטוואָרטלעכקייַט, ווי פאר אן עמעסן פארברעכן. אגעוו, קומט עס טאקע אזוי פאָר. די פאראנטוואָרטלעכקייַט טראָגט יעדער אווטאָר. איז דאָס ווערק אָנגעשריבן ריכטיק און אופריכטיק, בלייַבט עס לעבן, עלע ניט, גייט עס פארלאָרן צוזאמען מיטן אווטאָר.

ס'טרעפט, אז איין ליד שרייַבסטו עטלעכע מאָל. פּאָשעט, ווייַל דאָס ערשטע מאָל האָט זיך די ליד ניט אייַנגעגעבן. און ס'טרעפט אויך אזוי, אז איין ליד שרייַבסטו עטלעכע מאָל, און, צום סאָף ווייַזט זיך ארויס, אז דער ערשטער וואריִאנט איז דער סאמע בעסטער.

צופרידן מיט דעם, וואָס איך שרייַב אָן, בין איך נאָר די ערשטע טעג, ווען ס'איז אָנגעשריבן.

אויב די ליד איז רוי, לייג איך זי אָפּ אָן א זייַט, ביז די ערשטע פארשיקערטקייַט פון שאפן גייט דורך און ס'קומט אָן די לויטערע ניכטערקייַט פון פארשטאנד. דעמלט לייען איך זי דורך אפסנייַ. און ס'טרעפט, אז איין וואָרט, איין קלאנג, וואָס דו גיסט צו, ענדערט די גאנצע ליד, און זי הייבט אָן לעבן, זי קריגט איר שטים. און דאן נעמסטו זי ארייַן, ווי א גלייַכע, צווישן אירע שוועסטער — לידער.

אין ספייקעס און אין זיכערקייַט, אין געדריקטקייַט און אין באגייַסטערונג — אזוי ווערט געבאָרן דער ניגון.

ייִסראָעל סערעבריאַני:

# אנטקעגן דעם, וואָס מע זאָגט „לאַבאָראַטאָריע"

פון אָנהייב יאָר גייט בא אונדז אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" א נייַע רובריקע — „פון דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע". ס'איז ניט וויכטיק, ווער עס האָט דאָ דער ערשטער געזאָגט „א", נאָר עס איז שוין אַזוי אַרייַן אין שטייגער, אַז וואָס מער מיר לייענען, אַלץ מער וואַקסט אונדזער נייַגעריקייַט צו וויסן, וואָס גייט דאָרטן ווייַטער... עס איז דאָך טאַקע אַן עמעסער קוואַל פון טייַערע בסורעס, פון צוזאָגן און אָנזאָגן, פון שעפערישע לייַדנשאַפטן און... אמאָל כאַלוימעס!

ליטעראַטור האָט צו טאָן מיט קונסט פון וואָרט, אָבער גראָד אין דער ליטעראַטור גלייבט מען ניט אַפן וואָרט. דערלאַנגסטו מעזומען, ביסטו א פייַנער מענטש, עלע ניט, טאָ, זייַ מויכל, פאַרנעם ניט קיין אָרט!

אין ליטעראַטור און קונסט גייען ניט אָן קיין סענטימענטן. אַף אַן איידעלן אָדער ניט איידעלן אויפן, מיט א קאַפּולער אָנצוהערעניש אָדער מיט א האַרב קריטיש וואָרט גיט מען צו וויסן דעם שרייַבער, אַז „לוי זע האַדערעך", אויב ער גייט ניט מיטן ריכטיקן וועג. און ווער ס'זאָל אָנווייַזן, וועט זיך אַלעמאָל געפינען: אמאָל טוט עס די קריטיק, אמאָל טוט עס דער לייענער, און אמאָל (ריכטיקער, אַלע מאָל) טוט עס... די צייַט — דער סאַמע שטרענגער מייוון און אָפּשאַצער.

פון דער פּראַקטיק ווייס איך, אַז די פאָרויס צוגעזאָגטע, אין פאַרשיידענע אַנקעטעס און אינטערוויוען, צוקינפטיקע אַרבעטן און ווערק ווערן זעלטן רעאַליזירט און אינדערעמעסן פאַרוואַנדלט זיך עס אָפּט, ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק, אין א מין „רעקלאַמע", וואָס איז, דוכט מיר, באַזונדערס שעדלעך פאַר אונדזער אַרבעט.

ס'איז פאַראַן אַזאַ מין שוואַכקייַט בא מענטשן: ווי נאָר מע רעדט זיך אויס דאָס האַרץ, באַרויִקט מען זיך, מע לאָזט אָפּ די לייצעס. און דאַן איז זייער בעסער, דאַן איז מען שוין ניט זיכער מיטן לעבן...

אָפּגעגעבן זיך א כעזשבן אין דער דאָזיקער „ניט נאָרמאַלער" לאַגע, האָב איך באַשטימט ניט אַלץ דערציילן פון מייַנע שפעריִשע פאַנטאַזיעס און באַליבטעס. איך האָב שוין אַף מייַן לעבן געבראַכט צו קווורע א שיין ביסל פלענער און פאַנטאַזיעס. און די וועלט איז פונדעסטוועגן א וועלט און וויל זיך ניט רעכענען מיט גאָרניט...

האָב איך דעריבער באַשטימט ריידן בלויז וועגן רעאַלע זאַכן. בא מיר זייַנען פאַרטיק (אָפּקלייַב און קאָמענטאַר) א באַנד פּערעץ, א באַנד גורשטיין, א באַנד פייַזל סיטאָ. עס איז צוגעגרייט צום דרוק דער 4־טער באַנד פון דער האַלב־אַקאַדעמישער שאַלעם־אַלייכעם־אויסגאַבע („מענאַכעם־מענדל"), צו וועלכן איך האָב אָנגעשריבן א ברייטן ליטעראַרישן קאָמענטאַר און צוגעגעבן די ווייניק באַוווּסטע סעריע שאַלעם־אַלייכעמס בריוו.

אין פּראָצעס פון דער אַרבעט געפינט זיך אַן עסיי וועגן דער געשיכטע פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור פאַרן אינסטיטוט פון דער וועלט־ליטעראַטור א. נ. פון מ. גאָרקי (וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון סססר), אייניקע אַרטיקלען פאַרן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" וועגן סאָוועטישע שרייַבער.

דאָס אַלץ, דוכט מיר, זייַנען גאַנץ רעאַלע זאַכן. דעריבער האָף איך, אַז כ'וועל ניט בלייַבן קיין באַלכויוו פאַרן לייענער. נו, און וואָס איז שייַך דער „לאַבאָראַטאָריע", איז דאָך קלאָר, אַז די ווערק פונעם שרייַבער דערציילן וועגן איר בעסער, איידער דער שרייַבער אַליין...

## אַלוועלטלעכער שאַלעם־פאָרום

זעקס טעג, פון 10 ביזן 15 יול, האָט אין דער הויפּטשטאָט פון פינלאַנד — העלסינקי — געאַרבעט דער וועלט־קאָנגרעס פאַר שאַלעם, נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייַט און אַלגעמיינער אַנטוואָפענונג. אין דער אַרבעט פונעם קאָנגרעס האָבן אָנטיילגענומען 1470 פאָרשטייער פון 98 לענדער.

אַן אינהאַלטסרייַכע רעדע „איינהייַט מיט אַלעמען, וועמען עס איז טייַער דער שאַלעם" האָט געהאַלטן דער הויפּט פון דער סאָוועטישער דעלעגאַציע אַלעקסאַנדער קאָרנייטשוק.

דער סאָוועטישער דעלעגאַט איליאַ ערענבורג האָט אין זייַן אַרויסטרעטונג געזאָגט:

— אונדזער קאָנגרעס האָט זיך פאַרזאַמלט אין א זומער, וואָס וועט פאַרבלייַבן אינעם זיקאָרן פון דער געשיכטע, אין א געפערלעכן זומער, אין א זומער פון גרויסע ניסיוינעס. איצט איז אָבער ניט דאָס פופציקסטע און אַפילע ניט דאָס צוויי־און־זעכציקסטע יאָר. עס האָט אויפגעוואַכט דאָס געוויסן פון אַלע פעלקער. אין פשא ווערט אַלץ שטאַרקער דער צאָרן קעגן דער געפערלעכער פּאָליטיק פון פּענטאַגאָן. עס וואַקסן און ווערן קרעפטיקער די אַנטימילכאָמע־באַוועגונגען אין ענגלאַנד, מייַרעוו־דייַטשלאַנד, וווּ פריִער האָט מען די באַוועגונגען קימאַט ניט אָנגעזען. די פעלקער קאָנען נאָך א קערעווע טאָן דעם גאַנג פון דער געשיכטע...

דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען א רעזאָליוציע וועגן וויעטנאַם און אַן אַלגעמיינע דערקלערונג.

## פּראָניק

### צום אָנדענק פון שרייַבער־שלאַכטלייַט

צום צוואַנציקסטן יאָרטאָג פונעם ניצאָכן איבערן היטלער־דייַטשלאַנד איז אין כאַרקאָווער ליטעראַטן־הויז געעפנט געוואָרן א מעמאָריִאַל־טאָוול, אַף וועלכן עס זייַנען אויסגעקריצט די נעמען פון די כאַרקאָווער שרייַבער, וואָס זייַנען געפאַלן מיט א העלדנטויט אַף די שלאַכטפעלדער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

צווישן די נעמען, וועלכע זייַנען פאַרייביקט אַפן טאָוול, געפינען זיך די ייִדישע שרייַבער פּ. אַלטמאַן, מ. אַראָנסקי, י. פעלדמאַן און מ. כאַשטשעוואַצקי.

## ס. מאַרשאַקס ליטעראַרישע יערושע

די קאָמיסיע באַם שרײַבער־פאַרבאַנד אונטער דעם פאָרזיץ פונעם דיכטער סערגײ מיכאַלקאָוו, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט צונויפזאַמלען און פאַרעפנטלעכן די ליטעראַרישע יערושע פון סאַמויל מאַרשאַק, האָט פאַרענדיקט איר אַרבעט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן דעם דיכטערס געזאַמלטע ווערק אין 12 בענדער.

## אַן אויסשטעלונג פונעם קינסטלער ג. קראַווצאָוו

אין יון כוידעש האָט די וואָלאָגדער בילדער־גאַלערייע אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע אויסשטעלונג פונעם באַקאַנטן ייִדישן גראַפיקער און מאָלער גערשן קראַווצאָוו. אף דער אויסשטעלונג זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן דעם קינסטלערס בעסטע גראַווירן און צײַכענונגען, וועלכע ער האָט געשאַפן אין מעשעך פון פערציק יאָר. סאַכאַקל זײַנען אף דער אויסשטעלונג באַוויזן באַ 350 אַרבעטן.

אַ גרויס אָרט אין דער שאַפונג פונעם באַגאַבטן קינסטלער פאַרנעמט די אויספורעמונג פון ייִדישע ביכער. צווישן אַנדערס זײַנען עקספּאָנירט די איליוסטראַציעס צו מ. ווינערס „קאָלעוו אַשקענאַזי", פּ. מאַרקישעס „ברידער", צו די ווערק פון אי. פעפער, ל. קוויטקאָ, ד. האָפשטיין, ש. האַלקין, א. קושניראָוו, ד. בערגעלסאָן, א. ווערגעליס אאַ. מיט הויכן קינסטלערישן געשמאַק זײַנען אויסגעפורעמט די זאַמלונגען „אַזוי לעבן מיר" און „האָריזאָנטן".

ג. קראַווצאָוו האָט אף דער אויסשטעלונג באַוויזן זײַן אַרבעט איבערן שאַפן נײַע שריפטן, צווישן זיי דעם ייִדישן שריפט אונטערן נאָמען „בערגעלסאָן" און צוויי רוסישע אַלעפבייסן.

## דעם אָנדענק פון יויסעף בומאַגין

אין בירעבידזשאַן, ניט ווײַט פונעם זאַוואָד, וווּ עס האָט געאַרבעט דער העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד יויסעף בומאַגין, איז געעפנט געוואָרן אַ דענקמאָל לעקאָוועד די בירעבידזשאַנער אײַנוווינער, וועלכע זײַנען געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט אין די שלאַכטן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. אפן דענקמאָל זײַנען מיט גאָלדענע אויסיעס אויסגעקריצט די נעמען פון יויסעף בומאַגין, גריגאָרי אָוועריאַנאָוו, מיכאַעל בראָווקין, שמועל בראָדער, נאָכעם אָוניק, אַווראָם קראַסנאָפּאָלסקי און פיל אַנדערע.

אַרום דעם דענקמאָל איז פאַרלייגט געוואָרן אַ פּאַרק אפן נאָמען פונעם העלד יויסעף בומאַגין.

## יונגע קינסטלער

אינעם אויסשטעלונג־זאַל פון דער מאָסקווער אָפּטײלונג פון קינסטלער־פאַרײַן איז סאָף יון אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון די יונגע מאָלער מאַרינאַ טורעצקאַיאַ, מיכאַיל גראָבמאַן און ניקאָלײַ פּאָפּאָוו.

אַ באַדײַטנדיקן אינטערעס רופן אַרויס באַ די באַזוכער די אינטערעסאַנטע ביכער־איליוסטראַציעס פון נ. פּאָפּאָוו, אויך מ. גראָבמאַנס פּאָלקלאָר־מאָטיוון, געשעפּט פון אַלט־ייִדישן קולטור־אוצער.

## דער זינגער ס. ריווקין אף דער טעלעוויזיע

דעם 20 יון איז אין דער ווײַסרוסישער טעלעוויזיע־סטודיע אַרויסגעטראָטן מיט אַ גרויסער פּראָגראַם דער ייִדישער זינגער ס. ריווקין.

דער מיטגליד פונעם קאָמפּאָזיטאָרן־פאַרײַן פון ווײַסרוסלאַנד יו. סעמעניאַקאַ האָט אין זײַן אַרײַנפיר־וואָרט באַקאַנט געמאַכט די צושויער מיטן שעפערישן וועג פונעם זינגער ס. ריווקין.

## צ. דאָלגאָפּאָלסקי אין ווײַסרוסיש

לויטן באַשלוס פונעם פּרעזידיום פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון ווײַסרוסלאַנד ווערט אין מינסק אַרויסגעגעבן אין דער ווײַסרוסישער שפּראַך אַ באַנד געוויילטע ווערק פונעם פאַרשטאָרבענעם שרײַבער צאַדעק דאָלגאָפּאָלסקי.

## אפן אינטערנאַציאָנאַלן ביכער־יאַריד אין וואַרשע

די לעצטע צײַט איז אין וואַרשע דורכגעפירט געוואָרן דער צענטער אינטערנאַציאָנאַלער ביכער־יאַריד, וואָס איז באַזוכט געוואָרן דורך 60 טויזנט מענטשן. אפן יאַריד זײַנען געווען אויסגעשטעלט 60 טויזנט ביכער, וועלכע זײַנען דערשינען אין 1964 (די גאַנצע צאָל ביכער, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין גאָר דער וועלט אין דעם יאָר, באַטרעפט 400 טויזנט). אַ גרויס אָרט צווישן די אויסגעשטעלטע ביכער האָט פאַרנומען די ייִדישע מאַרטיראָלאָגיע אין די יאָרן פון דער פינצטערער היטלער־מעמשאָלע. די גרעסטע צאָל אַזעלכע ביכער האָבן אויסגעשטעלט די פאַרלאַגן פון פאָלקס־פוילן און פון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק.

אַ ספּעציעלן אָפּטײל אפן יאַריד האָט פאַרנומען דער וואַרשעווער פאַרלאַג „ייִדיש בוך".

## רווון יוקלסאָנען אַכציק יאָר

עס איז אַלט געוואָרן 80 יאָר דער פּראָגרעסיווער ייִדישער קולטור־טוער אין אַמעריקע, לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פון „מאָרגן־פרײַהײַט" רווון יוקלסאָן. הײַנט־צו־טאָג איז ר. יוקלסאָן פּאָרזיצער פונעם ייִדישן מוזיק־פאַרבאַנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

„סאָוועטיש היימלאַנד" פאַראייניקט זיך צו די פילצאָליקע באַגריסונגען און בעסטע ווינטשעוואַניעס, וועלכע די ייִדישע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכקייט פון אַלע לענדער האָט צוגעשיקט דעם יובילייאַר.

## יובילײַ פון דער צײַטונג „אונדזער פרײַנט"

די אורוגווײַער ייִדישע פּראָגרעסיווע צײַטונג „אונדזער פרײַנט" מאַרקט אָפּ איר דרײַסיקיאָריקן יובילײַ. „אונדזער פרײַנט" איז איצט די איינציקע ייִדישע פּראָגרעסיווע טעגלעכע צײַטונג אין לאַטײַן־אַמעריקע. זי אָרגאַניזירט די ייִדישע פאָלקס־מאַסן אין זייער געמיינזאַמען קאַמף, צוזאַמען מיט אַלע דעמאָקראַטישע קרייזן פונעם לאַנד, קעגן דער פּעסט פון ראַסיזם און נאַציזם, פאַר פאַרטיידיקן

די לעבנס-אינטערעסן פון די ארבעטנדיקע. די צײַטונג ווײַזט ארויס ערנסטע הילף דעם „איקוף" און די אנדערע יידישע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס אינעם אנטוויקלען די יידישע קולטור-ארבעט אין לאַנד.

מיר שיקן איבער א הארציקן גרוס דער שוועסטער-צײַטונג „אונדזער פרײַנט".

## שאַלעם־אַלייכעם אף יאַפּאַניש

מיט א יאָר צוריק איז אין דער הויפּטשטאָט פון יאַפּאַניע טאָקיאָ געגרינדעט געוואָרן א יידיש-יאַפּאַנישער קולטור-קלוב. איינער פון די אָנפירער פונעם קלוב איז אווראהאם סאַנגאַקי, וועלכער איז גלײַכצײַטיק הויפּט-ראַבינער פון די יאַפּאַנישע יידן. דער קלוב גיט ארויס אין יאַפּאַניש שאַלעם-אַלייכעמס ווערק אין סאַנגאַקיס איבערזעצונג.

די יידישע באַפעלקערונג פון יאַפּאַניע באַטרעפט איצט ארום טויזנט מישפּאָכעס, וועלכע וווינען דעריקער אין טאָקיאָ, אסאַקא, יאָקאַהאמא און נאַגאַסאַקי.

## אף דער טעריטאָריע פון דער געוועזענער וואַרשעווער געטאָ

אין מוראַנאָווער ראַיאָן פון וואַרשע, דאָרט, וווּ עס האָט בײַם דער דײַטשיש-פאַשיסטישער אָקופּאַציע זיך געפונען די געטאָ, האָט מען באַם ארבעטן אונטערן פונדאַמענט פון א נײַ הויז, וואָס שטייט אפן ראָג פון די גאַסן סמאַטשע און אפן נאָמען פון מאָרדכע אַנילעוויטש, אַנטדעקט א געהיימניספולן טונעל. דער טונעל האַלט 1,70 מעטער די הייך און בעערעך 60 סאַנטימעטער די ברייט, ער איז געמאַכט פון האָלץ און פירט אין דער צאָפן-מײַרעוודיקער ריכטונג — צום גענשער בעסוילעם.

מע איז מעשײַער, אַז דער ריזיקער טונעל איז אויסגעבויט געוואָרן דורך די געטאָ-אסירים אַלס א באַהעלטעניש. די געשיכטע פון אָט דעם טונעל ווערט איצט גענוי געפאָרשט.

## א נאַציאָנאַלער מאָנומענט

בײַם דער הערשאַפט פון מוסאָליני און פון די היטלעריסטן האָט לעבן דער איטאַליענישער שטאָט טריעסט זיך געפונען א טויט-לאַגער „סאַן-סאַבאַ", וווּ בעערעך 10 טויזנט יידן זײַנען אומגעקומען פון פּײַניקונגען, הונגער און קרענק. א גרויסן טייל פון זיי האָט מען אָפּגעפירט קיין פּוילן, וווּ מע האָט זיי אומגעבראַכט אין די גאַז-קאַמערעס.

די איטאַליענישע רעגירונג האָט די טעריטאָריע פונעם געוועזענעם לאַגער „סאַן-סאַבאַ" אנערקענט אַלס „נאַציאָנאַלן אָנדענק-פּלאַץ".

## נײַע ווערק וועגן די פאַשיסטישע רעציכעס בײַם דער צווייטער וועלט־מילכאָמע

דער קאָמפּאָזיטאָר פּעטער ווײַס, וואָס איז בײַם דער היטלער-מעמשאָלע אנטלאָפן פון דײַטשלאַנד, האָט אפן סמאַך פון די מאַטעריאַלן פונעם פּראָצעס איבער די נאַציסטישע מערדער, וועלכע האָבן געווילדעוועט אין אַשווענטשימער טויט-לאַגער, אָנגעשריבן אַן אָפּערע, געווידמעט דער טראַגעדיע פון די יידישע יישוווים אין אייראָפּע בײַם דער צווייטער וועלט-מילכאָמע.

די אָפּערע וועט אופגעפירט ווערן בעערעך אין אָקטיאַבער אין בערלינער פאָלקס-טעאַטער.



די מעלוכישע קינאָ-געזעלשאַפט אין אונגאַרן גרייט א פילם, וואָס וועט באַווײַזן די פאַרניכטונג פון די יידישע קעהילעס אין אונגאַרן אין דער צײַט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.

דער סצענאַרי איז א קאָלעקטיווע שאַפונג פון אונגאַרישע שרײַבער.



אין אמסטערדאַם איז דערשינען דער ערשטער באַנד פונעם בוך „געשיכטע פונעם אומקום פון די האָלענדישע יידן בײַם דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע". אווטאָר — יאַנקעוו פּרעסער.

## צום 70־טן געבורטסטאָג פון מאַקס ווײַנרײַך

אין האַאַג (האָלאַנד) איז צום 70-טן געבורטסטאָג פונעם באַוווּסטן שפּראַך-פאָרשער מאַקס ווײַנרײַך דערשינען א בוך מיט אָפּהאַנדלונגען וועגן דער יידישער ליטעראַטור.

אין בוך, וואָס האַלט 560 זײַטן, נעמען אָנטייל 40 אווטאָרן, וועלכע זײַנען ברייט באַוווּסטע געלערנטע. זייערע ארטיקלען זײַנען געדרוקט אין די שפּראַכן, אין וועלכע זיי זײַנען געשריבן: אין יידיש, איווריט און ענגליש.

## אַלבערט איינשטיין און סאָוועטישע געלערנטע

אין מינסקער מעלוכישן ארכיוו זײַנען געפונען געוואָרן דאָקומענטן, וואָס דערציילן וועגן נאָענטע און פרײַנטלעכע באַציִונגען צווישן דעם וועלט-באַרימטן פיזיקער אַלבערט איינשטיין און די סאָוועטישע געלערנטע פון ווײַסרוסלאַנד.

צווישן אנדערע מאַטעריאַלן איז פאַראַן אויך אַלבערט איינשטיינס א ליד אין ווײַסרוסישער איבערזעצונג. די ליד האָט איינשטיין צוגעשיקט דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע אַלס ענטפער אף דער באַגריסונג צו זײַן פופציקסטן געבורטסטאָג.

## ערע זייער אָנדענק

אין יערושאָלאָים איז געשטאָרבן מאַרטין בובער, אווטאָר פון 20 ווערק וועגן יודאַיזם, כאַסידיזם און ציוניזם.

מאַרטין בובער איז א געבוירענער פון ווין. ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָט בובער פאַרלאָזט עסטרײַך. אין 1938 האָט ער זיך באַזעצט אין יערושאָלאָים. אין די לעצטע יאָרן האָט ער אַקטיוו גערופן צו יִסראָעל-אַראַבישער פרײַנטשאַפט.



אין ריגע איז געשטאָרבן דער טאַלאַנטפולער שוישפּילער יעהודע יולין. א סאַך יאָרן האָט י. יולין פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אַלס אַקטיאָר און רעזשיסער אין די יידישע טעאַטערס פון רוסלאַנד, פּוילן און לעטלאַנד.

## דער פערטער צווישנפעלקערלעכער

מיט גרויס דערפאָלג איז אין מאָסקווע דורכגעגאַנגען דער פערטער צווישנפעלקערלעכער קינאָ־פעסטיוואַל. דאָס איז געווען דער גרעסטער פון אַלע ביז איצט פאָרגעקומענע קינאָ־פעסטיוואַלן. אין אים האָבן זיך באַטייליקט 69 לענדער. דער פערטער מאָסקווער קינאָ־פעסטיוואַל איז דורכגעגאַנגען אונטערן דעוויז: „פאַר הומאַניזם אין דער קינאָ־קונסט, פאַר שאָלעם און פרײַנטשאַפט צווישן די פעלקער". ער האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט מיט זײַן מאַסן־כאַראַקטער. אין משך פון זײַן אַרבעט זײַנען יעדן טאָג פאָרגעקומען ברייטע שעפערישע קאָנפערענצן און דיסקוסיעס, אויף וועלכע עס זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן די וויכטיקסטע פראָבלעמען פון דער הײַנטצײַטיקער קינאָ־קונסט.

די גאַנצע סאָוועטישע פרעסע האָט אויספירלעך באַלויכטן דעם גאַנג פונעם פעסטיוואַל, יעדן טאָג זײַנען אין די צײַטונגען געדרוקט געוואָרן רעצענזיעס און אָפּהאַנדלונגען וועגן די דעמאָנסטרירטע פילמען. וועגן דעם ייִסראָעל־פילם „געדענק" („די גלעזערנע שטײַג") האָט די „פּראַוודאַ", צווישן אַנדערס, געשריבן:

אינעם פילם זײַנען „איבערגעפלאָכטן די געשעענישן אין אונדזערע טעג און אין דער פאַרגאַנגענער מילכאָמע: דער פּראָצעס איבערן נאַציסטישן פאַרברעכער אייכמאַן און די געשיכטע פון א ליבע צווישן מענטשן, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן נאָך אין סאָף פון דער מילכאָמע, אויך פון א גאָר יונגער פּאָר, וואָס טרעט ערשט אַרײַן אין לעבן.

דער הויפט־העלד פונעם פילם פּיער — א געוועזענער העפטלינג פון איינעם פון די היטלעריסטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן — איז געבליבן לעבן אַ דאַנק דעם, וואָס אן עסעסאָוועץ האָט איבערגעפלאָנטערט דעם העפטלינגס פאַמיליע. אָנשטאָט פּיערן איז דערמאָרדעט געוואָרן אן אַנדערער. איצט, דערמאָנענדיק זיך אין דער פאַרגאַנגענהײַט, אין די רעציכעס פון די פאַשיסטישע פאַרברעכער, מאַטערן דעם העלד פונעם פילם קאָשמאַרן און געוויסנביסן: ער האָט דאָך געוווּסט, אַז עס איז פאָרגעקומען א טאָעס...

די אוטאָרן פונעם פילם דערמאָנען וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט, וואָס ליגט אויף דער מענטשהײַט אויך הײַנט, ווען עס הייבן ווידער אויף די קעפּ די נאַציסטישע פאַרברעכער. נאָר מיט אייניקע אינטאָנאַציעס פונעם פילם קאָן מען ניט מאַסקים זײַן.

פּיער זאָגט, אַז ווען די מענטשן זײַנען אומגעקומען אין די נאַציסטישע קאָנצלאַגערן, האָט די וועלט, קלוימערשט, געשוויגן. ניין, די וועלט האָט ניט געשוויגן. די פּראָגרעסיווע מענטשהײַט האָט געקעמפט קעגן דעם פאַשיזם. מיליאָנען סאָוועטישע קריגסלײַט האָבן ניט געשאַנעוועט זייערע לעבנס, ביז זיי האָבן ענדגילטיק דערשטיקט די פאַשיסטישע גיפטיקע שלאַנג".

די זשורי פונעם פעסטיוואַל האָט באַלוינט מיט די גרויסע פּריזן פאַרן בעסטן פולמעטראַזשיקן פילם דעם סאָוועטישן פילם „מילכאָמע און פרידן" און דעם אונגאַרישן — „צוואַנציק שאָ". מיט גאָלדענע מעדאַלן זײַנען באַלוינט דער פראַנצויזישער פילם „דער הימל איבערן קאָפּ" און דער טשעכאָסלאָוואַקישער — „אן אַטענטאַט".

פאַר אויספילן אַמבעסטן א פרויען־ראָל האָט באַקומען א פּריז די איטאַליענישע קינאָ־אַקטריסע סאָפי לאָרען און פאַר אויספילן אַמבעסטן א מענער־ראָל — דער סאָוועטישער אַרטיסט סערגאָ זאַקאַריאַדזע.

די זשורי און די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן באַלוינט מיט פּריזן און דיפּלאָמען אויך פיל אַנדערע פילמען און אַקטיאָרן, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אינעם פעסטיוואַל.

## כראָניק

### זעכציקיאָריקער געבורטסטאָג פון לעוו קאַסיל

עס איז אַלט געוואָרן 60 יאָר דער באַוווּסטער קינדער־שרײַבער לעוו אַבראַמאָוויטש קאַסיל.

לעוו קאַסיל איז דער אוטאָר פון א גרויסער צאָל הויכקינסטלערישע ווערק פאַר קינדער און יוגנט, צווישן וועלכע ער איז שטאַרק באַליבט. ער איז אויך א טאַלאַנטפולער פּובליציסט. זײַן בוך „וועגן גאָר א גוט לעבן" פאַרנעמט אן אָנגעזעען אָרט אין דער פּובליציסטישער ליטעראַטור. פאַר זײַנע פאַרדינסטן אויפן געביט פון דערציִען דעם יונגן דאָר איז ל. קאַסיל אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער אַקאַדעמיע פון פּעדאַגאָגישע וויסנשאַפטן פון רספסר.

### באַלעט פון דער קאָמפּאָזיטאָרן יעהודיס ראָזשאָווסקי

אין קיִעווער אַקאַדעמישן מעלוכע־טעאַטער ווערט די לעצטע צײַט אויפגעפירט דער באַלעט אונטערן נאָמען „די מעלוכע — קרומע שפּיגלען". אוטאָר פונעם באַלעט איז די באַוווּסטע סאָוועטישע קאָמפּאָזיטאָרן יעהודיס ראָזשאָווסקי, אוטאָר פון דער ליברעטאָ — די פאַרדינסטפולע שוישפּילערן פון דער אוקראַיִנישער ססר ג. סקאַרולסקע. די ליברעטאָ איז אָנגעשריבן לויט די מײַסעלעך פון וו. גובאַריאָוו אונטערן זעלבן נאָמען.

דער באַלעט גייט מיט גרויס דערפאָלג.

## קינסטלער מייער אקסעלראַד



איליוסטראַציע צו שאָלעם-אלייכעמס
דערציילונג „דער פארקישעפטער שנייַדער“ (גואש), 1946



אן עסטישער פישער (טעמפערא), 1964



אין א קאזאכישן אאול (גואש), 1943



פרויען אין אַ פאַשיסטישן קאָנצלאַגער (טעמפּערא), 1964

מייער אַקסעלראָד איז געקומען אין דער מאָלערישער קונסט אין די צוואַנציקער יאָרן. אַ קינסטלער פון אַברייטן שעפערישן דיאַפּאַזאָן — מאָלעריי, גראַפיק, טעאַטער־אויספורעמונג, — פאַרקערפּערט אַקסעלראָד אין זיינע אַרבעטן זייער אַ פאַרשיידנאַרטיקן לעבנס־מאַטעריאַל. געבאָרן אין אַ שטעטל פון ווייסרוסלאַנד (1902), האָט דער קינסטלער אָרגאַניש אופגענומען דעם יידישן שטעטלשן טיפּאַזש באַם איבערגאַנג צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. געשטאַלטן פון יידן־ערדאַרבעטער, לאַנדווירטשאַפטלעכע פּייזאַזשן פאַרנעמען אַ היפּש אָרט אין זיין שאַפן. דאָס אַלטע שטעטל געפינט איר עקספּרעסיוון אויסדרוק אין די איליוסטראַציעס צו שאָלעם־אַליכעמס און פּערעצעס ווערק, אין דער אויספורעמונג פון דער קלאַסישער און סאָוועטישער דראַמאַטורגיע אויף די בינעס פון מאָסקווער, מינסקער און קיעווער יידישע טעאַטערס.

נאָך אין דער יוגנט האָט אַקסעלראָד אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו דראַמאַטישע קאָמפּאָזיציעס — די סעריע „דער בירגערקריג אין ווייסרוסלאַנד“, „דער פּויערים־אופשטאַנד“. די לעצטע יאָרן פאַרנעמט אין זיין שאַפן אַ גרויס אָרט די טראַגעדיע פונעם יידישן פאָלק בייס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. איינציייטיק דערמיט שאַפט דער קינסטלער שטאָטישע און דאָרפישע פּייזאַזשן, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער מאַזשאָרער פאַרביקייט.

אַקסעלראָד איז זייער אַן אומיטלבאַרער קינסטלער. דערביי איז אין יעדער אַרבעט זיינער דאָ אַ בוילעטער פאַרטראַכט — אינעם אינהאַלט, קאָלאָריט און אין דער קאָמפּאָזיציאָנעלער סטרוקטור. אין גרונט פון דער איינהייטלעכקייט פון זיינע ווערק ליגט דער דאָזיקער סינטעז פון אומיטלבאַרקייט און צילגעווענדטקייט.

אין מעשעך פון פערציק יאָר ווערן די ווערק פון מייער אַקסעלראָד עקספּאָנירט אויף דעם גרעסטן טייל מאָסקווער, רעפּובליקאַנישע און אַלפאַרבאַנדישע אויסשטעלונגען און אויך אויף פיל אויסשטעלונגען פון סאָוועטישער קונסט אין אויסלאַנד.



פּאָרטרעט פונעם קינסטלערס טאָכטער (טעמפּערא), 1963

СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)

Ежемесячный литературно-художественный журнал

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

Год издания пятый

Издательство «Советский писатель»

Главный редактор **А. Вергелис.**



Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.

Художеств.-техн. редакция: И. Шустер и А. Токер

Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

---

Подписано к печати 12/VII 1965 г. Формат 70×108[1]/[16]. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки.

Уч.-изд. л. 16,21. Цена 50 коп. Зак. 480

---

Московская типография № 7 Главполиграфпрома

Государственного Комитета Совета Министров СССР по печати.

Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 ко[illegible]

70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 8

1 9 6 5

■

**В НОМЕРЕ:**